# אויף יענער זייט בוג

פון

## יעקב זיפּער

ערשטער טייל

(1919-1920)

מאָנטרעאל, ה"תש"ו

ז

עדעסמאָל, וואָס ער פּלעגט זיך אַ
טאַפּ טאָן ביי דער בוזעם קעשענע כדי צו זיין זיכער צי די נייע לעגיטימאַציע זיינע געפינט זיך דאָרט, האָט ער גלייכצייטיק אָן ווערטער זיך איינגעחזרט שוין צום וויפלטן מאָל דעם נייעם נאָמען „שטערנבערג יצחק, פון ווערבע". גאַנץ אָפט קען ער מיט אַ טאַפּ אַליין נישט יוצא זיין און טוט האסטיק אַ כאַפּ ארויס דעם פּאַפּירענעם טאַש, זוכט מכלומרשט דאָרט אַ פּאַפּירל און גיט דערווייל אַ זייטיקן קוק אויף דער לעגיטימאַציע, אַ לענגלעך גרוי פּאַפּירל פאַרשריבן פוןביידע זייטן. ער קען שוין אַפילו אַלע פּרטים אויסנווייניק, פון דעסטוועגן קומט עס אים אַלעמאָל אויס ניי.

די תלמידים זיינע, דאָרפס ייִנגלעך, וואָס זוכן בלויז אַ געלעגנהייט צו פאַררעדן אַביסל דעם לערער, כאַפּן זיך אָן אין דעם און נעמען אים פרעגן וואָס ער זוכט, צי האָט ער חלילה נישט עפּעס פאַרלוירן? גיי דערצייל זיי, אַז דאָס זוכט ער אַזוי זיך אַליין, אַז דאָס וויל ער מאַכן זיכער, אַז דאָס איז ער טאַקע אָט דער יצחק שטערנבערג פון ווערבע, 26 יאָר אַלט.

אָפטמאָל פלעגט ער זיך אַליין אַ כאַפּ טאָן אינמיטן עפּעס אַ מחשבה און זיך גלייך אַ פרעג טאָן: „און ווי זשע הייסטו?" — דערביי פלעגט ער קיינמאָל נישט זען זיך אַליין, נאָר עפּעס אַן אַנדער מענטש וואָס טראָגט מן הסתם וואָנצעס ווי עס פּאַסט פאַר אַן עלטערן בחור און איז אַ מענטש אַ כשרער, האָט פאַר קיינעם קיין מורא נישט און דאַרף נישט ווי ער ציטערן פאַר יעדן שנעק מיט אַ פּאָליציייִש קנעפּל. מעג ער דאָך, הייסט עס, זיין רואיק, און פאַר די אויגן גיט אים אַ שוועב דורך דער נאָמען זיינער ווי אַ לעבעדיקער באַשיצער: „יצחק שטערנבערג פון ווערבע."

זיין אמתן נאָמען האָט ער ביסלעכווייז גענומען פאַרגעסן, אָפּגערוקט זיך ערגעץ אין פאַרהוילן ווינקל אַריין, בלויז אין גנדיכטע חושכדיקע האַרבסט־נעכט ווען ער גייט אַליין אויפן שטעגל וואָס פירט פון דאָרף אַרויס, שווימט פון דער געדיכטעניש אַרויס אַ לענגלעך בלאַס פּנים פון אַ יונג בחורל און שמייכלט צו אים מיט זיין אמתן נאָמען: „זעסט, איך בין נאָך דאָ . . . דו זיי נאָר פאָרזיכטיק."

וואָס וויטער אָבער אין ווינטער אַריין, איז דאָס פריערדיקע לעבן זיינס פאַרשוואונדן צוזאַמען מיטן נאָמען און בלאַסן פּנים, און אַפילו ווען ער וויל, — קען ער עס מערנישט אויפּברענגען. פון זיך אַליין האָט ער זיך פאַרלאָזן וואָנצעס און גענומען ציילן זיינע יאָרן און צוגעציילט ביז 26 . . . ער האָט זיך דערפילט אַזוי זיכער מיט דעם נייעם נאָמען, אַז ער האָט אַפילו געוואָגט צו דערלויבן זיינע תלמידים זיי זאָלן אים רופן: שטערנבערג (פריער

איז ער באַשטאַנען דערויף, אַז זיי זאָלן אים נאָר רופן לערער . . .) דאָס גאַנצע פריערדיקע לעבן זײַנס, האָט זיך גענומען מעקן און אָפּווישן. ער האָט בלויז געדענקט און געזען פאַר זיך דעם לעצטן ציטער פון דער מאַמעס בלאַסער, אויסגעדאַרטער האַנט ביים געזעגענען און דעם שנײַדנדיקן קוק פונעם באַוואַקסענעם טאַטן: „פאָר געזונט, און —" דאָס איבעריקע ווערט שוין אויך פאַרשוואומען.

ווי דורך אַ פאַרהויכט שײַבל, זעט ער דעם פּראַסטיקן פרימאָרגן פאַר דער בריק, וואָס פירט אַריבערן „בוג". דער וואַך-סאָלדאַט דרייט זיך אויף דער בריק אַ פאַרמרה-שחורהטער; אַ גרויער נעפּל טיילט זיך אָפּ פונעם טײַך און פאַרדעקט די פּראַסטיקע ווײַסקייט פון סוף הארבסט. מיט אַן אויפֿ־געהויבענעם קאָפּ און זיכערן טראָט איז ער צוגעגאַנגען צום שלאַבוים און מונטער צוגעשריגן צום סאָלדאַט: „גוט מאָרגן!" — טאַקע ווי ער וואָלט גאָר קיין מורא נישט געהאַט, פאַר גאָרנישט זיך נישט געשראָקן. דאָס האַרץ האָט אים אַפילו נישט געקלאַפּט מער ווי געוויינטלעך, נאָר גאָר פּשוט צוגעגאַנגען און געזאָגט: „גוט מאָרגן!"

דער סאָלדאַט האָט זיך אַ קרים געטאָן, ווײַזט אוים געוואָלט זאָגן אַ בייז וואָרט, נאָר זעענדיק פאַר זיך אַן אויסגעדאַרט בחורל אין אַ מאָדנעם הולך, אַ לאַנגע קאַפּאָטע און אַ שוואַרצע שליאַפּע נישט לויט זײַן מאָס, האָט זיך דער קרים פון פּנים אויסגעגלײַכט אין אַ חוזק שמייכל: „גוט מאָרגן, לאַטשאַרזש, (אָפּגעריסענער שלימזל) האָסט עפּעס צו ווײַזן?"

„אַוודאי האָב איך, ווי דען?"

ער קען זיך ביזן היינטיקן טאָג נישט קלאָר מאַכן, פון וואַנען עס האָט זיך צו אים גענומען אָט די זיכערקייט, כאָטש ער געדענקט גענוי אַז אויפֿן מאָמענט האָט ער אַפילו געהאַט פאַרגעסן דעם נײַעם נאָמען זײַנעם. דער סאָלדאַט האָט געדרייט דאָס פּאַפּירל פון איין זײַט אויף דער אַנדערער, און צום סוף נאָך אַמאָל אים אָפּגעמאָסטן מיטן זעלבן חוזק, אָבער פאָרט גוט־ברודעריש אַ זאָג געטאָן: „גיי!".

שטייענדיק שוין אויף יענער זײַט בריק, האָט ער דערפילט אַז ער ציטערט אין גאַנצן און אין די אויערן רוישט, ווי מע וואָלט אַ גאַנצע שליוזשע וואַסער אָפּגעלאָזט. ערשט איצט איז די שרעק אַרויסגעקומען, און מורא האָבנדיק זיך אומצוקוקן האָט ער גענומען שפּאַנען אין שטעטל אַרײַן. אַ פּאָר מינוט האָט אים אַזוי דער אימפּעט געטראָגן און מיט אַמאָל האָט ער אַ הייב געטאָן דעם קאָפּ און דערזען, אַז ער איז שוין באַלד אין מיטן מאַרק און קיינער יאָגט אים נישט נאָך. אַ גרויסע פרייד האָט גענומען אויפגיין אין אים. עס איז אים געוואָרן וואַרעם אין אַלע גלידער. ער האָט ממש געקענט אַנטאַפּן די

ווארעמקייט. פון דער בוזעם קעשענע ארויס צעשפרייט זי זיך און גלעט אים מיט ליבשאפט און זיכערקייט: „יצחק שטערנבערג", — האָט ער מיט פריידיקער הנאה דאָס ערשטע מאָל ארויסגערעדט דעם נייעם נאָמען זיינעם, וואָס האָט אים אזוי לייכט און פשוט אריבערגעפירט אויף דער וואלינער זייט, וואו ער וועט קענען פריי ארומגיין אָן מורא פאר יעדן באקנעפלטן געזעץ היטער. „יצחק שטערנבערג", — האָבן אלע אברים מיטגעזאָגט מיט אים און ס'איז געווען ווי ער וואָלט מיט עמיצן א גאָר נאָענטן, אן אייביקן בונד געשלאָסן.

בילדער פון זיין פריערדיקן לעבן אויף יענער זייט בריק, האָבן זיך אפילו גאַנץ אָפט געפּרואווט א שטעל טאָן פאר זיינע אויגן, ער האָט זיי אָבער אָפּגעשטויסן פון זיך פונקט אזוי לייכט און פריי ווי זיי זיינען אָנגעקומען. איצט איז ער: „יצחק שטערנבערג", א מענטש וואָס האָט נאָר וואָס אָנגעהויבן און קיין פריער גייט אים נישט אָן. איצט איז ער א מענטש אזא, וואָס האָט בלויז אן אינמיטן, עפּעס ווי אן אינמיטן אוועקגעשטעלטער. און אויב מ'מוז דווקא האָבן עפּעס א פריער, קען עס שוין די פאנטאזיע אליין אויסוועבן. קענסט זיך א שפּיל טאָן מיט א פריער ווי נאָר עס געפעלט דיר אליין. נאָר איינס איז זיכער, אז עס איז נישט קיין מענטש וועמען די פאָליציי זוכט פאר עפּעס פאָליטישע חטאים. פארקערט גאָר, — יצחק שטערנבערג איז א מענטשל אזא, מיט וועמען קיינער אינטערעסירט זיך נישט און קיינער דאַרף נישט וויסן וואָס ער טוט אָדער האָט בדיעה צו טאָן.

אָפט פארדריסט אים אפילו, וואָס אין אזא צייט ווען אן ארויפגעצוואונ־גענע מלחמה גריזשעט דאָס לאנד און פארצערט מיט פולן מויל און רעוואָ־לוציע קלאַפּט אין טיר און טויער, זאָל ער גאָר דאַרפן זיין א זעמדעלע וואָס דאנקט גאָט אז מ'לאָזט עס ליגן ביי דער זייט פון וועג. עס איז אים אָבער געגנוג א שעפּטשע צו טאָן: „יצחק שטערנבערג", און א טאָפּ צו טאָן זיך ביי דער רעכטער זייט פון דער בוזעם קעשענע, דערפילט ער זיך צוריק אין זיין הויט. דאָס מיינט גאָר פשוט: איצט דאַרף עס אזוי זיין; איצט איז ער א זעמדעלע פארשטעקט אין א חרוב דאַרף און עס איז זייער גוט אזוי. דאָ וועט קיינעם נישט איינפאלן צו זוכן אים. דאָ, אז מ'זאָגט: „איך היים אזוי און אזוי", נעמט מען עס אָן פאר גוט געלט און פּטור. דאָ, אז מ'ווייסט אפילו עפּעס, קען מען אויך גאַנץ פיין שווייגן . . . אלע איצטיקע איינוואוינער אין דאַרף זיינען אָנגעלאָפענע און מ'קוקט זיך גלייך אין די אויגן אריין. דאָס איבעריקע, שווייגט מען צו, ווי געזאָגט: „איך פרעג דיך נישט, קריך זשע דו אויך נישט אין די געדערים אריין."

האָט ער טאַקע גאָר גיך געכאַפּט דעם שניט, ווי אזוי מ'קען שעהנווייז

שווייגן. וואָס דען אַנדערש קען מען טאָן, ווען מ'קומט אַריין פֿאַרנאַכט צו אין דעם איינציקן גרויסן געמויערטן הויז אין דאָרף, וואו מאַנאַשקעס האָבן יאָרנלאַנג געטריטלט מיט ווייכע טריט און איצט שפּאַצירן דאָרט פֿריי אַרום די הינער און קלייבן אויף די קערנדלעך פֿון צווישן די קוליעס שטרוי וואָס פֿילן אָן דאָס גאַנצע הויז. וואָס קען מען אַנדערש טאָן אין דעם גרויסן עס צימער, ווי נאָר שטיין און קוקן ווי דער חושך לייגט זיך אויס אויף די קוליעס שטרוי און דריקט אַראָפּ די הינערישע קעפּלעך צווישן די פֿליגל. פֿלעגט ער טאָקע שטיין אין די פֿאַרנאַכטן און שווייגן, אָדער אַן אַנדערש מאָל זיך אַריינכאַפּן אינעם דערבייאיקן קלויסטערל און צוקוקן זיך, ווי עס פֿאַרגאַנוועט זיך אַ שטראַל פֿון דער פֿאַרפֿרוירענער זון דורך די פֿאַרהויכטע פֿענצטער און קריכט פּויל אויף די הייליקע בילדער, וואָס יתומען אויף די ווענט.

ווען ער זאָל נישט וועלן אַזוי שטאַרק פֿאַרגעסן אין זיין פֿריער, וואָס קומט אים לעצטנס אַזוי שטאַרק צו חלום, וואָלט ער מן הסתם זיך ווידער דערזען אין אַזעלכע פֿאַרנאַכטן אין „שטיבל" וואו ער האָט יאָרנלאַנג געלערנט. דאָס „שטיבל" איז לײדיק, בלויז אַ ניגון טראָגט זיך אַרום אין דער קופּערנער רויטקייט פֿון דער פֿאַרגייענדיקער זון. ער איז איינער אַליין דאָרט און דאָס שיקט ער אַזוי דעם ניגון אין דער ליידיקער רויטקייט אַריין. ס'איז אים אומעטיק ביז צום וויינען און אַ רחמנות אויף זיך אַליין, ממש פּונקט ווי איצט . . . הייסט ער דאָך אָבער יצחק שטערנבערג, — פֿאַרבייסט ער די ליפּן און שווייגט.

ווערט אים אָבער אָפּט שווער דאָס שווייגן, רעדט ער מיט זיך אַליין; און כדי צו זיין זיכער אַז דאָס רעדט ער טאַקע אויף אַן אמת, פֿאַרשרייבט ער זיינע רייד אינעם טאָג־בוך וואָס ער האָט אָנגעהויבן צו פֿירן. שרייבט און זאָגט נאָך יעדעם וואָרט:

„גייסט דיר אַרום אין אַ חרוב דאָרף, בלויז איין געמויערט הויז, אַ קלויסטער און אַ פּאָר ליימענע הייזקעס מיט אַ קוזשניע וועלכע זיינען עפּעס על פּי נס געבליבן גאַנץ פֿונעם מלחמה חורבן. אַמאָל האָט זיך עס גערעכנט פֿאַר אַ רייך דאָרף, היינט בלויז אַ זכר פֿון אַ ישוב: צוויי יידישע משפּחות, צוויי פּוילישע און אַ פּאָר אוקראַיינער פּויערים צוריקגעקומענע פֿון רוסלאַנד. אַלע וואוינען אין און אַרום דעם געמויערטן הויז.

גייסט דיר אַרום אין אַ רעקל וואָס איז אַמאָל געווען אַ גרויע לאַנגע קאַפּאָ־טע, אַ שוואַרצע שליאַפּע אויפֿן קאָפּ און אַ נאָמען וואָס דאַרפֿסט האַלטן אין איין חזרן. לאָזסטו אָפּ איין מינוט, — קענסטו חלילה פֿאַרגעסן ווער דו ביסט. אַזוי פֿיל פֿונעם געוועזענעם לעבן שלעפּט זיך דאָך נאָך. און צו דעם אַלעם איז

נישטאָ מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן. די עלטערע, — זיינען פאַרהאַוועט;
די קינדער, — זיינען שטיפערס און וואָלטן וועלן וואָס ווינציקער תורה,
און דיר ווילט זיך דווקא אַ סך אַריינלערנען און אויסרעדן זיך . . . וואָס זשע
בלייבט איבער צו טאָן? — שטייט מען אָפּ שעהנווייז פאַר דער קוזשניע און
מ'ציילט די פונקען וואָס שפּריצן פון קוימענדל ווי טאַנצנדיקע גליַ־ווערעם;
און אַז עס ווערט נמאס דאָס ציילן, בלאָנדזשעט מען אַוועק איבערן פוסטן
דאָרף. וועמען צו זאָגן אַ גוטן אָוונט איז סיי ווי נישטאָ.

אַן אַנדערש מאָל, דערזעסטו זיך זיצן אינעם קאַוואַלס אָרעם צימערל,
און אין אַ געבראָכענעם פּויליש דערציילסטו דער יונגער שלאַנקער האַניען,
וועגן דעם שווייגנדיקן פעטער מאָטל וואָס פלעגט שרייבן פון פראַנט אַזעלכע
האַרציקע בריוולעך און וועגן דער באָבע שרהן, וואָס איז געשלאָפן אויף דער
ערד פונעם ערשטן טאָג פון דער מלחמה אָן. „מיין קינד שלאָפט אויך אַזוי״—
האָט זי געטענהט. האַניע זיצט אַ שטומע, מיט די הענט פאַרלייגט אויפן
האַרצן און קוקט אויף דיר מיט אַזאַ מאָדנער אומעטיקייט, נעמט זיך פּלוצים
צלמן און דאָס פּנים ווערט איר געלייטערט מיט רחמנות. און דו שטעלסט
זיך נישט אָפּ, עס רעדט זיך פון זיך אַליין; און ווען דו דערציילסט פונעם ציגל,
וואָס די באָבע האָט זיך אונטערגעלייגט אונטערן קאָפּ, ווען דער פעטער
האָט אויפגעהערט צו שיקן בריוולעך פון פראָנט, שטייט שוין לעבעדיק דער
פּריטיק ווען די באָבע איז צוגעגאַנגען צום עלטערן זון אירן וואָס איז זיך
פאַרזעסן אין דער שבעה נאָכן ברודער, און אים מיט תרעומות אָפּערגעוואָרפן:
„דוד, האָסט פאַרגעסן אַז ס'איז שוין באַלד שבת . . . כ'האָב דאָך נאָך
קינדער . . . ווייסט דאָך וואָס עס שטייט אין די הייליקע ספרים . . . ״

האַניע פאַרשטייט אַפילו נישט דער באָבעס מיין, מ'דערקענט עס אין איר
פינטלען מיט די אויגן ווי אַ שרעקעוודיק הינדל, נאָר זי צעכליפּעט זיך הויך
אויפן קול און דערציילט אויך פון אַ לייבלעכן ברודער וואָס איז פאַרפאַלן
געוואָרן ביי פּראַגע. אַזאַ יונגינקער געווען, אַזאַ ווייסינקער נעבעך. דאָס
קליינע שטיבל ווערט פול יללה, און דורך די קליינע שייבעלעך קוקט אַריין
אַ חושכדיקע נאַכט וואָס וואָיעט און יאָמערט מיטן האַרבסטיקן ווינט אַזוי
חורבנדיק און עלנט.

טראָגסטו זיך נאָכדעם אַהיים דורכן גרויסן פוסטן קאָרידאָר פונעם
געמויערטן הויז, באַפאַלט אַן אימה נישט נאָר דיך, נאָר אויך די הינער וועמען
דו האָסט אויפגעוועקט פון דרימל און זיי נעמען פּאַטשן מיט די פליגל ווי
וועלנדיק עפּעס אַ בייזן חלום אָפּטרייבן. נעמסטו אויך טרייבן פון זיך די
אַלטע שטיקער לעבן מיט אַ פּזמון: „יצחק שטערנבערג פון ווערבע, 26 יאָר

אַלט, אַ דאָרפֿס לערער", — איז טאַקע ווי זשע נעמט זיך עס אינמיטן דערינען אַ פֿעטער מיט אַ באָבע? אַ נייע מעשׂה גאָר. . . ."

„נאָך גוט, וואָס כ'האָב זיך נישט מיט עפּעס אַרויסגעכאַפּט" — פּרוּווט ער זיך שפּעטער דערמאָנען אָן אַלץ, וואָס ער האָט דערציילט האַניען, און באַרואיקט זיך ערשט ווען ער באַשליסט צו נעמען זיך מער אין די הענט אַריין. האָט דער באַשלוס געמיינט נאָך איינזאַמער ווערן, אָפּזאָגן זיך פֿון דער איינציקער מעגלעכקייט אַמאָל אין אַן אָוונט צו רעדן צו אַ לעבעדיקן מענטשן. מיט די, ביי וועמען ער האָט געוואוינט האָט זיך עפּעס קיין שמועס נישט געבונדן. די נויט האָט די מענער געטריבן פֿון דער כאַטע צו זוכן אַרבעט, און די פֿרויען זיינען צו פֿאַרנומען געווען מיטן אויסטראַכטן פּאָטראַוועס פֿון די איינציקע צוויי שפּייזן וואָס מ'האָט זיך געקאָנט פֿאַרגינען: קאַרטאָפֿל און הירזש. און אַז די מענער זיינען שוין געבליבן אויף אַ פּאָר טאָג אין דער היים, זיינען זיי אויך אַרומגעגאַנגען פֿאַרכמורעטע און פֿאַרדריפּעטע, און אין די אָוונטן זיך אַוועקגעשטעלט ביים אויוון, געשלונגען געבראָטענע קאַרטאָפֿל מיט זויערן קרויט און געגרעבצט. די ווייבער זיינען אין די טעג ווען די מענער זיינען געווען אין דער היים, אויך געווען מער פֿאַרהאַוועט. מיט מער שאַרפֿקייט נאָכגעקוקט ביים עסן, וויפֿל רייפֿטלעך פֿונעם קלעפּיקן גערשטן ברויט יעדערער פֿאַרצערט, און כּסדר געשלונגען זיפֿצעלעך אַזעלכע מאָדנע, וואָס מיינען מכלומרשט גאָרנישט, אָבער זאָגן אַזוי פֿיל צו דעם, וואָס זיצט דאָס ערשט מאָל ביי אַ פֿרעמדן און מאָגערן טיש.

וואָס זשע בלייבט איבער צו טאָן? בלויז פֿאַרנעמען זיך מערער מיט די קינדער, און אין די פֿרייע אָוונט־שעהן אַרומבלאָנקען איבערן דאָרף. אָפּשטעלן זיך ביי אַרויסשטאַרצנדיקע קוימענעס פֿון חרובע הייזער, זיך איינהערן אינעם געוואָי פֿון ווינט, וואָס רייסט זיך פֿון די אָפֿענע שטאַלן ווי דאָס כאָרכלען פֿון האַלב דערשאָכטענע; אַ שוואַרצקייט איז געלעגן אויפֿן פּוסטן דאָרף, אַזאַ וואָס נעמט אַרום הימל און ערד און מאַכט פֿון זיי איין שטיק געדיכטעניש. נאַקעטע ווערבעס ביים טייכל ציטערן און שומען מיט הוילע צווייגן ווי שטומעביינערדיקע עדות צום אַרומיקן עלנט.

אָפֿט פֿלעגט זיך דער שפּאַציר ענדיקן דערמיט וואָס ער פֿלעגט זיך צעזינגען עפּעס אַ ניגונדל פֿון אַמאָל, און פֿאַרטיפֿנדיק זיך אין דעם נישט פֿילן, אַז ער האָט זיך גאָר אַוועקגעזעצט אויפֿן בריקל ביים עק פֿונעם דאָרף, די פֿיס אַרונטערגעלאָזט און אַזוי געהוידעט זיך ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין.

נאָך אַזאַ שפּאַציר, האָט דער שלאָף זיך לאַנג געלאָזט בעטן, ביז אַ משונהדיק פֿאַרפֿלאַנטערטער חלום האָט גענומען שפּרייטן פֿאַר די אויגן גאַנצע פֿלאַכטעס צייטונגען מיט מאָדנע אותיות, געלע אַזעלכע און צעצויגענע, וואָס

דערציילן פון אָפענע ליים־גריבער אין וועלכע עס האָבן זיך איינגעגראָבן צוויי פּיסיקע קראָטן ענלעך צו מענטשן און די ביקסן זייערע זיינען אַלע מאָל אָנגעשטעלט פּונקט אַנטקעגן דער אייגענער ברוסט..

גאַנץ אָפט פלעגט די פעלד פּאָליציי אָנקלאַפּן אין מיטן דער נאַכט פּאַר הײמלעכקייט וועגן, אָדער סתם אַ דורכפאָרנדיקער בעל עגלה, וואָס האָט זיך נישט געקענט אַרויסבאַקומען פון דער פרירנדיקער בלאָטע, איז געקומען בעטן הילף. האָט דאָס געגעבן נאָך אַ געלעגנהייט צו ליגן דערנאָך וואַך מיט פאַרקוועטשטע אויגן און הערן ווי דער ווינט רייסט קריעה אַזוי פאַרלוירן און עלנט. שטילט זיך איין דער ווינט, צעיאָמערט זיך ערגעץ אין עק דאָרף אַן איינזאַמער הונט, וואָס האָט אַ גאַנצן אָוונט געגנישטערט אין צעווייקטן מיסט און גאָרנישט געפונען. כאַפּט זיך אויף דאָס קינד אין וויגל און פאַרגייט זיך אין אַ געוויין אָן אַ פאַרוואָס. פּרואווט עס די מאַמע איינעמען און דערשרעקט זיך אַליין פאַרן אַרומיקן חושך, נעמט זי אַריבערשרייען אַריבערן שפּאַנישן ווענטל: „לערער שטערנבערג, איר שלאָפט? צינדט אָן, זייט מוחל, דאָס קאַניצל." פלעמלט אויף אַ קאַניצל אין מיטן חשכות, צעליינגן זיך שאָטנס מיט מרה־שחורה, עס ווערט אָבער פאַרט היימלעכער.

## ב

יעדן פרייטיק אין דערפרי, לאָזט ער זיך אוועק אין נאָענטן שטעטל אַריין, אַ פיר מייל פונעם דאָרף. קויפט איין ציטונגען פון אַ גאַנצער וואָך, קריגט אַמאָל אין דער פאָלקס־ביבליאָטעק אַ ביכל און דרייט זיך אום שעהן לאַנג איבער די גאַסן און געסלעך און הערט זיך איין אינעם געקלאַנג פון די שטייסלען, וואָס שטויסן געווירץ לכבוד שבת. עס ווערט עפּעס גרינגער אויף דער נשמה זעענדיק מענטשן לעבן נאָך אַלץ אַן אַלט אויסגעסדרט לעבן. און ווען די קראָמען נעמען זיך שליסן, לאָזט ער זיך מיטן זעלבן וועג צוריק אין דאָרף אַריין. געוויינטלעך באַגעגנט ער אויפן וועג די דורכלויפנדיקע באַן. רייסט זיך עפּעס אינעווייניק ביי אים מיט יעדן פייף פון דעם שווער פרייכנדיקן לאָקאָמאָטיוו, אָבער עס טוט פאָרט הנאה צו זען מענטשן פאָרן, טוען עפּעס און איילן זיך. קוקן פרעמדע פּנימער דורך די פענצטער, נעמט ער אויף זייער בליק און עס ווערט היימלעכער צוריקצוגיין אין דאָרף אַריין.

אין איינעם אַזאַ פרייטיק, האָט ער ביים בריקל וואָס פירט אין דאָרף אַריין באַגעגנט אַ פרעמדן יונגערמאַן, אַ קויל שוואַרצער, מיט אַ שפּיציקער מאָרדע, וואָס פאַרענדיקט אַ פּנים אויך אַזאַ שאַרפּס און קאַנטיקס. ביים ערשטן אָנבליק, האָבן זיךביידנס פּנימער אויסגעשטעלט אין אַ פראַגע. דער

פרעמדער האָט אָבער דער ערשטער איבערגעריסן דאָס אָנקוקעניש און אַ פֿרעג געטאָן:

„הער שטערנבערג? איך גיי דאָס אייך אַנטקעגן. מ'האָט מיר געזאָגט, אַז איר זענט אַוועק אין שטאָט אַריין. איך בין מוניע, איך וועל דאָ דאַרפֿן זיין אַ פּאָר חדשים ביי מיין שוועסטער, ביז כ'וועל זיך קענען דערשלאָגן אַ היים," — האָט ער זיך אויסגעלאָדן אויף אַמאָל.

ווען שטערנבערג וואָלט זיך נישט געווען שעמען, וואָלט ער דעם פרעמדן בחור געווען אַרומגענומען און מיט די וואַרעמסטע ווערטער אים געדאַנקט פאַר דער אָפנקייט און קלאָרן קול זיינעם, אָבער נישט זייענדיק געוואוינט צו פּלוצימדיקע אויסברוכן און אָפּגעוואוינט שוין פון סתם רייד, האָט זיך בלויז אַ זיפץ אַרויסגעגליטשט פון דער טיף ערגעץ צוזאַמען מיט דער גאָרנישט זאָגנדיקער פראַזע:

„עס פרייט מיך זייער . . ."

אין דעם אָוונט איז אַרויסגעפאַלן דער ערשטער שניי. דער דרויסן איז געלעגן אַן אויפגערוימטער, אַ לויטערער. אַ מאָדנע רו האָט זיך געטראָגן איבערן דאָרף מיט ווייסן חן, און פאַרטריבן די הארבסטיקע שוואַרצקייט און אָפּגעלאָזנקייט. האָט נאָך ערגעצוואו אַרויסגעשטאַרט אַ שטיק צעיוירענע בלאָטע, האָט ווייסער פּוך אַזוי לאַנג און עקשנותדיק זיך געלייגט און געשפּרייט, ביז די בלאָטע איז פאַרשוואונדן פון אויג. בלויז דער גרויער קלויסטער, האָט זיך געטורעמט אין סאַמע מיטן פון דאָרף, און די אויפגע־פּראַלטע טיר פונעם גלאָקן טורעם, האָט מיט אַן אָפן מויל געשטשירעט מיט גרויען פּחד אויפן דאָרף.

מיט מונין ביי דער זייט, האָבן זיך אַ סך לייכטער געגליטשט די טעג, און דער חשבון וויפל טעג עס זיינען נאָך געבליבן ביז צו פּרילינג, וועלכן ער פלעגט מאַכן אַלע נאַכט אויפן שטרוי־זאַק, האָט זיך אויך גרינגער געפירט. עס האָט זיך אים אָנגעהויבן אויסווייזן, אַז אייגנטלעך לויפן דאָך די טעג און די וואָך איז דאָך עפּעס ווי אַ געניץ גרויס, האָסט קוים אָפּגעזונגען אַ ליד, קוים זיך אויסגעלערנט אַ ניגון פון מונין און עס איז שוין פרייטיק און מ'גייט שוין אין שטאָט אַריין זיך אָביסל אָפּפרישן מיט אַ צייטונג, מיט אַ ביכל און מיט מענטשלעכע פּנימער. דאָס לערנען איז אַ שפּילעכל: אין די אָוונטן באַמערקט זיך שוין גאָרנישט דאָס גרעבצן פון די באַלעבאַטים און דאָס זשעדנע קוקעלע פון דער באַלעבאָסטע. מע זיצט אָפּ גאַנצע אָוונטן און מע רעדט. מ'הערט זיך ציטערנדיק איין אין מונים דערציילן פונעם פראָנט, פון דער דייטשישער געפאַנגענשאַפט פון וועלכער ער איז איצט אַנטלאָפן און פון די גרעניצן וועלכע ער האָט געגאַנוועט ביז ער איז אָנגעקומען אַהער.

מען דערוואוסט זיך גאָר, אַז די שוועסטער זיינע, די יונגע באַלעבאָסטע, איז אַ „בונדיסטקע" און האָט צוליב דער מלחמה זיך געמוזט ארויס־קלייבן אין דאָרף אריין. דאָס האָט זי די נויט פאַרעלטערט פאַר דער צייט. דער מאַן אירער, איז גאָרנישט אַזאַ מרוק ווי ער ווייזט דיר אויס. פאַרקערט גאָר, יעדעס מאָל ווען ער איז אין שטאָט ברענגט ער אַ צייטונג, וויל מהנה זיין דעם לערער. אין די וואָכן וואָס שטערנבערגן קומט אויס צו עסן ביי זיי, איז ער טאַקע זאַטער אויך. ברויט האָבן זיי ווייניק, מילך — נאָך ווייניקער, דערפאַר אָבער איז די הירזש מיט מער אייל און די האַלבע גלאָז מילך צו דער וועטשערע — באַטעמטער. אַ מאָדנע היימישקייט ליגט צעשפּרייט אין דעם לאַנגען גרויסן צימער, וואָס איז אַמאָל געווען אַ גאַרדעראָבע צימער פאַר די מאַנאַשקעס און היינט שטייען דאָ ביי איין זייט וואַנט, — בעטן געמאַכט פון ווייסע ברעטער פאַרן פאָרפאָלק מיט די פיר קינדערלעך, און ביי דער צווייטער וואַנט ליגן זעק קאַרטאָפל, ציבעלעס, קרויט און בוראַקעס.

פאַר דער צייט וואָס שטערנבערג עסט ביי זיי (יעדע וואָך עסט ער ביי אַן אַנדערן באַלעבאָס), האָט ער אַפילו דאָס לערנען אויך איבערגעטראָגן אַהער. אַלץ איז אים דאָ נעענטער געוואָרן. דער גרויסער קאָרידאָר מיט די קוליעס שטרוי, עופות און אַרומטאַנצנדיקע ווייסע קראָליקלעך, איז אויך עפּעס ווי אייגענער געוואָרן. מען קען שוין שטיין שעהנווייז גאַנץ פּרי און הנאה האָבן פון דער ווייסקייט, וואָס ליגט צעשפּרייט איבער די פאַרפרוירענע פעלדער און טראָגט זיך אַהער מיט אַ בליאַסק, וואָס פאַרשווינדלט די אויגן. דער קאָרידאָר לערנט שוין מער נישט נאָר שווייגן, פאַרקערט — ער רייסט אויף די שטומע בענדער וואָס פּענטען אים. עס איז אים לייכטער צו פאַרצייכענען אַלץ אינעם טאָג־בוך. אין די נאָטיצן שרייבט זיך מער נישט וועגן אַ מענטש, וואָס האָט געביטן זיין נאָמען און בלאָנקעט אַרום אין האַרבסטיקן־גרוי. יענער פאַרשווין איז עפּעס ווי נעלם געוואָרן. איצט איז דאָ אַ שטערנבערג וואָס האָט זכרונות פון אַמאָל, אָבער לעבן לעבט ער מיטן איצט און מיט דער האָפענונג, אַז אין פרילינג וועט ער אַוועק פון דאַנען. „וואוהין?" — ווייסט ער נאָך נישט, נאָר ער וועט אַוועק און עפּעס אָנהייבן טאָן. אייגנטלעך איז ער דאָך אַ כשרער מענטש, דער שטערנבערג; מיליטער פּליכטיק איז ער נישט, פּאָלי־טיש, — אַ פרייער פויגל, קען ער דאָך טאַקע אָנהייבן עפּעס טאָן . . .

אַזוי נעמט זיך אין אים עפּעס לייטערן און ליכטיקן, און פילנדיק זיך באַפרייט פון דעם שווערן עלנט פון די לעצטע וואָכן, וואַקסט די נאָענטקייט צו מונין; און ביי די שפּעטע שפּאַצירן יעדן אָוונט וויקלען ביידע אויף דאָס בינטל אייגענע חלומות און האָפענונגען, און גרינגער איז שוין דערנאָך איבערצוקומען נאָך אַ נאַכט אויפן שטרוי־זאַק.

פון דעסטוועגן, אַז עס קומט דער דאַנערשטיק אָוונט, ווילט זיך שוין אוועקשטופּן די פּאָר שעה מיט די הענט אבי צו קענען זיך לאָזן גאַנץ פרי אין שטאָט אַריין. דער פריטיקדיקער גאַנג אין שטאָט אַריין, איז געוואָרן עפּעס אַזאַ מין שטאַרק־שטאָף אָן וועלכן מען קען בשום אופן נישט אויסקומען. אַ פרייטיק אָן דעם שפּאַציר אין שטאָט אַריין, מיינט אַזוי פיל ווי אַ גאַנצע וואָך נישט קענען זיך קיין אָרט געפינען, אַ גאַנצע וואָך פילן גלייך ווי מ׳האָט עפּעס פאַרזען און פאַרלוירן אויף שטענדיק. עס האָט געמיינט ווערן אָפּגעריסן פון דער וועלט אויף אַ גאַנצער אייביקייט. אַ, וויפל שעהן אַזאַ וואָך האָט עס! זיינען דעריבער די פרייטיקדיקע שפּאַצירן געוואָרן אַ מין פראַווען אָן עבודה, וואָס מוז דורכגעפירט ווערן אפילו מיט מסירת נפש.

לאָזט זיך איינמאָל שטערנבערג אין אַ גרויסן פּראָסט אין שטאָט אַריין. דער ביינאַכטיקער שטורעם האָט פאַרווייט דעם וועג, אָבער אפילו גייענדיק מיט די פעלדער קען מען אויך נישט בלאָנדזשען. גייט ער, בלענדט דער שניי, די ווייסקייט שניידט און שווינדלט פאַר די אויגן מיט בלויע און גילדערנע רייפן, דער פראָסט פאַרהאַקט דעם אָטעם און דער וועג איז אַזוי לאַנג, ווי ער וואָלט זיך געהאַלטן אין איין אויסציען. פאַלט אים איין: „מ׳דאַרף זיך אומקערן אין דאָרף אַריין" — האָט דער געדאַנק נאָך נישט קיין צייט געהאַט זיך אויסצופּיקן אין גאַנצן, איז אים שוין געוואָרן שווער אויף דער נשמה, ווי אַ שווערע משאָ מיט אַמאָל אַרויפגעוואָרפן אויפן סאַמע האַרץ. די קומענדיקע וואָך, אַ לאַנגע, אַן אויסגעצויגענע, האָט זיך געגעבן אַ צעלייג איבערן גאַנצן פעלד מיט גאַנצע זיבן טעג און נעכט, ווי שוואַרצע פלעקער פאַרשטאָכן אין ווייסן שניי. ניין, דאָס קען ער נישט טאָן. דער וועג ווערט אָבער אַלץ שווערער, זעצט ער אַריין אַ פּוס אין שניי דאַרף ער אים מיט די הענט אַרויסשלעפּן. דרייט ער זיך אָפּ אָן אַ זייט, איז נאָך ערגער: די לאַנקע איז גלאָזיק און גלאַנצט אַנטקעגן דער זון מיט אַזאַ געשליפנקייט, אַז רויטע שטרייפן און מיליע־מיליאַסן בלוי־גרינע פינטעלעך טאַנצן און פלאַטערן פאַר די אויגן, ווי פון אַ כישוף לאַנד אַרויסגעצויגן. פּרוּווט ער גיין מיט די אויגן אַרונטערגעלאָזט, העלפט עס אויך נישט. לאָזט ער זיך אַראָפּ אויף די קני און נעמט זיך אַזוי ראַטשקען נענטער צו דער שטאָט צו. די אויגן אויפהייבן קען ער נישט, — עס בלענדט. קריכט ער אַזוי אויף אַלע פיר. ער פילט ווי אַ פּאַרע זעצט פון אים, כאָטש די שפּיצן פינגער פרירן און שטעכן ווי מיט נאָדלען. אַן אימה איז אים באַפאַלן; אין מוח נעמען זיך שוין פלאַנטערן עפּעס משונה בילדער. ער דערזעט מיטאַמאָל יענע נאַכט, מיט יאָרן צוריק, ווען דער הימל איז געווען איינגעהילט אין חשכות און ער צוזאַמען מיט דער משפּחה ראַטשקען זיך איבער אַ פעלד צעלעכערט פון באָמבעס און באַהאַלטן די קעפּ ביי יעדן אויפלייכטן פון אַ שיינוואַרפער, וואָס צעגראַבלט

דעם חשכות. נישט ווילנדיק האָט ער אָנגעהויבן נאָכמאַכן יענע באַוועגונגען: אַ קריך פאָרויס און אַוועקגעלייגט זיך . . . ציט אויס די האַנט ווי אין עפּעס זיך אָנצוכאַפּן און דערפילט אַ שטאַרע האַנט אַרויסשטאַרצן פון אַ גרוב אַרויס . . . דאָס בילד איז געווען אַזוי בולט, אַז דאָס מויל האָט זיך אים פון זיך אַליין אויפגעריסן און אין שרעק אַרויסגעיאָמערט די זעלבע פראַזע ווי דאַן: „זעט נאָר, — אַ מענטש — !” דער אויסגעשריי האָט אים אַרויסגעריסן פונעם טראַנס און אויפגעשטעלט אויף די פיס אַ צעטומלטן. קוקט ער זיך אַרום און זעט פאַר זיך גאָרנישט, בלויז אַ גלאַנציק פעלד מיט אָנגעהורבעטע קופּקעלעך שניי ביי די זייטן.

די אימה פאַר געפרוירן ווערן ווערט שטאַרקער, דער נאָר וואָס פאַר־שוואונדענער מיראַזש צייכנט זיך נאָך בולט אין די צעהיצטע געהירן, אָבער דער חשק וואָס פריער צו באַפרייען זיך פון דעם איז גובר, און ער נעמט זיך ווידער ראַטשקען פאָרויס. די סימנים פון וועג האָט ער שוין פאַרלוירן. ער האָט אפילו נישט באַמערקט אַז ער האָט זיך אויסגעדרייט אין דער פאַרקערטער ריכטונג. די זון האָט זיך בלוטיק רויט איינגעטונקען אין אַ וואָלקן און פאַרשוואונדן, אָבער ער האָט עס נישט באַמערקט. ער מוז וואָס פריער אָנקומען אין שטאָט אַריין. לויט דער צייט וואָס ער ראַטשקעט זיך, וועט עס שוין לאַנג נישט נעמען.

אַ שניי הייבט אָן פאַלן געלאַסן און בנעימותדיק, דער פראָסט האָט נאָכגעלאָזט, דער בלענד איז ווי מיט דער האַנט צוגענומען געוואָרן. אויפ־שטעלן זיך אָבער, גלוסט זיך עפּעס נישט. קריכט ער ווייטער און דער מוח וויקלט בילדער פון איבערגעלעבטע טעג. מיטאַמאָל האָט אַ ווינט זיך צעטראָגן איבערן פעלד מיט אַ געהייל פון טויזנט הינט אָפּגעריסן פון דער קייט. רייסט עס אים אויך אויף און ער דערזעט, אַז ער געפינט זיך גאָר לעבן בריקל, וואָס פירט אין דאָרף אַריין. דער קלויסטער טורעם, אַ גרויער, אַ חרובער, גלאָצט מיט אומהיימלעכקייט און אָפענער פוסטקייט. יאָגט דער ווינט זיך אַריין אין דער ליידיקייט און צעגרילצט זיך מיט אַזאַ ליאַרעם און געהייל, ווי נישט גוטע וואָלטן זיך דאָרט צעטאַנצט און געריסן. שווידערט עס אים אויף ביז די האָר וואָרצלען און ער נעמט לויפן צום דאָרף צו ווי אַ געיאָגטע חיה. שיינען אים אַנטקעגן עלנטע פייערלעך, וואָס לעשן זיך און האַקן זיך אינמיטן איבער. אָט אַ שיין פון קאַניצל ערגעץ פון אַ ליים הייזל, האָט זיך אַ צעצי געטאָן איבער דער גאַנצער לענג פונעם וועג און זיך אָנגע־שלאָגן אָן אַ בוים און איבערגעהאַקט געוואָרן. שווינדלט עס אים פאַר די אויגן און עס איז שווער צו לויפן. שטעלט ער זיך אָפּרוען ביים ברעג פון יענעם וועג וואָס ציט זיך אַוועק העט ווייט קיין וואָלין.

פּלוצים, צי דאַכט זיך אים, אָדער עס איז וואָר? איז עס אפשר ווידער אַ פאַרפירעריש? ער הערט קלאָר דאָס קריצן פונעם שניי אונטער עמיצנס טריט. אַ מענטש מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס שלייכט זיך איבערן וועג. אָבער וואָס איז דאָס? דער פרעמדער האָט זיך גאָר אויסגעצויגן מיטן פּנים אַראָפּ און גלעט דעם שניי, מרוקנדיק עפּעס הויך אויפן קול. אַ סעקונדע בלויז איז דער פרעמדער געלעגן און באַלד זיך אַ הויב געטאָן און צוגעאיילט צו שטערנבערגן און אים אָנגעכאַפּט ביי די הענט:

„דערקענסט מיך נישט? איוואַנעז, דערקענסטו נישט? איוואַן מיקוליק בין איך דאָך. מאַרינאַ, איז אויפן וועג געבליבן. קוים זיך אַליין דערשלעפּט. היימעלע מיינס, היימעלע," — האָט ער אַלץ אויסגעגאָסן מיטאַמאָל און געכאַפּט זיך קושן. נאָר זעענדיק, אַז שטערנבערג שטייט ווי אַ שטומער, האָט ער זיך גענומען פאַרענטפערן: „איך האָב דיך אויך נישט דערקענט. ביזט נאָך מן הסתם אַ קלייניקער געווען, ווען מ'האָט אונדז געטריבן פון דאַנען."

שטערנבערגן איז גוט געוואָרן אויפן האַרץ פון דעם וואָס דער פרעמדער האַלט אים פאַר אַן אייגענעם דאָ, אָבער דאָס פּאַסיקע וואָרט צו זאָגן דעם פרעמדן האָט ער נישט געהאַט, האָט ער שווייגנדיק אים אָנגענומען ביים אָרעם און געפירט אין דאָרף אריין.

דערזעענדיק דאָס חרובע דאָרף, האָט איוואַן געלאָזן ווי פאַר אַ גאָטעס־דינסט אַראָפּגענומען דאָס היטל, זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני און זיך איבערגעצלמט פרעפּלענדיק: „היימעלע מיינס, וואָס זיי האָבן פון דיר געמאַכט, היימעלע מיינס."

איז שטערנבערגן עפּעס מאָדנע וואַרעם געוואָרן אויף דער נשמה, האָט ער זיך אויך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני און אַ טרער האָט לאַנגזאַם געמאַכט זיך אַ וועג אויפן פאַרפרוירענעם און פון ווינט צעשמיסענעם פּנים.

אין עק דאָרף האָט אַ הונט זיך צעבולן און אַ האָן האָט פון ערגעץ אָפּגעענטפערט מיט אַן אויסגעצויגענעם קריי, אָנזאָגנדיק אַז ס'איז שוין אַ שטיק אין דער נאַכט.

## ג

אָוונט. אין דרויסן רייסט דער ווינט און וואָיעט הפקרדיק איבערן פאַר־פרוירענעם דאָרף. אין שטוב איז האַלב טונקל, די באַלעבאָסטע איז ביי די בהמות אין שטאַל, נאָר איוואַן מיקוליק, וואָס האָט זיך באַזעצט ביים ייד אין הויז, ליגט אויפן טאַפּטשאַן וואָרעמענדיק די מידע אברים. עס איז אים

אומעטיק איוואַנען, ער קען זיך קיין אָרט נישט געפינען, אַן איינגעגעסענע מרה־שחורה גריזשעט אים. נעמט ער שפּרייזן איבער דער קיך, ברומט עפּעס אונטער דער נאָז און בלייבט פּלוצים שטיין ביים פענצטער, וואָס קוקט אַריבער דעם וועג צום וואַלד צו, און הערט זיך איין צום משונהדיקן סקריפּען פונעם דרויסנדיקן טירל וואָס הענגט אויף איין אויערל.

פונעם צווייטן צימער, וואו שטערנבערג לערנט מיטן עלטערן תּלמיד זיינעם, טראָגט זיך שטיל און אויסגעצויגן דער באַטעמטער ניגון פון תּנ״ך, וואָס איז אי אַן אָפּקלאַנג פון אַלט פאַרגאַנגענס און אי אַ מאַניפעסטאַ צו עפּעס דערהויבנס, וואָס איז אייביק און וועט אַלץ איבערלעבן. דער ניגון ציט זיך בנעימותלעך איבערן שטילן הויז און נעמט אַלץ דורך. דאַכט זיך, די טונקלקייט איז פול מיט ניגון, זיידענע בענדער שאָרשען אין דער לופט. עס גלוסט זיך נישט אַ ריר טאָן פון אָרט: זאָל שאָרשען, זאָל עס אַרומוויקלען אַלץ און אַלעמען.

שטייט ער מיקוליק מיטן פּנים צום ווינט און צו דעם שוואַרץ גלאָצנדיקן קלויסטער טורעם, ווי אַ ריז מיט אויסגעשטאָכענע אויגן, און אין פּלייצע גלעט אים אַזאַ מאָדנער ניגון; קלינגט אַזוי וואַרעם היימיש און פּאַרט פרעמד. טוט אים עפּעס אַ קוועטש ביים האַרץ, די אויגן ווערן פייכט און פון נעפּל אַרויס זעט ער זיין מאַרינען, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל זי האָבן, ווי זי גייט מיט צוויי פולע עמערס מילך פון שטאַל... וויל ער איר אַזוי נאָכגיין און זיך פאַרגאַנוועגען פון הינטן ביז זי וועט זיך אָפּשטעלן פאַר דער טיר, וועט ער זי אַ כאַפּ טאָן אין די אָרעמס . . . אָך, וואָס פאַר אַ קוויטש זי וועט עס אַרויס־לאָזן. נאָר דאָ, האָט פון ערגעץ ווייט, פון יענעם עק דאָרף, אַ קליין פייערל זיך אַ טוק געטאָן און זיך אויסגעצויגן איבערן גאַנצן לייזיקן פעלד ביזן וואַלד. האָט עס אים אַ שניט געטאָן פאַר די אויגן און ער דערזעט קלאָר יענעם פאַרנאַכט אין דער ווייטער פרעמד, אין רוסלאַנד: מאַרינע ליגט און ציטערט פון קעלט, כאָטש זי ברענט אין גאַנצן פון אַ פאַרצערנדיקער היץ. די ליפּן פאַרברענט, קוים וואָס זיי שעפּטשען: „איוואַן, איך וועל שוין דאָ אומגעקומען אין דער פרעמד. זאָלסט כאָטש אַ קוש טאָן דאָס היימעלע אונדזערס פאַר מיינעטוועגן.״

נו, גיי קוש דאָס אייגענע פעלד, אַז דו ביזט מיט לײדיקן געקומען. קוים די אייגענע ביינער דערשלעפּט אַהער. מער ווי אַ ליידיקן זאַק מיט אַ פּאָר צעריסענע שמאַטעס אויפן לייב נישט מיטגעבראַכט. ווי זשע וועט ער קומען אויפן פעלד? ער שעמט זיך אפילו צוצוגיין נאָענט צום אייגענעם חרובן הויז און צום פעלד וואָס איז באַוואַקסן מיט אַזוי פיל דערנער, אַז דער שניי קען עס אפילו נישט פאַרדעקן.

דאָס רחמנות אויף זיך אַליין נעמט אים אַלץ מער דורך, און פון זיך אַליין רינען די טרערן אויפן פאַרהאַרטעוועטן פּנים. פון זיך אַליין רעדט אין אים עפּעס אָן ווערטער, אָן קלאַנגען אפילו, נאָר ער הערט עס, ער פילט אפילו דעם שאָרך פון די ליפּן וואָס שעפּטשען עס; ער זעט אפילו דאָס פּנים ·וואָס איז פאַרקרימט פון יסורים. ס'איז מארינע, איר קול, איר שעפּטש ווי אַ שטילער צאַפּל: „אַרעמינקער נעבעך, ליבינקער, דו בידעוועסט." ווערט אים אַזוי גוט אין זיין עלנט, אַזוי באַטעמט דער ווייטיק פון אַליין זיין, אַז ער פאַרגינט זיך נישט אַ ריר טאָן מיט קיין אבר. שטייט אַזוי נישט באַוועגלעך און לאָזט זיך גלעטן פון אַ פרעמדן ניגון אין אַ פרעמד הויז.

אָן איינגעבעטענער איז ער דאָ ביים יידן אין הויז. נישט געהאַט דאָס האַרץ צו באַזעצן זיך אין דער אייגענער חורבה ווי אַנדערע האָבן עס געטאָן. האָט ער זיך איינגעבעטן ביים יידן אויף איבערן ווינטער. אַ ווינקל אין קיך האָט מען אים אָפּגעגעבן, און נאָכן צוהעלפן אין הויז, פלעגט ער קאָשיקעס פון ווייכע ריטלעך און פאַרקויפט זיי אין שטאָט. זאָל זיין הונ־געריק, אבי מיט מענטשן. אין אַ הויז וואו עס זיינען דאָ קינדער, פילסטו נישט אַזוי דעם אייגענעם עלנט. פאַרגעסט זיך אביסל, אַז ביסט ווי אַ בוים אָן צווייגן.

„וואָס עפּעס אין דער פינצטער, איוואַן?" האָט אים איבערגעריסן די מחשבות, די באַלעבאָסטע וואָס איז אַריינגעקומען פון שטאַל מיט אַ קענדל מילך אין דער האַנט.

„מע זעט זיך בעסער אין דער פינצטער", האָט ער געשטאַמלט און פאַרזיכטיק געווישט אַ טרער.

„נישט גוט איוואַן צו פאַרטייען זיך. מיט דומען (טראַכטן) וועסטו גאָרנישט בעסער מאַכן. דו נעם בעסער מאַך פייער. שוין צייט וועטשערע עסן." שאַפט זיך מיט אים די פרוי און נעמט אַרויס דעם גרויסן גרויען טאָפּ און ציילט אין אים אַריין די בעבלעך איינציקווייז. ציילט אויס אַ פּאָר קאַרטאָפל און וואַשט זיי גוט אַרום, כדי נישט צו דאַרפן שיילן און שטעלט זיי אַוועק אויפן קוימען.

„ציילסט, רבקה, די דזשעבליע אין מויל אַריין, עס וועט די ברכה נישט אַריינקומען," וויצלט זיך שוין איוואַן און פאַרענדיקט מיט אַ קרעכץ, „אַ צייטעלע אביסל. אַ צוגעטיילטער ביסן איז ווי אַ פרימאָרגן וואָלקן, סע דונערט, נאָר עס רעגנט נישט."

נאָכן צעבלאָזן דאָס פייער, נעמט ער זיך צורעכט מאַכן דאָס קאַניצל*. פאָרעט זיך אַ ווײַלע מיטן קרעמען־שטיין, ביז אַ שפּריץ ליכט שפּרינגט אויף און באַלייכט אַ שטיק קיילעכדיק פלאַץ אַרום זיך בלויז, און פאַר־קאָפּטשעט דאָס גאַנצע צימער. דערנאָך נעמט ער אָפּ פון אונטערן טאַפּטשאַן די ריטלעך און הייבט אָן פלעכטן, צוברומקענדיק דערביי עפּעס אַזאַ גרויען ניגון אָן קאָליר און אָן פאַרב. פּאַסט זיך עס אַריין אינעם טונקעלען הויז, אין די ליידיקע טעפּ אויפן אויוון און אין רבקהס גרויען חשבון, וואָס היינט איז ערשט דינסטיק און פונעם גערשטנברויט וואָס זי האָט געבאַקן אויף שבת, זיינען נאָך אין גאַנצן געבליבן דריי ברייטלעך. מ׳וועט דאַרפן איינפירן מער עקאָנאָמיע אינעם ברויט. דאָס בעסטע וואָלט געווען, אָפּוועגן דאָס ברויט פּרייטיק און יעדן איינעם אויסטיילן זיין חלק אויף דער גאַנצער וואָך. שעמט זי זיך אָבער פאַר שטערנבערגן. זי קען נישט זיינע עלטערן און ווייסט נישט פון וואַנען ער שטאַמט, נאָר זי פילט אַז ער איז עפּעס נישט ווי די פריערדיקע לערער מיט וועמען זי פלעגט זיך אַזוי לייכט קענען שאַפן אַפילו ביי הויז־אַרבעט. אים, וואַגט זי אַפילו נישט פאָרצולייגן טאָן די מינדסטע אַרבעט, און דאָס וואָס ער ברענגט זיך אַמאָל אַ ווייסע חלה פון שטאָט, פאַרדריסט איר אויך נישט. פאַרקערט, זי פילט זיך גאָר שולדיק קעגן אים און באַשליסט מער אים נישט נאָכקוקן ביים עסן. ניין, מ׳קען נישט אָפּוועגן דאָס ברויט. עפּעס מוז דאָך אָבער פאָרט געטאָן ווערן, — לאָזט זיך אויס, אַז מ׳קען אַראָפּנעמען נאָך אַ צוויי טעפּלעך מילך אַ וואָך: פון דער קליינער פאַיעלעס חלק — איינס, און פון שטערנבערגן — איינס, וועלן אַריינפאַלן נאָך אַ פּאָר גראָשן אַ וואָך, און אַ האַלבע חלה ליגט נאָך שטערנבערגס, — וועט מען שוין ווי עס איז אויסקומען.

צופרידן פונעם באַשלוס, לאָזט זי זיך אַרויס אין קאָרידאָר און קומט צוריק מיט אַ שיסל זויערע אוגערקעס און קרויט, וואָס פאַרשפּרייטן אין שטוב אַ שאַרפן ריח פון קנאָבל, פעפערבלעטער און געזאַלצנס. נעמט עס צופּן און רייסן די נאָז פליגל. מיקוליק נעמט שפּייען, און מורא האָבנדיק אַז מ׳האָט אים היינט נישט אין זינען, עפּעס אַ צו רייכע וועטשערע — טוט ער אַ פאַרצי דעם פּאַסיק אַרום די הויזן און לאָזט זיך אַרויסגיין, נאָר זייער פאַמעלעך, ווי ער וואָלט פאָרט ערגעץ געהיים אין זיך, געלאַשטשעט אַ נאַרישע האָפענונג אַז מען וועט אים אויך פאַרבעטן צום פיינעם מאכל.

„לערער שטערנבערג, איר וועט אים שוין מאַכן פאַר אַ רב מאָרגן, קומט עסן,״ שרייט רבקה אין צווייטן צימער אַריין.

---

* אַ קליין לעמפּעלע.

איוואַן איז שוין געשטאַנען אויף דער שוועל און געגרייט זיך געבן דעם לעצטן שפּיי, האָט זיך אים אָבער עפּעס פאַרהאַקט אין שלונג, אַזש אַ הוסט איז אים באַפאַלן. רבקה האָט דערפילט זיין אומרואיקייט און אים אַ פרעג געטאָן:

„וואו זשע יאָגט עס דיך, איוואַן? וואו וועסטו זיך ארומשלייען אין אַזאַ אויסרייסעניש? נעם אויך אַן אוגערקעלע . . .״

אויפן טיש האָבן זיך שוין געפּאַרעט די פרישע קאַרטאָפל און געמאַניעט מיט די ווייסע שפּעלטעלעך פון די שאָלן ארויס. אין דער וואַרעמקייט האָבן די זויערע ריחות זיך נאָך מער צעשפּילט, און ווען שטערנבערג איז צוגעקומען צום טיש, האָט מיקוליק שוין אין גאַנצן נישט געקענט ענטפערן אויפן גוטן אָוונט. דער גאַוועד איז אים געראנען פון מויל, דאָס פּנים האָט זיך מאָדנע געקרימט און פונקט אונטערן רעכטן אויג, האָט אַן אָדער ביי אים געטאַנצט און געצוקט; די הענט האָבן אים געציטערט און ער האָט בשום אופן נישט געקענט צוטראָגן דאָס אוגערקעלע צום מויל.

שטערנבערג, וואָס איז נאָך געווען אונטער דער שטימונג פון דעם נביא מיכהס שטאָלצע רייד, איז ווי פאַרשטיינערט געוואָרן. איין סעקונדע ווירק־לעכקייט האָט גאַנץ פאַרנעפּלט דעם נביאס וויזיע וועגן דער גרויסקייט פון מענטשן. דערזען דעם מענטש אין זיין עלנט, האָט עס אים דעם אָטעם פאַר־האַקט און מיט בושה האָט ער אויף שנעל געכאַפּט אַ הייסע קאַרטאָפל און אונטערגערוקט איוואַנען: „ס׳וועט זיין געננג פאַר אַלעמען, איוואַן, עס!״ האָט ער מאָדנע געשטאַמלט.

איוואַן האָט נישט געקענט ענטפערן, נאָר די אויגן זיינען אים פייכט געוואָרן און דורכן נעפּל האָט שטערנבערגן געגלעט אַ בליק, וואָס האָט דורכגענומען מיט דאַנק און דערהויבונג. די שטילקייט אין הויז איז געלייטערט געוואָרן און דער פריערדיקער ניגון האָט ווידער געשוועבט אינעם טונקל פונעם צימער און אַלע האָבן אים געפילט.

רואיק און פּאַמעלעך האָבן אַלע געגעסן דאָס מאַלצייט קוקנדיק איינער דעם אַנדערן פריי אין פּנים אריין. די שטענדיקע גרויקייט פון רבקהס פּנים איז פאַרשוואונדן, איוואַן האָט זיך אויסגעגלייכט און פאַרצויגן אַ פריילעכס; און טאַקע באַלד ארויסגעשלעפּט אַן אָפּעריבענע האַרמאָשקע פון פּאַזוכע (בוזעם) און זיך צעצויגן מיט אַזאַ האַרצרייסעניש, אַז עס האָט דעם ווינט אין דרויסן פאַרשטילט, בלויז פון ווייט האָט זיך געהערט אַ יאָמערלעך וואיען פון אַ הונט.

די קליינע פאַיעלע, האָט זיך איבערגעכאַפּט פון שלאָף און זיך צעוויינט,

איז רבקה אוועק צום קינד, האָט איוואַן פּלוצים אַ וואָרף געטאָן די האַר־מאָניקע אויפֿן טיש און מיט עפּעס אַ פּרעמד קול זיך גענומען אָראָפּרעדן פֿון האַרצן: „זעסט, פּראָפֿעסאָר, מ׳בידעוועט!" מער האָט ער נישט געקענט קיין וואָרט אַרויסברענגען און איז אַרויס פֿון הויז.

צוריקגעקומען איז ער שוין מיט מונין, וואָס האָט זיך נאָר וואָס אומגעקערט פֿון שטאָט מיט אַ צייטונג. האָט מען זיך אַוועקגעזעצט שלינגען די נייעסן: „טרומפּעלדאָר רופֿט די ייִדישע יוגנט קיין ארץ ישראל. צו פֿרילינג צו וועט זיך אָנהייבן דער מאַרש פֿון החלוץ קיין ארץ ישראל. אין סאַן רעמאָ, ווערט באַשטעטיקט ווערן דאָס רעכט פֿון ייִדן אויף אַן אייגענער נאַציאָנאַלער היים."

„אַן אייגענע היים," האָט שטערנבערגס האַרץ געציטערט, אָבער מוני האָט סאַרקאַסטיש געלאַכט פֿון דער „היים" און פֿון זיך אַליין: „כאַפּ נישט ברודערקע, פֿאַר אונדז זײַנען דאָ וויכטיקערע נייעסן, וואָס וועלן גרייכן אַפֿילו אין אונדזער לאָך אַריין . . . נאַ, זע: „אין פֿרילינג וועט זיך אָנהייבן אַ נײַע אָפֿענזיווע אויפֿן מזרח פֿראָנט . . ."

איוואַן איז געזעסן און געפֿינקלט מיט די אויגן אויף דער צייטונג און געשוויגן. פּלוצים האָט ער זיך אויפֿגעשטעלט און אַרויסגעשאָסן אויף אַמאָל: „שפּאַרט זיך נישט, קינדערלעך, איבער פּרעמדע זאַכן. עס איז אַן אומגליק, זאָג איך אײַך, נישט דער צאַר איז שולדיק און נישט דער פּאַן. דער פֿויער אוודאי נישט . . . עס איז אַן אומגליק און פּטור. די, וואָס זײַנען שוין טויט, וואַרטן אויף אונדז. פּונקט ווי דאָס פֿעלד, וואָס ליגט אַליין און חרוב. פֿריער, שפּעטער, זיי וועלן זיך דערוואַרטן. אָט ווי מאַרינאַ," — האָט ער זיך ערשט געוואָלט פֿאַרנעמען אויף דעם ריכטיקן שמועס, האָט אָבער רבקה דערמאָנט, אַז עס איז שוין צייט צו מאַכן נאַכט. האָט ער איבערגעהאַקט אין מיטן און אַ שפּיי געטאָן מיט אַ קללה: „צום טייוול מיט אַלץ מיט אַן אַנדער. אַ צייטעלע אַביסל, אַ צייטעלע."

„אָט האָסטו דיר עס," האָט מוני זיך נאָך אַלץ געוואָלט אַ רייץ טאָן מיט שטערנבערגן, „אָט איז ער ביי זיך אין דער היים שוין . . ."

„זאָלן שוין די שונאים רעדן פֿאַר דיר, טרוקענער ליטוואַק," האָט רבקה אים איבערגעשלאָגן, „אַ היים איז די גרעסטע זאַך וואָס מ׳קען זיך ווינטשן. אַ היים איז ווי אַן אייגן העמד. פֿאַרשטייסט ליטוואַק, אַ העמד אויפֿן לייב."

„קום שפּאַצירן אַביסל," האָט שטערנבערג אַ נעם געטאָן מונין און אַרויס אין שטילן דרויסן.

זיי זײַנען געגאַנגען און געשוויגן. פֿון יענער זייט באַרג האָט זיך געטראָגן

דאָס וויאָקען פון א דורכפאָרער, און א פארבלאָנדזשעטער שטראל פון א לאמטערן ערגעץ הינטער א שטאַל האָט געציטערט איבערן וועג.

ד

בּיסלעכווייז האָט זיך דאָס דאָרף אָנגעפילט. די ערשטע זיינען געקומען די געפאנגענע פון דייטשלאנד. אויסגעמאָרעטע און פארחושכטע האָבן זיי זיך אַרומגעדרייט אויף די וועגן וואָס פירן צו דער רוסישער גרענעץ און זיך די אויגן אויסגעקוקט, אַז עמיץ פון די זייעריקע זאָל אָנקומען פון יענער זייט. און גאַנץ אָפט פלעגט טאַקע אַזאַ איינער מיט אַמאָל נעמען אַרומלויפן איבערן דאָרף און אַריינשרייען אין די ליים הייזלעך, אָדער אינעם געמויערטן הויז אַריין: „זיי זיינען שוין דאָ!"

אין אָנהייב פלעגט מען לויפן קוקן, באַגעגענען, נאָכפרעגן זיך און אַפילו באַהילפיק זיין, שפּעטער אָבער האָט מען שוין יוצא געווען מיט אַן אַרויסקוקן דורך די פאַרפרוירענע שייבלעך און געזען אַלעמאָל דאָס זעלבע בילד: אַ בויד שלעפּט זיך אויפן שליאַך, און נאָך דער בויד שלעפּט זיך נאָך אַ פויערל אָדער אַ פויערטע אין טראַנטעס און האַלט זיך אין איין ציילעמען. אַנדערע טוען מיט אַמאָל אַ פאַל אויף די קני, קושן דעם ווייסן שניי און ציילעמען איבער דאָס ביסל אָרעמקייט, וואָס מ'האָט מיט זיך דערשלעפּט.

אויף צו מאָרגנס האָט שוין נאָך אַ בעטלער געקלאַפּט אין טיר און מיט תחנונים צוגעזאָגט, אַז אין פרילינג וועט ער אָפּאַרבעטן.

עס איז געוואָרן שווער אַרויסצוגיין אויפן דאָרף. פון אַלע זייטן האָבן אויף דיר געקוקט אויגן שפּיזיקע, הונגעריקע, מיט אַזאַ מאָדנעם בליאַסק, וואָס האָט געשניטן ביזן ביין, און פון יעדער חורבה האָט זיך געטראָגן דער ריח פון פוילעניש און שמאַטעס. עס איז געוואָרן שווער צו פילן אויף זיך דאָס אייגענע וואַרעמע מאַנטל און מען האָט אַפילו אָנגעהויבן עסן הינטער פאַר־ריגלטע טירן. עס איז שווער געווען צו קוקן עמיצן גלייך אין די אויגן אַריין. גאַנץ אָפט האָט מען געקאָנט טרעפן אַ פויערטע, פאַרוויקלט אין טראַנטעס, שטיין ביי אַ פרעמדן שטאַל און זיך צוהערן צו דעם מעקען פון אַ פרעמדער בהמה.

„מ'דאַרף רופן אַ פאַרזאַמלונג," האָבן פאַרלאַנגט די יונגע.
„אַז נישט וועלן מיר דאָ אויספּגרן ווי די מייז."

„אין רוסלאַנד, טוען זיי אַלץ מיט „זאַסעדאַניעס" (פאַרזאַמלונגען). אַבי עפּעס, קומט מען זיך צוזאַמען און מ'זאָגט אַזוי און אַזוי," פּרוּווט איינער פון די נישט לאַנג געקומענע אָנהייבן.

„וואָס וועט דיר די „זאַסעעדאַניע" העלפֿן?" האָט זיך איוואַן מיקוליק געהקרנט און זיין אויסגעדאַרטער גוף איז נאָך שטייפֿער און דינער געוואָרן, „מיט די ליידיקע הענט, וועסטו אַ ליידיקן מאָגן נישט אָנשטאָפּן."

„אָט וואָס, איך זאָג אָט וואָס," האָט זיך ברייטלעך צערעדט דער הויכער כוועדאָר, אַ געוועזענער רייכער באַלעבאָס, „אָט וואָס עס איז, די פֿעלדער זיינען דאָך געבליבן גאַנץ, דאַרף מען קריגן זריעה."

„איז טאַקע אָט וואָס" חוזקט מיקולק און לאָזט זיך אַוועקגיין, „אַזוי פֿיל יאָרן זיך געריבן אין קיעוו און דער מוח איז נאָך אַלץ אַ שמאַטע."

„מירן שיקן אַ דעלעגאַציע צום סטאַרשינאַ, (עלטסטן פֿון געגנט) און זאָגן אַזוי און אַזוי," האָט דער ערשטער ווידער געפּרואווט פֿאַרלייגן דאָס זייניקע.

„וועט מען דיר גלייך שיקן ברויט, האַ?"

„לעגיאָנטשיקעס וועט מען דיר שיקן, ווי אין פּאַדהייעץ. מ'איז געקומען און געזאָגט דעם סטאַרשינאַ: „נישטאָ צו עסן," — דערציילט איינער שוין צום וויפֿלטן מאָל די מעשה, וואָס אַלע האָבן שוין געהערט, — „פּעכנעט! ווער האָט אייך געבעטן קומען אַהער? רוסלאַנד איז קליין געווען פֿאַר אייך?" האָט זיך מיכאַל שעווטשוק, דער כאָריט נו, איר קענט דאָך אים, פֿלעגט זיין אַ פֿריילעכער אויף יאַרידים און אַ ברייטלעכער מיטן גלעזל, — האָט עס אים אַ ברי געטאָן: אים זאָל מען הייסן פּעכנען, און ווער! אַ ליאַך דאָרט, אַ פּרעמדע האַלעדריגע, טפֿוי זאָל ער ווערן! אַז ער הייבט עס נישט אויף אַ האַנט ווי אַ דרענגל און גיט אים אַ פּאַרפּאָר: „און דיך, פּאַסקודנער ליאַך, ווער האָט אַהער געבעטן? ס'איז אונדזער היים, אונדזער ערד!" — דעם ליאַך האָבן זיך אַזש די אויגן איבערגעקערט און די וואָנצעס האָבן זיך אים אויפֿגעשטעלט ווי ביי אַ קאָטער. מיט אַ בייטש האָט ער אים מיכאַלן דערלאַנגט גלייך אין דער צורה אַריין: „ס'איז דיר דאָ נישט דאָס חזירישע רוסלאַנד מיט די זשידאָווסקע הערשער!" — האָט ער זיך צעברוקעט ווי אַ חזיר. אָט האָסטו דיר אַ גיין צום סטאַרשינאַ," פֿאַרענדיקט דער דערציילער און ווישט זיך אָפּ דעם שווייס פֿונעם שטערן.

„אונדזער סטאַרשינאַ איז דאָך אָבער אַן אייגענער, אַן אוקריינער," דינגט זיך אַן אַנדערער.

„ערגער נאָך פֿון אַ פֿרעמדן, דאָס ווייסט דיר אַלץ, די יוכע. אַנומלטן זאָגט ער צו מיר: הערסט, פּאַוול, ס'איז דיר דאָ נישט רוסלאַנד. זאָלסט מיר נאָר נישט בונטעווען, אַז נישט וועסטו דאָס אייגענע שטיקל ערד אויך פֿאַרזינדיקן . . ."

נאָך אַזאַ שמועס, האָט מען שוין דעם געדאַנק פון אַ פאַרזאַמלונג אויפגעגעבן אויף אַ פּאָר טעג. האָט אָבער דער הונגער און די קעלט געטריבן פון די חורבות און ליימיקע גריבער, איז מען געקומען זיך ווארעמען אינעם גרויסן קאָרידאָר פונעם געמויערטן הויז. דער קאָרידאָר, כאָטש אַ נישט געהייצטער, איז פאַרט געווען ווארעמער ווי די אייגענע חורבה. איז מען געזעסן אויף קוליעס שטרוי און געדרייט פּאַפּיראָסן פון צעריבענע קאָרע אין גראָבן צייטונג־פּאַפּיר און געשפיגן, וואָרנענדיק איינער דעם אַנדערן פאַר אַ שרפה. אָפּשפּייענדיק אַזוי אַ פּאָר שעה, האָט מען זיך ווידער גענומען צום זעלבן: „אַ זאַסעדאַניע!”

קיינער האָט נישט געוואוסט וואָס די „זאַסעדאַניע” וועט ברענגען, עס האָט זיך אָבער זייער שטאַרק געוואָלט כאָטש דורכרעדן זיך, אַרויסשרייען דאָס ביטערע געמיט. האָט יעדער איינער געהערט און געזען נאָר איין וואָרט: „אַ זאַסעדאַניע!”

אָפּט, אַז עמיץ פון די יידן איז אויך געווען אין דער היים, האָט מען אים גענומען פאַרוואַרפן מיט פראַגעס:

„קומסט דאָך פון שטאָט, נו, וואָס הערט זיך? מ׳רעדט עפּעס פון טיילן זריעה?”

„מ׳האָט אונדז כאָטש אין זינען? האַ?”

„שווייגסט קאַנאַליע, האָסט מורא אויסצוזאָגן? מיינסט ס׳וועט דיר אָנקומען מער?” ווערט יאַן האַווטשוק מלא רציחה און שטעלט אָן אויף דעם יידן אַ פּאָר שטעכעדיקע אויגן.

„אַז מ׳טראַכט גאָרנישט פון דעם, מ׳הונגערט דאָרט אויך,” פּרוּווט זיך דער ייד פאַרענטפערן.

„אָבער אין כאָטעם וואוינען זיי, אין דער פינצטער זיצן זיי נישט, האַ?”

דאָס גאַנצע ביטערע מזל זייערס האָט גענומען אַרויסשוימען פונעם ביטערן געמיט, ווי דער שטינקנדיקער ריח פון געזייערט קרויט פון אַ נאָר וואָס געעפנט פאַס. אין קאָרידאָר איז געוואָרן אַ שטיקעניש, אַ דריקעניש. איינער האַלט דעם אַנדערן ביי די זייטן, ביי די הענט און מ׳טענהט און מליארעמט, און דער אָטעם פון שנאה הויערט איבער אַלעמען; אויגן שפּריצן פייער און פון מויל זעצט אַ פינע, עס האַלט ביי פעטש. פאַר וואָס און פאַר וועמען ווייסט מען נישט און מ׳וויל גאָרנישט וויסן. מ׳דאַרף דאָך צו עמיצן אויסלאָזן די אייגענע גרינע גאַל. און אין מיטן געליאַרעם האָט זיך כסדר געטראָגן ווי אַ רעגנבויגן אַ רוף, וואָס האָט אויף אַ מינוט איינגעשטילט און באַלד ווידער אויפגערודערט: „רוסלאַנד, ערד, רעוואָלוציע!”

די וואָס זיינען געקומען פון דער דייטשער געפאַנגענשאַפט, האָבן געהאַט טענות:

„איר זאָגט רוסלאַנד,״ האָבן זיי מיט באַהאַלטענער איראָניע גערעדט עפּעס אַריבער זיך, „פּאַר וואָס זשע זענט איר אַוועק פון רוסלאַנד?״

„כע, כע, דאָ זיינען זיי גאַנצע קלוגינקע מיט רוסלאַנד, אָבער דאָרט האָט מען דאָך אויך געפּכנעט פּאַר אַ קיי,״ האָט זיך מיקוליק כיטרע און שטעכיק צעלאַכט און דערווייל געגלעט די גלאַנציקע הויט פון זיין אויסגע־צערט פּנים.

„דער פּויער איז אומעטום אין דער פרעמד און עס ציט אים אַהיים, פאַרשטייט איר שוין?״

„קריסטוס האָט נאָך געזאָגט,״ פאַרציט אַ פרום פּנים די געוועזענע מאַנאַשקע מארינע, וואָס האָט אין מלחמה צייט אַוועקגעוואָרפן די שוואַרצע מלבושים און חתונה געהאַט, „קריסטוס האָט זיך נאָך געקלאָגט: אַלע פייגל האָבן נעסטן, נאָר גאָטס־זון האָט נישט וואו דעם קאָפּ אָנצושפּארן . . .״

„טו בעסער צוריק אָן די יופּע, מארינע, און מיש נישט קריסטוסן אַריין. ס׳איז איצט רעוואָלוציע אויף דער וועלט, אַט וואָס!״ היצט זיך דער יונגער אַנדרוך, „מ׳וועט דאָ אויך אַ זאָג טאָן: דאַלאָי מיט די פּאַנעס און ראַטעוועט דאָס פאָלק!״

„און אַלץ מיט לײדיקע הענט?״

„וועסט בייסן די ערד, האַ?״

„און וואָס וועט זיין מיט די זשידעס?״ וויל שוין איינער וויסן אויף קלאָר.

„פּעטלורע האָט זיי געשניטן . . .״

„האָט ער אוודאי אַ סך אויסגעפּירט. געוואָרן פּילסודסקים שטיוול פּוצער,״ קאָכט זיך שוין אַנדרוך אויף אַלע כלים, „מיינסט מ׳ווייסט נישט, מ׳ווייסט, מ׳ווייסט.״

די געמיטער זיינען שוין גאָר צעהיצט, אַז מ׳פאַרגעסט אפילו אין דרייען אַ פּאַפּיראָסקע. ווען נישט איוואַן, וואָלט שוין איינעקע אַוועק מיט צעשפּאָל־טענע קעפּ. איוואַן לאָזט זיך נישט אַריינשלעפּן אין מחלוקת און גלעט אַלע צדדים.

„איר יאַדעט זיך קינדער איבער אַ פרעמדער ירושה. דערווייל איז דער מאָגן לײדיק און דער פּאַסיק האָט שוין מער קיין לעכלעך נישט.״

„אמת, אמת!״ פּאַטאַקעווען די עלטערע און הייבן זיך אָן צוצוגיין.

אין איינעם אזא נאָכמיטאָג, האָט שטערנבערג זיך אַנגעיאָגט אין קאָרי־דאָר אַריין. נישט וועלנדיק זיך אַריינפּלאָנטערן אינעם טומל, האָט ער זיך געוואָלט אַרויסכאַפּן, האָט אים אָבער אַנדרוך דערזען און אַ געשריי געטאָן:

„יאָ, נעם דעם פּראָפעסאָר און זעצט זיך שרייבן אין וואָלאָסט אַריין (ראַיאָן קאָמיטעט) וואָס מיר דאַרפן."

איידער שטערנבערג האָט נאָך צייט געהאַט צו טראַכטן וואָס דאָ קומט פאָר, האָט ער זיך שוין געזען זיצן אויף אַ קאַסטן מיט אַ בלייפעדער אין דער האַנט שרייבנדיק אויפן גרויסן געלן שטיק פּאַק פּאַפּיר וואָס איז געלעגן פאַר אים: „איך, דער און דער, פון דאָרף זאַריטשע, בעט אַ פּוד קאָרן, אַ קאָרץ קאַרטאָפל א.א.וו. צום פרילינג פאַרזיי. כ'בין גרייט אָפּצואַרבעטן וויפל נאָר מ'וועט מיר הייסן."

אַנדרוך איז אפילו נישט געווען צופרידן פונעם נוסח. ער האָט זיך אָבער נישט געוואָלט איינרייסן מיט די אַלטע, וואָס האָבן געטענהט, אַז מ'דאַרף אָנהייבן מיט גוטן.

ווען ס'איז געקומען צום אונטערשרייבן זיך, האָבן אַלע ווי דאָס לשון פאַרלאָרן. געבליבן שטיין מיט טאַמעוואַטע פּנימער, ווי אָפּגעשמיסענע. בלויז צוויי האָבן געקענט אונטערשרייבן זיך. די אַנדערע, — אַ דרייסיק אין צאָל, האָבן זיך איינער נאָכן אַנדערן צוגערוקט צום קאַסטן. מיט ציטערנדיקע הענט אַ פּיר געטאָן איבערן פּאַפּיר דעם צייכן פון צלם און מיט חידוש און קנאה געקוקט אויף שטערנבערגן, ווי לייכט ער פידלט עם מיטן בלייפעדערל און שרייבט צו זייערע נעמען צו די צלמלעך. יאָן אַליין, איז אויך גאָר גיך מיד געוואָרן און מיט אַ שמייכל צוגעוואָרפן: „דו מאַכסט עס בעסער, פּראָפעסאָר!"

איז שטערנבערג געזעסן און צו יעדן צלמל צוגעשריבן אַ נאָמען. און מאָדנע, דאָס מאָל האָט ער גאָרנישט געפילט קיין שום ווידערווילן צום צלם. ס'איז אים אויסגעקומען גאַנץ נאַטירלעך, אַז דווקא ער, וואָס נישט ווילנדיק אפילו, רייסט זיך אים נאָך אַלץ אַרויס דער „שקץ תשקצנו", ווען ער גייט פאַרביי אַ צלם, זאָל איצט עפּענען די שטומע מיילער פון די צלמים און צוגעבן צו זיי אַ נאָמען.

אין אַ וואָך אַרום איז געקומען דער סטאַרשינאַ און פאַררופן אַ פאַרזאַמ־לונג. מיט ווייכע רייד, האָט דער אַלטער, קלוגער פּויער ביי זיי אַרויסגעקראָגן, אַז זיי זיינען גרייט צו דינען פּוילן, אַז זייער גאַנץ אַנטלויפן פון רוסלאַנד איז געווען כדי אַרונטערצוקומען אונטער פּוילנס שוץ. פּוילן איז דערפאַר גרייט זיי צו העלפן, נאָר — האָט ער קלוגיטשקע צוגעגעבן, — זיי דאַרפן וויסן, אַז מ'טאָר אַליין גאָרנישט טאָן. אַ גוטער באַלעבאָס — האָט ער ווייטער אין

זיי אריינגערעדט, — האָט נישט ליב אַז מ'טוט אַליין און מ'פרעגט נישט קיין עלטערן פון זיך . . .

„וואָס מיינסטו?״ האָט אַנדרוך געפּרוּווט אריינוואַרפן אַ פראַגע. האָבן אויף אים פון אַ ווינקל אַ קוק געטאָן אַ פּאָר פרעמדע גרויע אויגן, וואָס ער האָט ביז אַהער נישט געהאַט באַמערקט. פון יענעמס קוק איז אים אַזש קאַלט געוואָרן.

האָט זיך די פאַרזאַמלונג געהאַלטן ביים פאַרענדיקן דערמיט, אַז מ'טאָר נישט האָבן קיין פאַרזאַמלונגען אָן דעם סטאַרשינאַ . . . און אויף פרילינג, וועט מען זען צו העלפן. דער עולם איז געשטאַנען אַזוי אָנגעשראָקן פון די חסדים, וואָס מ'גייט זיי דאָ טאָן, אַז מ'האָט נישט געוואַגט אַ פּיפּס צו טאָן.

„ און מיט וואָס וועט מען אָנפילן דעם מאָגן, איצט?״ אָט די פראַגע איז ממש געהאַנגען אין דער לופטן, אָבער מ'האָט געשוויגן. ערשט, ווען ער האָט פאַרלאַנגט, מ'זאָל אַרויסגעבן די, וואָס האָבן געשריבן אין ראַיאָן אריין, האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל:

„ווער ס'איז אַ מסור, איז אַ הינטישער זון!״

מ'האָט אַפילו נישט געוואוסט אויף קלאָר ווער ס'האָט געוואָרפן די פראַזע, נאָר מ'האָט געפילט אַז בלויז איוואַן האָט עס געקענט זאָגן, און דערפאַר האָט עס געקראָגן מער וואָג. דער סטאַרשינאַ האָט זיך אַ מינוט פאַרלוירן, אָבער באַלד גענומען זידלען און סטראַשען. פון אַ ווינקל האָבן גענומען שטעכן פרעמדע בליקן. איז די גאַנצע עדה געבליבן שטיין שטיל און שטום און פאַרביסן געקוקט דעם סטאַרשינאַ גלייך אינעם שרייענדיקן מויל אריין. האָט ער דעם קוק נישט געקענט אויסהאַלטן, אָפּגעהאַקט אינמיטן און ווי אַן אָפּגעשמיסענער זיך אַרויסגעגליטשט פון קאָרידאָר.

„אַזאַ הינטישע יוכע!״

„און דאָס איז נאָך אַן אייגענער,״ האָט זיך דער עולם נאָך לאַנג געקאָכט.

געהאָלפן האָט עס פּאָרט. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, האָט מען אָנגעהויבן טיילן פוילע קאַרטאָפל און גענומען צעטעלעך אויף אָפּצואַרבעטן אין פרילינג.

„איר פירט זיך נאָר אויף לייטיש,״ האָט דער סטאַרשינאַ געשמייכלט און געקוקט יעדן אין די אויגן אריין, „וועט שוין די מאַכט וויסן ווי צו באַלוינען.״

האָט מען גענומען און געדאַנקט אונטערטעניק. אין דער היים האָט מען

אויסגעצײַלט װיפֿל מ׳האָט באַקומען, אַ טייל באַהאַלטן אויף פֿרילינג און פֿון דעם איבעריקן געצײַלט דעם ביסן אין מויל אַרײַן; און צײַלנדיק אַזוי יעדן ברעקל און קליגלען זיך װי בעסער אויסצונוצן דעם שפּײַז פֿאַרמעגן, האָבן זיך די טעג געררוקט און נעכט זײַנען אַפֿילו פֿאַרזונגען געוואָרן מיט ליבע האַרציקע לידער, וועלכע האָבן זיך מיט גרויס בענקשאַפֿט געטראָגן איבער די פֿאַרשנייטע פֿעלדער.

צו פֿרילינג צו, האָט אָבער דער טויט גענומען אַרומגיין איבער די הײַזקעס. אויפֿגעזוכט וואו אַן אַלטן פּויער אָדער אַ יונג קינד, וואָס האָט שוין נישט געקענט שלינגען קיין רויע גראָז אָדער געקאָכטע קאָרע געמישט מיט פֿוילע קאַרטאָפֿל. יעדער פֿרימאָרגן האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ לוויה, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט פֿאַר דער טיר פֿון דער געוועזענער מאַנאַשקע. מאַמעס אײַנגעהילטע אין פֿאַרדריפּעטע, צעדריוולטע שאַלן, האָבן זיך מיט ביינערדיקע פֿויסטן געשלאָגן אין די פֿלאַכע בוזימס, געשלונגען טרערן און זיך געבעטן ביי דער געוועזענער מאַנאַשקע צו באַגלייטן דעם טויטן אויף אַ קריסטלעכן אויפֿן: „ראַטעווע די אומגליקלעכע נשמה, שוועסטערקע, ראַטעווע, גאָט וועט דיר באַצאָלן.״

מארינא אָבער, פֿלעגט אַן אָנגעכמורעטע זיך באַווייזן אין דער טיר און מיט אַ געבראָכן קול אָנהייבן: „מיר זײַנען אַלע זינדיקע, ליבינקע מיינע . . .״ און צוריק פֿאַרהאַקן די טיר. האָט די לוויה זיך געצויגן מיטן זעלבן שליאַך צום וואַסער צו, וואו דאָס בית־עולם איז געלעגן אַ צעשמיסנס פֿון רעגנס און שנייען, און אָפּן געחורבט מיט אײַנגעפֿאַלענע צלמים.

אין איין פֿרימאָרגן האָט זיך באַוויזן אַ גלח. מיט אַ הילצערנעם צלם אין האַנט, האָט ער זיך צוגעקליבן צום זאַק שטרוי אויף וועלכן ס׳איז געלעגן אַ טויטער, און קניענדיק אין בלאָטע גענומען פּרעפּלען. די אַלטע האָבן פֿאַר שמחה, וואָס אַ גלח איז מיט זיי, אַזש גענומען קושן זיך. די יונגע מיט איוואַנען בראש האָבן אָבער געוואָרטשעט: „די קאַנאַליע איז שוין אויך דאָ.״

אַ גאַנצן טאָג איז דער גלח אָפּגעזעסן אין חרובן קלויסטער און אויפֿגענומען די באָבעס און עלטערע פּויערים, וואָס זײַנען זיך געקומען מתוודה זײַן. די ייִנגערע אָבער, האָבן זיך צונויפֿגעקליבן אין קאָרידאָר פֿונעם געמויערטן הויז און געשפּיגן מיט רוגזה. ווען דער גלח איז אַליין געקומען זיי אויסמוסרן, פֿאַר וואָס זיי קומען זיך נישט מתוודה זײַן, האָבן זיי אים באַגעגנט מיט אַזאַ געלעכטער אַז ער האָט פֿאַר שרעק, זיך אַזש גענומען צײַלעמען און צוריקטרעטן.

„נישטאָ מיט וואָס צו באַצאָלן, פּאַטערל,״ האָט איוואַן געכאָכאָטשעט,
„מיט לײדיקע הענט װעסטו פון שטן אויך נישט פּטור װערן, האַרציקער.״

דעם עולם איז עס גאָר געפעלן און זיך נאָך מער צעלאַכט און צעכיכיקעט, אַז דאָס גאַנצע דאָרף איז זיך צונויפגעלאָפן. דאָס אַלטװאַרג איז געבליבן אַפּהענטיק און זיך געהאַלטן אין איין ציילעמען. דער גלח האָט זיך הינטער־װײלעכטס גערוקט פונעם רעדל אַרױס און זיך צוריק אַרײנגעכאַפּט אין קלויסטער אַרײן.

„נישט אַנדערש, נאָר דער נישט גוטער האָט זיך דאָ באַזעצט. טפוי!״ האָט די אַלטע יעוודאָכע געגליאַמדזשעט מיט אַ מויל אָן ציין, און זיך אַװעק־געשאַרט פון דער גרופּע אין איין שרעק.

ה

שטערנבערג, האָט זיך דערפילט װי אין אַ פּאַסטקע. די פינגער פון טויט, װאָס האָבן אַלעמען געשטיקט און געװאָרגן, האָט ער דערפילט אויך אויף זיך. ס׳זיינען אין אים װאָך געװאָרן יענע שװאַרצע טעג אויפן דריטן יאָר פון דער װעלט מלחמה, װען אין בית־המדרש פלעגן אַלע דאַװענער זיין קדיש־זאָגער. ס׳האָט אים כסדר געקלונגען אין די אויערן דער יאָמערלעכער קדיש־טאָן פון די דערװאַקסענע און דאָס אויסגעצויגענע שרעקעװדיקע נאָכזאָגן פון די קליינע: יתגדל ויתקדש שמיה רבא.

די פעלדער האָבן זיך גענומען אָפּדעקן און שװאַרצן קעגן דער זון, אָבער צוזאַמען מיט דעם האָט זיך גענומען טראָגן פון די חורבות דער ריח פון זשאַװער און פוילקייט. דאָ און דאָרט האָט זיך שוין געהערט דער קלאַנג פון רייניקן אַ לאָפּעטע און אַקער. פאַר דער קוזשניע זיינען געשטאַנען פּויערים מיט פאַרזשאַװערטע כלים, און אין דער שטיל זיך געעצהט װי בעסער צו באַנייען זיי. מ׳האָט שוין אַפילו געקענט טרעפן אַ פּויער פאָרען זיך ביים פאַרריכטן אַ פּאַרקאַן, נאָר דער טרויער פון די פּנימער האָט זיך נישט אָפּגעטאָן, װייל מיט װאָס צו פאַרזייען איז נישט געװען, און װען עמיץ האָט שוין פון ערגעצװאו אויסגעקראַצט אַביסל זריעה, האָט ער עס געטראָגן באַהאַלטן און פאַרדעקט װי גנבה. קנאה האָט אַראָפּגערעדט פון אַלע פּנימער און אָן אומרו האָט געציטערט אין דער לופט.

כאָטש שטערנבערג האָט ביז איצט קיינמאָל נישט געלעבט צװישן פּויערים און נישט געקענט דעם טעם פון שטיין מיט לײדיקע הענט פאַר אָן אייגן פעלד, האָט ער פּאָרט געפילט דעם צער װאָס איז געקומען מיטן פרילינג, און אין די פרילינג װינטן װאָס קומען אין יענע געגנטן מיט אַ יאָמערן און װאָיען,

האָט ער געהערט דעם גרויסן קדיש פון אַ טאַטן, וואָס האָט איבערגעלעבט דעם איינציקן זון.

שטומע פּנימער האָבן זיך אַרומגעשלייכט איבערן דאָרף און געגלאָצט מיט אימה און פאַרלוירנקייט. האָט ביי עמיצן אויפגעבליצט אַ פונק פון האַס, האָט ער אויך נישט געהאַט אויף וועמען אים אויסצולאָזן. אַלע זיינען דאָך געווען אין דער זעלבער קלעם און דער סטאַרשינאַ ווייזט זיך נישט מער. האָט זיך דאָס גאַנצע ביטערע געמיט אויפגעוויקלט אין אַ געדרייטער קללה, באַגלייט פון אַ שווערן שפּיי אין דער יערנדיקער בלאָטע.

ס'איז שווער געוואָרן צו זיצן און לערנען, איז שטערנבערג גאַנצע טעג אַרומגעקראָכן איבער ווייך געוואָרענע פעלדער און קלעפּיקער בלאָטע, און זיך ממש געזעטיקט מיטן ריח פון פרישקייט פון בוים און ערד. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז די וועלט האָט זיך אָפּגעדעקט און ליגט נאַקעט מיט מאָנענדיקער גיריקייט: נעם מיך, זיי מיט מיר!

דער געוועזענער בית־המדרשניק האָט צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן דערפילט דעם טעם פון פעלד אין פרילינג, און אַז ער האָט דערזען אַ פּויער בלאָנקען אויפן פעלד מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, האָבן טרערן גענומען רינען פון זיינע פאַרהויכטע אויגן. אַ מאָדנער נאָגנדיקער טרויער האָט אים אַרומגעכאַפּט. אַ ווייטיק, פאַר וועלכן ער האָט קיין נאָמען נישט געהאַט, האָט אים געפּייניקט און נישט געלאָזט איינזיצן. עס האָבן אים אפילו נישט געבראַכט קיין רו די פרייליכע צוויטשערייען פון די צוריקגעקומענע פייגל, און עס האָבן אים אויך נישט געטרייסט די ערשטע יונגע גראָזן, וואָס האָבן אַרויסגעשטעקט זייערע קעפּלעך פון צווישן געלן פאַרוויאַנעטן מאָך. פאַרקערט גאָר, — ערשט דאַן, האָט ער ווי אויף להכעיס, דערזען די איינציק איבערגעבליבענע געלע בלעטלעך, וואָס האָבן זיך דערהאַלטן אויף אַ זייט פון אַ צווייג.

„זיי, וועט שוין דאָס נייע בליעכץ אומברענגען . . .” האָט אים אַמאָל איוואַן מיקוליס, קלוג טרוימעריש באַמערקט, „וואָס דער פראָסט באַוויזט נישט, פאַרטיליקט די זון פון פרילינג.”

איוואַן האָט ליב געהאַט צו חקרענען זיך און נעמען אַ ביישפּיל פון זיך: „אָט נעם מיך, אָפּגעפליקט אַלע בלעטלעך: מאַרינע, — מיט דער כאָלעריע אוועק, די טאָכטער — מיט די קאַזאַקן, און דאָס דאַרע בלימעלע, איוואַן, האָט זיך איבערן ווינטער געהאַלטן, אָבער איצט — מיט ליידיקן שטיין פאַרן איינגע־נעם פעלד.” טרערן האָבן אים גענומען וואַרגן, האָט ער זיך אַוועקגעדרייט פון אים און זיך געלאָזט מיט די פעלדער.

צוריקקומענדיק איינמאָל פון אַזאַ שפּאַציר, אַן אויסגעשמירטער אין בלאָטע און קויט, האָט שוין מוני געוואַרט אויף אים. דאָס זעלבע זעקל מיט וועלכן ער איז אָנגעקומען, האָט זיך געהוידעט אויף זיינע אַקסלען. שטערנבערגן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס זעקל שאָקלט זיך עפּעס יום־טובדיק אויפגעלייגט.

„וואָס וועסטו עפּעס זאָגן גוטס?"

„כ'וויל זיך געזעגענען."

שטערנבערגן האָט זיך עפּעס אָפּגעריסן אין האַרץ, ער האָט אָבער נישט געקענט אַרויסברענגען מער ווי: „שוין?!"

„יאָ, ברודערקע, זיצן דאָ איז גאָר קיין תכלית נישט. מ'עט זיך פּרוּוון דורכשלאָגן אַהיים. ס'איז דאָך עפּעס פרילינג אין לאַנד."

דעם גאַנצן וועג, האָבן זיי קיין וואָרט נישט אויסגערעדט, נאָר קומענדיק צום בריקל האָט שטערנבערג דערפילט, אַז ער טאָר ווייטער נישט גיין, וויל אַנדערש וועט ער נישט בכוח זיין צוריקצוגיין.

„זיי מצליח, מוני!"

„שוין?"

„גיי געזונטע!"

זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט און דערפילט.

„מיר וועלן זיך נאָך באַגעגענען!" האָט מוני פּלוצים זיך צוריקגעקערט, געדריקט שטערנבערגס האַנט און האַסטיק אַוועקגעשפּאַנט.

אָנגעשפּאַרט אויף דער פּאַרענטשע פונעם הילצערנעם בריקל, האָט שטערנבערג אָנגעשטרענגט געקוקט אינעם פּליטקען וואַסערל, וואָס האָט געשטראָמט מיט רוישיקער פרייד. אַ שווערע מאַסע האָט זיך אים אַוועקגעלייגט אויפן האַרצן. ס'איז נישט געווען עלנט בלויז, אויך נישט די בענקשאַפט צום אַוועקגעגאַנגענעם חבר. נאָר אַ מאָדנע געפיל, אַז עס וועט נאָך עפּעס גרויליקס געשען מיט אים האָט פּלוצים אים אין גאַנצן דורכגענומען. ער האָט ממש ווי געהערט עפּעס מורמלט אין אים: „דאָס איז בלויז אַ פאָרשפּיל צו דעם וואָס דאַרף קומען". און צוזאַמען מיט דעם האָט אַזאַ ווייטיק געגנאָגט די נשמה, נישט צום אויסהאַלטן. אַן אומרו איז אים באַפאַלן און געריסן פון פּלאַץ, אָבער דאָ איז זיין בליק פאַרבליפּט געוואָרן פון אַן אויסטערליש בילד: אַ גאַנצע כאַליאַסטרע פויערטעס מיט לאָפּעטעס אויף די אַקסלען האָבן זיך געשניטן צווישן די זיילעכלעך פּאַרע, וואָס האָבן זיך געהויבן פון די פעלדער; הינטער זיי אײַלט זיך נאָך דאָס יונגוואַרג,

פּליעסקנדיק די באַרוועסע פּיס אין די זשומענדיקע ריטשקעלעך ביי די זייטן פון די פעלדער. זייערע פּנימער — פריילעכע, אויפגעלייגטע און זיכערע. ביטחון אין יעדער באַוועגונג, אַ ביטחון וואָס זאָגט: מיר האָבן בייגעקומען דעם ווינטער, מירן אויך איבערקומען דעם הונגער.

„פרילינג, פרילינג אויף די פעלדער,

פייגל פישטשען שוין אין וועלדער".

צעטראָגט זיך מיט אַמאָל אַ שאַלנדיקער כאָר פון פּויערטעס. פאַרגעסן אין הונגער און אין די ליידיקע כאַטעס. יעדע איינע טראָגט מיט זיך אַ זעקעלע זריעה, אָפּגעהיט ווי אַן אבן־טוב מיט גרויס מסירת נפש.

ביים זייט פונעם בריקל ליגט איוואַן מיקוליקס פעלד. אָט קומט ער אויך אָן מיט אַ לאָפּעטע אויפן אַקסל. ער זינגט נישט. ער טראָגט נישט קיין זעקל. ער גייט אַליין אַ טיף פאַרטראַכטער. אַ שטייפער, אַן אָנגעצויגע־נער שפּאַנט ער אַ ווײַלע און נעמט מיט אַמאָל זיך אומרואיק אַרומקוקן אַרום זיך, ווי ער וואָלט עמיצן געזוכט, אָבער צוקומענדיק צום פעלד בלייבט ער שטיין ווי געליימט און גיט פּלוצים אַ וואָרף די לאָפּעטע פון זיך, ווי אַן איבעריקע זאַך. טוט אויס דאָס היטל און בלייבט שטיין געבויגן פאַרן פעלד, ווי אַ דינער פאַר זיין האַר. ער צלמט זיך און פרעפּלט עפּעס אין דער שטיל. דערציילט ער דעם פעלד וועגן די טעג זיינע אין דער פרעמד? פאַרענטפערט ער זיך פאַרוואָס ער איז זעקס יאָר נישט געקומען באַאַרבעטן די ירושה פון זיינע אָבות און זי געלאָזט אויף הפקר? און אפשר דערמאָנט ער גאָר דאָס געשטאָרבענע ווייב און די טאָכטער, וואָס איז פאַרפאַלן געוואָרן ערגעץ אין רוסלאַנד?

אַ ציטער האָט שטערנבערגן אַרומגעכאַפּט און ער האָט זיך אָנגעהויבן דערנעענטערן צו איוואַנען, אָבער ער איז פּלוצים שטיין געבליבן אַ פאַרוואונ־דערטער: מיט זיין גאַנצער גרויס, האָט איוואַן זיך אויסגעצויגן אויפן פעלד און עס געגומען גלעטן. ווי אַ מאַמע נעמט אַרום איר ערשט צוריקגעפונען קינד, אַזוי האָט ער צום ערשטן געלאָסן און פּאָרזיכטיק געשאַרט אַרום זיך און באַלד זיך איינגעגראָבן מיטן פּולן מויל אין דער פייכטער ערד און דאָס גאַנצע לייב האָט אים אויפגעציטערט באַגלייט פון אַ גיריק פרייכן און מאָדנע ברומען.

שטערנבערג האָט אַזש אויפגעשוידערט. די שווערקייט אויפן האַרץ איז ווי צעגאַנגען און אַ שווים געטאָן ביזן סאַמע האַלדז און אים פאַרהאַקט דעם אָטעם. עס האָט אים אַ טראָג געטאָן צום צווייטן זייט פעלד און נישט פילנדיק אים אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערד. מיט גרויס גיריקייט האָט ער

זיך איינגעביסן אין אַ שוואַרצער גרודע ערד און דער נעפּל אין מוח האָט גענומען צערונען. עס איז אים גרינג און קלאָר געוואָרן אויף דער נשמה. ער פילט יעדן צאַפּל פונעם מינדסטן נערוו זיינעם. ער פילט נישט מער קיין קליידער אויף זיך, קיין פליייש. ער איז איין שטיק געהער געוואָרן: הערט ער און פילט ווי ווייט אין דאָרף רופט עמיץ אַזוי בענקענדיק און צאַרט: „כאָ טשאַ, נאַ, נאַ, נאַ!" און אַ בהמה ענטפערט אַזוי עכאָדיק ווייט: „מע, מע!" פילט ער דעם מיין פון דעם: „יאָ, יאָ, איך גיי שוין, כ'בין גרייט ווי דו! . . ."

און אַלע אברים זיינע, זיינען אַזוי מאָדנע אָפן געוואָרן. עס האָבן אין אים אויפגעוואַכט כוחות, וואָס ער האָט ביז איצט אין גאַנצן נישט געקענט, ממש אַ תאווהדיקע גיריקייט דריקט אים צו ווייכער ערד. ער איז פול מיט דער גיריקייט, ער פילט זיך אָבער פריי, ווי דערלייזט פון אַ דעמפּער תפיסה. ער גייט, דאַכט זיך, גאָר מיט אַלע גלידער, ער גייט אַנטקעגן דעם רוף פון דאָרף; ער גייט מיט אָפענע אויגן און אויערן, און דריקט זיך אַלץ שטאַרקער צו דער ווייכער ערד; נישט נאָר די אויגן זיינע זיינען אָפן, נאָר אויך דער מוח איז אַן אָפענער, אַ דורכזיכטיקער, און ער קוקט דורך אים מיט אַ מאָדנער העלקייט: „ס'איז פרילינג. טאַטע מאַמעס הויז אין ערב־פּסחדיקן האַרמידער. ער שטייט ביים אָפענעם פענצטער, וואָס קוקט אַרויס צו די גערטנער און ליִענט וועגן שפּינאָזען, וועלכער האָט מיט געשליפנקייט אַלץ אַרומגענומען מיט דריי ווערטער: אלוהים הוא הטבע. פאַרכאַפּט אים די נייקייט און פשוטקייט פון דעם געדאַנק. פאַרבליפט אים מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ. די פשוטקייט איז אָבער אַזוי האַרבלעך: „ווי אַזוי?" מיטאַמאָל טוט אַ קול זיך אַ צעצי איבערן געסל, אַ קול אַזאַ בנעימותדיקס און קלאָרס, בענקענדיקס און ריינס: „כאָי טשאַ, נאַ, נאַ!" טוט עס אים אַ לאַשטש אין די אויערן מיט אַזאַ מענטשלעכן אמת, אַז דאָס ביכל פאַלט אים אַרויס פון דער האַנט און ער טוט אַ שפּרונג אַרויס דורכן פענצטער."

אַ הויב טוענדיק זיך צום שפּרינגען, האָט ער זיך ערשט דערכאַפּט, אַז ער ליגט נאָך אַלץ אויפן פעלד און זיינע הענט גלעטן שטיקער שוואַרצע ערד. אין מויל איז פאַסקודנע פון דער בלאָטע, וואָס ער האָט געקייעט. ער פאַרגינט זיך אָבער נישט אויסצושפּייען . . . פון דאָרף האָט זיך נאָך אַלץ געטראָגן דער בענקענדיקער רוף צו דער בהמה: „נאַ, נאַ, נאַ!" אין מערב האָט אַ בלוטיק רויטע זון זיך געריסן דורכן נעפּל צום ראַנד צו, און כסדר געטריפט מיט רויטע פלעקן אין די זייטן. די נאַכט האָט זיך האַסטיק גערוקט אויפן דאָרף. איבערן וועג האָט זיך איוואַן געשלעפּט אַ מידער, אַ פאַרשטומטער, מיט דער לאַפּעטע אויף די אַקסל.

שטערנבערג האָט זיך דערפילט נישט היימלעך און גענומען נאָכשלייכן זיך נאָך איוואַנען, און אַנטקעגן האָט זיך געטראָגן דאָס קול פון דער בהמה: מע, מע, מע!

אין הויז האָט מען שוין געהאַלטן נאָך וועטשערע, האָט עס אים הנאה געטאָן און אָן אַ וואָרט צו זאָגן, האָט ער זיך גענומען איינפּאַקן זיינע זאַכן אינעם געפלאָכטענעם קיישעלע אריין, וואָס איוואַן האָט אים געמאַכט פון ווייכע צווייגן. אויף די פרעגנדיקע בליקן פון דעם הויז־געזינד, האָט ער לאַקאָניש דערקלערט:

„מאָרגן גיי איך אין שטאָט אריין."

„אַזוי שנעל?" האָבן אַלע מיט אַמאָל ארויסגעפּלאַצט, „מיר האָבן געמיינט, אַז איר וועט דאָ יום־טובן."

„איך קען דאָ מער נישט זיין," האָט ער געהאַט איין ענטפער.

„און מיר האָבן געמיינט, אַז איר וועט זיין מיט אונדז דעם זומער אויך."

אַפילו אַ שטיקל פעלד האָבן זיי געוואָלט פאַרזייען פאַר אים. זיי וועלן אים אויך העכערן דעם געהאַלט.

„און וואוהין וועט ער דאָס גיין?" האָבן זיי אים אַלץ נישט אָפּגעלאָזט. עס האָט שוין געהאַלטן דערביי, אַז ער זאָל זיי נאָכגעבן, איז פונקט אָנגע־קומען איוואַן, אַ פאַרחושכטער, אַ פאַראומערטער און מיט איין קוק פאַר־שטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר:

„גייסט שוין, פּראָפעסאָר? גוט אַזוי, איך גיי אויך. כ'וועל זוכן אַרבעט ערגעץ אַנדערש. כ'קען דיך באַגלייטן אַ שטיקל וועג. קום!" האָט ער ארויפגעלייגט דאָס זעקל מיט זיינע ליאַכעס אויף די פּלייצעס.

„אַ גוטע נאַכט, זייט געזונט!" האָט שטערנבערג אַ הויב געטאָן זיין קיישעלע און ארומגענומען אַלעמען מיטן בליק, „אַ דאַנק פאַר אַלץ."

„לערער, שוין?" האָט דאָס קלענסטע קינד זיך אַ לאַשטש געטאָן צו אים, פאַר וואָס?"

„ס'הייבט זיך ערשט אָן, פּאַיעלע, ס'הייבט זיך ערשט אָן," האָט ער אַליין נישט וויסנדיק ארויסגערעדט דעם געפיל, וואָס האָט אים באַהערשט פאַרנאַכט ביים בריקל, „ס'הייבט זיך ערשט אָן," האָט ער געלעגט איר קעפּעלע און דאָס האַרץ האָט אים געציטערט און געפלאַטערט.

ס'איז געווען אויסגעשטערנט און גוט צו גיין. א פרילינג ווינטל האָט זיי באַגלייט ביז הינטערן באַרג און דאָרט איז די לבנה אויפגעגאַנגען, א פרישע, אַן אויסגעשייערט גלאַנציקע. זיינען זיי געגאַנגען שטיל און זיך נישט אומ־געקוקט. שוין עטלעכע מאָל אַז שטערנבערג האָט געוואָלט עפּעס זאָגן און נאָר אַ שטאַרקערן צי געטאָן דעם פּאַפּיראָס און ווייטער געשוויגן, ביז אַ האָן האָט גענומען קרייען אין אַ נאָענטן דאָרף, האָט עס איוואַנען אויפגע־וועקט פון עפּעס אַ מחשבה:

„ביסט מיד, פּראָפעסאָר? אָט נישט ווייט איז אַ שטאַל. מ'קען דאָרט אָפּרוען."

די זון איז שוין געווען גאַנץ הויך, ווען איוואַן האָט געוועקט שטערנבערגן: „נו, פּראָפעסאָר, שוין צייט. דו גייסט דאָך אין שטאָט אַריין. גיי מיט גאָט. איך וועל שוין דאָ נישט ווייט זיך אָפּשטעלן. געהערט זאָגן, אַז מ'וועט דאָרט האַקן דעם וואַלד. די דאָרטיקע האָבן מזל. קיין רוסלאַנד זיך נישט געשלעפּט און יעדערער איז אויף זיין ערד." האָט ער גערעדט מער צו זיך ווי צו שטערנבערגן. „נו, לאָמיר זיך צעקושן. ביסט נעבעך אויך אַ בלאָנקענדע נשמה." האָט ער אים שטאַרק געדריקט די האַנט.

„מיט גאָט, איוואַן!"

„מיט אַ פּיצעלע מזל, פּראָפעסאָר!" האָבן זיי זיך אויף אַן אמת שוין געזעגנט ביים שייד־וועג און זיך פאַרנומען אויף באַזונדערע וועגן.

געננוי וואָס ער וועט טאָן אין שטאָט און נאָך וואָס ער גייט אַהין, האָט שטערנבערג נישט געוואוסט. דער באַשלוס אוועקצוגיין איז געקומען אַזוי שנעל, אַז קיין פּאָר וואָס האָט אויפן זינען נישט געקענט קומען. ערשט ביים דערזען די שפּיצן פון די שטאָטישע קלויסטערס, האָט זיך אים קלאָר אוועק־געשטעלט די פראַגע: „וואָס וועט ער דאָרט טאָן?" אַ מאָדנער יאוש האָט אים אַ פּאַק געטאָן און אַפילו אים אונטערגעזאָגט: „גיי אַריין אין דער פּלאַץ־קאָמאַנדע און מעלדע זיך: איך בין דער און דער. מ'זוכט מיך אַרום פּאָר פּאָליטישע און מיליטערישע זינד. אָט בין איך און שוין." — ס'איז אָבער געננוג געווען, אַז ער זאָל דערזען דאָס ציניש שמייכלעלע אַרום פּאָליציסט פאַרשנורעוועטע ליפּן, אַז דער גאַנצער געדאַנק זאָל אים אויך אויסזען קאָמיש. דאָס וועט ער נישט טאָן. וואו זשע פּאָרט גייט ער? און וואָס איז עס בכלל אַ שכל צו שטופּן זיך מיטן קאָפּ אין דער היץ אַריין? אין שטאָט וואו אַ סך אויגן זיינען דאָ און נאָכקוקערס אוודאי און אוודאי. נו, דאָס וועט מען נאָך זען. מ'עט נאָך אַ טראַכט טאָן. דערווייל דאַרף מען גיין און טאַקע וואָס

שנעלער. דער טאָג שטייט נישט, און שטיין דאָ ביים וואַסערל וואָס ריזלט איצט אַזוי פּאַמעלעך און שומעט פרילינגדיק מיט נחתדיקער פרייד, איז אוודאי נישט קיין ענין. האָט ער שטייפער פאַרצויגן דעם שטריק אַרום קאַשיקל, וואו ס'איז געלעגן זיין גאַנץ ביסל אָרעמקייט און גענומען שפּרייזן; און כדי צו פאַרטרייבן די נאַגנדיקע מחשבות, האָט ער גענומען ציילן די טריט מיט אַזאַ עקשנות, אַז ער האָט אַזש דעם קאָפּ אַרויסגעשיקט פאָרויס ווי אַן אָקס וואָס גרייט זיך אַ שפּרינג טאָן. ווען ער האָט זיך געכאַפּט אויף דעם, האָט אים אַ געלעכטערל גענומען שטיקן; פון דעם מין געלעכטערלעך, וואָס רייסן מיט אַ שטיק האַרץ און ס'גלוסט זיך צו דער זעלבער צייט אַליין זיך אַ קניפּ טאָן, אַז ס'זאָל אַזש אַ צופּ טאָן ביים האַרצן. „מיטן קאָפּ אין בלינדער וואַנט!”

האָט ער זיך אויסגעטייטשט זיין פריערדיקע באַוועגונג. דער באַשלוס וואוהין צו גיין, איז אים אָבער אין דער רגע קלאָר געוואָרן. צו דער מומען וועט ער גיין, נישט ווייט פון דאַנען אין אַ דערבייאיק שטעטל. זי וועט אים זיכער אויפנעמען פאַר אַ ליבן גאַסט.

פונעם באַשלוס אַליין, איז שוין גרינגער געוואָרן אויף דער נשמה. שוין דאָ פונוואַנען אָנצוהייבן דעם בלינדן שפּרינג. יאָ, פון דאָרטן, פון איר חרוב הייזל און פון איר מאָגערן טיש, וואָס דערציילט פון לעבעדיקער אַלמנהשאַפט, וועט ער אָנהייבן. וואָס ער וועט אָנהייבן איז נישט וויכטיק, אָבער מ'מוז זיך איילן. ער האָט זיך דערפילט זיכערער. אַלץ אַרום האָט גענומען אַנדערש אויסקוקן: ריטשקעלעך ביים זייט וועג לויפן לוסטיק און לעבעדיק מיט אַ ציל, האָבן אַ גלייכן וועג; זיילעכלעך פאַרע פון פריש צעגראָבענע פעלדער, הייבן זיך אַזוי דורכזיכטיק אַנטקעגן דער זון און פאַרשפּרייטן אַזאַ געזונטע זיכער־קייט פון אָנגעלייגטער פּראַצע; און אָט דער פּויער דאָרט מיטן אַקער איז ווי איינגעוואַקסן אין פעלד, און זיין וויאַקען צו די פערד, וואָס שלעפּן דעם אַקער, מאַכט פילן היימיש. זאָגט צו אַ זיכערן ברעג. טאַנצט דאָס האַרץ פאַר פרייד, אַלע צווייפלען פאַרשווינדן, און ווען די באַן האָט אַ שניט געטאָן דאָס פעלד מיט אַ געפילדער און געטומל, האָט דאָס האַרץ זיך צעצאַפּלט נאָך שטאַרקער און אַ צי געטאָן אַרויפצוכאַפּן זיך און פאָרן. געוויינטלעך פלעגט אים דאָס דורכפאָרן פון אַ באַן אומעטיק מאַכן, דאָס מאָל אָבער דערמאָנט עס אים גאָר, אַז אייגנטלעך הייבט זיך עס ערשט אָן. מ'וועט פאָרן און פאָרן. עס שטייט נאָך אַ גאַנצע וועלט פאַר אים. אָט שניידן זיך וועגן און שליאַכן, וועט מען זיך נאָך ערגעצוואו אַריינשניידן.

ער האָט זיך דערפילט היימיש מיט זיך אַליין. איז ער דאָך טאַקע אין דער אמתן נאָך גאָר אַ צוציק, קיין צוואַנציק יאָר נישט אַלט. דאָס האָט אים דאָך בלויז דער פרעמדער נאָמען אַלט געמאַכט. ער האָט דאָך נאָך גאָרנישט

געזען און גאָרנישט נישט איבערגעלעבט. הייב זשע די פּיס, בחור, די וועלט איז אָפן און פרילינגדיק.

האָט ער אַזוי געשפּאַנט מיט אַ האַרץ פול פרייד און אָפּגעשטופּט אָן אַ זייט די טרויעריקע מחשבות.

אַ פאַרמאַטערטער און פאַרשטויבטער איז ער פאַרנאַכט אָנגעקומען אין שטעטל. פון די קראָמען אַרויס, האָט זיך געטראָגן אַן אומעטיקע ליכטיקייט פון גאַז לאָמפּן. טרעגער מיט גראָבע שטריק אַרום די לענדן זיינען געשטאַנען אויף די בריקלעך און זיך הויך געווערטלט; יונגוואַרג האָט זיך געמיטלעך שפּאַצירט אויפן הילצערנעם שאָסיי און געקנאַקט קערעלעך. הייסט עס, אַז וועלט איז וועלט און דאָס לעבן רוישט פרילינגדיק. ווערט אים דערפון גרינגער און שווערער אויף דער נשמה: אָט גייט ער שוין צווישן מענטשן און איז אַלץ אַליין. טרעט דאַכט זיך אויף די זעלבע בריקלעך, נאָר דאָס קאָשיקל טיילט אים אויס פון אַלעמען; און ווייל עס טיילט אים אויס, דאַכט זיך אים, אַז אַלעמענס אויגן זיינען געווענדט נאָר אויף אים. ווי דאָס גאַנצע שטעטל, וואָלט זיך אָפּגעשטעלט קוקן אויף דעם מאָדנעם פאַרשווין מיט אַ שוואַרצער שליאַפּע און אַ געפלאָכטן קיישעלע, וואָס איז עפּעס אַריינגעפאַלן אַזוי איינ־מיטן פאַרנאַכט אין שטעטל אַריין. האָט ער זיך גענומען איילן וואָס גיכער אָנצוקומען צום זייטיקן געסעלע, וואָס פירט גלייך צום האַלב איינגעפאַלענעם הויז לעבן וואַסער, וואו עס וואוינט די מומע לאה העניעס.

דאָס הויז קען ער גוט נאָך פון די ערשטע מלחמה יאָרן, ווען די משפּחה איז אַהער אַנטלאָפן פון דער מלחמה שרעק און דאָ איבערגעלעבט דעם ריקצוג פון דעם רוסישן מיליטער און דעם אָנהייב פון דער כאָלעריע. אין דעם הויז, האָט ער, אַ ייִנגל פון אַ יאָר פופצן, ס׳ערשטע מאָל דערפילט דעם טעם פון זיין דער עלטסטער מאַנסבל אין דער משפּחה — דער טאַטע מיטן עלטערן ברודער זיינען געבליבן אין דער היים אונטער די דייטשן. דאָס הויז מיטן צעבראָכענעם דאַך איז אים אייגן און נאָענט. דאָ האָט ער אין יענע טעג די ערשטע טויט שרעק איבערגעלעבט. אַ היימישער אָטעם הויכט שוין אויף אים פונעם בלויזן פאָרשטעלן זיך דאָס הויז. ס׳איז גוט וואָס עס האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז פון דאַנען זאָל ער ווידער אָנהייבן פון דאָס ניי. אָט דאָס הויז איז פאַר אים די צווייטע היים, וואו מ׳פילט זיך גלייך ווי אַן עלטערער און דערוואַקסענער. און די מומע, אַ געפּרואווטע נעבעך, דער מאַן איז מעבר־לים און זי זיצט דאָ און הונגערט אונטער, היטנדיק דאָס צעבראָכענע הויז, אַ ירושה פון אַן עלטער פעטער, אַ מוראַדיקער קמצן. דעם עלטער פעטערס קאַרגשאַפט און נישט פאַרגינערישקייט זעט זיך נאָך עד־היום אָן אינעם הויז, סיי אינעם מעבל, סיי אינעם אַלט פרענקישן געשיר. „די האַלאַטע (אָנגע־

לאַף, געמיינט די קרובים וואָס וועלן אים ירשענען) וועט עס אַזוי אויך באַדרייען," פּלענט ער זיך בייזערן און שפּייען שפּיציק, „כ'דאַרף זיי נאָך באַזאָרגן מיט גוטס, האַ?" האָט ער צוגעקוויטשעט מיט אַ דין קולכל, ווען שכנים האָבן געהאַט פאַריבל פאַר וואָס ער פאַררוכט נישט דעם דאַך און טריקנט נישט אויס די שטייענדיקע בלאָטע פאַר דער טיר. „ס'שטינקט, זאָגט איר," האָט ער געצופּט די וואַטעווקע פול מיט לעכער, וואָס ער האָט געטראָגן סיי זומער סיי ווינטער, „וועלן זיי אויסשמעקן זייער חלק און קומען וויינען אויף מיין קבר."

דעם עלטער פעטערס קבר איז שוין היפּשע עטלעכע יאָר באַוואַקסן מיט שטעכלקעס, אָבער די ירושה איז נאָך אַלץ נישט צעטיילט. די מומע, וועלכע האָט פון קינדווייז אָן באַדינט דעם פעטער, האָט זיך אַזוי צוגעוואוינט צום פּלאַץ, אַז זי קען זיך פּשוט נישט שיידן פון דעם. „איך האָב דאָ געבלוטיקט," באַגעגענט זי מיטן זעלבן פּזמון יעדן וויטן קרוב, וואָס קומט נאָך ירושה, „יעדעס שטיינדעלע דאָ איז אַ פאַרווייַנטס. כ'בין דאָ געננוג געפּרואווט געוואָרן, ווי אַ פייגעלע אין אַ שטייג. זאָל אים די ערד דאָרט גרינג זיין, נישט אים מיין איך נאָר די וואַנט, דער פעטער אונדזערער איז געווען זייער אַ ביטערער מענטש. אוי, ווי ביטער מאַמעניו קרוין. צו זיבן יאָר האָט מען מיך געבראַכט אַהער דינען. וואָס דען האָט זי נעבעך געקענט טאָן די מאַמע מיינע, אַן אַלמנה מיט פּיצעלעך קינדער? וויפל קניפּ און ציפּ איך האָב דאָ געקראָגן. ס'איז דען אויסצודערציילן וואָס איך בין דאָ אויסגע־שטאַנען?" האַלט זי אין איין ווישן די אויגן מיטן פאַרטוך, און ווישנדיק אַזוי און טענהנדיק, טיילט זי יעדן עפּעס אויס פון די שטוב זאַכן און באַגלייט ארוים דעם קרוב מיט אַן אָנזאָג: „לערן כאָטש אַ פּרק משניות נאָך אים, ווער דען אַז נישט אַ קרוב?"

פון די דאָזיקע רעיונות האָט שטערנבערגן ארויסגעשלאָגן אַ מאָדנע קול, אַ הייזעריקס און פאָרט גאַנץ קלאָר און שאַרף. געקומען איז עס פון צווישן אַ געזעמל קינדער אין מיטן גאַס:

„פּעם ראשון, צדיק הדור! ווער איז דער אמתער צדיק?"

„דו, דו!" האָבן אַלע קינדער געענטפערט מיט געפּילדער.

„אויף וועמעס ערד טרעט איר?" האָט דאָס קול ווידער זיך געריסן איבער אַלעמענס קעפּ.

„אויף דיין ערד!" האָבן די קינדער געליאַרעמט מיט געלעכטער.

אין מיטן געזעמל איז געשטאַנען אַ יונגערמאַן, אַ נידעריקער, אַ שמאָלער, הויט און ביין: אַ פּנים אַ שפּיציקס מיט אַ שוואַרץ בערדל אויסגעצופּט

אין סאַמע מיטן מאַרדע, נאָר אויגן אַזעלכע מילדע, גלעטנדיקע. אויפֿן ערשטן קוק קען מען אים אָננעמען פֿאַר אַ געוויינטלעכן חסידישן קעסט־קינד, וואָס וויל אַ הוליע טאָן אין אַן אויסטערלישער שפּיל. אָבער צוקוקנדיק זיך נעענטער האָט מען דערזען, אַז אַ ברעם צוקט ביי אים כסדר און דאָס מויל קרימט זיך אים אַלע ווײַלע אויס, ווי ער וואָלט זיך געוואָרגן מיט עפּעס אַ שווער וואָרט. מיט אַמאָל איז דאָס געזעמל אַנטשטומט געוואָרן. דער יונגערמאַן האָט אַ האסטיקן שפּרינג געטאָן, פֿאַרריסן דעם קאָפּ אַרויף, אויפֿגעהויבן איין האַנט איבערן קאָפּ און מיט דער אַנדערער, וואָס איז געווען אין גאַנצן נאַקעט, מיט אַ נאָכהענגנדיקן אַרבל, אַ טייטל געטאָן צו אַ פֿענצטער אויף אַ גאָרן:

„אהרלע גנב, שיינער ייד דו, אַ כאָלעריע אויף דיר! גיב מיר אָפּ מיין ווייב. איך בין גוזר! אהרלע גנב!" האָט זיין האַנט זיך געטרייסלט ווי אַ דאַר ריטל, „גיב מיר אָפּ מיין קינד! ביסט אַליין משוגע!" האָט ער געצאַפּלט און זיך פֿאַרכליניעט.

די דערשראָקענע קינדער זיינען זיך צעלאָפֿן מיט אַ ליאַרעם: „משוגענער, משוגענער מאָטל!" אויפֿן גאָרן האָט דער לאָמפּ זיך אויסגעלאָשן, אַ לאָדן האָט זיך פֿאַרהאַקט און דער משוגענער, אין דער זעלבער פּאָזע ווי פֿריער, האָט אַרויפֿגעשריגן מיט אַ רעווע: „אהרלע גנב, אַ פֿינצטער לעבן אויף דיר. כ'וועל דיך פֿאַרשעלטן מיט די קללות פֿון דער תוכחה!" באַלד אָבער איז ער זיך פֿאַרגאַנגען אין אַ כליפּ: „וואָס האָסטו צו מיר אהרלע? געדענק אין גאָט!" און די אויסגעשטרעקטע האַנט מיט די פֿאַרבויגענע פֿינגער, האָט זיך געהוידעט ווי אַ פֿאַרדאַרט ריטל אויף אַ פֿאַרטריקנטן בוים.

שטערנבערגן איז דאָס פּנים אויסגעקומען באַקאַנט. ערגעץ האָט ער געזען דעם דאָזיקן יונגנמאַן. ער האָט זיך אָבער נישט געקענט דערמאָנען וואו. וועמען צו פֿרעגן איז שוין אויך נישט געווען. אַלע זיינען זיך צעלאָפֿן. האָט ער זיך אויך גענומען גיין זיין וועג. פּלוצים האָט ער דערפֿילט, אַז עמיץ לויפֿט אים נאָך. אַרומקוקנדיק זיך, האָט ער דערזען דעם משוגענעם פֿאַר זיך, אַ צעיאַכמערטן און צעקרימטן.

„ביסט אַ פֿרעמדער, בחור, איך בין אַ היגער. איך בין משיח!" האָט ער אַרויסגעוואָרפֿן די ווערטער ווי גליאיקע שטיינדלעך, „די גאולה מוז קומען. ווילסט אַ מופֿת? קוק אויף דער לבנה, רויט,האָ? דם ואש ותמרות עשן."

אינסטינקטיוו האָט שטערנבערג אַ קוק געטאָן אויפֿן הימל. אַ רויטער קיילעך האָט בייז געקוקט פֿון אַזאַ מאַוומדיקער ווייטקייט, אַז אַ ציטער האָט גענומען פֿרירן די אבֿרים. דער משוגענער האָט ווידער פֿאַרוואָרפֿן דעם קאָפּ אויף צוריק, אַז דאָס בערדל אין אויסגעקומען אַרויף, די רעכטע האַנט

אויפגעהויבן גלייך איבערן קאָפּ און מיט דער לינקער, דער פּאַרטריקנטער מיט די פאַרדרייטע פינגער ווי האַטשקעס, געטיטלט אין דער נאַכט אַריין:

„די גאולה קומט, רויטע לבנה!"

איבערן שטילן הינטער געסל, האָט די שטימע אָפּגעקלונגען מיט אימה, זיך אַריינגעפּלאָכטן אין די ציענדיק צאַנקנדיקע שטראַלן, וואָס האָבן זיך געשניטן פון די פענצטער ווי בלאַנקע קלינגלעך, געזוכט אַן אָרט וואו אַריינ־צובאַקומען זיך אין אַ הויז, און פאַרפאַלן געוואָרן ערגעץ אינעם פינצטערן הינטער געסל מיט אַ דראָענדיקן געוואַלד־רים: „די גאולה מוז קומען, אהרלע גנב!"

„אַ פיינע באַגעגעניש," האָט שטערנבערג אַוועקגעאיילט און ווי אַריינגעפאַלן אין דער מומעס הויז.

פונעם האַסטיקן עפענען די טיר, האָט דאָס קאַניצל איבערן קוימען זיך גענומען לעשן און ער האָט נישט געקענט זען וואָס אין צימער טוט זיך. ווען דאָס קאַניצל האָט זיך איינגעשטילט און דאָס גראָע ליכט האָט זיך ווידער געלייגט איבערן צימער, האָט ער דערזען צוויי נישט פאַרבעטע בעטן, אַ טיש אָנגעשטעלט מיט כלים און איבערבלייבעכצן פון וועטשערע. אין מיטן צימער איז געלעגן אַ ברעם האָלץ, און אַ פרוי איינגעוויקלט אין אַ צעריסענער שאַל איז געשטאַנען איינגעבויגן איבער אַ באַנק און געזעגט די לאַנגע דרענגלעך. ביי זיין האַסטיקן אַריינקומען האָט זי זיך צעשריגן, נישט אומקוקנדיק זיך:

„ביסט שוין דאָ, קדיש מיינער? פאַר וואָס פאַרמאַכסטו נישט די טיר? אַז מ'זאָל שוין נאָך דיר — — —"

„ווייי איז מיר, ס'איז גאָר דו, יצחקל, פון וואַנען האָסטו זיך גענומען איצט?" האָט זי זיך פלוצים אַ כאַפּ געטאָן און אָפּגעהאַקט, ווי ס'וואָלט איר פאַרפעלט אָטעם. די זעג מיטן דרענגל האָבן אַ פאַל געטאָן מיט אַ טראַסק, „און איך האָב געמיינט, אַז מיין חיימל האָט זיך עס אַזוי אַריינגעשטעלט."

פון אָט דעם ברוך־הבאָ איז שטערנבערג שטאַרק איבערראַשט געוואָרן און אַרויסגעלאָזט דאָס קאָשיקל פון האַנט. דאָס קאַניצל האָט זיך ווידער משונה צעטאַנצט און אַ מאָדנע שטילקייט האָט אַרומגעכאַפּט דאָס הויז, געקראָכן פון אַלע ווינקעלעך און זיך צונויפגעקניפּט מיט די גרויע שאָטנס אויף די הוילע ווענט. די קליינע חוהלע, וואָס ער האָט קוים דערקענט, האָט אַ ווײַלע געקוקט אויף אים זייער פאַרוואונדערט פון בעט אַרויס און זיך פאַרבאַהאַלטן אונטערן איבערבעט מיט אַ קוויטש. פון דער זייט וואו לאה העניעס איז געשטאַנען האָט זיך געטראָגן אַ שטיל כליפּען. נישט ווייסנדיק וואָס צו טאָן, האָט שטערנבערג אַרויסגעשטאַמלט:

„ס׳איז קאַלט ביי אייך, מומע, אָט וועל איך צוזעגן דאָס האַלדז.״

פון די פּאָר גאַרניט זאָגנדיקע ווערטער, איז די מומע געקומען צו זיך און זיך ערשט אַ וואָרף געטאָן צו שטערנבערגן מיט אַ יאָמער:

„זע נאָר ווי חושך דו ביסט, פּונקט ווי מיין מזל.״

שטערנבערג האָט גאָרנישט געענטפערט. ער איז געבליבן שטיין אין מיטן שטוב און נישט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך, נאָר דאָ האָט חוהלע אַרויסגעשטעקט דאָס קעפּל פון אונטערן איבערבעט און מיט צאַפּלענדיקער פרייד אַ טאַנץ געטאָן:

„מאַמע, מירן שוין האָבן ווער ס׳זאָל פּראַווען דעם סדר . . .״

אין שטוב איז ווי ליכטיקער געוואָרן און ס׳האָט זיך קלאָר גענומען אַרויסווייזן דאָס שויבן־שענקל פון ווינקל אַרויס מיט דעם ירושה גלאָז און ספרים.

„לאָמיר טאַקע צעזעגן דאָס האַלדז און איינהייצן.״

„אין צווייען וועט עס טאַקע גיין גיכער. כ׳האָב געבעטן דעם קדיש מיינעם ער זאָל קומען פריער. זעסטו דאָך ווי ער קומט,״ האָט זי זיך גענומען פּאָרען אַרום אויוון און גערעדט פון עטלעכע זאַכן אויף אַמאָל, „לאָמיך נאָר מאַכן אַביסל ליכטיקער. כ׳וועל אָנצינדן נאָך אַ קאַניצל. די אויגן נעמט עס דאָך אַרויס, און נאַפט איז אַזוי יקרות. ביסט דאָך אוודאי הונגעריק, וואַרט, וועל איך עפּעס צושטעלן. אַז דאָס האַלדז איז אַזוי נאַס.״

„מיט וואָס, מישטיינס געזאָגט, איך נעם דיך אויף, ווינד איז מיר,״ האָט זי זיך געהאַלטן אין איין קלאָגן, ווען זי האָט דערלאַנגט צום טיש אַ שיסל קאַרטאָפּליעס אין די שאָלן, „אַ וועטשערע פאַר אַזאַ גאַסט, אַזאַ יאָר אויף מיינע שונאים, רבונו של עולם.״

„די קאַרטאָפּליעס זיינען סיפּקע, מומע, זייער סיפּקע,״ האָט שטערנבערג זי געהאַלטן אין איין באַרואיקן.

„כאָטש האָבן פּאַר וועמען ס׳האַרץ אויסצורעדן,״ האָט זי ווי שוין פאַרגעסן אין דער אָרעמער סעודה, „אַז כ׳בין אַזוי עלנט. כ׳האָב דאָך קיינעם נישט דאָ. וואָס ווייסטו, וואָס איך האָב דאָ אויסגעבידעוועט. גאָט זאָל מיך נישט שטראָפן פאַר די רייד, און וויפל מאָל דער פעטער, נישט אים מיין איך נאָר די וואַנט, האָט מיר אויסגעריסן די צעפּ פאַר דער מינדסטער זאַך און איצט ווילן זיי אַלע ירושה,״ איז זי אַרויפגעקומען אויף אירן, „און וואָס איז דען מישטיינס געזאָגט דאָ פאַראַן? אַ כאַלופּע, אַן אַלטע. וואָס זשע זאָגסטו, יצחקל האָ? קען איך דען אוועקגיין ווי אַ קאַץ פון דער סמעטענע? וואָס ווייסטו

דען וואָס איך בין אויסגעשטאַנען. געדענקסט די מומע העניע, זאָל זיין אָפּגע־שיידט, אַ כשרע יידענע געווען, נאָר אַ באַצערטע מ׳זאָל באַהיט ווערן. האָט קוים געשאַרעוועט מיט די פיס און געזאָטן פון צרות: „פרעמדע רוחות אים האָדעווען!” און די קללות, מ׳זאָל באַשערעמט ווערן, פאַר אַ ליאַדע וואָס האָט זי זיך געקניפּן אין די באַקן און פריסעק האָט זיך געשאָטן פון איר מויל, ס׳זאָל איר נאָר נישט אַנטקעגנקומען: „זאָלסט נאָר האָבן מיין סוף, טאַטע זיסער,” אַזוי האָט זי געזאָטן און געריסן שטיקער פלייש. ס׳פלעגט אין מיר פאַרגיין דער מאַמעס מילך, און ווען כ׳האָב שוין חתונה געהאַט, מיינסטו אַז ס׳איז געווען ווי ביי לייטן? דער משפחה האָט ערשט נישט געפּאַסט דער יחוס. דער טאַטע דיינער, האָט זיך אויך גאַנץ גוט געבלאָזן, עס זאָל אים נאָר נישט גערעכנט ווערן. מיינער איז אַ פּראָסטער מענטש און אונדזערע זיינען דאָך סאַמע לערנער,” האָט זי אַ פאַרשנירעווע געטאָן דאָס מויל און ס׳איז שווער געווען צו דערקענען צי ס׳איז חוזק, צי בלויזע פאַר־ביטערונג, „איך זאָג דיר אָבער אַז ער איז אַ גוטע נשמה. דו פרעג מיך, איך בין אַ מבין אויף אַ מענטשן. נו, און נאָך דער חתונה איז זי מיר נישט דערגאַנגען די יאָרן? די אויגן פון קאָפּ האָב איך זיך דאָך אויסגעוויינט. כ׳האָב געציטערט און געפלאַטערט פאַר די קללות, אָבער אַז כ׳האָב געוואָלט אָוועקגיין און וואוינען באַזונדער, האָט די מומע העניע געמאַכט אַזעלכע יללות, אַז כ׳האָב רחמנות געקראָגן אויף זיי, פאָרט אַלטע שקראַבעס, זאָלן זיי מיר דאָרט מוחל זיין — בין איך ווידער געבליבן מיט זיי. ווייסט וואָס כ׳וועל דיר זאָגן: כ׳האָב מורא פאַר דער מורא, אַז אַ שטיק דריבער איז מיינער (דער מאַן) אַוועק קיין אַמעריקע. דער מוח הייבט זיך דאָך מיר אַזש. איבערגעלעבט אַזאַ מלחמה, מיט דער כאָלעריע, מיט די קאָזאַקן. ממש מיט נסים עפּעס, מיט דריי פּיצלעך קינדער. איבער דער לאַנגער בריק האָב איך דאָך דורכגעראַטשקעט זיך מיט אַ זעקל קאַרטאָפליעס אויף די פּלייצעס. ייִנגערע פון מיר האָבן מורא געהאַט איינצושטעלן זיך. בלויז אַ שמאָל ברעטל איז דאָך געלעגן איבער די פאַרברענטע סלופּעס, נאָר זכות אבות זיינען מיר ביי‌געשטאַנען. וואָס דען האָב איך געזאָלט טאָן? לאָזן די קינדער געשוואָלן ווערן פון הונגער? און ווען דאָס אַלטע פּאָר פּאָלק זיינען נישט איצט געדאַכט, אַוועקגעקומען אין דער כאָלעריע און דאָס ייִנגסטע עופהלע מיינס גלייך נאָך זיי, בין איך דאָך שוין געבליבן אויפן וואַסער. וואָס ווייסטו וואָס? חורבן ירושלים. און איצט,” האָט זי אויסגעפירט מיט אַ מאָדנעם ניגון אין וועלכן זי האָט זיך אַריינגעאַרבעט בשעתן רעדן, — און איצט, נאַדיר אַ ירושה. ער וויל איך זאָל קומען גלייך, געשיקט דריי שיפסקאַרטן פאַר די קינדער, אַ ווייטיק דער מאַמען, ער ווייסט נאָך פון גאָרנישט. און איך קען זיך נישט רירן. אדרבא זאָג אַליין, ווי קען מען אַזוי אַ אַלץ איבער־

לאָזן אַליין. ס'זאָל נישט אויסגערעדט זיין, אַפילו די בלאָטע דאָ, וועט דאָך מיר באַנג טאָן. ס'צוויקט מיר שוין ביים האַרץ, אַז כ'דערמאָן זיך אין דעם. וואָס זשע זאָגסטו, יצחקל, האַ?"

שטערנבערגן האָט אַזש געכומען זשומען אין קאָפּ. זיינע אייגענע צרות זיינען אָפּגעטראָטן אָן אַ זייט, און עפּעס גרויע שאָטנס האָבן אים גענומען טאַנצן פאַר די אויגן, אויסגעשטעלט זיך אין לאַנגע צעפּ, וואָס ווערן געריסן פון אַ הויכער יידענע, אַן עקרה, מיט אַ מויל פול קללות. דערנאָך האָבן זיך לעבעדיק געשטעלט בילדער פון יענעם יאָר, ווען די גאַנצע משפּחה זיינע, האָט דאָ איבערגעוואַרט דאָס אַריינקומען פון די דייטשן. ס'איז געווען אַ חושכדיקע תשעה־באָב נאַכט. ער איז געשטאַנען מיטן פעטער ברוך אויפן באַרג און געקוקט אין דער פינצטערניש אַריבערן וואַסער, וואו ס'האָבן זיך אַלע ווייַלע אויפגעהויבן פּראָזשעקטאָרן און זיך צעשאָטן מיט אַ פייערדיקן בלענד. מיט אַמאָל האָט גענומען דונערן און קנאַלן פון אַלע זייטן. זיינען זיי געלאָפן אין שטוב און דאָרט שוין געטראָפן דאָס יונגסטע קינד פון הויז — אַ פאַרקאָרטשעטס פון כאָלעריע. לאה העניעס, אַ צעמישטע און פאַרלאָרענע, האָט זיך געהאַלטן אין איין קלאַפּן אין קאָפּ אַריין און יאָמערן: „זי האָט מיר אויפגעגעסן דאָס קינד, מיט די קללות, ווינד איז מיר"; די מומע העניע מיט דער גאַנצער הויכקייט און ברייטקייט, איז דאַן ווי איינגעשרומפּן געוואָרן און זיך אָפּהענטיק פאַררוקט אין אַ ווינקעלע, ווי וועלנדיק באַהאַלטן זיך. בלויז די באָבע שרה, אַ קליינינטשקע, אַ זשוואַווע, מיט אַ שטילן גענגל, האָט זיך נאָך געפּאַדעט אַרום קינד און מיט שרעקנדיקע בליקן און מורמלענדיקע ליפּן געהאַלטן אין איין מעסטן די אַנדערע אייניקלעך, וואָס זיינען געשטאַנען אין אַ ווינקל צוזאַמענגעדריקט, דערשראָקענע, ווי שעפּסן וואָס דערשמעקן אַן אָנקומענדיקן וואָלף. יענע נאַכט איז קיינער נישט געשלאָפן. אויך דאַן איז געווען פינצטערלעך אין שטוב און דער ברייטער אויוון מיט די אויסגעריבענע לעכער אין סאַמע מיט האָט געשראָקן מיט זיין משונהדיקער גרויקייט. יעדעס מאָל ווען אַ קנאַל האָט אָפּגעהילכט אין דרויסן, האָט די מאַמע זיינע, וועלכע האָט געוואַכט איבער די קינדערלעך אַ בלאַסע און פאַראומערטע, ווי אַן איבערגעשראָקענע הון, שטיל געפּליסטערט מיט די דינע ליפּן: שמע ישראל, ה' אלוהינו ה' אחד.

דערנאָך זיינען געקומען טעג, וועלכע האָבן זיך איינגעשניטן אין זכרון ווי די טעג מיט פּאַרהאַקטע לאָדנס. קיינער האָט נישט געוואַגט אַרויסצוגיין אין דרויסן. ס'איז נישט געווען בלויז דער פּחד פאַרן אַנטלויפנדיקן מיליטער, נאָר דער עיקר די שרעק וואָס האָט זיך געטראָגן פון אַלע גאַסן און הייזער; די שרעק פאַר דעם נישט געזעענעם מחבל, וואָס האָט אַרומגעשפּאַנט איבערן

שטעטל מיט קאָרטשעגדיקע ווייטיקן און באַגלייט פון איילנדיקע טריט פון אַנטלויפנדיקע לוויות. פון הינטער די לאָדנס האָבן זיך געטראָגן פאַרשטיקטע געוויינען און אָפּגעהאַקטע געשרייען. פון צייט צו צייט פלעגט עמיצער עפענען די טיר מיט אַ פּראַל, אַריינשטעקן דעם קאָפּ און אַריינשרייען הייזעריקלעך: „אַלע געזונט?!" אַז קיינער האָט נישט געענטפערט, איז אין שטוב פאַר־בליבן בלויז אַ שאַרפער ריח פון ספּירט. דאָס איז געווען איינער פון דער חברה „רייבערס", וואָס האָבן זיך אָקעגנגעשטעלט דער כאָלעריע מיט זייערע געזונטע הענט און שאַרפן ספּירט. עס האָט געטראָגן פון זיי מיט שווערן ריח פון ברעכן און שאַרפן אַלקאָהאָל.

אין יענע טעג, פלעגט ער זיך אַרויסגאַנווענען פון הויז און לויפן צום טריסקער שטיבל, וואו די „רייבערס" זיינען געזעסן און געוואַרט מ'זאָל זיי קומען רופן. מיט פאַרקאַשערטע אַרבל, אָן רעקלעך, טייל אַפּילו אָן היטלען, זיינען זיי געזעסן און געזשליאָקעט שטאַרקן אָקעוויט און געשוויגן. דאָס אָרון קודש איז געווען פאַרבאַהאַלטן הינטער אַ גרויען דיקן ליילעך,און ביי די זייטן ווענט זיינען געלעגן אָנגעוואָרפן שטרויענע שעניקעס אויף וועלכע די „רייבערס" פלעגן כאַפּן אַ דרימל. אַז אַ געשריי נאָך הילף האָט זיך אַרויסגעריסן אין שטיבל אַריין, האָבן צוויי פאַרשוין גלייך זיך אַ הייב געטאָן פון אָרט, אָנגעשעפּט אַ פולן עמער אָקעוויט פון די אָפענע פעסער, וואָס זיינען געשטאַנען אינמיטן שטיבל, און אַרויס ווי אַ ווינט נאָכן קול וואָס האָט זיי גערופן.

שעהן פלעגט ער אַזוי קענען אָפּשטיין ביים שטיבל און שוין געקענט אַפּילו דערקענען, ווען די רייבערס האָבן וועמען אָפּגעראַטעוועט און ווען זיי האָבן בלויז עמיצן די אויגן צוגעמאַכט. עס האָט זיך גערדאַכט, אַז נאָך יעדן איינעם פון זיי גייט נאָך אַזאַ קאָרטשענדיקער געשריי, וואָס וויקלט זיך ווי אַ לעבעדיקע שנור אויף אַלע און אַלעמען. דאָס געשריי האָט ער געזען אַפּילו אין שלאָף. פלעגט ער, ווי זיי, שנעל זיך טראָגן פון אָרט צו אָרט און פּרואווען אַרויסדרייען זיך פון דער שנור, און זיך מער נאָך פאַרפלאָנטערן אין די שטייפע קנופּן. ער איז געלאָפן מיט זיי צום פלומפּ, וואָס שטייט פון קדמונים נאָך אין מיטן מאַרק. פון דעם פאַרזשאַווערטן קראַן, וואָס שטאַרט אַרויס פון מיטן בויך פון אַ בייכיקער פיגור, גיסט אַ שוימיקע פליסיקייט און עמיץ אַ נישט געזעענער, שעפּט אָן פולע הויפנס פון דער פליסיקייט און צעשפּרייט עס אין אַלע זייטן; און באַלד הייבט אָן די בייכיקע פיגור צו באַוועגן זיך, הייבט אויף אַ פּאָר ביינערדיקע הענט אין דער הויך, און מיט אָן אָפּן חרב מויל, אָן ציין, האַלט עס אין איין ברעכן מיט דער גרינער גאַל. די גאַל גיסט זיך ווי אַ לאַווע איבערן שטעטל און

קיינער קען נישט אנטרונען ווערן פון איר. בלויז די „רייבערס", — שטייפע און פארשפריצטע, שפרינגען מיט געביילטע פויסטן אינעם אפענעם מויל פון דעם געשטאלט. א שוויס באדעקט אים זעענדיק ווי איינציקווייז ווערן אויך די פארשטייפטע פארשוינען איינס מיטן געשטאלט, און אויך פון זייערע ארעמס טראגט זיך א קארטשנדיקער געיאמער, וואס דרייט זיי איין ווי א בייגל, און פון אלע עפענונגען גיסט זיך גרינער שוים.

און איינמאל, ווען ער האט זיך אויפגעכאפט פון אזא פארמאטערנדיקן שלאף זיינען שוין פון דריי געלעגערס אין שטוב אויפגעגאנגען מאוימדיקע קרעכצן. לעבן די געלעגערס, זיינען געשטאנען פרעמדע מענטשן מיט פאר־קאשערטע ארבעל און אן א ווארט אויסצורעדן, גערייבן די צעקארטשעטע גלידער פון דער באבע שרה, וואס איז געלעגן אויפן געלעגער מיט א פאר־ווארפן קעפל ווי א פארמוטשעט הינדל; די מומע העניע, וואס האט געגלאצט מיט פארגלעזערטע אויגן, האט ווי א קינד זיך געבעטן: „לאזט מיך, כ'בין עם ווערט" . . . ; אין א ווינקל איז געלעגן א פארשטייפטע שוין, דער מומע זלאטעס שנור מיט איר עופהלע פון א יאר; און לעבן איר, אין האלב משוגעת, האט די מומע זלאטע געשלעפט קופערנע מטבעות פון א זאק און זיך געבעטן ביי די פרעמדע מענטשן: „נעמט, צאפט מיין בלוט, אבי ראטעוועט די איינציקע שנור מיינע מיטן פיצעלע . . . וואס וועל איך זאגן מיין קינד? ווינד דער מאמען! . . ."

„וואס דומעסטו אזוי, יצחקל?" האט אים לאה העניעס גענומען וועקן, „דרימלסטו? צייט צומאכן נאכט. כ'בין ווייזט אויס, אויך אנטדרימלט געווארן. אז מ'טשאפעט זיך אן א טאג אין דער קעלט, פאלט מען אוועק פון מידקייט. וואס קוקסטו אזוי אויפן בעט? דארט שלאפט דאך חיימל מיינער. האסט נישט געהערט ווען ער איז אריינגעקומען? ביסט, ווייזט אויס, אויך גוט אויסגעמאטערט. כ'האב דיך אפילו נישט געפרעגט ווי ס'איז דיר געגאנגען א גאנצן ווינטער. אז מ'האט מיט זיך צו טאן, פארגעסט מען אפילו אין דעם בעסטן. זע נאר ווי דו זעסט אוים. לעקסט אויך נישט קיין האניק. אזא משפחה שוין ביי אונדז, כ'זאל נישט האבן געזינדיקט מיט די רייד."

ז

„כ'מוז דיר זאגן, יצחקל, נישט אנדערש נאר אין דיין זכות. כ'האב שוין גאט צו דאנקען קארטאפליעס אויף פסח. כ'גיי נאך א גאנצע וואך און אלץ אזוי טייער, און דא האט מען מיר ממש צוגעשיקט צו דער טיר. געקויפט א גאנצן זאק פאר א שיבוש. עס זאלן זיך שוין אזוי אנהייבן גוטע יארן, ווי

יעדער קאַרטאָפּליע איז מיט גאָלד.״ מיט די ווערטער האָט אים די מומע באַגעגנט ווען ער איז אויפגעשטאַנען אַ שטיק אויפן טאָג שוין. זי האָט אַזש געשיינט פון פרייד. „הערסטאָך, אַזאַ מציאה אין שטוב אַריין, טאַקע נאָר אין דיין מזל. ווען כ׳זאָל נאָך קענען קריגן נאָך אַ פּאָר פונט מצות, וואָלט איך שוין גאָרנישט געזאָרגט,״ האָט זי פאַרענדיקט מיט אַ זיפץ.

„ווייסט יצחקל,״ האָט זי זיך אין אַ ווײַלע אַרום ווידער געווענדט צו אים, „ועסט זיך, שפּעטער צו, צוכאַפּן צום קאָמיטעט. מ׳טיילט דאָך דאָרט אויס אויפן פאַרשוין פונעם אַמעריקאַנער מעל. דאָרט זיצן דאָך עפּעס פון דיינע חברה. געוואָרן גאַנצע מאַכערס יואַלטשעס אייניקלעך. זיי מוזן דיך נאָך געדענקען פון אַמאָל. האָסט זיך דאָך געחברט מיט זיי. חיימל וועט דיר ווייזן וואו ס׳איז. אוודאי קען מען נישט זאָגן: יואַלטשע האָט מער זוכה געווען ביי גאָט: מ׳איז אַלע באַנויף און מ׳לעבט און מ׳לאַכט, נישט ווי ביי אונדז, מישטיינס געזאָגט.״

„כ׳וויל נישט אומזיסט מומע, כ׳האָב געלט,״ האָט שטערנבערג קוים געקענט איבערשלאָגן אירע רייד.

„וואָס זשע דו ברעקלסט זיך נאָך? קריג נאָר פריער, פּינטע נגיד, מיינער,״ האָט זי זיך געפּילט געטראָפן פון זיין ענטפער, „זע נאָר, ווי דאָס שטייט גרויס! טע, טע, טע, כ׳האָב גאָר פאַרגעסן, אַז ביסט אַ טאַטנס אַ קינד. דער טאַטע דיינער איז בחורווייז אויסגעגאַנגען פּאַר אַ ביסן ברויט און די פּאַהלעך זיינען אַלעמאָל געווען פאַרגריזלט... וויפל געלט האָסטו דאָס גביר מיינער? גרעסערע יחסנים פון דיר נעמען אומזיסט, אַ חוץ וואָס מ׳קריגט הינטן אַרום. וועלן יואַלטשעס חברה האָבן ווינציקער וואָס צו גנבענען. גאַנצע זעק טראָגט מען איבער ביינאַכט. וואָסי, מיין מאַן איז נישט אין אַמעריקע? ער גיט דאָרט געגוג.״ האָט זי געהאַלטן אין איין רעדן און שנייצן די נאָז פּאַר אויפרעגונג, אָט אָט צעוויינט זי זיך. „הלוואי וואָלט ער מיר אַזוי געשיקט ווי ער גיט דאָרט געגוג. פון כל טוב האָבן די קאָמיטעטשיקעס, און אונדז טיילט מען אויס קרישקעס.״

עפּעס אַ בייזע ביטערקייט איז געלעגן נישט אַזוי אין די ווערטער ווי אין טאָן. עפּעס אַ מין וועלן פּאַררעדן און פּאַרענטפערן זיך פּאַר דער איינגענער אָרעמקייט, האָט זי אַרומגעכאַפּט „מיינסט אוודאי, אַז די מומע דיינע איז געוואָרן אַ בעטלערקע, האַ?״ האָט זי זיך אַליץ נישט געקענט באַרואיקן און געשלעפּט דעם זאַק קאַרטאָפּליעס פון אָרט צו אָרט, „נישט דערלעבן זאָלן מיינע שונאים. כ׳גיב נאָך היינט אויך מער אוועק ווי יואַלטשעס חברה. נאַ, פרעג די שכנטעס מיינע, זיי וועלן דיר זאָגן,״ האָט זי שוין שטילער אָנגעוויזן מיט אַ פינגער צום צווייטן צימער, וואו ס׳האָט

געוואוינט אַ פֿרוי מיט פֿיר קינדער, „גייען דאָך אויס פֿון הונגער. ווען נישט איך, וואָלטן זיי שוין לאַנג אָנגעשפּאַרט ביי דער באָבע יענטע. אַז דו ביסט יאָ אַזאַ נגיד, וועל איך דיר ווייזן וועמען צו געבן, וועסטו כאָטש האָבן אַ מצווה. דאָס מאַנדל אירס שיקט נישט אַפֿילו קיין צעבראָכענעם שילינגער. אַ פֿאָטאָגראַף האָט ער איר געשיקט, און זיי גייען אויס פֿאַר אַ לעפֿל געקעכטס. זיי האָבן דאָך נישט כי־זה אויף יום־טוב. דאָס ביסל מצה וואָס זיי האָבן געקראָגן, וועט זיי סטייען אויף איין טאָג. ס'איז דיר נישט אַמאָליקע צייטן. ס'איז געווען מעות־חיטין, און די באָבע שרה, אונדז צו לענגערע יאָר, איז אומגעגאַנגען מיטן קאָשיקל איבער די הייזער און צונויפֿגעקליבן פֿונעם שענסטן און פֿונעם בעסטן און זיי אויסגעהאַלטן. היינט אַז מ'האָט אַפֿילו, גיט מען נישט. וואָס זשע מיינסטו טאָקע, ווערט מען געזוניקניעט (מ'קומט אום, מ'ליידט הונגער) באַהיט זאָל מען ווערן."

זי האָט שוין אין גאַנצן געהאַט פֿאַרגעסן צוליב וואָס זי האָט אָנגעהויבן די טענות און זיך ערשט פֿאַרנומען אויסצורעדן זיך דאָס האַרץ. שטערנבערג אָבער איז געשטאַנען אויף הייסע קוילן און וועלנדיק אויסדרייען זיך פֿון די רייד, זיך גענומען פֿאַרען ביי די קעשענעס און אַרויסגעשלעפּט דאָס ביסל געלט, וואָס ער האָט געקראָגן פֿאַרן לעצטן ווינטער אַרבעט און שטומערהייט עס דערלאַנגט דער מומען. דערזעענדיק דאָס געלט, איז זי ווי צעמישט געוואָרן, האָט זיך אָנגעהויבן פּלאָנטערן אין די רייד און צום סוף אַרויסגעפּלאַצט: „מ'קען דאָך מיינע שונאים צו כ'ווייס אַליין נישט וואָס קומען, דו שטייסט און רעדסט און ער שווייגט. געמיינט, אַז וועסט קומען וועט זיין פֿאַר וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן," איז זי שוין אין גאַנצן אַריבער אין אַ וויינענדיקן טאָן, „מיין עלנטקייט זאָל נאָר קומען פֿאַר גאָט."

„ווייסט איר גאָר וואָס, מומע, איר נעמט דאָס געלט און פֿאָרט איינקויפֿן אַביסל סחורה."

„הונדערט יאָר זאָלסטו מיר לעבן. כ'האָב אָבער געזאָגט אַז דו ביסט אַנדערש פֿון דער גאַנצער משפּחה אונדזערער, כ'זאָל נישט האָבן געזינדיקט מיט די רייד," האָט זי שוין מעשה סוחרטע זיך אַ נעם געטאָן ציילן דאָס געלט, „כ'האָב טאַקע די גאַנצע צייט געהאַלטן אין טראַכטן, ווען עס מאַכט זיך ערגעץ וואו צו לייען, וואָלט איך אָפּגעפּרישט אַביסל דאָס קרעמל. וועסט דאָך לאַכן, יעדעס מאָל ווען איך גיב אַ קוק אויף די ליידיקע פּאָליצעס, גיט מיר אַזש אַ טיאָכק אין האַרץ, ווי פֿאַרשעמט נעבעך, זיינען זיי. האָבן מיר טאַקע אַ גרויסן גאָט און שיקט דיך צו אין דער ריכטיקער מינוט. כ'על דיר מיערטשעשעם אָפּגעבן מיט פּראָצענט. און אויב דו קענסט טאַקע, גיב זיי אויך עפּעס אויף יום־טוב," האָט זי אָנגעוויזן מיטן פֿינגער אויף דער

משפחה וואָס וואוינט ביי איר אין אַלקער, „עס רייסט דאָס האַרץ." האָט זי אין גאַנצן שווין פאַרגעסן אין די פריערדיקע טענות.

„גיט זיי וויפל איר פאַרשטייט. איך דאַרף דערווייל גאָרנישט. אויפן זומער וועל איך זיך קריגן אַן אַנדער פּלאַץ."

„אוודאי, אַן אָרעמאַן איז אַ בעל צדקה. דאָס איז מן הסתם דאָס פאַר־דינסט פון אַ גאַנצן ווינטער, האַ? אַנגעפּאַרדינט זיך, מישטיינס געזאָגט."

„יאָ, און אַ פור האָלץ פאַרן פעטער מנשה."

„ווי אַזוי עפּעס?"

„ער האָט געקראָגן מעקלעריי פון מיינע באַלעבאַטים."

„אַזוי, טאַקע זייער שיין פון דיין זייט. דער פעטער מנשה איז אויך אויף אַ שיינעם תכלית. אַ פּולע שטוב מיט פּיקערס. אַ מערכה נאָך וואָס ער האָט דאָס שטיקל פּען אין דער האַנט, פאַלט אים אַ מאָל עפּעס אַריין פון שרייבן אַ בריוו אָדער אַ פּראָשעניע. ער איז דאָך שוין אין גאַנצן גרוי געוואָרן, און וויפל מיינסטו איז ער אין גאַנצן אַלט? נאָר זיין ביטער מזל נעבעך. זיצט דאָרט אין דעם לאָך, פּינצטער, גליטשיק, מ'זאָל באַהיט ווערן. און סך הכל האָט מען דאָך אים געקויפט פאַר אַן איידעם, נאָר ווי זאָגט די מאַמע דיינע: אַ מכה מיינע שונאים אַז אונדזערע קרובים זאָל גוט זיין. איי מוטשעט ער זיך נעבעך. זינט ער האָט חתונה געהאַט איז אים נישט גוט, אָבער דאָך איז ער אַלעמאָל אָנגעטאָן ווי אַ צוכט. עס פעכלט פון אים אַראָפּ, און די באָרד איז אַלעמאָל אויסגעקעמט און פאַרפּוצט. וואָלסט זיך דען געגלייבט ווען דו ווייס עס נישט, אַז ער קען לעבן אין אַזאַ שמוץ. צו וואָס אַ מענטש געוואוינט זיך אַלץ נישט צו," האָט זי זיך ערשט פאַרנומען צו רעדן און רעדן, נאָר די טיר האָט זיך פּונקט אַן עפן געטאָן און עס האָט זיך אַריינגעשטעלט, אַן איבערגעוואַקסן, דאַר בחורל פון אַ יאָר צוואַנציק, אין מלבושים נישט לויט זיין מאָס, און אויפן קאָפּ אַ משונהדיק צעדרייטע שליאַפּע, וואָס האָט אים צוגעגעבן אַ לעפּישן אויסזען.

„ליב אייך אייער גאַסט."

„מיט לייב און לעבן, לייבל, אַ דאַנק," האָט זי זייער צופרידן פון זיין קומען אים געענטפערט אין אַ פּזמון טאָן און זיי פאַרגעשטעלט, „כ'וויל עס זאָל דיר נישט זיין אומעטיק ביי מיר, יצחקל, האָב איך געבעטן לייבלען ער זאָל צוקומען. ער איז פון דיין חברה. שרייבט לשון קודש און ווייס איך נאָך וואָס מיט די מיידלעך. אַז ער זאָל וועלן קאָן ער דיר קריגן אַ פּלאַץ אויפן זומער, דאָס בעסטע. און אפשר ווילסטו גאָר זיין אין שטאָט, מיט שענסטן פאַרגעניגן. כ'ווייס, כ'וואָלט אוודאי געוואָלט דאָס בעסטע," האָט זי

געפילט, אז זי רעדט עפּעס נישט דאָס וואָס מ׳דאַרף, נאָר נישט געקענט זיך איינהאַלטן.

„מ׳עט שוין זען, לאַה, ער וועט שוין ביי אונדז נישט פאַרפאַלן ווערן,״ האָט לייבל זי באַרואיקט, „כ׳וועל אים באַקענען מיט דער חברה. זאָרגט זיך נישט, עס גייט דאָך דערווייל צו יום־טוב,״ האָט ער מיט וואַרעמקייט גערעדט און שטאַרק געקוועטשט שטערנבערגס האַנט, „כ׳וועל אים נעמען אַביסל שפּאַצירן.״

„איך פאַרלאָז זיך אויף דיר, לייבל,״ האָט זי זיי אַרויסבאַגלייט אַ צופרי־דענע אין וואַרעמען דרויסן אַרויס, וואָס האָט געשמעקט מיט ערב פּסחדיקן האַרמידער און פרילינגדיקן בלי.

אַ פּאָר מינוט זיינען זיי געגאַנגען שווייגנדיקע און דערנאָך פאַרטאָן געוואָרן אין אַ שמועס, וואָס האָט זיי ביידן געמאַכט פאַרגעסן אין דעם, אַז זיי האָבן זיך ערשט באַקאַנט און אַז זיי שפּאַצירן צוזאַמען צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן. ווייזט זיך אַרויס, אַז אויך לייבל חלומט פון פאָרן קיין ארץ ישראל, און אַז אַ גרופּע פון דער שטעטלשער יוגנט זיינען גרייט צו לאָזן זיך אין וועג אַריין ביי דער ערשטער געלעגנהייט. דערווייל גרייטן זיי זיך צו דורך אַרבעטן שווערע אַרבעט אין שטאָט, און אויפן זומער פּלאַנעווען זיי אַוועק אַרבעטן אין דאָרף. שטילערהייט האָט ער אים איבערגעגעבן, אַז די גרופּע קומט זיך צונויף אייגמאָל אין וואָך אַרומצורעדן די לאַגע. אַמאָל קריגן זיי אויך ידיעות און ביכער פון דער קרייז־שטאָט. מ׳גרייט זיך אומעטום צו גרויסע זאַכן. זאָל נאָר אַריבער דער היינטיקער זומער בשלום און די מלחמה מיט רוסלאַנד זאָל זיך ענדיקן, וועט מען ערשט אָנהייבן די ריכטיקע אַרבעט. עס דאַרף זיין אַ סוד. דער קאָמענדאַנט קוקט קרום אויף זיי און קוקט זיי נאָך.

פון דער שפּאַציר איז שטערנבערג צוריקגעקומען אַן אויפגעלעבטער. דער קאָשמאַר וואָס האָט אים אין די לעצטע טעג געדריקט און נישט געלאָזט קלאָר טראַכטן, האָט זיך אָנגעהויבן אָפּרוקן. די וועלט אַרום אים איז עפּעס לויטערער געוואָרן און נעענטער. ווי דורך אַ שפּאַרונג, האָט ער ווידער געזען פאַר זיך אַ וועג. אייגנטלעך האָט ער נישט פאַר וואָס צו זיין געפאַלן ביי זיך. ער איז נישט דער איינציקער וועמעס חלומות און שטרעבונגען קענען איצט נישט פאַרווירקלעכט ווערן. אַ סך האָבן זיך איצט אָנגעגורט מיט געדולד און וואַרטן, צו וואָס זשע דאַרף ער זיך אַזוי אָפּלאָזן און זיך אַליין איבערגעבן צו דער פּאָליציי. פאַר וואָס? פאַר ווען? דער נייער פּוילישער מלוכה איז ער מאָראַ־ליש גאָרנישט נישט שולדיק. מער ווי פּאָגראָמען און רייסן בערד, צוזאַמען מיט וואַרפן פון די באַנען האָט זי יידן נישט געבראַכט. ער איז אוודאי אויף

א האָר נישט מחויב צו העלפֿן די פּריצים צו באַצווינגען אויך די אוקריינער פּויערים. און ער האָט זיכער קיין חרטה נישט אויף דעם, וואָס ער האָט געהאָלפֿן אָרגאַניזירן אַ ווידערשטאַנד דער דאָזיקער אָרדענונג. פּאַרקערט, ערשט נאָך דער מלחמה וועט ער זיך אין גאַנצן ארייננוואַרפֿן אין דעם קאַמף. נאָר אין אַ פֿרייער וועלט וועט פּוילן קענען עקזיסטירן, און יידן וועלן זיך קענען דערשלאָגן צו לעבן ווי אַ נאָרמאַל פֿאָלק אין אַן אייגן לאַנד. צו דעם קאַמף דאַרף ער זיך גרייטן, ווערט אים קלאָרער פֿון מינוט צו מינוט. די שווערקייט אויפֿן האַרץ פֿאַלט אַוועק. עס איז אים איצט קלאָר, אַז ער דאַרף בלויז אַ פּאַסיקן פּלאַץ וואו ער זאָל קענען איבערוואַרטן די שווערע צייט. עס וועט שוין סיי ווי לאַנג נישט דויערן. הייַנטיקן זומער וועט, מן הסתם נעמען אַ סוף צו דער פּויליש־רוסישער מלחמה. וועט ער דאַן אַראָפּוואַרפֿן פֿון זיך דעם פּרעמדן נאָמען מיט די וואָנצעס, מיט דעם אָנשטעל אויף עלטערקייט און געשטעלטקייט. ער וועט צוריק ווערן אַ יינגל אַ שטיפֿער און פֿול יינגלעשע פֿאַרלאַנגען.
דאָס האַרץ האָט אים אַזש גענומען צאַפּלען פֿון די דאָזיקע מחשבות. עס האָבן ווי אין חלום ווידער גענומען אויפֿגיין די פּנימער פֿון יינגלעך און מיידלעך מיט וועמען ער האָט זיך דאָ נישט לאַנג געחברט. ער זעט זיך שוין ווידער שטיין אינעם גרויסן טונקעלען איינפֿאָר הויז פֿון משה דוד סופר ביי זיי אין שטעטל און וואַרטן אויף דער מינוט, ווען איינער פֿון די מיידלעך וועט זיך אייַנגעבן אַרויסצורייסן זיך פֿון הינטער דער מאַמעס השגחה, און אַרויסקומען אָפּשטעלן אַ ראַנדעוואו מיט אַ בחור. עס איז אַ סכנה אַז עטלעכע בחורים זאָלן זיך דאָרט אַרומדרייען, גייט נאָר איינער אַהין און פּלאָנטערט זיך אַרום צווישן די וועגענער און אָנגעוואָרפֿענע שטויסן סחורות מכל המינים, און באַגעגנט זיך צופֿעליק מיט אַ מיידל וואָס איילט מכלומרשט אין מאַרק אַריין אייַנקויפֿן, נאָר דאָס הערצל צאַפּלט און די צעפּלעך חנדלען זיך און ציען די עצמות פֿונעם בחור. אוודאי וועט מען ערשט נאָך דער מלחמה קענען אָנהייבן לעבן און אַרבעטן. איצט דאַרף מען איבערוואַרטן און גרייטן זיך. אייגנטלעך קען ער דאָך נאָך גאָר קיין אַרבעט נישט. ער דאַרף זיך ערשט איצט נעמען גרייטן צו עפּעס. ער וועט דאָך נישט אַלעמאָל זיין קיין דאָרפֿס לערער. אין ארץ ישראל אוודאי נישט. דאָס בעסטע וואָלט געווען, ער זאָל צוריקגיין אין דאָרף אַריין און זיך אַביסל צוגרייטן אין ערד אַרבעט אין משך פֿון זומער.
„וואָס זשע דומעסטו, יצחקל?״ האָט אים די מומע איבערגעשלאָגן די רעיונות, „דער הימל איז נאָך חלילה נישט ביי דער ערד. וואָלט איך אַזוי אויסגעזאָרגט געוועזן מיט מיין משהלען, ווי כ'בין אויסגעזאָרגט מיט דיר. זאָלסט נאָר וועלן, קענסטו דאָ קומען צו אַ תכלית איינס און צוויי. זיין אַ באַלעבאָס פֿאַר זיך מיט אַלעם גוטן. אויף גוטע סחורה זיינען דאָ אַ סך

בעלנים. ביסט דען מחויב ארומוואלגערן זיך ביי פרעמדע טישן? הא, וואס זאגסטו?"

„איך טראכט נאך גאר נישט פון דעם," האט ער זיך געוואלט אויס־דרייען פון א קלארן ענטפער.

זי האט שוין אבער דעם גאנצן ענין דורגעטראכט און שוין אפילו געכאפט א שמועס מיט ליבל שניטקרעמער. א קראם האט ער אויף אלע אונדזערע ליבע געזאגט געווארן, און א סוחר א דריי קאפ איז ער איינער אין דער וועלט. זיינס א קינד, זאגט ער, קען ער ארויסנעמען אפילו פונעם לייבן גרוב. ער קען זיך מיט אלע „מאכערס". די בת־יחידקע זיינע איז א גאנצע סוחרטע, די רעכטע האנט זיינע.

„איך זאג דיר יצחקל, אז עס איז א גליק שידוך."

„איר האט זיך גלייך גענומען מיך פארזארגן, „האט שטערנבערג מיט א שמייכל פאריבל געהאט אויף איר, „און פון וואנען ווייסט איר אז איך האלט ביי א חתן ווערן? איך וויל גאר אוועקפארן פון דאנען. פארדרייט זיך נישט דעם קאפ און לאזט צורו דעם סוחר אייערן."

„וואס? דו שטייסט נאך גרוים אויך?" האט זי אויסגעטייטשט זיין ענטפער ווי סתם א קאפריז פון א מיוחס, „וועסט אזא שידוך נישט קריגן אפילו אין דער גרעסטער שטאט. וואס פאסט דיר דא נישט? דער גרויסער פרנסה געבער וואס דו ביסט." האט זי זיך ערשט גענומען ארייננארבעטן אין א פארדראס.

שטערנבערג אבער האט זי ווידער בארואיקט מיט א שמייכל.

„איך זוך נישט קיין מציאות און וועגן פרנסה זארג איך זיך נישט."

„שוין, מ'האט אנגערירט דעם האנאר זיינעם. פונקט ווי דער טאטע דיינער, עס זאל דאס פעלן א האר. מ'טאר נישט זאגן א ווארט. וואס איז, כ'מיין דען דיין שלעכטס, חלילה? נאר גארנישט, ווילסט נישט, איז נישט. איך וועל דיך חלילה נישט נייטן. כ'האב געמיינט, מיערטשעשעם חול המועד, וועסטו זיין א בעלן אנצוקוקן זיך. עס קען דאך דיר נישט שאטן. אפשר וועסטו זיך גאר פארליבן אין דעם מיידל. זי איז דאך א היינטוועלטיקע . . ."

פון אירע רייד האט שטערנבערג פארשטאנען, אז זי האט שוין באשטעלט דאס „אנקוקן זיך" און אז וואס וואס, נאר לייכט וועט שוין אים נישט אנקומען אויסצודרייען זיך פונעם גאנצן ענין. עס איז ביי אים דעריבער אין דער מינוט פארטיק געווארן דער באשלוס צו זוכן א לערער שטעלע אין אן אנדער דארף, און אויב ער קריגט נישט, וועט ער צוריקגיין אין פריערדיקן

דאָרף. איבערוואַרטן דאָס שטיקל צייט איז גלייכער אין אַ דאָרף. דאָרט איז ער מיט זיך אַליין און קיינער קוקט זיך אויף אים נישט אום צו באַזאָרגן מיט אַ תכלית.

נישט קריגנדיק קיין ענטפער פון אים האָט די מומע פאַרשטאַנען, אַז עס האַלט נישט גוט מיט איר גאַנצן פּלאַן, האָט זי אים געוואָלט איינגעמען מיט גוטן און פאַרענטפערן זיך אַליין: „מילא, נישט איז נישט. דאַרפסט זיך נישט אָפּעסן דאָס האַרץ. כ'האָב געמיינט וועסט זיך אָנכאַפּן אין דעם. דעם טעם פון זיי נע ונד, וויים איך זייער גוט. וואָס עס מיינט וואַלגערן זיך אויף פרעמדע געלעגערס און עסן ביי פרעמדע טישן, פרעג מיך. עס ליגט מיר נאָך אין די ביינער. אַזאַ ווי דו, דאַרף האָבן אויף וועמען אָנצושפּאַרן זיך. מ'זאָגט יאַקבי, אַז קיין אָפּענע האַנט האָט ער אפילו נישט, אָבער פאַר זיך אַליין זשאַלעוועט ער נישט. דו זאָלסט זען אַ הויז מ'וואוינט, אַ גאַנצע קאַמעניצע (אַ מויער). מ'גייט אָנגעטאָן—פאַרשמעקט עס די גאַס, פעבלט אַראָפּ פון זיי. אַזוי ער, אַזוי זי, און אַזוי די כלה. אַ בת יחידקע ביי זיי, אַ ציטעריקס. ער וואָלט דיך גלייך באַוואָרנט, אַרויסגענומען פון גויאישע הענט, און ווייטער קומסטו דאָך אַריין אין אַ היים. ווען איך האָב דיך דאָ, וואָלט איך דאָך אויך אויפגעריכט געוואָרן. מיין עלנטקייט זאָל נאָר קומען פאַר גאָט.” האָט זי אויף שנעל זיך געפּאָרעט אין הויז און געהאַלטן אין איין אויסרעכענען די מעלות פון שידוך. זי האָט זיך אַזוי אַריינגעטאָן אין דעם, אַז עס האָט זי שוין נישט געאַרט צי ער הערט צי נישט. זי האָט אָנגעהויבן פון סאַמע אָנהייב און אויסגערעכנט אַלע צרות וואָס זי איז זיך דאָ אויסגעשטאַנען. אַ באַשרייבונג וואָלט מען דאָך געקענט מאַכן פון אַלעם דעם וואָס זי האָט זיך אָנגעליטן. וואָלט זי דאָך געדאַרפט זיין אין כעס אויף דער משפחה, פאַר וואָס מ'האָט זיך אויף איר נישט אומגעקוקט, און אפילו צו דער חתונה אירער האָבן זיך די פּוסטע מיוחסים געקווענקלט צו קומען, ווייל דער חתן איז נישט קיין למדן, נאָר זי פילט אָבער דעם טעם פון עלנטקייט און וואָלט וועלן אַז כאָטש עמיץ פון דער משפחה זאָל זיין מיט איר דאָ, ביז דער אייבערשטער וועט זיך מרחם זיין און צוריק עפענען די וועלט און מ'וועט זיך ווידער קענען אַ ריר טאָן.

„דאָס וויל איך אויך, מומע,” האָט זיך שטערנבערג אַרויסגעכאַפּט אויפהייבנדיק דעם קאָפּ פונעם ביכל אין וועלכן ער האָט אַריינגעקוקט, „אַז די וועלט וועט ווערן אָפּן, וועל איך אַוועק פון דאַנען.”

„כ'האָב געמיינט אַז דו הערסט אפילו נישט וואָס איך רעד. וואָס, טאָקע קיין ארץ ישראל? וואָס זשע איר ווילט טאָקע ברענגען משיחן מיט געוואַלד? עס וואָלט שוין טאָקע צייט געווען עס זאָל זיין אַ שטיקל ישועה, אויף יידן,” האָט זי פרום אָפּגעקרעכצט, „נאָר דעם אמת זאָגנדיק פאַרשטיי איך נישט,

פאַר וואָס אַזאַ בחור ווי דו זאָל דאַרפן פאָרן ערגעץ כ'ווייס וואו אין אויס־רייסעניש. דאָס פאַסט פאַר כיסדאַרגעם דאָרט (נחות דרגא). דיינע אבות אבותנו האָבן עס נישט געטאָן און אויך דו דאַרפסט עס נישט טאָן. וואָס, ס'איז דיר טאַקע שוין חלילה אַזאַ נויט? און וואָס פאַר אַ תכלית מישטיינס געזאָגט קענסטו זיך שוין דאָרט דערלעבן?" איז זי צוגעקומען גאָר נאָענט צו אים, „מיין נישט אַז איך צווינג דיך חלילה, נאָר איך זאָג דיר, אַז ס'איז אַ גליק, נישט קיין שידוך. מעגסט טאַקע שרייבן צום טאַטן ער זאָל קומען אַהער מיט דער מאַמען אָנקוקן."

שטערנבערג האָט בלויז געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין. זי האָט אָבער נישט נאָכגעלאָזט: „דער טאַטע פאָרט דאָך אויף שבועות צום רבין, קען ער דאָך דורכפאָרן דאָ אַרום. וואָס ביסטו אַזוי איינגעשפּאַרט?"

„זיי טאָרן נישט קומען אַהער. מ'קוקט זיי נאָך וואוהין זיי פאָרן."

„אַזוי? מ'זוכט דיך טאַקע אַרום?" האָט זי זיך שטאַרק פאַרוואונדערט און דערשראָקן אין איינעם, „איז וואָס זשע וועט טאַקע זיין דער תכלית? מ'זאָל נישט קענען זען קיין אייגן קינד, ווי דער מאַמען. מ'זאָל גאָרנישט געפּרואווט ווערן מיטן אַזאַ טעם. איז וואָס זשע זאָגסטו, וועסט גיין אָנקוקן?" האָט זי נישט פאַרגעסן אין דאָס איריקע און זיך ממש געבעטן, „ער זאָגט דאָך אַז ער קען דיך באַפרייען איינס און צוויי . . ."

„וואָס האָט איר אין גאַנצן געדאַרפט רעדן וועגן דעם מיט פרעמדע מענטשן?" האָט שטערנבערג זיך געכאַפּט, אַז עס איז אַ סך ערנסטער ווי ער האָט לכתחילה געמיינט. ווער ווייסט, ווער נאָך עס ווייסט שוין פון זיין נישט כשרן מצב.

„וואָסי, מיינסט אַז מ'ווייסט נישט? מ'קען דיך און דעם טאַטן. ס'איז דאָך אַ קליין שטעטל ווייסט מען פון אַליץ."

מער האָט מען פון דעם נישט גערעדט, נאָר שטערנבערג האָט געפילט, אַז יעדעס מאָל ווען עס איז אים אויסגעקומען פאַרבייצוגיין די קלייטן אין מאַרק, האָט מען אים גאַנץ געניי און פאָרזיכטיק אַרומגעקוקט פון אַלע זייטן. און ווען אים איז אויסגעקומען צו זיצן אין דער מומעס קרעמל, וואָס האָט פאַר־מאָגט מער ליידיקע ווי פולע פּאָליצעס, ווייל זי האָט שוין לאַנג נישט געהאַט מיט וואָס צו קויפן קיין סחורה, האָבן זיך גלייך באַוויזן מכלומרשטע קונים און קונהטעם אויף זאַכן, וואָס זיינען אין קרעמל מן הסתם שוין פון יאָרן נישט געוועזן. זיי האָבן זיך נאָכגעפרעגט ווען עס וועט זיין, און געוואונטשן לאה העניען ליב איר מיטן גאַסט און אַוועק מיט ליידיקן.

צום ערשטן האָט ער זיך נישט געכאַפּט וואָס דאָ קומט פאָר, נאָר ווען

עס האָבן זיך אין קלייטל באַוויזן אַ פּאָר אויסגעפּוצטע כלה מיידלעך און געפרעגט אויף סחורות, וואָס מ׳קריגט נאָר אין ספּעציעלע קראָמען, האָט ער שוין פאַרשטאַנען אַז דאָס זוכן זיי נאָר אַן אויסרייד אויף צו באַקענען זיך מיט אים. ערשט איצט האָט ער באַמערקט, אַז די גאַנצע צייט וואָס די מאָדנע קונים געפינען זיך אין קרעמל, איז די מומע עפּעס מער אויפגעלייגט ווי אַלעמאָל, כאָטש זי דאַרף זיך כסדר פאַרענטפערן פאַר וואָס זי האָט נישט די סחורה וואָס זיי פאַרלאַנגען. אַ פאַרדראָס האָט גענומען וואַקסן אין אים אויף דער מאָדנער סיטואַציע אין וועלכער ער איז אַריינגעצויגן געוואָרן, און ס׳איז אים אַפילו איינגעפאַלן אַרויסצוכאַפּן זיך פונעם שטעטל נאָך פאַר יום־טוב, אַבי פּטור צו ווערן פונעם גאַנצן עסק. אָבער מאַכנדיק שוין די פּלענער אויף אַוועקצוגיין, האָט ער צופעליק אַ קוק געטאָן אויף דער מומעס פּנים, וואָס איז געווען פול מיט שמייכל און צופרידנקייט, און ער האָט די גאַנצע זאַך דערזען אין אַן אַנדער ליכט. ער האָט מיט אַמאָל זיך דערפילט ווי אַ טייל פון אַ קאָמישער שפּיל און אָנגע־הויבן הנאה האָבן דערפון. דער גאַנצער יינגלעשער נייגער צו שפּיל און שקאָציישן רייצן זיך, האָט דערוואַכט אין אים צוזאַמען מיט אַ געפיל פון וועלן אָפּרעכענען זיך מיט זיי, פאַרן לאָזן זיך אַריינציען אין „אָנקוקעניש“. ער האָט די מיידלעך אַרומגעפירט פון ווינקל צו ווינקל אינעם קלייטל און גע־זוכט אויף די פּאָליצעס און גענישטערט און דערביי זיך נאָכגעפרעגט צי ס׳איז פאַראַן אין שטעטל אַ ביבליאָטעק, אַ טעאַטער גרופּע, און אפשר ווילן זיי גאָר קויפן אַזעלכע קנעפּלעך—האָט ער אין מיטן זיי אַ פרעג געטאָן וועגן אַ סחורה, און איז באַלד אַריבער צו אַלגעמיין געזעלשאַפטלעכע פראַגעס, אויף וועלכע די קונהטעס האָבן מערסטנס קיין ענטפער נישט געהאַט, און זיך אָנגעהויבן צו רויטלען און טעלעפּען מיט די צינגלעך מיט אויסמיידנדיקע ענטפערס, וואָס האָבן זיך נישט געקלעפּט. און אַז די מיידלעך זיינען שוין גאָר געשטאַנען אויף שפּילקעס און זיך געוואָלט אַרויסבאַקומען פון קלייטל, האָט ער ערשט ווי זיך דערמאָנט, אַז אייגנטלעך קענען זיי קריגן די סחורה וואָס זיי זוכן אין אַזאַ און אַזאַ קראָם, אויב ס׳איז דאָ אַזאַ אין שטעטל. דאָס האָט אָנגעפילט דאָס מעסטל און די קונהטעס האָבן שוין אין איילעניש זיך גערוקט צו דער טיר.

„אוודאי איז דאָ אַזאַ קראָם אין שטעטל, נאָר זיי האָבן געמיינט אַז זיי וועלן עס דאָ אויך קריגן, ווייל לאה העניעס איז אַ טשודנע יידענע, ביי איר קריגט מען אַמאָל זאַכן, וואָס מ׳וואָלט זיי קיינמאָל אין ערגעץ נישט געפונען“ האָבן זיי זיך פאַרענטפערט, און שטערנבערג האָט מיט גרויס הנאה געשמייכלט און זיי באַרואיקט. „עס מאַכט נישט אויס, ער איז גראָד זייער צופרידן פון זייער טעותדיקן אַריינקומען, קריגנדיק דורך דעם די געלעגנהייט

צו באַקענען זיך מיט זיי. און אַזוי ווי ער האָט בדעה צו זיין דאָ איבער יום טוב, וואָלט ער בכלל זיך ווע‏לן באַקענען מיט דער יוגנט פון שטעטל," האָט ער זיי באַגלייט צו דער טיר און אין איין וועגס זיך געוואָלט דערוויסן צי די היגע מיידלעך האָבן נישט קיין מורא צו טרעפן זיך מיט פרעמדע בחורים, וואָס שטייען נישט אין שידוכים. די מיידלעך האָבן זיך געריסן צו גיין און די פּנימער האָבן ביי זיי שטאַרק געפלאַמט. ער לאָזט זיי אָבער נישט אָפּ.

„זאָלן זיי נישט מיינען אַז ער וויצלט זיך, ביי אים אין שטעטל איז מען זייער פאַנאַטיש. די מיידלעך וואָלטן זיך אפילו וועלן טרעפן מיט די בחורים, נאָר די טאַטעס היטן זיי די טריט. ביי זיי טרעפט גאַנץ אָפט, אַז אויפן שפּאַציר הינטערן ווייסן קלויסטער זאָל זיך מיט אַמאָל באַווייזן אַ טאַטע און ביי די צעפּ אַראָפּשלעפּן זיין טאָכטער."

אויף די מיידלעך ציטערט שוין די הויט, ווייל דער גאַנצער רינג קלייטן קוקט שוין אויף זיי, און דאָס וואָס עס האָט געדאַרפט זיין אַ צופעליק אָנקוקן, איז געוואָרן גאָר אַן אָפענע אויסשטעלונג פאַרן גאַנצן שטעטל קלייטן. זיי מוזן אָבער שמייכלען און אַרויסווייזן דערצויגנקייט נישט צו לאָזן שטיין אַ פרעמדן בחור אין מיטן רעדן. הערן זיי אים אויס און ענטפערן אָפּ מיט אַ געמאַכט געלעכטערל און מיט אַ האַלבן מויל. „ביי זיי איז נישט אַזוי. דאָ אין וואָלין איז מען אַ סך פאַרגעשריטענער און יינגלעך מיט מיידלעך שפּאַצירן אַרום פראַנק און פריי אין מאַרק. בכלל זיינען די היגע עלטערן אַנדערש, און די יוגנט פילט זיך נישט אַזוי קרעמפּירט ווי ערגעץ אַנדערש" האָבן זיי זיך סוף כל סוף אָפּגעזעגנט און ממש אַרויסגעלאָפן ווי אָפּגעבריטע.

„דו קענסט זיי פון פריער, די מיידלעך?" האָט אים די מומע אַ פאַר־וואונדערטע געפרעגט נאָך זייער אַוועקגיין, „כ'האָב נישט פאַרשטאַנען קיין איין וואָרט וואָס דו האָסט זיי דאָרט אָנגעברייעט, נאָר כ'האָב געזען אַז ס'איז זיי געפעלן געוואָרן. אוודאי, אין מיינע צייטן, אַז אַ יינגל מיט אַ מיידל האָבן זיך באַגעגנט ס'ערשטע מאָל האָבן זיי די פּיס געטאַמלט און פון וואָס אָנצוהייבן האָט מען נישט געוואוסט, און דאָ טרעפסטו דיך מיט באַלעבאַטישע קינדער דאָס ערשטע מאָל און רעדסט מיט זיי ווי דו וואָלסט מיט זיי אויפגעהאָדעוועט געוואָרן."

„וואָס זשע האָט מען טאַקע געטאָן אין אייערע צייטן?"

„מאַכסט שוין חוזק. מיינסט טאַקע, אַז אַלץ איז געווענדט אינעם שיינעם ריידעלע? אַזאַ יאָר אויף מיר, וואָס פאַר אַ לעבנס מ'האָט אין מיינע צייטן אויסגעפירט אָן די פאַרליבענישן פון פריער. כ'זאָג נאָר אָקעגן דיר טאַקע. וואו האָסטו דאָס אַלץ אויסגעלערנט? ביסט דאָך דאַכט זיך מיר נאָך קיינמאָל וויט פון דער היים נישט אַוועק. אין קיין שקאָלעס ביסטו נישט געגאַנגען, וואו

זשע האָסטו אויסגעלערנט צו וויסן וואָס צו פרעגן און ענטפערן? ווייסט,״ האָט זי פאַרענדיקט מיט אַ געוויסן שטאָלץ. „ביסט אין גאַנצן אין טאַטן אריין געראָטן. ער איז אויף יינגלווייז געווען אַ גאַנצער אויפגעקלערטער. פלעגט זיך חברן מיט משה לייב שמחה בונעמס וואָס איז געווען אַ גאַנצער לוטוואַק (אַ סינאָנים פאַר אַ משכיל). פלעגט זיך קעמען די באָרד און טראָגן אַ קורצע קאַפּאָטע אַזוי ווי אַ סורדוט. מ׳האָט אפילו גערעדט אויף אים, אַז ער וואַשט זיך די ציין מיט אַ פּראָשעק. פאַרשטייסטו שוין פאַר וואָס איך וואונדער זיך אַזוי? אוודאי איז דאָס דאָ גאָרנישט קיין חטא, אָבער ביי׳ן אונדז, קיינער הערט דאָך נישט, איז מען שוין געווען אַביסל צופיל פאַר־פרומט, זאָלן זיי מיר דאָרט מוחל זיין, נישט זיי מיין איך, נאָר די וואַנט,״ האָט זי אַ וויש געטאָן דאָס מויל און אָפּגעהאַקט.

„נו עס וועט שוין זיין גענוג געלייזט פאַר היינט. כ׳האָב נאָך גענוג און גענאָך אַרבעט אין דער היים,״ האָט זי אַ צופרידענע מיט זיך גענומען צושליסן דאָס קלייטל.

ח

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט זיך שטערנבערג שוין אָנגעהויבן באַטראַכטן ווי אַן אייגענער אין שטעטל. דורכגייענדיק דעם מאַרק האָט זיך אים שוין געדאַכט, אַז ער איז אַ היגער גאָר. כמעט אַלע קענען אים שוין און גריסן זיך פריינטלעך. אַנדערע שטעלן זיך אָפּ כדי צו כאַפּן אַ שמועס מיט אים, טאַקע ווי מיט אַן אייגענעם.

אַ גרויסן חלק אין דעם האָט געהאַט לייבל, וואָס האָט אַזוי שטילינקער־הייט, און רייבנדיק זיין דין נעזל פאַר צופרידנקייט אַרויף און אַראָפּ, געזען אַז אַלץ זאָל זיין כשורה. אַז ער זאָל זיך באַקענען מיט די ריכטיקע מענטשן, אַז זיי זאָלן אים באַגעגענען צופעליק, פאַרשטייט זיך, און יעדערן אויף זיין ריכטיקן פּלאַץ.

„וואָס זוכסטו מיך אַזוי אַריינצופירן אין געזעלשאַפט?״ האָט שטערנ־בערג זיך געוווּנדערט קענען לייבלס איינרעדן אים צו מאַכן זיך אַ נייעם אַנצוג אויף יום־טוב, כדי צו קענען קומען צווישן מענטשן ווי עס באַדאַרף צו זיין.

„פאַרשטייסטו מיך,״ האָט לייבל אויסגעלייגט זיין פּלאַן, „דאָס שטעטל אונדזערס איז אַ גאַנץ וואוילס, נאָר אַ פּיצלס. קומט אָן אַ מענטש באַמערקן אים אַלע, און אַלע זיינען נייגעריק צו וויסן נאָך וואָס ער איז געקומען אַהער, און נייגעריק איז אויך דער קאָמענדאַנט פון דער פּאָליציי. דאַרף מען זיך אַריינדרייען צווישן דער יוגנט און באַקענען זיך מיט אַ

גרויסער צאָל באַלעבאַטישע מענטשן, כדי מ׳זאָל אויפהערן צו זיין נייגעריק.״ באַזונדערס מיינט לייבל דאַרף ער זיך באַפריינדן מיט געוויסע מענטשן. ווער עס זיינען די מענטשן האָט ער אים נישט געזאָגט, נאָר געגעבן אָנצוהערן אַז דאָס זיינען אַזעלכע מענטשן וועמען אַלע קענען און זיי קענען אַלעמען. אַז אויב עפּעס מאַכט זיך פרעגט מען זיך נאָך ביי זיי. ביי אייניקע צוליב גרויס אָרנטלעכקייט און אָפּגעהיטענער נאַיווער ערלעכקייט, און ביי די אַנדערע — צוליב דעם וואָס די צונג איז דווקא אַביסל לויזלעך ביי זיי און דער האַלדז אי אַלעמאָל להוט נאָך אַ גוטן טרונק.

„מוסרים, הייסט עס,״ האָט שטערנבערג אַזש אַ ציטער געטאָן.

„חלילה. ביודעים איז אַזוינס ביי אונדז נישט בנמצא, נאָר לויזע צונגען פעלן נישט.״

איז גלייכער צו קענען אַלעמען, און ס׳איז אוודאי גוט, אַז דער קאָמענ־דאַנט זאָל אים זען אַרומגיין מיט פאַרשידענע מענטשן .ער איז נאָך אַ נייער דאָ און קען נישט אַלעמען. ער קען נאָך אַמאָל ווערן איינער פון זיינע באַקאַנטע אויך. ער האָט אַ טבע אַרויסצוקומען פאַרנאַכט שפּאַצירן מיט דער יוגנט און פריינטלעך שמועסן. ער וויל מכלומרשט זיין חבר מיט אַלעמען. אויסמיידן אים איז נאַטירלעך נישט כדאי.

זעענדיק אַז לייבל איז גערעכט, האָט שטערנבערג איבערגעלאָזט אַלצדינג צו לייבלען און זיך געלאָזט פירן וואו מ׳האָט באַדאַרפט און פאַרשטעלן פאַר וועמען ס׳איז נויטיק. און אומעטום מיטן זעלבן פּזמון: „זייט באַקאַנט מיט מיינעם אַ יוגנט חבר. געלערנט מיט מיר ביי יונה דעם קרעציקן.״

„זייער צופרידן. אַ היגער הייסט עס?״ האָט יענער זיך גלייך פאַרוואונדערט.

„לאה העניעס אַ פּלימעניק.״

„אויב אַזוי האָט ער דאָך טאַקע דאָ עפּעס שטעקן,״ האָט דאָס גאַנצע שטעטל געוואוסט, אַז לאה העניעס קרובים קומען נאָך ירושה.

„ער קומט דאָ צו זיין. ער איז אַ גוטער לערער,״ האָט אַלץ לייבל געהאַלטן אין פאַרשטעלן, ביז עס האָט זיך געמאַכט די געלעגנהייט אַז שטערנבערג זאָל איבערנעמען דעם שמועס.

אַרויסגעוויזן האָט זיך אַז לייבלס טאַקטיק האָט זייער גוט געאַרבעט. דערמיט וואָס ער האָט אים פאַרגעשטעלט פאַר פאַרשידענע מענטשן און פאַר אַ פּאָר פון „די לויזע צונגען״, האָט ער זיי גלייך געוואונען. זיי האָבן זיך געפילט געשמייכלט וואָס לייבל איז אַזוי פריינטלעך מיט זיי און זיינס אַ חבר באַקענט ער מיט זיי צום ערשטן. שטערנבערג האָט אויך שטאַרק הנאה

געהאַט פון די נייע באַקאַנטשאַפטן. נאָכן שטומען ווינטער וואָס ער האָט געהאַט, איז עס געווען אַ פרייד צו טרעפן מענטשן פשוטע, וואָס נעמען אים אויף ווי אַן אייגענעם און גריבלען זיך נישט. „פשוט, געקומען אַ מענטש, ווייל דאָ זיין, מהיכא תיתא, נישט אונדזער דאגה."

באַזונדערס האָבן אים הנאה געטאָן אַ צאָל מענטשן מיט וועלכע ער האָט זיך אויך אַזוי „צופעליק" געטראָפן. איינער פון זיי איז געווען מענדל די באָרד. אַ ייד מיט ברייטע פּלייצעס און אַ פּאָר פיס ווי די קלעצער, דערפאַר אָבער האָט ער געהאַט ווייכע הענטלעך און אַ פנימל פאַר אַ גראַשן וואָס איז אין גאַנצן דערטרונקען געוואָרן אין אַ ים געלע באָרד. מיטן גראָבן סענ־קעוואַטן שטעקן אין האַנט און גוטמוטיקן שמייכל אויפן פּיצל פּנים, איז זיך מענדל די באָרד אַרומגעגאַנגען אין מאַרק, מכלומרשט זיך געחכמהט דאָ מיט דעם דאָ מיט יענעם און אַזוי אויסגעחכמהט אַ פּאַרדינסטל פון מעקלעריי, צי גלאַט פון שטיין דערביי אָדער פשוט אַביסל לאָ יחרץ געלט. נישט חלילה ווייל עמיצן וועט איינפאַלן אַז מענדל די באָרד מיטן זיידענעם שמייכעלע וועט חס ושלום „רעדן", אָדער אונטערשטעלן אַ פּיסל, דאָס נישט — נאָר יעדערער האָט געוואוסט פון מענדלס ווערטל, אַז עס וואָלט יושרדיקער געווען ווען מ'רופט אים שתדלן, נישט מענדל די באָרד. אַ באָרד זאָגט ער, שערט מען אָפּ לאָ עלינו און אויס, אָבער אַ שתדלן וועט ער שוין בלייבן, ווייל כל ימיו וועט ער זיך דאַרפן משתדל זיין צו פאַרדינען אַ פּאָר גראַשן פאַר זיין ווייב און קינדער. און אַזוי ווי ער איז ברוך השם אַ יוצא ונכנס אין אַ סך באַלעבאַטישע הייזער, אַרט אים נישט וואָס ער קען דורכדעם אויך טאָן אַ מענטשן אַ טובה, אַמאָל דורך זאָגן און אַמאָל דורך נישט זאָגן. אדרבא, אויב עס גייט אַוועק אַ וואָך און ער דאַרף קיינעם קיין טובה נישט טאָן, הייבט ער אָן טראַכטן אַז ער איז שוין אפשר גאָר אַן איבעריקער מענטש אויף דער וועלט. מוז ער דעריבער ווערן אַ תובע בפה, זאָגט ער. אויב ער זעט אַז מ'קומט נישט צו אים בעטן אַ טובה, נעמט ער דעם שטעקן און טרעפט שוין צו וועמען פון די באַלעבאַטים און דערמאָנט אים מיטן האַרבן וואָרט: „הער נאָר דו אַזוינער און אַזעלכער, ס'איז דאָך היינט שוין דאַנערשטיק אויף דער וועלט, און מענדל שתדלן מעג דיר אַ טובה טאָן אויף שבת. „אַזוי פירט זיך ער שוין פון יאָרן. לצים זאָגן אַז עס איז אַ ירושה זאַך ביי אים. דער טאַטע זיינער איז געווען דער שטאָטישער שרייבער און אויך געוואוסט פון אַלע שווערע הערצער. נאָר דער טאַטע זיינער איז געווען אַ כעסן און אַ בעל גאווהניק, פלעגט זיך דינגען און זידלען, מענדל איז אַ דימענטענער מענטש און איז צופרידן מיט וואָס מ'גיט אים. „אבי מ'האָט מיך אין זינען, בין איך גרייט צו טאָן אַ טובה." שמייכלט ער גוטמוטיק מיט דער גאַנצער געלער באָרד.

מיט שטערנבערגן איז מענדל די באָרד געוואָרן אַ גוטער ברודער גלייך נאָך דעם ערשטן באַגעגענען זיך. ער האָט אים גענומען מיטן ערשטן ארויספּאָר:

„ר׳ מענדל, עס פרייט מיך איך צו קענען,״ האָט ער אים שמייכלענדיק געקוקט גלייך אין די אויגן אריין, „איר זענט אַ שתדלן און איך בין אַ נצרך, וועלן מיר אויסקומען.״

„דהיינו?״ האָט יענער גלייך געכאַפּט דעם מיין דערפון און דאָס נעזל האָט ביי אים גענומען גלאַנצן „וואָס מיינט איר דערמיט צו זאָגן?״

„איך מיין דערמיט, אַז איך וויל דאָ זיין אַ שטיקל צייט, קען איך באַדאַרפן אַ טובהלע דאָ און דאָרט. נעמט אַ פּאַפּיראָס, גאָר נישט קיין שלעכטער סאָרט, כמעט אַן אַמעריקאַנער,״ האָט אים שטערנבערג מכבד געווען.

„הערסטו ליבל,״ האָט דער שתדלן אַ צופרידענער גערעדט צו לייבלען און דערווייל אַרויסגעשלעפּט פון בוזעם קעשענע אַ נאָטיץ ביכעלע, „דיין חבר געפעלט מיר ביז גאָר. אַז ער פאַרשטייט אַן עסק איז ער דאָך פון מיינע מענטשן, בין איך זיך נוהג אַזעלכע צו פאַרשרייבן אינעם קאָנטע בוך וואָס איך פיר פון די היגע מענטשן. ווי אַ זאַך מאַכט זיך, לאָמיך וויסן ווער און וואָס און ווען. און לאָם איך שוין אַזוי לעבן ווי דו האָסט זיך כשר פאַרדינט אַן אמתן אַמעריקאַנער ציגאַר,״ האָט ער באַהאַלטן דאָס ביכעלע און דערלאַנגט לייבלען די זילבערנע טאַבאַקערקע פול מיט פּאַפּיראָסן, „דאָס איז אַ מתנה פונעם אָדון פון אַמעריקאַנסקי קאָמיטעט. נישקשה ער דאַרף אויך אַמאָל אַ טובה. ער זאָגט אַז מ׳קען אויס־פאָרן גאַנץ אַמעריקע און נישט געפינען אַזאַ ווי איך. אגב, וועל איך דיר אויסזאָגן אַ סוד, ער זאָגט מיר, אַז כ׳וואָלט דאָרט אויך געמאַכט אַ שיין לעבן. נו, ווי געפעלט דיר?״ האָט ער זיך גענומען געזעגענען, „אַ גאַנץ וואויל שטעטל ביי אונדז, אויב איר דאַרפט אַמאָל אַן הלוואהלע, אָדער גאָר אוועקגעבן געלט אויף פּראָצענט אָדער אַזוי עפּעס וואָס, וועט איר מיך טרעפן בלי נדר יעדן טאָג, אַ חוץ שבת און יום־טוב נאָך צוועלף דעם זייגער, אין מאָטל הויקערס פּאַלאַץ. איך וואַרט דאָרט אָפּ די פּאָטשט (פּאָסט). אַמאָל דאַרף מען זיך אונטערשרייבן פאַר אַן אַמעריקאַנקע (אַ פרוי וועמעס מאַן איז אין אַמעריקע), אַמאָל איז אַ נאָמען פאַרדרייט און רשעים טשעפּען זיך. עס פעלן ברוך השם נישט קיין טובהלעך צו טאָן.״

„ער וועט שוין אַכטונג געבן, אַז אַלע זאָלן דיך באַטראַכטן פאַר אַ היגן.״ האָט לייבל אַ צופרידענער פונעם דערפאָלג גענומען שטערנבערגן צום הויקערס פּאַלאַץ, האַלטנדיק פונעם ווערטל „שמיד דאָס אייזן כל זמן

ס'איז הײַנט". ס'איז דאָך שוין אָט אָט פּסח און קיין מצה האָט ער נאָך נישט, מעג דאָס זײַן דאָס ערשטע טובהלע וואָס ער וועט פאַרלאַנגען פון דעם שתדלן.

מאָטל דעם הויקערס דירה איז ווי אַן אמתער פּאַלאַץ געשטאַנען אויף אַ בערגל, אַביסל אין דער זײַט פון דער הויפּט גאַס. אַ גרויסע אָפּגעהובלטע געבײַדע מיט אַ̃ן אײַנגעפּאַלענעם דאַך, וועלכע איז אַמאָל געווען אַן אײַנפאָר הויז, און זינט זי איז אַריבער צו דעם הויקער אין די הענט אַרײַן איז עס דער זאַמלפּלאַץ פון אַלע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן אין שטעטל. אַ חוץ דער שולע און ביבליאָטעק וואָס האָבן אַנדערע דירות, געפינען זיך דאָ אַלע שטאָטישע קאָמיטעטן מיט דער פאָלקס קיך, וואו עס עסן די אָרעמסטע פון שטעטל און אַנדערע שיקן די קינדער צו נעמען געקעכטס און טרוקענע פּעקלעך עסן, וואָס אַ גרופּע פרויען גרייטן צו פון די אַמעריקאַנער פּראָדוקטן.

דער פּאַלאַץ באַשטייט פון אַ פּאָר גרויסע צימערן און אַ לאַנגען און טונקעלען שאַלאַש אַזאַ, וואו עס וואַלגערן זיך נאָך עד היום אַ פּאָר אַלטע וואָגנס און האַלב פאַרפוילטע רעדער, אַ זכר פון די צײַטן ווען דאָס הויז איז געווען פול מיט די וואָגנס פון צוגעפאָרענע סוחרים אָדער מיט חסידים געקומען אויף יום־טוב צום רבין. איצט געהערט דאָס גאַנצע הויז צו מאָטל הויקער, וואָס איז דער אײנציקער פון בערל גבאים משפּחה, וואָס האָט זיך געראַטעוועט פון דער כאָלעריע און פון די באָמבעס בשעתן אָנקומען פון די דײַטשן אין 1915. שטאָט האָט רחמנות געהאַט אויפן קאַליקע און אים צוגעשאַרט פאַרדינסטלעך ביי קהלישע געשעפטן. אים האָט מען אויך איבערגעגעבן צו ברענגען די פּאָסט פון דער ראַיאָן שטאָט, און אַ צוויי דריי מאָל אין וואָך, פלעגט ער זיך אָנטאָן דאָס היטל מיטן גלאַנציקן דאַשיק און אַרויסלאָזן זיך איבערן שטעטל צו פאַרטיילן די בריוו, וועלכע זײַנען געלעגן אין דעם טאָפּל זעקל וואָס איז געהאַנגען אויף זײַן האַלדז און אין גאַנצן פאַרדעקט דעם הויקער פון הינטן און פון פאָרנט. מיט אַ שײַנענדיק פּנים האָט ער געשפּאַנט אויף די בריקלעך און אַרײַנגערוקט די דאַרע ראַכיטישע הענטלעך, דאָ אינעם פאָרנדיקן טייל און דאָ אינעם הינטערשטן טייל פונעם טאָפּל־זעקל; און מיט אַ קולכל, וואָס איז דאַכט זיך געקומען ערגעץ פון הינטער דעם זעקל, פון די סאַמע אויסגעדרייטע פּיס, וואָס האָבן זיך בסדר געפּלאָנטערט איינער אינעם אַנדערן, האָט ער מיט אַ מאָדנע ניגון אַרײַנגעזאָגט אין די הײַזער אַרײַן די ווערטער פון דער קינדער־שפּיל, וואָס ער האָט זיך אויסגע־לערנט אין שולע: „אָראַקל, אָראַקל, זאָג מיר אַצינד, צי ס'איז פאַראַן אַ בריוו פון אַ ליבן קינד?", אָדער „ענטפער מיר באַלד דו שײַנע מאַראַנע, האָסטו עפּעס גוטס פאַר די ליבע מײַנע?"

געוויינטלעך נעמט מען אים אויף זייער פרײַנטלעך, און פון אַלע הײַזער

לויפט מען אים אקעגן מיטן ברייטן „גוט מאָרגן" אין דער דערוואַרטונג, אַז ער זאָל שוין אויסרופן דעם אייגענעם נאָמען. אָפּט טרעפט זיך אָבער, אַז מ'יאָגט אים גוט אַדורך מיט אַ היפּשער פּאָרציע קללות, ווייל עס פאַרגלוסט זיך אים אַמאָל עמיצן אָנצוציען, זאָגט ער זיך אָפּ דעם גאַנצן פּזמון פאַר דער טיר שטייענדיק, און ווען יענער איז שוין אין דרויסן גרייט אָפּצונעמען דעם בריוו, שטעקט ער אַריין די הענטלעך אינעם זעקל און מיט אַ קוויטשיק קולכל און מיט גאָר אַן אַנדער ניגון שוין טוט ער אַ גראַם ווי אַ פּורים שפּילער: „מ'שרייבט אַ לאַנגען בריוו פאַר אייך, ווי נאָר ער קומט ברענג איך גלייך."

אַז יענער נעמט אויסבטלען אַלע בייזע חלומות אויף זיין קאָפּ, מאַכט ער זיך אויך נישט ווויסנדיק, פּונקט ווי עס מאַכט אים נישט אויס ווען עמיצער, אין גרויס צופרידנקייט פונעם בריוו וואָס ער האָט געבראַכט, רוקט אים אַריין אַ מטבע אין דער האַנט אַריין. ער גייט זיך זיין וועג אַ שמייכלענ־דיקער און טיילט פונעם זעקל וואָס ער פאַרמאָגט. ער קוקט זיך נישט אום אויף צוריק, ער ווייסט אַז אַ טשאַטע ייִנגלעך גייען אים נאָך און אין אַלע הייזער קוקט מען אויס, אַז ער זאָל זיך אָפּשטעלן פאַר זייער טיר. זיין פּנים שיינט אויף ווען ער טאַפּט אָן אַ גראָבן בריוו פון אַמעריקע. דאָס מיינט געוויינטלעך אָן אָנווייזונג אויף אַ שיפסקאַרטע אָדער פאָטאָגראַפיעס, און די אויפרעגונג וואָס דאָס ברענגט אַריין אין הויז קומט גלייך מיט אים. ער פילט זיך עפּעס ווי אַ שותף צו דער בשורה, ווי ער אַליין וואָלט עס צוגעגרייט. מיט אַ יום טובדיקן ניגון דערלאַנגט ער דעם פּאַקעט און טענצלט זיך אונטער מיט קינדערישער הנאה. „איר זאָלט מיר דערלעבן צו קריגן און קריגן און איך זאָל כוח האָבן צו טראָגן און טראָגן . . ."

בלויז פאַרן הויז פון בערל טויב, דער לערער פון שטעטל, גיט ער פריער גוט אַכטונג צי ער האָט עפּעס, און אויסהוסטנדיק זיך שטעלט ער זיך אַריין אין הויז מיט גרויס דרך ארץ: „גוט מאָרגן, אדוני מורה," שלעפּט ער אַרויס פונעם זעקל וואָס ער האָט און קוקט זיך גוט איין אינעם צוריק אָדרעס פונעם בריוו אָדער פּעקל און זאָגט אָן מיט גרויס פרייד: „ס'איז אַ נייער נומער, „העולם", און אָט איז די „צוקונפט" אדוני מורה. איר'ט שוין האָבן אַ פריילעכן שבת. כ'וועל עס איבערגעבן דער חברה," שיינט ממש זיין פּנים זעענדיק ווי דער לערער נעמט אַראָפּ די ברילן און רוקט אַריין די קורצזיכטיקע אויגן אין די שורות אַריין.

„זייער גוט מאָטעלע, זייער גוט. קום צו שבת, וועלן מיר אַביסל אַרייַנ־קוקן. פיינע זאַכן, ווייזט אויס. זאָג טאַקע דער חברה," באַגלייט ער אים ליבלעך צו דער טיר.

„מירן שוין ברענגען שבת אויבס אויך," טענצלט ער אַרויס אַ צופרידענער און דאָס טאָפּל־זעקל הוידעט זיך לעבעדיק אויף ביידע הויקערס.

אויפן וועג צוריק אין פּאַלאַץ אַריין דערוואוסט זיך שוין דאָס שטעטל וועל נאָך עס גרייט זיך צו פֿאָרן קיין אַמעריקע, און מענדל די באָרד שפּאַנט שוין גלייך אין יענעם הויז אַריין אויסצוגעפינען צי קען ער נישט אַ טובה טאָן ביים מאַכן דעם פּאַספּאָרט.

צוליב זיין אַמט און צוליב דעם וואָס אַלע קהלישע קאָמיטעטן האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין זיין פּאַלאַץ, האָט דער הויקער געוואוסט פון אַלע שווערע הערצער, און אין שטעטל האָט מען זיך געשושקעט, אַז ער איז שטילערהייט אַ שותּף צו אַלע טובות וואָס דער שתדלן טוט, און אַז די קאָמיטעטשיקעס פון אַמעריקאַנער הילף טוען זיך נישט קיין ריר אָן אים.

„ווילסט אוודאי נאָך אַביסל זעמל־מעל (מצה מעל), איז דער הויקער אַנטקעגן געגאַנגען לייבלען מיט אַ קוויטשיקל, „ניקס צו מאַכן, שטו גוניש . . .״ (מ׳קען גאָרנישט אויפטאָן, עס איז נישטאָ גאָרנישט), האָט ער געחוזקט האַלב אויף דייטש, האַלב אויף פּויליש יידיש. דערביי האָט ער אים געוויזן מיט די הענט, אַז פּאַר געלט קען מען פון דעסטוועגן עפּעס טאָן. לייבל האָט צוריקגעשמייכלט און געוואָלט אַריין אינעם גרויסן שאַלאַש אַריין. דער הויקער האָט אים אָבער פאַרשטעלט דעם וועג.

„מאַך זיך נישט נאַריש, לייבל, מיט די שיינע יידן דאָרט. זיי וועלן אַ נאַש בראַט (אַן אונדזעריקן) נישט געבן. מיט אַן אונדזעריקן גייען זיי מיט סאַמע יושר: עס איז נישט קיין יושר, אַז איינער זאָל האָבן מער און דער אַנדערער ווייניקער . . .״ האָט ער גענומען נאָכמאַכן יואַלטשע גבאי, וואָס איז דער ממונה אויפן אויסטיילן די אַמעריקאַנער פּראָדוקטן, „אונדזערע אַמעריקאַנער ברידער האָבן געמיינט צו העלפן אַלעמען גלייך. ס׳זיינען דאָ נאָך יידן אין שטעטל. איר פאַרשטייט, ס׳איז נישט קיין יושר, נאָר לויטן קוויטל וועט איר קריגן און דאָס גאָר.״

„און אַז מ׳האָט נישט קיין קוויטל?״ האָט שטערנבערג אַריינגעשטעלט אַ פראַגע.

„אַז מ׳האָט נישט קיין קוויטל,״ האָט דער הויקער זיך ערשט אַרומ־געקוקט אויפן גאַסט און אַזוי מיט אַ ניגון געצויגן די ווערטער, „אַז מ׳האָט נישט קיין קוויטל, איז סיידן ווי ר׳ יואַלטשע זאָגט צו אַ שיינעם יידן, אָדער צו איינעם וואָס מ׳האָט מורא פאַר אים; אַז איר זענט פּשוט נישט מיט אַלעמען, איז דאָך נישט שייך צו זאָגן. צוליבן געזונט מעג מען דאָך טאָן לפנים משורת הדין. איך מיין דעריבער, אַז ס׳איז דאָך פּשוט אַ מצווה אַז אַזאַ ווי איר זאָלט קריגן מער. פאַר וואָס זשע האָט איר פריער נישט געזאָגט אַז איר זענט נישט מיט אַלעמען לא עלינו?״

„כ'האָב געמיינט צו בעטן ר' מענדלען צו זאָגן אַ גוט וואָרט פאַר אים. ס'איז מיינער אַ חבר, לאה העניעס פּלימעניק," האָט לייבל אויסגענוצט די געלעגנהייט און אים פאַרגעשטעלט.

„קומט דאָך אים אַ ברייטער שלום עליכם!" האָט דער הויקער געגעבן אַ שפּרינג אונטער און איבערגעפרעגט: „ווי אַזוי זאָגסטו, הייסט ער? כ'וואָלט געשוואָרן אַז כ'האָב אייך שוין ערגעצוואו געזען?" האָט ער שטאַרק געדריקט שטערנבערגס האַנט.

„איך האָב דאָ געלערנט אין חדר אין אָנהייב פון דער מלחמה."

„אהא, איצט דערמאָן איך זיך. צו לאה העניען זיינען געקומען קרובים פון יענער זייט. האָט איר געלערנט ביי ר' אהרולע פּאַנפּאַל?" האָט ער אַלץ נישט אָפּגעלאָזט שטערנבערגס האַנט, „אלו מציאות שלו," האָט ער זיך צעלאָזט מיט אַ גמרא ניגון אונטער דער נאָז, נאָכמאַכנדיק דעם רבין וואָס פלעגט רעדן אונטער דער נאָז.

„דאַכט זיך אַז יאָ, און ביים קרעציקן אויך."

„אויב אַזוי, זענט איר דאָך איטשע מאיר מיט די ביינער. איר געדענקט ווי מיר פלעגן אייך רופן: אישטע מייער, 'עסט עסן פלאַיש מיט באַינער? קום זשע אריין צו מיר צום ערשטן. ס'וועט שוין זיין רעכט, דו דאַרפסט נישט שטיין ווי זיי דאָרט," האָט ער אַ וווּנק געטאָן אינעם פינצטערן איינפאָר הויז אריין, וואו עס זיינען געשטאַנען אין צוויי רייען פרויען און קינדער און אַלטע לייט וואַרטנדיק צו קריגן עפּעס פון די אַמעריקאַנער פּראָדוקטן. קיין פּנימער האָט מען נישט געקענט זען, נאָר קולות האָבן זיך געטראָגן פון דאָרט בייזע, צערייצטע און ביטערע:

„ער זאָל אַזוי כוח האָבן צו גנבענען, ווי איך האָב כוח צו שטיין אויף די פיס פון פאַרטאָג אָן."

„מיינער, גיט זיך דאָרט געגנוג אָן אין דעם אַמעריקע און איך דאַרף בעטלען גאָר."

„נו, נו, מ'גנבעט דאָ נישט," האָט זיך מענדל די באָרד ברייטלעך אריינגעמישט און צוגעקלאַפּט מיטן שטעקן אויפן דיל, „ס'איז דאָ פאַר אַלעמענס וועגן, און באַלעבאַטים טיילן אוים מיט יושר," האָט מען נישט געקענט וויסן צי ער שפּאַסט אָדער רייצט זיך אַזוי, „האַלט נאָר גרייט די קוויטלעך, וועט איר קריגן אפילו פון פויגל מילך."

„ביינאַכט טראָגן יואַלטשעס בנים אַלץ אַרוים."

„אַז טראָגן זאָל מען זיי שוין, האַרצעדיקער פאָטער."

„קיין לעפל ווארעם וואסער נישט געהאט אין מיין מויל א גאנצן טאָג."

„נעכטן אָפּגעשטאנען א טאָג, אז ס'זאָל זיך זיי שוין שטעלן, מיינע שונאים, איובס צרעת."

„מ'איז שוין אזוי אויך גענוג פארשאָלטן," האָט אן אנדערע נישט געקענט פארטראָגן די קללות, „הערט דאָרט אויף."

„הערט אויף פּיסקעווען!" האָט ירוחם דער שומר א באַסעווע געטאָן מיט זיין צערפּעטע קול צורעכט מאכנדיק אויף זיך די מעשענע קאסקע, פון וועלכער ער קען זיך נישט שיידן זינט ער איז געווען א פייער לעשער, „די קיך עפנט זיך שוין!" האָט ער א לויף געטאָן צווישן די שורות, „א גריץ היינט דאָ, פארן קייסער צו שטעלן," האָט ער אויפגעעפנט א טיר אין א חדר אריין וואו עס איז געווען די פאָלקס קיך און אריינגעלאָזט די שורה מיט די קינדער.

„האָסט עס אליין פארזוכט?" האָט מענדל די באָרד איבערגעשריגן אלעמען.

„אוודאי א דריי שיסלען," האָט זיך שוין ווער זיך א וויצל געטאָן אויף ירוחמס חשבון, וואָס איז באקאנט פאר א גרויסן אכלער.

„מיט א גאנץ ברויט פאררויבן, האָט ירוחם א פריילעכער זיך אזש באלעקט, „עס גליטשט זיך ווי א האָניק טייגל."

„וויפל לעבעלעך האָסטו אויפגעלאָזט אין פאסיק, ירוחם?" האָט אים יענער נישט אָפּגעלאָזט.

„ביזן לעצטן," האָט ירוחם גוטמוטיק אָנגענומען דעם חוזק און זיך געגלעט אין בייכל, „זעסט, דער פאסיק ליגט זיך איצט אזוי קיילעכדיק א מחיה. א לעבן אויף קאָלאָמבוסן דאָרט מיט אונדזערע יידעלעך."

„אים איז גוט, נעמט פון גרייטן," האָט זיך א יידענע א קרים געטאָן.

„פאר וואָס דען נישט?" האָט ירוחם שוין כמעט א באליידיקטער א דריי געטאָן די דיקע שווארצע וואָנצעס, „פיר יאָר נאָכאנאנדער געשטופּט אין בויך אריין זעגעכטס מיט קלייען און נאָך געדאנקט דעם פריץ פאר דעם. איצט דאנקען גאָט דערפאר."

„אין ווער זשע האָט דיר א טובה געטאָן?" האָט דער שתדלן געפונען וואו אריינצושטעלן זיך.

„פאר גאָט, דערנאָך דו, גאָספּאָדין שתדלן," האָט זיך ירוחם א שטעל געטאָן פאר מענדלען, און דער גאנצער עולם האָט אויסגעשאָסן אין א געלעכטער.

„אַט אַזוי האָב איך ליב,״ האָט ירוחם אַזש אָנגעקוואָלן, „אַט על׳ך זען צי מ׳וועט שוין באַלד טיילן,״ האָט ער אָן עפן געטאָן די טיר פון אַ צווייטן חדר, פון וואַנען מ׳האָט טאַקע באַלד גענומען אויסטיילן פּעקלעך מיט פּסחדיקע פּראָדוקטן.

„איינציקווייז, איינציקווייז!״ האָט ירוחם מעשה קאָמאַנדיר איינגעהאַלטן די שורה, „האַלט גרייט די קוויטלעך. נאָך נייע קוויטלעך גייט אין קאָמיטעט אַריין. מ׳וועט טיילן מלבושים אויך,״ האָט ער זיך אַזש פאַרכליניעט פון פרייד. „ס׳איז אָנגעקומען אַ גאַנצער טראַנספּאָרט. איר מיינט חלילה אַלטוואַרג? אסור זאָל מיר זיין. אַלץ נייע זאַכן, אפשר איינמאָל געטראָגן.״

„זיי פאַרגינען זיך שוין איינמאָל דאָרט אין אַמעריקע!״

„פאַר וואָס זשע פאַרגינט איר זיי נישט?״ האָט ירוחם זיך צעבייזערט אויף דער זלידנער יידענע, וואָס לאָזט נישט אַרויס פון מויל קיין גלייך וואָרט פאַר קיינעם.

די יידענע האָט זיך אָבער פאַר אים נישט דערשראָקן און ערשט אויף אַן אמת אַרויס מיט איר מענה לשון, אַז דאָס לעצטע מאָל האָט מען איר געגעבן אַ פּאָר אַלטע אויסגעדרייטע שיך מיט שפּיצן ווי די פּלעקער און אַ פאַרפּלעקט קליידל, וואָס זי קען אפילו נישט אָנטאָן. ס׳איז צו שמאָל אויף איר. „אַז מ׳שיקט שוין יאָ, זאָל עס זיין געשיקט, נישט בלויז יוצא געוועזן פאַרן אייגענעם שוואויל טאָג,״ האָט זי פאַרענדיקט מיט אַ טראַסק.

„אַ געשענקט פערד, קוקט מען נישט אין די ציין אַריין,״ האָט דער שתדלן אַ קעם געטאָן די געלע באָרד און באַלד געקראָגן אַ פּאַרציע פון דער יידענע.

„איך וועל אייך דאָ באַלד געבן אַ פערד מיט ציין, וועט איר ביי מיר גריזשען קאַקאַרוזע מיט די הוילע יאַסלעס. מיינט, אַז מ׳ווייסט נישט וואו ס׳קומען אהין די נייע זאַכן. אַזאַ יאָר אויף מיר ווי די אַמעריקאַנער האָבן אונדז אין זינען,״ האָט זי פּלוצים געביטן די טענה, „מ׳שיקט פון דאָרט פון כל הגוטס, נאָר דאָ שוימען זיי אָפּ די סמעטענע.״

„הערט שוין אויף, אַלעמאָל די זעלבע געשיכטע, עס וועט איר גאָר נישט נמאס,״ האָבן אַנדערע זיך געשראָקן, אַז אויב מ׳וועט דערהערן אינעווייניק וואָס דאָ קומט פאָר, וועט מען גלייך אויפהערן טיילן, ווי עס האָט שוין נישט איינמאָל געטראָפן, „איר ווילט זיך קריגן, גייט אַהיים צו זיי. וואָס האָט איר צו אונדז?״

„אַ רייז יושקע! מיט מאַרכביינער!״

„מיט צוקער באָבעס!״ זיינען אַ כאַפּטע קינדער אַרויס פון דער קיך

מיט פולע טעפּלעך יושקע און זיך געלאָזט מיט אַ שמחה אַהיים, כדי צו פּראַווען די סעודה צוזאַמען מיט די אַנדערע מיטגלידער פון דער משפּחה.

„גאָט זאָל זיי דאָרט אַזוי מחיה זיין, ווי זיי זיינען אונדז דאָ מחיה," האָט אַן עלטערער ייד זיך אַריינגעמישט, „ווען נישט זייער הילף וואָלט מען דאָך דאָ חלילה אויסגעגאַנגען."

„דאָס זאָג איך דאָך," האָט ירוחם פון צופרידנקייט אַ פּאַרצי געטאָן דעם פּאַסיק אַרום די הויזן און גלייך געמאַכט די מעשענע קאַסקע אויפן קאָפּ, „איך זאָג, דאַנקען גאָט דערפאַר. פאַר גאָט, און דערנאָך די יידן פון אַמעריקע, זעמיר חלילה נישט הונגעריק און אַ נאַש בראָט קען זיך פאַרגינען צו עסן אַ פולע שיסל דריי מאָל אין טאָג. אַ לעבן אויף זיי דאָרט." האָט ער זיך אַזש באַלעקט בלויז פון דער הנאה פון רעדן פון עסן, „מיערטשע־שעם אַז די וועלט וועט ווערן פריי, מ'וועט זיך קענען אַ ריר טאָן, וועל איך גאָר געבן אַ פאָר צו קיין אַמעריטשקע און וועל זיי זאָגן אונדזערע יידעלעך: דאַנקען גאָט דערפאַר!"

„הלוואי פון דיין מויל אין גאָטס אויערן אַריין," האָבן עטלעכע מיט אַמאָל פרום זיך געוואונטשן.

דער שתדלן אָבער קען זיך נישט איינהאַלטן פון אַ קיבעץ טאָן:

„מיט דער קאַסקע וועסטו אַ פאָר טאָן, ירוחם? ס'וועט שוין איינמאָל אַ בליאַסק טאָן דאָרט."

„אפילו מיטן פּאַסיק, מענדעלע קרוין," לאָזט זיך ירוחם נישט אַריינ־ברענגען אין כעס, „און דיר וועל איך דאָ איבערלאָזן די שיסל מיטן גאַנצן קאָמיטעט," האָט ער זיך אַ נייג געטאָן פאַר אים מיט אַ קניקס און אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער.

„מ'גיט היינט מיט דער פולער מאָס," האָט זיך ווער אַ צופרידענער אַרויסגעשטופּט פונעם טייל־צימער.

„רינט שוין ווייזט אויס איבערן מויל."

„נו, גערירט זיך, האָט ירוחם גענומען אונטעראייַלן די וואָס האָבן שוין געקראָגן זייערס זיי זאָלן אַהיימגיין, „נאָכן סדר וועט איר קענען שטיין וויפל איר וועט וועלן, איצט זאָגט אַ גוטן יום־טוב!"

„גם אתם, גם אתם!"

* * *

אין אָוונט האָט אַ טרעגער צוגעטראָגן צו לאה העניען אַ גאַנצן פּאַק מיט פּסחדיקע פּראָדוקטן.

„ביסט דאָך עפּעס גאָר אַ מזלדיקער," איז זי געווען איבערגליקלעך, „אַפילו גרייטע מצה־פֿערפֿל האָסטו דאָך געקראָגן. וואָס דען, אַז מ'האָט אַ צד אין שיסל איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש. זיי נעמען זיך אַליין אָן פֿון כל טוב, די שיינע יידן." האָט זי פֿון דעסטוועגן נישט געקאָנט איינהאַלטן אַביסל תרעומות, „מ'זאָגט אָבער, אַז ביינאַכט טראָגט מען איבער פֿונעם קאָמיטעט גאַנצע פּעק. ס'איז ווייזט אויס טאַקע אמת, אָט האָסטו דאָך געקראָגן אָן אַ קוויטל אַפילו. זאָלסט געווען קריגן אַביסל בוימל, מ'זאָגט אַז ס'איז ממש טעם גן־עדן. ווייסט יצחקל, יעדעס מאָל ווען כ'קריג עפּעס פֿון דאָרט, גיט מיר אַ טיאַבק אין הארץ," האָט זי איבערלייגנדיק די פּראָדוקטן זיך שיר צעוויינט, „עפּעס ווי מיינער דאָרט וואָלט עס מיר אַליין געשיקט. טיילמאָל זוך איך אַפילו אין די קעסטעלעך . . . מ'זאָגט אַז מ'האָט געפֿונען בריוולעך און געלט אין טייל זאַכן . . . ס'איז אפשר אַ נאַרישקייט, אָבער יעדער שטיקל פּאַפּיר פֿון דאָרט איז מיר טייער. עס באַקומט זיי אוודאי נישט דער ביסן דאָרט צוליב אונדז. דערפֿאַר גיבן זיי אַזוי פּיל, אַ קליינינקייט אויסצהאַלטן אַ גאַנצע שטאָט . . . ווייזט אויס אַ פֿעט לאַנד דאָס אַמעריקע. נישט אומזיסט וויל מיינער נישט אָפּטרעטן פֿון דאָרט. ער וויל בשום אופֿן נישט קומען אַהיים. און ס'איז מיר אַזאַ הארצווייטיק איבערצולאָזן דאָס אַלץ דאָ אָ וואו כ'האָב אַזוי פּיל געבלוטיקט. יעדעס שטיינדעלע דאָ איז דאָך מיט שוויים באַנעצט. און ווי לאָזט מען דאָ איבער די מאַמען איינע אַליין אויפֿן פֿעלד? און די לעבעדיקע, מישטיינס געזאָגט, ווי אויפֿן וואַסער. זעסט, יצחקל," האָט זי אים אָנגענומען ביי דער האַנט און געוויזן אויף די ווענט, „יעדעס שפּענדל דאָ אין וואַנט איז אַן עדות אויף מיין געפּייניקטקייט אין דעם הויז, איז ווי זשע לאָזט מען דאָס אַלץ און מ'גיט אַ גיי אַוועק ווי אַ קאַץ פֿון דער סמעטענע? וואָס זשע וועט אָבער זיין דער תכלית?" פֿרעגט זי און ענטפֿערט זיך אַליין, „לעבן מיט די לייַדיקע קראָמען?"

זי איז געשטאַנען אין מיטן צימער און געהאַלטן אַ פּעקל פּסחדיקע פּראָדוקטן אין דער האַנט און כמעט ווי געערדט דורך דעם צום מאַן אין אַמעריקע. דאָס גאַנצע פּנים איז איר געווען אָנגעשטרענגט און באַצערט. בלויז דאָס קול אַ מילדם האָט זיך ווי געבעטן און דערציילט נישט צום ערשטן מאָל שוין, אַז זי איז שוין גענוג עלנט געווען אין איר לעבן. איצט איז שוין צייט, אַז זי זאָל אויך וויסן פֿון אַ לעבן צו זאָגן מיטן מאַן און די קינדער צוזאַמען. זי האָט שוין גענוג געליטן נויט און דחקות, גענוג זיך אָנגעמאַטערט. אין די מלחמה טעג האָט זי נישט איינמאָל איינגעשטעלט דאָס לעבן כדי צו

שפּייזן אירע קינדער, אַריבערקריכנדיק די שמאָלע שטאַנגען פֿון דער פּאַר־ברענטער לאַנגער בריק אַריבערן טייך. עס שטייט איר נאָך פֿאַר די אויגן איר ראַטשקען זיך איבער דער צעבראָכענער בריק מיט אַ זעקעלע מעל אויף די פּלייצעס און אַ פּאָר פֿונט בעבלעך איינגעבונדן אין פֿאַרטעך. ס'איז געווען פּורים צייט, ווינטיק און נאַס און נעפּלדיק, קוים וואָס מ'זעט וואו מ'איז אין דער וועלט. און דאָ טוט נאָך מיט אַמאָל אַ פּלאַץ די קריע מיט אַזאַ האַרמידער ווי די גאַנצע בריק וואָלט איינגעפאַלן אונטער איר. ס'טוען איר נאָך איצט ווייִ די פֿינגער פֿונעם אָנהאַלטן זיך אינעם קאַלטן אייזן. טאַקע נאָר אירע טרערן און אירע תּפֿלות האָבן פּועל געווען, אַז זי זאָל זיך דער־ראַטשקען בשלום אויף דער אַנדערער זייט. און וואָס זי איז זיך אויסגע־שטאַנען פֿון די היצליעס, די קאָמענדאַנטן, צום ערשטן דייטשן, דערנאָך עסטרייכער, דערנאָך אוקריינער און פּאָליאַקן. מילא, איצט איז מען כאָטש זיכער מיטן לעבן, אָבער וואָס פֿאַר אַ פּנים האָט מען דאָ איצט? מ'קוקט זיך דען אום אויף אַ יידן? אַ ליאַדע שייגעצל איז אַ גאַנצער באַלעבאָס.

„דו ווייסט וואָס איך וועל דיר זאָגן,” איז זי צוגעקומען צו שטערנ־בערגן און זיך צוגעזעצט לעבן אים, „איך האָב זיך איבערגעטראַכט, אַז ס'איז פֿאַר דיר אויך נישט קיין תּכלית דאָ צו בלייבן. וואָס מישטיינס געזאָגט וועסטו שוין האָבן, אַז דו וועסט חתונה האָבן דאָ? ציטערן דערנאָך פֿאַר יעדן קנעפּל. עס וואָלט שוין געווען אַ בעסערער פּלאַן זאָלסט פֿאָרן מיט מיר קיין אַמעריקע.”

„איר פֿאָרט דען שוין?” האָט ער זיך גלאַט אַזוי אַ וויצל געטאָן, „און וואָס וועט ווערן פֿונעם אָנקוקן זיך?”

„גיי שוין, גיי דאָרט, מאַכסט חוזק. דו האַלטסט דאָך נישט דערביי סיי ווי, אָבער פֿאָרן ווילסטו דאָך.”

„וואָס דען איך וויל נישט? איר ווילט דאָך אָבער נישט פֿאָרן.”

„כ'וואָלט אוודאי נישט געוואָלט, אָבער אַז ער וויל נישט קומען אַהער, מוז איך דאָך. די קינדער דאַרפֿן דאָך אַ טאַטן. די שיפֿסקאַרטעס האָט ער שוין אַרויסגעשיקט. כ'האָב דען אַן אַנדער ברירה? וואָלט איך כאָטש געהאַט עמיצן פֿון דער משפּחה לעבן זיך, וואָלט מיר אוודאי לייכטער געווען. דו ביסט דאָך שוין סיי ווי נע ונד. וואָס אַרט דיך וואו דו וועסט זיין? דאָס מלמדות וועסטו דאָרט אויך נישט אָנווערן.”

„ביי מיר האָט איר שוין באַלד געפּועלט,” האָט שטערנבערג זי געוואָלט צופֿרידנשטעלן.

„גיי איך טאַקע שוין שרייבן מיינעם וועגן דעם. כאָטש גוט וואָס איך האָב

דאָס שטיקל פּען אין דער האַנט און דאַרף נישט אָנקומען צו קיינעם. נישט אים מיין איך נאָר די וואַנט, כאָטש איין זאַך האָט ער שכל געהאַט, דער פּעטער מיין איך, שרייבן האָט ער מיך אויסגעלערנט. איי וועט זיך דאָס מיינער פּרייען מיט דיין קומען. ער איז דאָך אַזאַ גוטע נשמה, וואָס ווייסטו וואָס? פון אונטערן נאָגל אפשר קען ער דיר אוועקגעבן. ער וועט זיך מחיה זיין און איך וועל נישט אַזוי ציטערן צו פאָרן מעבר לים," האָט זי איינגעצן אַ באַרואיקטע שוין געגלעט דאָס פּעקל פּסחדיקע פּראָדוקטן מיט גרוים ליבשאַפט, „עס שמעקט אַרוים פונעם קעסטל. עס איז ווייזט אוים גוט פּאַרפאַקט, וואָס עס קען גיין אַזאַ מהלך און נישט קאַליע ווערן. זאָגסט עפּעס, יצחקל?"

„איך זאָג, אַז איבער אַ יאָר אין דער צייט, וועט איר שוין זיין אין אַמעריקע און וועט שוין גרייטן אַן אַמעריקאַנער פּסח."

„וואָס זשע מיינסטו, עס קען דען נישט מעגלעך זיין? ווי לאַנג נעמט דען דאָס פאָרן? דער עיקרשט איז נאָר איידער מ'קריכט אַרויף אויפן וואָגן. אָבער געדענק, דו פאָרסט מיט."

„מהיכא תיתא," האָט זיך שטערנבערג אַרויסגעדרייט פון אַ קלאָרן ענטפער.

## ט

שבת נאָכמיטאָג, איז שטערנבערג געגאַנגען מיט לייבלען צום לערער בערל טויב, וועלכער וואוינט אויף דער באָן־גאַס אין אַ נידעריק, האַלב איינגעפאַלן ירושה הייזל. דער דאַך אַ באַוואַקסענער מיט מאָך און משונה־דיקע ווילד געוויקסן, איז פון אַלע פיר זייטן אונטערגעשפּאַרט מיט משופּעדיק אויפגעשטעלטע בעלקעס, אַזוי אַז עס זעט אוים ווי דער דאַך וועט אָט באַלד זיך נעמען און אַ גליטש טאָן אַראָפּ צו דער נאָנטער לאָנקע, וואָס איז פול מיט ווילד גראָז, און איבערלאָזן אויף גאָטס באַראָט די איינגעבויגענע ווענט מיט די קליינע פענצטערלעך, וואָס קוקן שוין אַזוי אויף די אַרומיקע פעלדער און גערטנער פון כמה וכמה יאָרן.

אַמאָל האָט דאָס הייזל געהאַט אַ פּלויט אַרום זיך, און אַ סטעזשקע האָט געפירט פון דער פאָרטקע גלייך צו דער גרויסער שווערער פאָרנטדיקער טיר מיטן שווערן אויסגעטאָקטן געזימס פון דעמבענע האָלץ. איצט איז דער פּלויט צענומען. בלויז די פוילע סלופּקעלעך זיינען געבליבן און פון אַלע זייטן קען מען צוקומען צו דער אָפּגעהובלטער טיר, וואָס זעט אוים אָן דעם געזימס ווי אָן אַ קרוין אויפן קאָפּ. אינעווייניק אָבער דערקענט מען נישט די אַלטקייט. די געבויגענע ווענט זיינען באַהאַלטן אונטער גרויסע ראַמען,

פון וועלכע עס קוקן ארויס עלטערע יידן מיט ברייט צעפלאַכטענע בערד און הארטע קאשקעטן אויף די קעפּ, און יידענעס מיט ליכטיקע שטערנ־טיכלעך און גלאט פּארקעמטע הויכע הייבלעך. שויבן־שאפעס אָנגעפּאַקט מיט ספרים באַהאלטן אַלע שפּאַלטן אין די ווינקלען, און איבער אַלץ שפּרייט זיך אַ מין פייערלעכע רואיקייט פונעם לאַנגען טיש אין מיטן שטוב, וואָס איז אַלעמאָל געדעקט מיט אַ געבלימטן יום־טובדיקן טישטעך.

„בערל איז אונדזער שיינדל,״ האָט לייבל זיך איבערגענומען, „אַזעלכע ווי ער, זיינען נישטאָ קיין סך.״

דאָס גאַנצע שטעטל רופט בערלען ביים ערשטן נאָמען און מ׳לאָבט זיך מיט אים ווי מיט אַ גוטן וויין. מ׳דאַרף נאָר דערמאָנען אַז בערל האָט אַזוי און אַזוי געזאָגט און ס׳איז שוין געוונג, אַז אַלע זאָלן זיך גוט צוהערן. אפילו די פרומאַקעס האָבן דרך ארץ פאַר זיין ערלעכקייט און תמימות. פון זיין אופן פון לערנען זיינען זיי אפילו נישט שטאַרק צופרידן, זיי ווייסן אָבער אַז קענען קען ער אַ סך און מיינט אַלץ לשמה. אָרעמע קינדער לערנט ער אומ־זיסט, און אין די שווערע ווינטער קעלטן ווען אַ סך פון זיינע תלמידים קענען נישט קומען אין שולע אַריין, ווייל די שטיוועלעך זיינען צעריסן, פוילט ער זיך נישט אַרומצוגיין איבער די הייזער ביז שפּעט אין דער נאַכט און לערנען ביי דער שיין פון אַ קאַניצל, ביי אַ שוסטערישן טישל, אָדער ביי אַ ליכט פון אַ שניידערישן וואַרשטאַט. ער טוט דאָס מיט אַזאַ פּשטות, אַז אַלע אין שטעטל באַטראַכטן עס שוין אויך פאַר גאַנץ נאַטירלעך, אַז אין די שווערע קעלטן זאָלן די פאַר פאַרמעגלעכע תלמידים זיינע שוין ווייסן, — נישט צו דערוואַרטן בערלען ביי זיך אין דער היים, נאָר זיי דאַרפן זיך מטריח זיין צו אים אין שולע אַריין איידער ער גייט אַוועק אין די הינטערגעסלעך.

„אָרעמע לייט האָבן דאָך קיין ברירה נישט,״ האָט ער תמימותדיק נעגעבן צו פאַרשטיין צו די וואָס האָבן עס נישט געוואָלט ליידן.

פון זיין העברייאיש־יידישע שולע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין מיטן דער מלחמה, אין די צייטן פון די עסטרייכער, האַלטן טאַקע נישט אַלע, אָבער קיינער וועט נישט וואָגן עפנטלעך אַרויסצוטרעטן מיט אַ שלעכט וואָרט. אַלע ווייסן, אַז נאָר בערל איז בכוח געווען צו דערהאַלטן די שולע אין די שווערע צייטן, און אַז זיינע תלמידים זיינען פון די בעסטע אין שטעטל. ווען עס האָט זיך ביי אַ זיצונג פונעם אַמעריקאַנער הילפס־קאָמיטעט גע־האַנדלט ווענן געבן שטיצע צו דער שולע, האָבן אַ פּאָר פרומאַקעס געפּרואווט אַריינוואַרפן אַ וואָרט, אַז די אַמעריקאַנער יידן האָבן נישט געמיינט מיט זייער געלט צו העלפן אַ שולע וואו מ׳לערנט אָן היטלען. האָט דער אַלטער

דיין אַליין זיי פאַרמאַכט דאָס מויל מיט אַ פּסוק, וואָס ווערט איבערגעזאָגט אין שטעטל מיט גרויס צופרידנקייט: „אַל תגעו בּבּערל, רבותי. אַזעלכע ווי ער זיינען אַ זכות פאַר אַ שטאָט." פון גרויס דערשטוינונג האָבן די יידן נישט געוואוסט פון וואַנען אָנצוהייבן, האָט זיי דער דיין מסביר געווען: „וואָס פאַרשטייט איר דאָ נישט, רבותי, עס קען זיין אַז ער לערנט טאַקע בגילוי ראש רחמנא ליצלן, און ער וועט דאַרפן אָפּקומען דערפאַר השם ישמרנו, מיר טאָרן אים אָבער נישט מעניש זיין. איר ווייסט דאָך, אַז זיין מדריגה אין אהבת ישראל איז אין לשער."

ווען די עסטרייכער זיינען אַוועק, האָבן די לערער, מערסטנס פון גאַליציע, פאַרלאָזט דאָס שטעטל אין איילעניש. אין דער צעטומלעניש, האָט קיינער נישט געטראַכט וועגן דער שולע, אַפילו די לערער וואָס זיינען געבליבן אין שטעטל האָבן געהאַט בילעכערע זאכן צו באַזאָרגן. בלויז בערל טויב האָט אַפילו אין די טעג ווען ס'איז געווען אַ סכנה אַרויסצוגיין אין גאַס נישט פאַרפעלט צו קומען אין שולע.

„און אַז די עסטרייכער זיינען אַוועק, דאַרפן מיר דען דערפאַר אויפהערן צו לערנען מיט יידישע קינדער?" האָט ער איינגעטענהט מיט זיין ליבען, וואָס האָט זיך געבעטן ביי אים ער זאָל בלייבן אין דער היים. „די פרומע יידן האָבן דען חלילה אויפגעהערט צו דאַווענען און לערנען אַ בלעטל גמרא? מיינסט דאָך מיר נישט צו זאָגן, אַז מיין פּרשה חומש איז ווינציקער ווערט, אָדער ווייל די עסטרייכער זיינען אַוועק און די פּאָליאַקן האָבן זיך נאָך נישט איינגעשטעלט, מעג איך דערווייל מפסיק זיין און נישט לערנען מער מיט יידישע קינדער אַ פּרק ר' יצחק לייביש פּרץ, צי אַ פּסוק ר' חיים נחמן ביאַליק? דו מיינסט אַז דער זיידע ר' מענדעלע וואָלט אַנדערש געטאָן?" האָט ער זי ממש צוגעדריקט צו דער וואַנט. און ליבע, אַ קליינטשינקע, אַ דריבנינקע און שטענדיק אַ פאַרדאַגהטע פונעם גרויסן דלות מיט וועלכן זי קען זיך קיין עצה נישט געבן, האָט שוין געוואוסט, אַז ווען בערל נעמט ר' מענדעלען אויף פאַר אַן עדות, קען מען שוין גאָרנישט זאָגן קעגן דעם. אמת, יעדער שרייבער האָט ביי אים דעם טיטול „רבי", ער קען נישט פּועלן ביי זיך אַרויסצוזאָגן דעם נאָמען פּראָסט און פּשוט, אָבער ר' מענדעלען דערמאָנט ער זייער זעלטן. ער באַנוגנט זיך מיטן טיטול: „זיידע". בלויז אין באַזונדערע פאַלן דערמאָנט ער דעם פולן טיטול: „דער זיידע ר' מענדעלע". ער זאָגט עס אַרויס מיט אַזאַ פּיעטעט, אַז עס איז שוין נישט שייך אָפּצו־פרעגן גאָרנישט, — ר' מענדעלע אַליין וויל דאָך אַזוי . . .

זי האָט מער נישט געפּרוּווט אָפּצוהאַלטן אים. זי האָט געוואוסט אַז זי וועט גאָרנישט פּועלן. האָט זי אים בלויז זייטיק באַמערקט, אַז אויב ער

גייט שוין יאָ, זאָל ער למען השם נישט פאַרגעסן צוגיין צו די פּאָר לעקציעס וואָס ער האָט ביי פאַרמעגלעכע באַלעבאַטים. מ׳דאַרף דאָך אין הויז אַריין אויך עפּעס האָבן.

„ביסט טאַקע גערעכט, ליבע, זייער גערעכט," האָט ער איר צוגעזאָגט און אַריינגערוקט די קורצזיכטיקע אויגן אין דער ספרים שאַפע, „גוט וואָס דו האָסט מיך דערמאָנט."

„כ׳זוך מאָטל פּייסיען, זוך איך. כ׳וויל היינט מאַכן אַ שטיקל יום־טוב. די חברה זיינען נעבעך אַזוי אָנגעשראָקן, און ווער עס זאָל זיך אַ שפּיל טאָן מיט זיי איז נישטאָ. כ׳בין דאָך כמעט איינער אַליין," האָט ער אָפּגעזיפצט און שטיל אַרוים פון הויז.

די שולע איז נישט ווייט פון זיין הויז. ער איז אָבער נישט געגאַנגען גלייך אין שולע אַריין, נאָר זיך גאָר פאַרנומען צו דער גאַרבאַרניע גאַס, לעבן וואַסער, און פון דאָרט—מיטן בערגל אַרויף צו די וויינהייזער, וואו עס וואוינען די שניידערס, שוסטערס, די בלעכערס און סטאַליאַרעס, די שטריקנדרייער, סטעלמאַכעס און דאָרפסגייער. ער איז געגאַנגען פּאַמעלעך און מיט די קורצזיכטיקע אויגן געקוקט אויף די נידעריקע שטיבלעך מיט די האַלב פאַרפוילטע שטרויענע דעכער. די הייזער קען ער גוט, און נאָך מער גיבן זיי זיך צו דערקענען דורך די שילדן, וואָס הוידען זיך אויף די צעבראָכענע פּלויטלעך און דורך די פאַרשידענע צעבראָכענע שטיקער געצייג, וואָס וואַלגערן זיך פאַר די הייזער.

געזאָגט האָט ער גאָרנישט. ער האָט בלויז געקוקט אַרום זיך. עס האָט מכלומרשט געהייסן, אַז ער קוקט זיך אַזוי צו צו אַ פאַרזשאַווערט פעסל פאַרן סטעלמאַכס הויז און צו דעם צעבראָכענעם רעדל פאַרן שטריקנדרייערס טיר. אָבער אַלע האָבן גוט פאַרשטאַנען וואָס ער טוט דאָ.

„לערער בערל איז דורכגעגאַנגען," האָט איינער איבערגעגעבן דעם אַנדערן מיט הארץ.

„דער אדוני מורה," האָבן די עלטערע תלמידים געאיילט נאָך אים, און ווען ער איז צוגעקומען צו דער שולע, איז שוין דער קאָרידאָר געווען פול מיט קינדער, וואָס האָבן אים אויפגענומען מיט אָפענער ליבשאַפט.

„וואָס עפּעס אַזוי שטיל קונדסים?" האָט ער זיי אַלעמען אַריינגעפירט אין גרעסטן קלאַס צימער, „היינט וועלן מיר לייענען עפּעס אַ שיינס. זעצט זיך אוים וועלן מיר הערן ווי מאָטל פּייסיע דעם חזנס אין געוואָרן אַ גאַנצער מאַכער אין אַמעריקע."

„אָ, אָ," האָבן חברה זיך צעפּליעסקעט מיט די הענטלעך און בערלס אויגן פּייכטן פון פולן געמיט.

אויף אים קוקנדיק האָבן די אַנדערע לערער זיך אויך צוריקגעקערט און אַזוי אַרום דערהאַלטן די שולע אין די שווערע טעג.

מיט בערלען האָט זיך שטערנבערג באַקאַנט נאָך מיט אַ פּאָר טעג צוריק ביי אַ פאַרזאַמלונג אין ביבליאָטעק. געהייסן האָט עס, אַז ס'איז אַ געווינטלעכע זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג. אינעם האַלב טונקעלן ביבליאָטעק צימער זיינען מען געשטאַנען ווי געזעסן אַ צענטלינג בחורים און מיידלעך און שטיל זיך איינגעהערט צום באַריכט פונעם סעקרעטאַר. אויפן טיש איז געלעגן דער פּראָטאָקאָל בוך און די דערלויבעניש פאַר דער זיצונג אונטערגעשריבן פונעם קאָמענדאַנט אַליין. פונעם באַריכט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די צאָל מיטגלידער ווערט גרעסער און ס'איז נויטיק שוין איינצוקויפן נאָך ביכער. מ'וועט דאַרפן שיקן עמיצן קיין וואַרשע, ווייל אין דער נאָענטער קרייז־שטאָט קען מען גאָרנישט קריגן. מ'וועט אויך דאַרפן דורכפירן אַ ליטעראַרישן אָוונט אויף צו שאַפן געלט פאַר דעם צוועק. אין מיטן דער דיסקוסיע איז כמעט ווי אַריינגעפאַלן אין צימער אַ מיטל יאָריקער יונגערמאַן מיט אַ קיילעכדיק שוואַרץ בערדל אַרום דעם בלאַסן פּנים.

„וואָס עפּעס אין דער פינצטער?״ האָט ער קוים באַוויזן צו פאַרמאַכן די טיר און גלייך צוגעגעבן, „איר ווייסט חברה, מירן באַלד האָבן געסט. מ'איז געקומען פון לודמיר. ס'איז אַ סברא אַז מ'וועט היינטיקן זומער קענען אָוועקשיקן אַ פּאָר חלוצים, דאַרף מען זיך צוגרייטן. אָ, איר האַלט אין מיטן אַן ענין?״ האָט ער זיך פּלוצים געכאַפּט און זיך פאַרענטפערט, „איך לויף אָן אָן אָטעם, כ'האָב אַ פּלאַן פון שאַפן אַ קיבוץ. מ'דאַרף קריגן אַ שטיקל לאַנד,״ האָט ער אויף אַן אויסטערלישן אופן אויסגעבויגן דעם קאָפּ און מיט די קורצזיכטיקע אויגן אַריינגעקוקט אַלעמען אין די פאַרוואונדערטע פּנימער אַריין.

„קומט צו נעענטער, אַדוני מורה,״ האָט דער פּאָרזיצער מיט דרך ארץ אים איינגעלאַדן צום טיש און זיך ווי געבעטן ביי אים, „די חברים וואָלטן אפשר נישט געדאַרפט קומען אַהער. די דערלויבעניש איז נאָר פאַר דער ביבליאָטעק. מיר טאָרן נישט איינשטעלן.״

„און נישט אַלע זיינען פאַראינטערעסירט אויך,״ האָט עמיץ פון די שטייענדיקע אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט.

„אַזוי, נישט פאַראינטערעסירט,״ האָט בערל אויפגעכאַפּט דעם צווישנרוף, „וואָס איז, חיים? מיינסט טאַקע, אַז מ'מוז אייביק לעבן אין שרעק פאַרן מאָרגן, וואַרטן אויף משיחן זיצנדיק דערווייל אין בלאָטע.״

„חלילה,״ האָט יענער זיך אָפּגעטרייסלט, „מ'דאַרף די בלאָטע אויסטריקענען און טאַקע דאָ אויפן אָרט. מיר גרייטן זיך צו בויען דאָ.״

„זייט מיר מוחל, אנטשולדיקט מיר," האָט דער פאָרזיצער זיך גענומען בעטן, „נישט דאָ איז דער פּלאַץ דערפאַר."

„וואָס הייסט, נישט דער פּלאַץ דערפאַר?" האָט דער לערער אויסגעטאָן די ברילן און אַלעמען ארומגענומען מיט די ווייכע אויגן, „אומעטום וואו יידן קומען זיך צונויף איז דאָס ריכטיקע פּלאַץ. איר מיינט דאָך מיר נישט צו זאָגן, אַז דאָס גאַנצע איינשטעלעניש ארויסצוקריגן דאָס שטיקל פּאַפּיר פונעם אַדון איז געווען צו באוואָרענען די ביכלעך וואָס שטייען דאָ אין די שאַפעס. איך זאָג, אַז דאָ איז דאָס פּלאַץ צו באַטראַכטן אַלץ, און זיי דאַרט," האָט ער אָנגעוויזן אויף די שאַפעס, „לערנען אונדז טאַקע אויך אַזוי. ווען זיי זאָלן געווען ווארטן ביז עס וועט זיך מאַכן אַ ריכטיק און באוואָרנט פּלאַץ, וואָלט שוין פון אונדז לאַנג קיין זכר נישט געבליבן."

די גרופּע איז געשטאַנען ווי אויף הייסע קוילן. זיך דורכגעוואָרפן מיט בליקן צווישן זיך און נישט געקענט פארשטיין פאר וואָס דער לערער, וועלכער איז אַלעמאָל אַזוי געהיטן מיט אַ וואָרט און פאָרזיכטיק קיינעם נישט אָנצוטרעטן, איז עפּעס איצט אַזוי אויפגעקאָכט אַז ער קוקט זיי כמעט נישט אין די אויגן אריין, דאָס בלאַסע פּנים איז מאָדנע פארוויטלט און האלט אין איין צוקן.

„איר פארשטייט חברה, איר זענט פון די ערשטע וואָס האָבן די זכיה צו נעמען און צוגרייטן די איינגענע גאולה," האָט דער לערער נישט באַמערקט זייער איבערקוקן זיך.

„נישט אַלע ווילן אוועק פון דאַנען," האָט חיים זיך ווידער נישט איינגעהאַלטן, „מיר ווילן שאַפן די גאולה דאָ און ס'איז גאָרנישט אַזוי ווייט די צייט ווי איר מיינט."

„אוודאי נישט," האָט בערל אונטערגעכאַפּט יענעמס רייד, „ווער זאָגט דען? מיר דאַרפן דאָ אויך האָבן חלוצים. דו פארגעסט אַז דער זעלבער קיבוץ וועט זיין גרייט אויף אַלץ, אויף ארבעט און אויף פארטיידיקן זיך," האָט ער זיך ענדלעך אויסגעגעבן, צייל־נדיק די ווערטער, „זאָג איך, ווער דען, אויב נישט איר? איר דאַרפט זיך גרייטן, און אָט דאָס אַלץ וואָס איר טוט," האָט ער מיט אַמאָל גענומען רעדן געלאַסענער, „איז דאָך אויך צוגרייטונג. וואָס ווייסן מיר וואָס מיט אונדז וועט נאָך זיין. זאָג איך: קינדערלעך גרייט זיך צו אַלץ."

אין צימער איז געוואָרן אומהיימלעך שטיל. דער טונקל איז געדיכטער געוואָרן און איין גאַנצן פארשלונגען די גרופּע יינגלעך מיט מיידלעך. דער לערער האָט צוריק אָנגעטאָן די ברילן און גוטמוטיק זיך צעשמייכלט.

„האָט נישט קיין פאַריבל אויף מיר, כ'האָב נישט געמיינט אייך איבער־צושרעקן חלילה. איך מיין אַז איר ווייסט אַליין גאַנץ גוט ווי עס האַלט מיט אונדז. נו, מער וועל איך אייך שוין נישט שטערן. מירן נאָך רעדן וועגן דעם, האָט ער זיך געלאָזט אַוועקגיין פון טיש, מאָרגן אָוונט ביי מיר אין הויז."

נישט ווייסנדיק וואָס צו טאָן ווייטער, האָט דער פאָרזיצער געשלאָסן די זיצונג מיט דער עצה אַז מ'זאָל זיך פאַנאַנדערגיין וואָס שנעלער, ווייל עס איז שוין גאַנץ שפּעטלעך און די דערלויבעניש איז נאָר ביז צען אין אָוונט.

אויפן וועג צו דער טיר, האָט זיך בערל אָנגעשלאָגן אָן שטערנבערגן און אים אויסגעשטרעקט די האַנט ווי ער וואָלט אים שוין פון לאַנג געקענט.

„כ'האָב געהערט פון אייך."

„פרייט מיך זייער," האָט שטערנבערג געענטפערט, „וואוילע חברה, אייערע תלמידים."

„זאָגט עס זיי נישט. זיי וועלן זיך נאָך איבערנעמען."

„איז אויך נישט קיין עוולה. איר מעגט זיך אוודאי איבערנעמען מיט זיי."

„וואָס עפּעס איך?" האָט בערל נישט אָפּגעלאָזט שטערנבערגס האַנט, „גוטע ערד דאָ און אַ ליטיש בית־עולם . . . איר מעגט זיך אַמאָל דורכגיין אַהין, וועט איר אַליין זען וויפל אנשי שם די היגע קהילה האָט פאַרמאָגט. אין 15טן יאָרהונדערט נאָך ווערט די היגע קהילה שוין געררופן עיר ואם בישראל. פּוילן און וואָלין האָבן זיך צונויפגעלייגט און אויפגעשטעלט דאָס שטעטל פּונקט אויפן טייך „בוג". עס פעלט נישט אַראָפּ פונעם הימל, מיין פריינט," האָט ער אַ שמייכלענדיקער אים אויפגעקלערט נישט אָן שטאָלץ, „דער אַלטער יחוס אויפן היגן בית־עולם האָט אַ היפּשן חלק אין דעם צימער דאָ."

„זיי קענען אָבער נאָר אייך," האָט שטערנבערג נישט אָפּגעלאָזט זיינס.

„אַלס לערער ווייסט איר דאָך, אַז מיר זיינען בלויז די פאַרמיטלער. אגב, איר האָט בדיעה צו בלייבן דאָ?" האָט ער אָנגענומען שטערנבערגן אונטערן אָרעם און אַרוים אין דרויסן, „קומט צו שבת צו מיר וועלן מיר אַביסל שמועסן. עס קען זיין, אַז איך זאָל אייך קענען באַהילפיק זיין מיט קריגן לעקציעס."

„איך ווייס נאָך אַליין נישט. כ'וואָלט בעסער געוואָלט קריגן אַ שטעלע אין אַ דאָרף אויפן זומער," האָט שטערנבערג זיך אַרויסגעכאַפּט און גלייך דערפילט, אַז דעם באַשלוס האָט ער ערשט אָנגענומען, נישט ווייסנדיק אויף קלאָר פאַר וואָס, „כ'בין נאָך קיינמאָל נישט געווען זומער אין דאָרף."

„איר גרייט זיך דען לערנען ערד ארבעט?"

„איך חלום פון פאָרן קיין ארץ ישראל."

„זייער פיין, בין איך הייסט עס נישט דער איינציקער משוגענער צווישן די לערער," האָט ער געשפּאַנט שנעל און מיטגעצויגן שטערנבערגן מיט זיך, „איר ווייסט עס ווייטיקט מיר אָבער זייער דאָס הארץ אויף די געס־לעך דאָ וואָס וועלן בלייבן לײדיק ווען אַלע אונדזעריקע וועלן אַוועק פון דאַנען. קיין נייע הייזער וועט מען נישט דאַרפן. די זאַפּטיקע ערד וועט מער נישט נערן קיין נייעם דור. ער וועט פּשוט נישט זיין. און די אַלטע וועלן צעפאַלן ווערן אויף פּראָך. בלויז אויפן אַלטן בית־עולם וועלן די יחוס־וואָרצלען זיך טוליען צו דער אַלטער ערד מיטן טרויעריק זיסן חלום, אַז אומעטום וואו יידן זיינען איז ארץ ישראל."

„וואָס זשע האָט איר געמיינט, מיטן זאָגן זיי פריער, אַז מ'דאַרף אויך דאָ חלוצים?" האָט שטערנבערג פאַרזיכטיק געפרעגט.

„כ'וויים," האָט זיך בערל פלוצים אָפּגעשטעלט, „איר מיינט מ'קען מיט אַ גרינג געמיט אַזוי איבערלאָזן אַ גרויסן חלום אויף הפקר? אָבער קיין אַנדער ברירה איז סיי ווי נישטאָ. איך פיל ווי ממש מיט יעדן מינוט עקט זיך אָפּ אונדזער כוח צו לעבן דאָ. עפּעס ווי מיר וואָלטן געשטאַנען על פּרשת דרכים און דערפילט אַז עד כאן און פון דאַנען אָן און וויטער איז אַזוי: אָדער מיר פאַרנעמען זיך אויף אַ נייעם וועג, אָדער מיר ווערן דאָ פאַרזונקען אָן אַ שפּור. איר פאַרשטייט, יעדעס מאָל ווען איך קוק זיי אין די אויגן אַריין האָב איך דאָס געפיל ווי צו זאָגן: איר זעט דאָך קינדערלעך ווי עס האַלט, גרייט זשע זיך אין וועג אַריין, און איך זוך נאָר דאָס ביסעלע צידה לדרך פאַר זיי."

„איר רעכנט דען צו בלייבן דאָ," האָט זיך די פראַגע ווי אַראָפּגע־גליטשט פון שטערנבערגס צונג.

„וואָס זאָל איך אייך זאָגן," האָט בערל מיט אַ מאָדנעם טרויער ווי נערעדט צו זיך אַליין, „איך פיל זיך נישט בכוח אָנצוהייבן ערגעץ אויף דאָס ניי, און מ'דאַרף דאָך דאָ דערוווייל אויך עמיצן האָבן. כ'וויים, אפשר בין איך שוין צו אַלט און קען פאַר זיך אַליין בלויז היטן אַן אַלטן חלום. איך, דאַכט זיך מיר, געהער אין גאַנצן אַהער."

„איר וועט מיר מוחל זיין וואָס איך זאָג עס," האָט שטערנבערג געהאַט דאָס געפיל, אַז בערל וויל ער זאָל עס אים זאָגן, „דעריבער זענט איר געווען אַזוי צערודערט ווען איר האָט גערעדט צו זיי וועגן גרייטן זיך קיין ארץ ישראל?"

„מן הסתם,״ האָט בערלס קול געקלונגען אַזוי מוראדיק אומעטיק און גורלדיק, „וואָס וועלן זיי דען דאָ דערהיטן, און אויף וואָס קענען זיי זיך דאָ דערוואַרטן? די לעצטע יאָרן האָבן אונדז דאָ דעם רוקן איבערגעבראָכן, בלויז אַן אייגענע היים וועט עס קענען אויסגלייכן.״ האָט ער פּלוצים אויסגעשטרעקט די האַנט צום געזעגענען, „וואָס זשע זאָגט איר, שטערנבערג, איר וועט צוקומען שבת? עס קען זיך אַמאָל מאַכן, אַז איך וועל האָבן אַ פּלאַץ פאַר אייך אין אַ דאָרף. איך וועל זיך נאָכפרעגן ביי מיינעם אַ באַקאַנטן דאָרפס ייד. דאָ נישט ווייט טאַקע. אַ גוטע נאַכט!״

„אייל נישט אַזוי, בערעלע!״ האָט זיך פּלוצים פון ערגעץ אַ יאָג געטאָן דער שטאָט משוגענער, „ווערסט משיחן סיי ווי נישט דעריאָגן,״ האָט ער זיך אַ שטעל געטאָן אין מיטן געסל, פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אַריבער די אַקסל און זיך צעשריגן מיט אַן אויסטערליש קול און מיטן ניגון פון אַ סליחות פּזמון: פּעם ראשון צדיק הדור. ווער איז דער גרעסטער צדיק? בערעלע טויב! וועמען וועט מען פירן צו דער עקדה? — בערעלע טויב!״

דעם משוגענעמס קול האָט זיך גרויליק געטראָגן אין דער אַרומיקער לבנהדיקער שטילקייט. עס איז געווען ווייס אַרום. אויף די דעכער און די בריקלעך זיינען געלעגן שטיקלעך קאַלטע לבנה ליכט און דאַכט זיך מיט־געיאָמערט מיט אים: „וועמען וועט מען ביי די טשופּרינעס שלעפּן צוצוזען דאָס אַלץ? „משה מאַטל דעם משוגענעם און משיחן אליין . . .״

שווייגנדיק האָבן שטערנבערג און בערל געאיילט אַהיים און דעם משוגענעמס יאָמער איז זיי נאָכגעלאָפן פון אַלע זייטן, צוזאַמען מיט אַ האַסטיקן גראַגערן פונעם שטאָטישן נאַכט היטער און אַן אַלאַרם־פייפן פון די פּאָליציי פּאָסטנס אין מיטן מאַרק.

---

לעצטנס האָט זיך עס איינגעשטעלט אַזוי: אַז מאַטל הויקער לאָזט וויסן אַז ס'איז דאָ אַ נייער זשורנאַל ביים לערער, קומען זיך שבת נאָכמיטאָג צונויף אַ היפּשע צאָל פון בערלס געוועזענע תלמידים, מערסטנס מיטגלידער פונעם קלוב „הדור הצעיר״, און מען פאַרברענגט צוזאַמען מיט לייענען און דיסקוטירן. אָפט פאַרזיצט מען זיך אַפילו ביז שפּעט אין דער נאַכט, און אין אַ סך שטעטלשע הייזער ווייסט מען שוין דאָן, אַז אויף בערלס טיש שטייט איצט דער בייכיקער, סאַמאָוואַר, אַ זידנדיקער, און ליבע די רביצן, ווי די חברה רופן זי, שטייט ביים טאַפּטשאַן אַ שיינענדיקע, רעדט לשון קודש מיט גרויס כוונה און באַשמירט די דינע פּעניצלעך ברויט מיטן אַמעריקאַנער

מאַרמאַלאַד, וואָס מאַטל דער הויקער ברענגט אַ מתנה שבת אויבס.

צו דער מלאכה לאָזט ליבע קיינעם נישט צו. דאָס איז איר מצווה און איר נחת — וואָס איר בערל האָט קיין עין הרע נישט אויפגעהאָדעוועט אַזעלכע טייערע יידישע קינדער. קיין אייגענע קינדער האָט זי טאַקע נישט, האָט איר בערל אָנגעפילט די שטוב מיט גאַנצע מנינים קינדער. „אַ גאַנצער דור־צעיר קיין עין הרע נישט" — שפּרעכט זי זיך אין האַרצן אָפּ: „קיין בייז אויג זאָל אויף זיי נישט שולט זיין, רבונו של עולם."

„נו, נו, טרייבט זי זיי אָפּ פון זיך ווען זיי ווילן איר העלפן, — זוהי חובתי, חובת עקרת הבית." (דאָס איז מיין פליכט, די פליכט פון אַ באַלעבאָסטע).

„אָבער מיר זיינען דען עפּעס געסט?" שפּאַרן זיך די חברה וויסנדיק פון פאָרויס, אַז זיי וועלן נישט אויספירן, נאָר זיי האָבן פּשוט הנאה איינצו־טענהן מיט איר און איר געבן אַ געלעגנהייט צו רעדן לשון קודש און ציילן יעדן וואָרט ווי גאָלדענע רענדלעך.

„אמת, איר זענט נישט קיין געסט, אָבער אייגענע קינדער באַדינט מען דאָך אויך ... איר קומט טאַקע ווי צו זיך אהיים, אָבער אין לייטישע היימען," גיט זי אויס אַ טיפע אומצופרידנקייט מיט איר שטענדיקער אָרעמקייט, „גיט מען שבת אויבס פאַר גוטע קינדער, און דאָ, וואָס? אביסל וואַסער און דאָס גאָר . . ."

ווייטער לאָזן זי שוין די חברה נישט רעדן, ווייל זיי ווייסן אַז אָט באַלד וועט זי זיי אפּערוואַרפן פאַר וואָס זיי האָבן יעדערער געבראַכט עפּעס כיבוד: דער אביסל צוקער, אַן אַנדערע טיי און מאַטל דער הויקער, וואָס דרייט זיך אַרום צווישן דער חברה אַן אויפגעמונטערטער וואָס ער איז דאָ אַ גלייכער ווי אַלע, האָט געבראַכט דעם אַמעריקאַנער מאַרמאַלאַד.

„זאָל שוין זיין אַזוי, אָבער דערלאַנגען מעגן מיר דאָך," ווילן זיי כאָטש דאָס פּועלן ביי איר, „איר דאַרפט דאָך אונדז נישט באַדינען ביזן טיש."

„נאַרישע קינדער," טוט זי צום סוף אַ לאַך און איר בלאַס פּנים הייבט זיך אָן רויטלען, „וואָס דען זאָל איך טאָן, לערנען מיט אייך? גייט אייך געזונטערהייט צום רבינס טיש."

חברה פאַרשטייען דעם וואונק און טראָגן זיך אָפּ פון קיך. זיי ווייסן, אַז בערל איז זייער נישט צופרידן ווען עמיץ גנבעט זיך אפער פון הינטערן טיש אין צייט פון לייענען.

* * *

דער נאָכמיטאָג איז זייער שנעל אַריבער אין בערלס הויז. שטערנבערג האָט זיך זאָט נישט געקענט אָנלייענען די נייע זשורנאַלן, וואָס ער האָט דאָרטן געפונען. ער האָט זיך אַזוי פאַרטיפט, אַז ער האָט גאָרניט באַמערקט וואָס עס טוט זיך אַרום אים. ער האָט נישט געהערט די דיסקוסיעס, און פאַרפעלט צוצוהערן זיך צו דער נייער דערציילונג וואָס מען האָט צוזאַמען געלייענט פון דעם פרישן נומער „צוקונפט", וואָס איז יענע וואָך אָנגעקומען. ער האָט נישט געזען ווי די חברה האָט ממש איינגעאָטעמט אַ שטיק אַמעריקע מיט דער נייער דערציילונג, און נישט געפילט דעם ציטער זייערן ווען די מעשה האָט זיך אַזוי טרויעריק פאַרענדיקט. ער איז געווען פאַרנומען מיט זיך און פאַרגעסן אָן אַלץ. ערשט ווען עס האָט שוין געהאַלטן ביי דער טיי מיט צובייסן האָט די באַלעבאָסטע אים אַרויסגעפירט פון דער פאַרנומענקייט:

„זיך צוגעכאַפּט, נעבעך, ווי אַ דורשטיקער צו אַ קוואַל." האָט זי געלאַסן און פייערלעך געציילט די מליצות. „טוט זשע עפּעס אויך פאַרן זינדיקן גוף, פאַרן האַלדז, מיין איך, מר שטערנבערג. עס טריקנט דאָך אייך שוין מן הסתם אין גומען."

„נעמט עפּעס אין מויל אַריין," האָט בערל אָן אויפגעלייגטער ,ווי אַלעמאָל, ווען די תּלמידים זיינען אַרום אים, מכלומרשט אונטערגעהאַלטן די באַלעבאָסטע, און צוגערוקט שטערנבערגן אָן אויסשניט פון אַ ציטונג, „איר זעט, אָט האָט איר בערגלסאָנס אַ דערציילונג וואו ער שילדערט אַ שטעטל וואָס ליידיקט זיך אויס. ער זעט גוט דעם אונטערגאַנג, אָבער פאַרפעלט אַרויסצוהערן דעם טרויער פון די איבערגעלאָזענע חורבות. ביי אים קומט עס אַפילו ערטערווייז אויס ווי חוזק."

„בערגלסאָנס שטעטל פאָרט דאָך אַוועק קיין אַמעריקע," האָט איינער פון די תּלמידים זיך אַריינגעמישט, „זיי צעפאָרן זיך איינציקווייז, און האָבן נישט קיין אויסקוק אויף עפּעס נייס צו בויען. זיי אַנטלויפן בלויז פון אָרעמקייט."

„איז וואָס דערפון געדרונגען, יהודה?", האָט בערל אָנגעשטעלט זיינע מילדע אויגן, אויף אַ יונג בחורל מיט פעסטע פּלייצעס און אָן איינגעשפּאַרטע, שפּיציקע מאָרדע.

„כ'מיין," האָט יהודה אַ טרייסל געטאָן מיט דער טשופּרינע און נערוועז זיך אַ רוק געטאָן אויף דער שטול, „כ'מיין, אַז זיי אַנטלויפן און דאָס שטעטל צעפאַלט זיך אויף פראַך. די וואָס בלייבן איבער פוילן בלויז."

„איך פאַרשטיי נאָך אַלץ נישט," האָט בערל אים אַלץ אָנגעקוקט, און יענער איז אונטער זיין בליק נאָך נערוועזער געוואָרן און נישט איינגעזעסן אויף דער שטול.

„ס׳איז מיר שווער עס ארויסצוברענגען, איך פיל אָבער אַזוי, אַז ווען מיר וועלן אַוועקפאָרן מיט דער קבוצה קיין ארץ ישראל, וועלן מיר טאַקע אויסליידיקן דאָס שטעטל דאָ, אָבער די, וואָס וועלן בלייבן דאָ, וועלן לעבן מיט אונדזער האָפענונג.״

„מיינסטו, אַז עס וועט אַזוי לייכטער זיין דער עלנט דאָ?״

„איז דען פאַראַן אַן אַנדער וועג?״ האָט מיט פאַרדראָס אַ זאָג געטאָן, חיהלע דעם דיינס, און דאָס גאַנצע מאַטאַווע פּנים אירס, האָט זיך אַ קרום געטאָן, „איך פאַרשטיי אייך לעצטנס נישט, אדוני מורה,״ האָט זי מיט אָנשטרענגונג איינגעהאַלטן די ווערטער, „וואָס גייען אונדז אָן די חורבות וואָס וועלן בלייבן? וואָס פריער זיי וועלן זיך צעפאַלן, אַלץ בעסער. זאָלן זיי נישט בלייבן קיין עדות פון אונדזער געפאַלנקייט. יעדער געסל דאָ און מיסט־בירגל, איז דאָך פול מיט דער דערשראָקנקייט און קליינקייט פון אונדז אַלעמען דאָ.״

„ביסט נאָך יונג, חיהלע,״ האָט בערל זיך אַ הויב געטאָן פונעם בענקל און גענומען אַרומשפּאַנען אין טונקעלען צימער, און זיין לאַנג אויסגעצויגענער שאָטן איז אים נאָכגעגאַנגען אַרום די איינגעהויקערטע ווענט, „טאַקע דערפאַר, וואָס די שרעק און געפאַלנקייט איז דאָ מיט אונדז אין אַלע ווינקעלעך, איז אין יעדן ווינקל דאָ, פאַראַן אויך אונדזער חלום און וואָר, און ליב און לעבן. רייסט עס אויס, גייט מען אָפּ אין בלוט.״

„אָבער האָבן מיר דען אַן אַנדער ברירה, ווי?״ איז חיהלע אים נאָכ־געגאַנגען אַן אויפגערעגטע.

„אַ ברירה?״, האָט אַ הייזעריקער קוויטש זיך אַ ריס געטאָן נאָך זיי, און אַלע האָבן זיך גלייך אַ קער געטאָן צום ווינקל, וואו ס׳איז געזעסן דער איבערגעוואַקסענער ברוקעס, אַ בחור אַ שוויינער, ביי וועמען די אויגן רעדן מער ווי די שטומפּיקע ליפּן זיינע. געוויינטלעך זיצט ער אָפּ צווישן דער חברה שעהן לאַנג און עפנט נישט דאָס מויל, נאָר אַמאָל מאַכט זיך אַז ער גיט אַ ברויז אויף, און ווערטער נעמען זיך רייסן פון אים היציק און אָנגעגליט, אַז ער בריט ממש אָפּ. די שוואַרצע אויגן צעפינקלען זיך ביי אים מיט אַן אומהיימלעכן גלאַנץ און דער נידעריק געשוירענער קאָפּ האָר טוט זיך אַ שפּיז אָן ווי אַ יאָזש. מען מוז אים דאַן אויסהערן אין גאַנצן און נישט דערוווידערן. עס ווערט ממש אָפּגענומען דאָס לשון ביי אַלעמען, זיינע שטומ־פּיקע ליפּן ווערן שאַרף און עס דאַכט זיך, אַז נישט ער רעדט, נאָר אַלע זיינע אברים רעדן זיך אויס.

„פון אַלע ברירות האָסטו אויסגעקליבן איבערצולאָזן אַלץ אויף הפקר

און ווילסט נאָך גערעכט מאַכן זיך, באַפּוצן מיט שיינע ווערטער, מליצות," האָט ער געפּייערט און געבליצט אַרום זיך מיט די שוואַרצע אויגן. „איך זאָג אויך, אַז מ׳דאַרף זיך אָרגאַניזירן, נאָר נישט בלויז אויף אַוועקצופּאָרן. מ׳דאַרף פֿון דאַנען פֿאַרטרייבן די שוואַרצע טייוואַלים, און ווער זאָל עס טאָן אויב נישט מיר?"

„ווי מיינסטו, ברוכקע?", האָט בערל אים געוואָלט באַרואיקן.

„מ׳דאַרף זיך אָרגאַניזירן און נישט מורא האָבן," האָט ברוכקע ווי נישט באַמערקט דעם לערער, „און צוריקגעבן קלעפּ פֿאַר קלעפּ. איר הערט, צוריק־געבן. נישט לאָזן זיך טרעטן ווי די ווערעם. מ׳שלאָגט נישט נאָר אונדז. מ׳ווערגט דעם פּויער, מ׳פּייניקט," האָט אים גענומען פֿאַרפֿעלן אָטעם און ער האָט זיך גענומען שטיקן מיט די ווערטער, „היינטיקן זומער ווערט זיין אַ גרויסע ענדערונג. עס וועט נישט בלייבן ווי עס איז."

„ביז עס וועט קומען די נחמה, וועט דערווייל אַרויס די נשמה," האָט חיה זיך אַ שטעל געטאָן קעגן אים, „און, — אַפֿילו אונדזערע גוטע פֿריינט, ווילן אונדז אויך דאָ נישט מער. עס קומט אַמאָל אַ צייט ווען אַ יידישער ישוב מוז זיך אָפּטראָגן פֿון אַ פּלאַץ און ס׳איז מער נישט געווענדט צי ער וויל צי ער וויל נישט. עס איז איצט אונדזער ריי, ברוכקע," האָט זי ממש אַרויסגעפּלאַצט אויף אַמאָל, „און די גרויסע גליקן פֿון „יענער זייט" האָט מען שוין אויך געזען . . ." האָט זי אַ ביטערן לאַך געטאָן און דערביי אָנגעוואונקען אויף ברוכקעס זיין פֿאַרבונדן מיט דער „לינקער באַוועגונג".

„אביסעלער געלאַסענער, קינדער," האָט בערל זיך געכאַפּט אַז דער שמועס איז אַוועק צו ווייט און זיך דערנענטערט צו ברוכקען.

„איך גלויב, חיה," האָט ברוכקע זיך נישט געלאָזט אָפּשטעלן, „איך גלויב, אַז מיר שטייען און פֿאַלן מיט אַלעמען צוזאַמען. אַלע קענען דאָך נישט אַנטלויפֿן סיי ווי."

„און איך גלויב אין בויען אַן אייגענע היים. דו שלעפּסט זיך נאָך אַנדערע," האָט חיה אַריבערגעשריגן אַריבער בערלען, וואָס איז געשטאַנען צווישן זיי ביידע.

„אוודאי גלויבסטו, און דערווייל זעסטו בלויז די חורבות און אַנטלויפֿסט פֿון זיי."

„און דו זעסט נישט, אַז עס קען מעגלעך זיין, אַז אַלע זאָלן בלייבן, נאָר מיר זאָלן זיין חרוב . . ."

„איר מיינט ביידע גוט, קינדערלעך," האָט ליבע זיך אַריינגעמישט, „מ׳קען

מיינען, אַז איר זענט זיך שונאים אויפֿן לעבן ווי איר שפּרינגט איינער אויפֿן אַנדערן.״

„איר האָט ווייזט אוים פֿאַרגעסן, אַז ווענט האָבן אויערן היינטיקע צייטן״, האָט ווער פֿאַרגעוואָרפֿןביידע צדדים.

„אַז זיי גלויבן ביידע,״ האָט בערל מיט אַ ביטערן שמייכל געריעדט כמעט צו זיך אַליין און זיך אָוועקגעזעצט, „אַזוי איז שוין מיט אַלע דיסקוסיעס. מ׳הייבט אָן פֿון ערגעץ און מ׳פֿאַרקריכט כ׳ווייס וואוהין. וואָס זאָגט איר שטערנבערג?״ האָט ער אַ פֿאַרלאָרענער זיך געווענדט צו שטערנבערגן ווי איינער רעדט: איר זעט וואָס עס טוט זיך?

„עס איז דען נאָר היינט אַזוי?״ האָט שטערנבערג געוואָלט אַריבער־פֿירן דעם שמועס אויף עפּעס אַנדערש, „און ווידער בין איך זיכער, אַז ווען מ׳וועט דאַרפֿן וועלן ביידע צדדים טאָן וואָס מ׳דאַרף.״

„דהיינו?״ איז בערל געווען נייגעריק.

„קעמפֿן דאָ ווען מ׳קען, און אַנטלויפֿן ווען מ׳מוז.״

„מיר ווילן אָבער בויען!״

„עס בויט זיך נישט אָן קאַמף!״ האָט די דיסקוסיע זיך שיר צעפּלאַ־קערט אויף דאָס ניי, נאָר דאָ האָט זיך ליבע אַריינגעמישט שוין גאָר אָן מליצות:

„און דערווייל האָט איר קיינס נישט פֿאַרזוכט גאָרנישט. און אַפֿילו קיין ניגון נישט געזונגען. דער גאַסט אונדזערער קען נאָך מיינען, אַז עס איז ביי אונדז אַלעמאָל אַזוי היציק און מ׳שפּרינגט זיך אין די אויגן אַריין. איר מעגט זיך שעמען קינדערלעך.״

„נישקשה ליבע, מיר וועלן נאָך האָבן נחת פֿון זיי אַלעמען,״ האָט בערל צוריקגעוואונען זיין גלייכגעוויכט, און מיט אַ שמייכל געקוקט אַלעמען אין די אויגן אַריין, „נעמט עפּעס אין מויל אַריין, חברה, און קוקט זיך נישט אָן אַזוי, ווי ברוגזע הענער. איך האָב ערגעץ געלייענט וועגן צוויי גאָר גרויסע לייט, וואָס האָבן אַ גאַנצן לעבן געקעמפֿט צווישן זיך און זיך ממש נישט געקענט קוקן אין די אויגן אַריין. ערשט ווען זיי זיינען עלטער געוואָרן און זיך באַגעגענט ביי אַ פּייערלעכער געלעגנהייט, האָט איינער דעם אַנדערן די האַנט דערלאַנגט און זיך צעקושט. האָט איינער אויף זיי געזאָגט אַזאַ משל: אין די יונגע יאָרן זיינען זיי ביידע אַרוים גראָבן אַ טונעל, וואָס זאָל פֿאַרבינדן זייער פֿאָלק מיט דער וועלט, נאָר זיי האָבן געגראָבן יעדערער פֿון אַן אַנדער זייט. האָבן זיי נישט געזען איינער דעם אַנדערנס אַרבעט און זיינען

זיך דעריבער געווען שונאים. ערשט איצט ביים סוף פון זייער לעבן האָבן זיי זיך באַגעגנט אין מיטן טונעל און זיך דערזען אין אמתן ליכט . . .״

„הערט זיך צו, קינדער,״ האָט ליבע אַ דערפרייטע צוריק אָנגעהויבן אין מליצהדיקן העברייאיש, „און נעמט זיך אַראָפּ אַ מוסר השכל. ווען דער טונעל וועט זיין פאַרטיק, וועט איר זיך אויך באַגעגענען און זיך דערלאַנגען די הענט.״

„זיי מעגן זיך אַפילו איצט אויך דערלאַנגען די הענט,״ האָט מאָטל הויקער דערפילט אַז איצט איז געקומען די צייט ווען זיינס אַ וויץ וועט צונוצקומען, האָט ער אַ הויב געטאָן די הויקערס זיינע און צוגעטעמצלט צו ברוכקען און אים אַ ריס געטאָן פון ווינקל אַרויס: „גיי צו, בהמה דו, און בעט מחילה ביי דער צוקונפטיקער מוטער פון דיינע קינדער,״ האָט ער געגעבן אָנצוהערן, דאָס וואָס איז אַלעמען געווען באַוואוסט, אַז די צוויי זיינען נישט גלייכגילטיק איינס צו דאָס אַנדערע. חברה האָט אַרויסגעשאָסן אַ געלעכטער און די אָנגעלאָדענע שטימונג האָט מיט אַ מאָל נאָכגעלאָזן. עמעצער האָט פאַרצויגן אַ פריילעכס און ביסלעכווייז איז דאָס טונקעלע צימער אָנגעפילט געוואָרן מיט שטילן געזאַנג און פריידיקן יוגנטלעכן פאַרברענגען, וואָס האָט געמאַכט פאַרגעסן אין אַלץ אַרום.

„נו, וואָס זאָגט איר? מ׳וועט נאָך האָבן נחת פון זיי?״ האָט בערל טויב כמעט איינגערוימט שטערנבערגן אַ סוד, ביים געזעגענען זיך שפּעט אין אָוונט שוין.

„איר מיינט צו זאָגן, אַז איר האָט שוין נחת.״

„איר מאַכט אַ טעות, מיין פריינט. איצט צאַפּלט מיר בלויז דאָס האַרץ אויף דעם, וואָס עס דערוואַרט זיי נאָך. דאָס האַרץ איז מיר נישט זייער גרינג.״

„אָבער זיי האָבן מיט וואָס צו קומען אין דער וועלט.״

„הלוואי,״ האָט בערל אַ פאַרטראַכטער אים געדריקט די האַנט, „און איר האָט טאַקע באַשלאָסן אָנצונעמען אַ שטעלע אין אַ דאָרף? איר וואָלט זיך דאָ אויך גוט איינגעאָרדנט.״

„כ׳האָב שוין אָבער צוגעזאָגט.״

„אַ שאָד, איר וואָלט אונדז דאָ גוט צונוצגעקומען . . .״

„עס איז נישט ווייט פון דאַנען. איך וועל קענען קומען אין שטאָט אַריין זייער אָפט. איך האָב ליב צו שפּאַצירן.״

„מילא, זאָל זיין אַזוי. פאַרגעסט זשע נישט אין אונדז ווען איר קומט אין שטאָט אַריין.״

„א שיינעם דאנק. עס איז א גרויסער פארגעניגן," האָט אים שטערנבערג צוריקגעדריקט די האַנט מיט אמתער דאנקבארקייט.

ער איז אָבער נישט גלייך אוועקגעגאנגען, נאָר א ווײַלע געשטאַנען נאָך און נאָכגעקוקט דעם לערער מיט די לעצטע פּאָר תּלמידים, וואָס האָבן נאָך געכאַפּט א שטילן שמועס, אָנשפּארנדיק זיך אויף איינעם פון די סלופּעס וואָס האַלטן אונטער דאָס הויז. א מאָדנער טרויער־געפיל האָט אים ארומגענומען. ער איז כמעט זיכער געווען, אז ער זעט זיי דאָס לעצטע מאָל און ס'איז אים געווען ווייטיקלעך באנג.

„קומט, חבר שטערנבערג," האָט לייבל אים מיטגעצויגן מיט זיך. „א וואוילע חברה אויפגעהאָדעוועט, אונדזער בערל. איך בין אים שטארק מקנא אויף זיי. מ'וועט נאָך הערן פון זיי!"

„אוודאי," איז שטערנבערג נאָך אַלץ געווען פארנומען מיט דעם נאָגנדיקן טרויער־געפיל, „א פיינע יוגנט אויפגעקומען, נעבעך, גאָר א פיינע יוגנט."

„וואָס מיינט איר מיטן „נעבעך," חבר שטערנבערג?" האָט לייבל אַזש א צאַפּל געטאָן.

„כ'ווייס אַליין נישט. ארויסגעכאַפּט זיך. נעמט זיך נישט צום הארצן, איך בין אַלעמאָל א מרה שחורהניק. ס'וועט זיך מן הסתם אויסלאָזן צו גוטן."

„און איך מיין פּונקט קאַפּויער," האָט לייבל געמיינט אז ער ווייסט וואָס שטערנבערגן קוועטשט, „מיט אַזא יוגנט דאַרף מען זיך גרויסהאַלטן. זיי וועלן נאָך גרויסע זאַכן באַווייזן, נישט אַזוי?"

„אז עס וועט זיין געוועגדט אין זיי. די גאַנצע צרה מיט אונדז איז דאָך אָבער, וואָס מיר מיינען נאָר, אז ס'איז געוועגדט אין אונדז, און מיר קאָכן זיך גלייך מיר וואָלטן געווען די באַלעבאַטים פון דער זאַך."

„הייסט עס, אז מיר ווערן בלויז געשלעפּט מיטן שטראָם?"

„און מיר מיינען, אז מיר שווימען אַליין . . ." איז שטערנבערג אים אריינגעפאַלן אין די רייד.

„עס קען אָבער זיין, אז אונדזער דור וועט באַווייזן צו ווערן דער באַלעבאָס איבער זיך אַליין . . ." איז לייבל באַשטאַנען אויף זיינעם.

„לאָמיר האָפן, מיין פריינט, איבער דעם זיינען מיר נאָך אַלץ די באַלעבאַטים." האָט שטערנבערג זיך גענומען געזעגענען. „א דאנק אייך פאַר אַלץ, לייבל".

„פאָרט געזונט, און לאָזט זיך הערן!" האָבן זיי זיך ארומגענומען ווי לייבלעכע־ברידער.

## יוד

דער וואָגן האָט זיך שווער געשניטן אין טיפֿן זאַמד־וועג, וואָס האָט זיך געשלענגלט אין אַ שיטער־באַוואַקסן לאָזע־וועלדל. די פֿערד, פֿאַרמאַטערטע פֿון שלעפּן און פֿונעם טרוקענעם זאַמד אין די פּיסקעס, האָבן שווער געפֿרייכט און זיך אַלע ווײַלע אָפּגעשטעלט, אָפּגעהירזשעט און ווײַטער געשלעפּט זיך, פֿאַר־דעקנדיק מיטן שטויב די נאָכלויפֿנדיקע פֿאַרנאַכטיקע שאָטנס. דורך די שיטערע לאָזעס, האָט זיך אָפּט אַ צי געטאָן אַ שײַן פֿון אַן עלעקטרישן לאָמפּ פֿון העט ווײַט און פֿאַרשוואונדן. וואָס ווײַטער האָט דער שײַן זיך אָפּטער באַוויזן און איבערגעשניטן דעם וועג. שטערנבערג איז געזעסן אויפֿן וואָגן און געווען פֿאַרטאָן מיט נאָכיאָגן דעם שײַן. דאָס האַרץ האָט אין אים געציטערט מיט יעדן מיג און וואונק פֿונעם שײַן, וואָס איז געקומען פֿון דער ווײַטנס, פֿון דעם דאָרף צו וועלכן ער פֿאָרט איצט.

ווען דער וואָגן איז צוגעקומען אַזוי נאָענט צום דאָרף, אַז מען האָט שוין געקענט הערן דאָס איבערופֿן זיך פֿון די פֿויערטעס, האָט דער אָפּשײַן פֿון דער עלעקטרע זיך אויסגעצויגן אין שמאָלע ציטערנדיקע פּאַסן איבער דער גאַנצער ברייט פֿון וועג. די מידע פֿערד האָבן אָפּנים אָנגענומען די ווײַסע ליכט פּאַסן פֿאַר קריכנדיקע לעבעדיקע באַשעפֿענישן וואָס פֿאַרשטעלן זיי דעם וועג, האָבן זיי מיטאַמאָל גענומען האַסטיק שפּרינגען און שלעפּן דעם וואָגן אין די זײַטן כּדי אויסצומײַדן די מאָדנע חיהלעך. אָפּשפּרינגענדיק אַזוי אַ פּאָר מינוט, איז דער וואָגן אַרײַנגעפֿאָרן מיט אַ האַסט אין אַ פּרײַ־לעכער כאָפּטע הויף־אַרבעטער, וואָס זײַנען געלעגן אויסגעלייגט פֿאַר די הויפֿישע באַראַקן און מיט הילכיקע קולות און חוזק־שפּילן געיאָגט פֿון זיך די מידקייט פֿון אַ שווערן אַרבעטס־טאָג. איבער זיי האָבן געלויכטן די עלעקטרישע לאָמפּן פֿון הויף, און דאָס צוויי שטאָקיקע קאַנטאָר־הויז האָט געקוקט מיט אַלע באַלויכטענע פֿענצטער און גערופֿעט מיט אַ שרײַענדיקן גראַמאַפֿאָן. די פֿערד האָבן זיך פּלוצים אַ שטעל געטאָן און זיך צעהירזשעט מיט אַזאַ לוסטיקייט, אַז אויף אַ מינוט זײַנען די ליאַרעמדיקע אַרבעטער פֿאַרשטילט געוואָרן. פֿון די נאָענטע שטאַלן, האָט מען זיי געענטפֿערט מיט אַ הירזשערײַ און לאַשיקלעך האָבן דין צוגעקוויטשעט מיט גרויס צופֿרידנקייט.

דאָס שאַרפֿע ליכט און דער ליאַרעם האָט שטערנבערגן אַביסל צעטומלט, נאָר ער איז גלײַך מיט אַלע אַראָפּגעשפּרונגען פֿון וואָגן און אַרומגערינגלט געוואָרן פֿון אַ כאַליאַסטרע קינדערלעך, וועלכע האָבן מיט גרויס נײַגער אָבער שעמעוודיק צוריקגעהאַלטן זיך געשטופּט צו אים און געשמייכלט. בלויז איין יאַטל מיט שוואַרץ געלאָקטע הערעלעך האָט זיך אָנגענומען מיט מוט:

„איר זענט דער „אדוני מורה?" לויף איך רופֿן דעם טאַטן."

„מירן אים אַליין אַהיימפירן."

„מ'דאַרף נישט וואַרטן," איז די כאַליאַסטרע געווען זיכער ביי זיך און זיך געוואָלט באַווייזן פאַרן נייעם לערער, אַז זיי קענען זיך אַליין אַן עצה געבן. „מיר'ן טראָגן אייערע זאַכן!"

און איידער שטערנבערג האָט נאָך געהאַט צייט עפּעס צו ענטפערן, איז שוין דאָס געפלאָכטענע קיישעלע, וואָס איוואַן מיקוליק האָט אין די ווינטער נעכט אויסגעפלאָכטן, געוואָרן צו שאַנד און צו שפּאָט אין די אויגן פון דער חברה.

„טוט נאָר אַ קוק," האָט מען זיך געטאָרעט.

„ס'איז היפּשלעך שווער אָט דאָס אָ," האָט איינער זיך געמאַכט קרעכצנדיק.

„קיישעלע," האָט אַן אַנדערער זיך שוין נישט געקענט איינהאַלטן און געכיכיקעט גאַנץ הויך.

שטערנבערגן האָט עס אָבער נישט געאַרט. פאַרקערט גאָר, ס'איז אים געפעלן די פרייקייט און אָפנקייט פון דער חברה. דער לוסטיקער גערויש פון אַרום, האָט אויך אויף אים געווירקט צו גוטן. נאָך דעם עלנט פון לעצטן ווינטער, האָט ער זיך דערפילט ווי אַריינגעפאַלן אין אַ וועלט פון פרייד און לעבן.

„שלום עליכם, לערער!", איז אים אַנטקעגן געקומען אַ ייִד אַ באַוואַקסענער מיט אַ מאָדנער צורה. אַלץ אויף אים איז געווען שוואַרץ: די קאָלטענוואַטע באָרד, די געדיכטע ברעמען, און דער געקרייזלטער קאָפּ ווי ביי אַ באַראַן; אַפילו דאָס קאָרטענע, אָפּגעריבענע רעקל, האָט זיך אויך געשוואַרצט אויף אים און צוגעגעבן עפּעס שאַטנדיקס און בייז. אין דער אַרומיקער פריילעכקייט, האָט דער ייִד אַריינגעטראָגן עפּעס געשפּענסטיקס און פרעמדס. שטערנבערג האָט אַזש אַ ציטער געטאָן אָננעמענדיק דעם ייִדנס אויסגעשטרעקטע האַנט.

„איך הייס, חיים," האָט ער אַ מרוק געטאָן, „ווי רופט מען אייך?"

און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן צו די קינדער:

„וואָס כיכיקעט איר? לאַבוסעס, אַהיים גייט!"

נאָך דעם ייִדן האָט זיך נאָכגעקייקלט אַ ייִדענע מיט אַ מילד אָבער צעקנייטשט פּנים. אַ ברייטער שמייכל, האָט פולער אַרויסגעצויגן די קנייטשן און קלאָרער געצייכנט די בלויע רינגען אונטער די אויגן. סיי מיט איר קייקלען זיך און סיי מיטן גאַנצן הילוך אירן, האָט זי דערמאָנט אין אַ פעטע הון, וואָס זוכט אַ פּלאַץ וואו אַוועקצוזעצן זיך און לייגן אַן איי.

„טאקיש, פונקט צו דער וועטשערע געקומען, פאניע לערער,״ האָט זי זיך צעצויגן אויף איר ברייטער און זאפטיקער פוילישער אויסשפּראַך, „עס מוזט זיין זייער אַ מזלדיקער.״

„נישט קיין קאַרגער,״ האָט דער שוואַרץ האָריקער ייד געהויבן דאָס קיישעלע און איראָניש געשמייכלט אין דער באָרד אַריין.

דאָס קליינוואַרג האָט זיך געהאַלטן פון דערווייטנס און שטיל געכיכיקעט.

„די ערשטע וואָך וועט דער לערער עסן ביי מיר,״ האָט די פרוי, וואָס איז געקומען מיט שטערנבערגן פון שטאָט געלאָזט וויסן.

„פאַר וואָס ערשט? און מיין יושקע איז דען קיין יושקע נישט?״ האָט זיך די חיימעכע געפּילט געטראָפן און זיך אָוועקגעשטעלט סטערדיש, גרייט צו קריגן זיך.

„מ׳עט נאָך האָבן צייט צו אמפּערן זיך, ווייבער,״ האָט דער שוואַרצער ייד זיך אַריינגעמישט, „היינט וועט ער עסן ביי אונדז. מ׳דאַרף זיך דאָך דורכרעדן. איך זע דאָך אים דאָס ערשטע מאָל. וועגן שלאָפן זעט איר, איז עפּעס אַנדערש, איר האָט דאָך, דאַכט זיך, אַ ליידיק באַנק־בעטל, ביילע,״ האָט ער שנעל געשפּאַנט און געגרעדט צו דער שכנטע וועמעס צוויי קינדער דאַרפן אויך לערנען ביי שטערנבערגן.

„מילא, זאָל שוין זיין דער ערשטער חודש ביי אייך. איך בין סיי ווי פאַר־נומען איצט מיט דער פעלד אַרבעט,״ האָט זיך יענע אונטערגעגעבן.

„און עך האָב דען צייט?״ האָט די חיימעכע זיך אַ צעזינג געטאָן, „וואָס בין עך עפּעס ענקער משרת, צי וואָעס? מ׳האָט אָפּגערעדט אַ וואָך, איז אַ וואָך . . .״

שטערנבערג האָט גענומען פּלאָנטערן מיט די פיס. ער האָט זיך דערפילט איבעריק און באַשפּיגן. עס איז אים קאַלט געוואָרן אין אַלע אברים און אַ ניט גוטקייט האָט אים אַ נעם געטאָן און אים פאַרשווינדלט דעם גאַנג מיט אַלע חושים. ער האָט זיך נאָכגעשלעפּט נאָך זיי אַ צעמישטער און פאַרביסן געשוויגן. דער זינג־געזאַנג פון דער חיימעכע און דער קוויטשיק הויכער געבייזער פון דער צווייטער באַלעבאָסטע, האָט אים געשטאָכן און געזשומעט אין די אויערן. עס איז געקומען אַזוי פּלוצלינג, אַז ער האָט זיך נישט געקענט דערמאָנען וואָס ער טוט דאָ און נאָך וואָס ער איז געקומען. ער האָט בלויז געזען ווי דער ייד שלעפּט זיך מיט זיין קיישעלע און האַלט אין איין ווישן דעם שוויים מיט דער פּאָלע פון זיין לאַנגען כאַלאַט.

זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביים אויסבייג פון וועג, לעבן אַ פּריצישן

טשווארניק (אַ הויז מיט פיר טירן) אוועקגעשטעלט ווי אַ לאַנגער פּאַס ביים סוף פון דעם פּריציש̈ן מאַיאָנטעק. אַהער קומט די עלעקטרע שוין נישט צו. דאָ וואוינען שוין די פּאַראָבקעס (הויף ארבעטער) און די יידן. אַנטקעגן ווייסן ליכט פון דערווייטן האָט דאָס הויז אויסגעקוקט פאַרלאָזן און פאַרשעמט.

צוגעקומען צום הויז האָט חיים נאָכאַמאָל אָפּגעווישט דעם שוויים מיט דער פּאָלע פון כאַלאַט און אַ מרוק געטאָן צו די ווייבער:

„ווי האָט איר נישט קיין בושה פאַר אַ פרעמדן מענטשן? פאַניע לערער, וואָס שטייט איר דאָרט מיט זיי? איר ווייסט דאָך, ווייבער!", האָט ער שוין צוגעגעבן מיט איראָניע ווי איין מאַנצבל צו אַן אַנדערן, „ווייבער, געפּאַקט דאָס אָרט ווען צו ווערטלען זיך."

פון די אַנדערע צימערן פונעם טשווארניק האָט מען געקוקט דורך טיר און פענצטער.

„מ'קריגט זיך שוין איבערן רבין," האָט ווער געכאַכאַטשעט דורך אַ צעבראָכענע שויב, „קוקט אים נאָר אָן, אַ ניונקעלע אַזאַ . . ."

די קינדער וואָס האָבן זיך פריער נייגעריק צוגעהערט צום מחלוקת, האָבן זיך פּלוצים דערפילט געטראָפן און גענומען פאַרענטפערן די מאַמעס:

„זיי קריגן זיך אַלעמאָל, אדוני מורה. קומט אין שטוב אריין."

„קומט בעסער אריין," האָט דאָס עלטסטע יינגל אָנגענומען שטערנבערגן ביי דער האַנט, קומט אדוני מורה," האָט ער קיין אַנדער וואָרט נישט גע־קענט אַרויסרעדן און דערווייל געביילט אַ פויסט צום צעבראָכענעם פענצטער פון וואַנען די צעדרייטע מארי ליכע האָט געכאַכאָטשעט מיט גרויס הנאה.

„טשאָבאָטעס!" (אַ צונאָמען אַזאַ צוליב אירע משונה גרויסע פיס), האָט זיך חברה אָנגענומען פאַרן כבוד פונעם נייעם לערער און גענומען וואַרפן אין איר פענצטער אריין וואָס עס איז זיי נאָר געקומען אין דער האַנט.

דאָס קינדערישע געשריי, האָט די מאַמעס אָפּגעריסן פון געקריג און זיי דערמאָנט וואו זיי זיינען, אוןביידע מיט אַמאָל האָבן גענומען נאָכלויפן דעם לערער פאַרענטפערנדיק זיך:

„איר מיינט חלילה, מיר זשאַלעווען, גאָט באַהיט, אסור זאָל אונדז זיין, נאָר ס'איז אַרבעט צייט. אַ גאַנצן טאָג פאַרנומען," האָבן זיי גענומען פאַר־גלעטן די גאַנצע זאַך און אים אַריינגעפירט אין שטוב אריין, וואָס איז באַשטאַנען פון איין צימער וואָס דינט פאַר דער קיך, עס־צימער, שלאָף־צימער און לערן צימער צוזאַמען. אויפן קוימען האָט אַ קאַניצל געצויגן שאָטנס מיט דינע פאַסן ליכט און מער פאַרשטעלט ווי באַלויכטן דעם גרויסן

טיש אינמיטן שטוב, דעם בייכיקן אויוון האַרט לעבן דער טיר, און די לאַנגע טאַפּטשאַנעס אַרום די ווענט. אויפן ליימענעם דיל זיינען שוין געלעגן אויס־געלייגט שעניקעס מיט שטרוי צום שלאָפן פאַר די קינדער. שטערנבערג איז געבליבן שטיין ביי דער טיר ווי מורא האָבנדיק צו טרעטן ווייטער. די בייכיקע יידענע אָבער, האָט שוין גאַנץ אויפגעלייגט אים אונטערגעגעבן חשק:

„גייטס, גייטס, פּאַניע לערער, אָט ע׳לעך אָנצינדן דעם בליצלאָמפּ וועט ווערן ליכטיקער.״

„לכבודן גאַסט טאַקע,״ האָט חיים אַ גלעט געטאָן די באָרד און פריינדלעך אַ וואונק געטאָן צום לערער ווי איינער רעדט: „וואָס האָב איך דיר געזאָגט, ווייבער בלייבן ווייבער.״

„ס׳איז טאַקע אביסל ענג ביין אונדז,״ האָט די חיימעכע געוואָלט ווערן נאָך פריינדלעכער, „אָבער פאַרן לערער איז אַלעמאָל דאָ פּלאַץ. זאָל איך שוין אַזוי לעבן ווי מיר האַלטן אַ מענטש.״

„נו, גענוג שוין, גענוג,״ האָט חיים געשמייכלט און אויפגעלייגט געוואונקען צו שטערנבערגן, „דאַנקען גאָט דערפאַר וואָס מיר קענען זיך פירן ווי יידן אפילו אין דאָרף. דער לערער איז שוין מן הסתם גוט הונגעריק, וועסט נאָך צייט האָבן צו רעדן.״

באַלד איז די שטוב פול געוואָרן מיט געפּילדער. דאָס קליינוואַרג האָט זיך געפּלאָנטערט אונטער די פיס און גערודערט. די וועטשערע האָט מען געגעסן שנעל און געכאַפּט. די קאַרטאָפל יושקע פאַרווייסט מיט מילך, איז געווען זויער און קלעפּיק. דאָס קליינוואַרג האָט געריבן מיט אַפּעטיט און געשלונגען די שוואַרצע שטיקער ברויט צופּאַטשנדיק מיט די צונגען. צווישן איין פּאַס־מאַקעווען זיך און דעם אַנדערן, האָט חיים אַפּווישנדיק די גערדיכטע וואָנצעס צוגעוואָרפן צו שטערנבערגן:

„חשבון זאָלט איר לערנען וואָס מער, דאַוונען קענען זיי שוין גוט. וואָס מ׳דאַרף — איז חשבון און אַריינקוקן אין אַ ספר.״

„מיר לערנען אויך היסטאָריע,״ וויל זיך אויספיינען דער קליינער מאָטל, אַ יאַטל מיט אַ פּאָר ברענענדיקע אייגעלעך און אַ קיילעכדיק פּנימל.

„שטילערטס דאָרט,״ האָט חיים אַ ברום געטאָן און ווידער גענומען שלינגען די הייסע יושקע, „חשבון, זעט איר, איז אַ חכמה. ייִנגלווייז, האָב איך נאָר געוואָלט חשבון. דער טאַטע עליו השלום פלעגט אָבער נאָר ברענגען מלמדים, האָבן זיי אַליין נישט געקענט.״

„מיר האַלטן נאָר לערער. ביין אונדז אין דער היים,״ וויל די באַלעבאָסטע

אויך עפּעס צוגעבן, נאָר חיים קען עס נישט פאַרטראָגן און שלאָגט איר איבער.

„כ׳וויים דאָרט וואָס דו ברייעסט. מ׳ווערט פאַרגרעבט אין דאָרף. מיין טאַטע עליו השלום האָט נאָר געוואוסט וועגן מלמדים, אַזוי האָט זיך זיין טאַטע געפירט האָט ער אויך אַזוי געטאָן. צו מיינע קינדער נעם איך נאָר לערער. היינטיקע צייטן דאַרף מען קענען אַנדערע זאַכן אויך. ווי אַזוי עס איז נישט אין דאָרף, קענען דאַרף מען דאָך. אַ ייד דאַרף קענען, ווי מיינט איר?״

„וואָס שייך,״ האָט שטערנבערג געפּרואווט אַריינשטעלן אַ וואָרט, נאָר דער באַלעבאָס לאָזט נישט:

„דאָ אַביסל ספרים אין הויז. נישטאָ קיין צייט אפילו אַריינצוקוקן, אויסער שבת אַמאָל, אָבער אַ חשבון, זעט איר, כאַפּ איך אַריין אפילו אינמיטן דער וואָך אין פעלד.״

„אויסגעטראָנצלט זיך מיט אַמאָל,״ האָט די פרוי אַ חוזק געטאָן, „מ׳קען מיינען מי יודע וואָס פאַר אַ קענער ער איז.״

„זעט נאָר, מ׳שטייט דאָך אונטער די פענצטער,״ האָט זיך מיט אַמאָל צעשריגן איינער פון די יאַטן און אַפּערגעלאָפן פון טיש מיט אימפּעט אָפּצעיאָגן דער שכנהס קינדער פון פענצטער. חיים לאָזט אָבער נישט אָפּ פון זייניקן:

„איר ווילט אפשר אַ חשבון, פאַניע לערער אָט לאָמיר אָקאָרשט זען . . .״ האָט ער אַ וויש געטאָן די וואָנצעס ווי ער וואָלט זיך געגרייט פון עפּעס גוטס צו פאַרזוכן.

„אָט האָסטו דעם ערשטן אַרויספאַר,״ האָט די פרוי ברוגזדיק גענומען אָפּרוימען פון טיש און דערמיט אויפגעהויבן אַ געזשום פון טשאַטעס פליגן, וואָס האָבן זיך געקליבן אַרום דעם לאָמפּ און אויף די קרישקעס ברויט אויפן טיש.

חיים האָט זי אָבער כמעט נישט באַמערקט, האָט זיך ברייטלעך געגלעט די קאָלטענעוואַטע באָרד, פלוצים אָפּגעצויגן אַ שפּיץ און פלינק אים אַ כאַפּ געטאָן אין מויל אַריין און גענומען קייען מיט הנאה. און וועלנדיק זיך אָנ־טאָן נאָך מער תענוג, האָט ער מיט הרחבה אַ וואָרף געטאָן אַ בלייפעדער צו שטערנבערגן און אַ זאָג געטאָן:

„ווייסט איר גאָר וואָס, זאָל זיין אַ געוועט: איר מיטן בלייפעדער און איך אויפן קאָפּ . . .״

„אָבער״, האָט שטערנבערג געוואָלט עפּעס זאָגן.

„יצחק, דערלאַנג נאָר די אַריפּמעטיק!" האָט דער ייד, שוין אין גאַנצן אַ צעפּלאָמטער, נישט געוואָלט הערן וואָס מ'רעדט צו אים, „מישט אויף וואו איר ווילט. אַט וועמיר זען!"

פון גרויס הנאה איז אים אַזש געוואָרן אַ סלינע פון מויל. די שפּיץ באָרד איז אים אַרויסגעפאַלן פון צווישן די ציין, האָט ער כמעט נישט וויסנ־דיק אַריינגעשטופּט אַ שטרויעלע אין מויל אַריין און געקייעט און געשפּיגן, נישט אַראָפּנעמענדיק אין דער זעלבער צייט די בלישטשנדיקע שוואַרצע אויגן פונעם ביכל פון וואַנען שטערנבערג האָט נאָכלעסיק אָפּגעשריבן די ציפערן.

„פּאַרטיק?!" האָט דער ייד פּלוצים אַ מרוקע געטאָן נישט קענענדיק זיך דערוואַרטן שוין.

שטערנבערג האָט בלויז אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ.

„און איך האָב עס שוין", האָט דער ייד מיט ניצחון אַ פּאָרסקע געטאָן, נאָך אַ פּאָר סעקונדן קוקן אויף די ציפערן, „דער קאָפּ אַרבעט נאָך ברוך השם גאַנץ גוט!" האָט ער פרייליך אַ שיק געטאָן דאָס שטרויעלע פון מויל און געטראָפן גלייך אין גלעזל פון לאָמפּ.

„צו מיינע שונאימס קעפּ, אַ תאווה אַ מענטש האָט עס. האָסט דאָך שוין צעטראַסקעט דאָס גלעזל, בעל תאוהניק איינער," האָט די פרוי זיך אַ וואָרף געטאָן צום טיש מיט געבייזער.

„דער אדוני מורה האָט עס אויך!" האָט יצחקל אַ געשריי געטאָן מיט אַ מאָדנער פרייד, וואָס דער לערער איז נישט אָפּגעשטאַנען פונעם טאַטן.

אַ קלינגענדיקער פּאַטש איז געווען דער ענטפער פון דעם צערייצטן יידן:

„אַ יונג זאָל זיך מישן וואו מ'דאַרף נישט!"

„צענעם בעסער די שעניקעס, כלאָפּ!" האָט די פרוי זיך שוין אויפגע־הערט צערעמאָניען, „פאַרדריי דעם קנויט. דאָס פייער וועט זיך נאָך אַריינ־כאַפּן אין לאָמפּ אַריין, וועט שוין זיין גאָר מזלדיק, בעל חשבון מיינער. הערט איר דאָך," האָט זי שוין אין אַ נידעריקערן טאָן זיך געווענדט צום צעטומלטן שטערנבערגן, „אַלע לערער איז ער אַזוי מכבד. איר זענט אָבער אַ מזלדיקער וואָס דאָס גלעזל האָט געפּלאַצט, ווייטער וואָלט עס געווען אַ מעשה ביז טאָג."

נישט קענענדיק פאַרטראָגן דעם חוזק טאָן און נישט וועלנדיק זיך אַריינ־לאָזן אין קיין געקריג האָט חיים זיך געלאָזט צו דער טיר און פאַרביסן גע־מרוקעט:

„נו, נו, ס'עט שוין זיין גענוג. מ'דאַרף מאַכן נאַכט!"

„קומט אדוני מורה, וועל איך אייך ווייזן וואו איר וועט שלאָפן", האָט יצחקל ארויסגעפירט פון דער פאַרלעגנהייט און גענומען שטערנבערגן צו דער שכנהס שטוב אויף דער צווייטער זייט פון טשווארניק.

אויך די שטוב איז באַשטאַנען בלויז פון איין צימער אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען א גרויסער בייכיקער באַק אויוון, דריי בעטן און א לאַנגער טיש. צוויי בעטן האָבן געהערט צו דער פרוי מיט וועלכער שטערנבערג איז געקומען פון שטאָט, אן אלמנה מיט צוויי קינדער, און דאָס דריטע ברייטע בעט צונויפגעקלאַפּט פון ווייסע ברעטער, איז געווען פאַרנומען פונעם פאַראָבעק דאַנילע מיט זיין אַפּקען. פאַר שטערנבערגן איז פון דער אַנדערער זייט טיש געווען צוגעגרייט א באַנק בעטל אונטער וועלכן מ'האָט אוועקגעשטעלט זיין קיישעלע. דאָס צימער איז געווען ריין און ציכטיק. דער ערדענער דיל אויסגעשמירט מיט א געלן ליים. דער טיש פאַרשפּרייט מיט א ווייסן טישטעך און דער בליצלאָמפּ האָט היימלעך געלויכטן און צוגעגעבן געמיטלעכקייט צו דער גרופּע מענטשן, וואָס זיינען געזעסן ארום טיש און געטרונקען טיי.

„קוים זיך דערוואַרט אויף אייך", איז שטערנבערגן אַנטקעגנגעגאַנגען א בחור מיט א שמייכלענדיק און אָפן פּנים, „מ'ווערט דאָ פאַרנודזשעט, ווילט זיך זען א נייעם מענטשן, זיצן מיר דאָ און וואַרטן אויף אייך, איך און בוזשע. מיין נאָמען איז ניסל," האָט ער מיט דער זעלבער אָפנקייט געמאָלן שנעל, אז שטערנבערג האָט זיך פּשוט פאַרלאָרן פון אזוי פיל צוגעלאָזנקייט, „איך ארבעט דאָ אויפן הויף אַלס פאַראָבעק און בוזשע", האָט ער פאָרגעשטעלט א פעסט געבויט בחורל מיט א געדיכטן קאָפּ האָר ווי ביי א שעפּס, „ארבעט סטאָליארסקע אין הויף".

„איך קען אייך, הער שטערנבערג, געזען אייך אין שטאָט", האָט בוזשע זיך אויפגעשטעלט און איבערגעשלאָגן יענעמס מאָלן.

„יאָ, יאָ, איר האָט מיר טאַקע אויסגעזען קענטלעך. מן הסתם זיך באַגעגנט."

„אָבער נישט באַקענט", האָט שוין די באַלעבאָסטע זיך אויך אריינגעמישט, „באַקענט זשע זיך איצט, און דאָס איז מיקאַליי וואָורעניוק, א שכן אונדזערער".

„און איך וועל זיך אַליין פאָרשטעלן," האָט גוטמוטעק אָנגעכאַפּט שטערנבערגס האַנט א בלאָנדער שייגעץ מיט פיין אויסגעכאַליעטע וואָנצעס, „איך בין דאַנילע און דאָס איז מיין אַפּקע", האָט ער אָנגעוויזן אויף א היפּשלעך ברייטער גויקע מיט א נאַרישעוואַטע פּנים, וועלכע איז געשטאַנען ביים אויוון און די הענט באַהאַלטן אונטערן פאַרטעך, „און דאָס איז אונדזער

כאַלופּע, פּאַלאַץ און פעלד", האָט ער מיט אַ קונציק קרומען שפּיי אָנגעוויזן אויפן ברייטן, פון ווייסע ברעטער, צונויפגעקלאַפּטן בעט.

„דאַנילע, עס זאָל דיך אויסרייסן, שפּייסט שוין ווידער אויפן דיל!" האָט די באַלעבאָסטע אַ קוויטש געטאָן גוטמוטיק.

„כ'וועל עס פאַררייבן, ביילקע, פאַררייבן ווי דו זעסט מיך אַ לעבעדיקן", האָט דאַנילע בגילופינדיק זיך צעשמייכלט און רויט געוואָרן איבער די אויערן.

שטערנבערג האָט זיך דערפילט אַביסל פאַרלוירן פון דער מאָדנער אויפנאַמע, אָבער נישט אויף לאַנג. עפּעס איז אים אויסגעקומען, אַז ער האָט די מענטשן ערגעצוואו שוין באַגעגנט, און אין אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זיך שוין געזעצן זיצן ביים טיש און טרינקען טיי מיט זיי ווי מיט אַלטע באַקאַנטע. עס איז אים געווען גוט צו זיצן און קוקן די מענטשן אין די אויגן אַריין און הערן זייער פריילעך פּלאַפּלען אָן אַ באַשטימטן זין און אינהאַלט.

צי ס'איז געווען דער ריח פון צעבליטן פרילינג וואָס האָט געשמעקט פון אַלץ, צי ס'איז געווען די היימישקייט מיט וועלכער די מענטשן האָבן גערעדט און געבליקט איינער צום אַנדערן, אויף שטערנבערגן האָט עס געווירקט ווי ער וואָלט געקומען צוריק אַהיים און געפינט זיך צווישן אייגענע, וואו דאָס בלויזע זיצן צווישן זיי היילט שוין די וואונדן פון פריערדיקע טעג.

מיט אָט דעם היימלעכן געפיל האָט ער זיך מיט זיי צעזעגנט, ווען דאַנילע האָט זיי גוטמוטיק אַרויסגעשטופּט פון הויז: „רירט זיך חברה פון דאַנען, אפשע האָט שוין קליינע אייגעלעך!", און אָט מיט דעם זעלבן געפיל האָט ער זיך אויסגעצויגן אויף דעם נייעם געלעגער מיט רו אין אַלע גלידער. פון דרויסן האָט אַריינגעקוקט אַן אויסגעשטערנטער הימל און דער שטילער זשום פון נאָענטן טייכל האָט איינגעוויגט דאָס הויז.

## יא

דער טשוואַרניק האָט געהאַט פיר טירן, וואָס האָבן געפירט אין פיר באַזונדערע צימערן אַריין אָן דילן, אָבער מיט אייגענע בייכיקע אויוונס וואָס האָבן פאַרנומען אַ האַלבע וואַנט. אין יעדער צימער האָט געוואוינט אַ משפּחה. דאָרט איז געשטאַנען אַ שטענדיקער ליאַרעם פון קליינוואַרג און פון זשומענדיקע פליגן, וואָס האָבן געראַיעט אויף די אָפענע פּלאַכטעס און זעק מיט קאַרטאָפל און גרינסן, וועלכע זיינען געלעגן אויף און אונטער די בעטן. גאַנץ אָפט האָט זיך אינמיטן קינדערישן געליאַרעם אַריינגעריסן אַ הייזעריקער קוויטש פון די שכנטעס, וואָס האָבן זיך איבערגעקריגט איבער דער וואַנט. דאָס קריגן זיך איז געוויינטלעך געגאַנגען אין צוויי לשונות: אין

אַ געפּעפּערטן פּויליש־וואָליניש יידיש, — ווען עס האָבן זיך געקריגט די פיר יידישע משפּחות, און אין אַ כּריפּנדיקן הייזעריקן אוקראַיניש געמישט מיט פּוילישע קללות, — ווען עס האָבן זיך דורכגעוועוועלט די צוויי פּאַראַב־קישע שכנטעס. די קללות האָבן געסיקעט דורך די ווענט באַגלייט מיט האַרטע קלעפּ, אַז דער גאַנצער טשוואַרניק האָט געציטערט.

„פּרעמדער בראָך!" האָט פון עקסטן צימער געליאַרעמט מאַרי ליבע, „מיינט, אַז זי וועט פאַרכּליאַפּען אַלצדינג אין די לאַפּעס אַריין און עסן לעקשעלעך אויף שבת. אַנדרוך האָט מיר נאָך נעכטן צוגעזאָגט דאָס קעלבל, נעמט זי און שליאָנדערט עס אויס, אַז אויסשליאָנדערן זאָל מען זי שוין, ווי עס האָט זיי אַלעמען אין דער כאָלעריע!"

„צערעפּעטע פּיס!" הילכט אַריבער דער וואַנט דאָס קוויטשנדיקע שטימעלע פון ביילע דער אלמנה, „אַז דו זיצסט איבעראַנאַנד, מיינסטו, אַז מ'איז דיר משה מעכיע (מחויב) צו וואַרטן אויף דיר!"

„איבעראַנאַנד," קרימט איר איבער מאַרי ליבע, „איבעראַנאַנד. אַליין און אַ ביין, אַבי נישט מיט שייגאַצים. מיינסט מ'ווייסט נישט?" גיט זי איר אָן אָנצוהערעניש אַז מ'רעדט אויף איר אין דאָרף.

דאָס קליינוואַרג אין די צימערן הערט אַ ווײַלע אויף צו ליאַרעמען און נעמען זיך אַריינמישן אין מחלוקת, ביז פון מאַרי ליבעס זייט הערט זיך אַ טראַך אין דער ערד. נעמט מען דאַן לויפן פון אַלע צימערן און מ'געפינט מאַרי ליבען ליגן אַן אויסגעצויגענע, אַ צעכראַסטעטע צווישן זעק קאַרטאָפל, ציבעלעס, אַלטע שיך און סתם שמאַטעס. פון מויל זעצט איר אַ גרין גרויע שוים, די אויגן פאַרגלייזט און די לאַנגע צעווירענע פּיס אירע דריגען אין האַרטן ערדענעם דיל אויסגראָבנדיק טיפע לעכער. דאָס האָט זי באַקומען אַן אָנפאַל פון דער פאַליקע. שטייען אַלע אַרום איר אין הוילער שרעק, פאַרברעכן די הענט און שנייצן די נעזער. פּאַמעלעך קומט זי צו זיך, דערמאָנט זיך וואָס עס איז געשען און וויל פאַרדעקן די מגושמדיקע פּיס, נאָר טוט עס אַזוי אומגעלומפּערט, אַז זי דעקט זיך נאָך מער אָפּ און עס שטאַרן אַרויס אַ פּאָר פּיס ווי אָנגעפּוישטע זעק, און די דיקע געפלעכטן פון די בלויע אָדערן ציטערן אין קאָנוואולסיעס, עפּעס ווי לעבעדיקע מיאוסע חיהלעך וואָס רייסן זיך און קאָנען נישט אַרויס.

אין אַ פּאָר שעה אַרום, קען מען שוין טרעפן מאַרי ליבען מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס שליאַפּען מיט די גרויסע פּיס איבערן דאָרף און טרייבן פון זיך די הינט מיט אַ סענקעוואַטן שטעקן. דאָס גייט זי איבערן דאָרף האַנדלען. דאָס דאָרף קען זי גוט. אירע עלטער זיידעס האָבן נאָך דאָ געוואוינט. „אונדזער זשידואווקע", רופט מען זי, און צוליב רחמנות און

נאָך מער פאַר מורא פטרט מען זי אָפּ אויף גיך מיט עפּעס וואָס. אַז ניט, קען זי נאָך נעמען און ברענגען צופירן די צוויי שטומע יתומימלעך פון איר דערטרונקענער שוועסטער און אַוועקשטעלן זיך אינמיטן דאָרף וויינען און יאָמערן מיט אַ צוגעלעגערט קול: „פאַר וואָס האָט אייך די מאַמע אייערע נישט מיטגענומען מיט זיך?“ די שטומע קינדערלעך, האַלב נאַקעטע און שמוציקע שטופן די פאַרשקראָפּלטע הענטלעך אין די מיילעכלעך אַריין און ברומען גרויליק און שפּיציק ווי גענאָגטע חיהלעך. אפּנים זיי פילן וואָס מ'וויל פון זיי. יונגוואַרג שטעלט זיך אַרום זיי און כאַכאָטשעט. די עלטערע אָבער טרייבן זיי אָפּ און צלמן זיך, שעפּטשענדיק הייליקע שפּרוכן אָפּצעיאָגן די נישט גוטע..

„גייט מיט גאָט,“ טרייבן זיי די פּויערטעס צוריק צום טשוואַרניק, שטופּנדיק דערווייל אין מאַרי ליבעס זאַק אַריין ווער וואָס עס קען.

„וואָלט די מאַיאָרקעכע געלעבט, וואָלט זי צו דעם נישט געקומען,“ באַדויערט מען זי.

„זי וועט זיך נאָך דערטרינקען“ שרעקט אַן אַנדערע.

„וואָלט שוין געווען גלייכער פאַר איר.“

„נישט אַנדערש, אַ נישט גוטער זיצט אין איר.“

אַן אַנדערש מאָל, אַז די פּויערטעס דערזעען זי גיין מיט די יתומימלעך, שיקן זיי גלייך מודיע זיין דעם גרויסן משהן, דעם ברודער אירן וואָס וואוינט טאַקע מיט איר צוזאַמען אין איינעם פון די צימערן פון טשוואַרניק. ער קומט אָן צולויפן ווי אַ וויכער. די הענט צעשפּרייט און די פּיס ווי דראָנגען האָפּסלען אַזוי מאָדנע, אַז זיין גאַנג אַליין יאָגט אָן אַ מורא. מיט אימפּעט טוט ער זיך אַ וואָרף אַריין צווישן דער כאַליאַסטרע. די ברייטע פּאָלעס פון זיין כאַלאַט פּאַטשן אַרום זיך און קנאַקן ווי צעבראָכענע געלענקען. דעם קאָפּ מיט דער קאָלטענעוואַטער באָרד שיקט ער פאָרויס ביז סאַמע אונטער מאַרי ליבעס גאָמבע און שיפּעט אַרויס מיט אַ הייסער פּינע: „א ה י י ם !“ די שטומע קינדערלעך רוקן זיך גלייך אַרונטער אונטער זיינע פּאָלעס און מאַרי ליבע ווישנדיק ברודיקע טרערן מיטן זאַק אירן, נעמט זיך שלעפּן צוריק צום טשוואַרניק, צו דער היים מיטן איינעם פענצטער וואו קיין איין שויב איז נישט גאַנץ, נאָר פאַרשטעקט מיט קישעלעך און שמאַטעס.

אַריינשליאַפּנדיק זיך אין צימער אַריין, טוט זי זיך אַ וואָרף אַנידער אויף איינעם פון די דריי טאַפּטשאַנעס מיט שטרוי, וואָס זיינען צוגעפּעסטיקט צו די ווענט פאַר בעטן־שטאָט, און נעמט זיך רייסן דאָס פּנים און יאָמערן מיט אַ משונה קול. די קינדערלעך, דערשראָקענע מייזעלעך, פאַררוקן זיך אויף

די אַנדערע טאַפּטשאַנעס און פאַרדעקן זיך מיט שטרוי. באַלד קומט אַריין דער גרויסער משה און שטעלט זיך אַוועק אויף דער טיר און רעדט צום קראַנקן ווייב זיינעם, וועלכע שטייט ביים קוימען און בלאָזט אויף דאָס אויסגעגאַנגענע פייער.

„זי פּראַוועט שוין אירע שטיק, די מרשעת? כ'על זי אויסקאַרנייען, וועל איך זי."

זעענדיק אַז דאָס ווייב ענטפערט אים נישט, ווערט ער נאָך מער צערייצט:

„ס'איז אַלץ דיין שולד. כ'האָב געזאָגט פון לאַנג שוין: דער היצל וויל זי נעמען, זאָל ער. זי דאַרף אַ גוטן ביק זי צו האַמעווען. זי דאַרף כאַסלערע האָבן." (חתונה האָבן).

„וואָלט זי שוין לאַנג געווען ביי דער שוועסטער דיינער," ענטפערט אים דאָס ווייב קאַלט.

„רוצחים, מערדער, הינטשלעגערס!" צערעוועט זיך ערשט מארי ליבע און זעצט אַרויס מיט אַ געיאָמער ווי אַ געשלאָגענער הונט. די לאַנגע פיס אירע קלאַפּן ווילד אויפן הוילן טאַפּשאַן און מיט די פויסטן זעצט זי אין דער וואַנט.

דערהערט מען דעם ליאַרעם אין די אַנדערע צימערן און עס שטעלט זיך מיט אַמאָל אָפּ דאָס געררודער פון די קינדער. אַפילו די פליגן שטעלן דאַכט זיך אָפּ דאָס זשומען. די פאַראַבקישע שכנים האַקן צו די טירן און פענצטער, כאַפּן אַריין די קינדער אין איין שרעק און צלמן זיי איבער: „זשידיווקא נע ברישטשינא." (אַ ייִדישקע אַזאַ, אַ נישט געטובלטע).

דאָס צוקלאַפּן די טירן און פלוצימדיקע שטיל ווערן אַרום, צערייצט ערשט אויף אַן אמת דעם גרויסן משה און ער נעמט אַרויסכליאַפּען פון זיך הייזעריקע ווערטער מיט אַזאַ כריפּ, וואָס קלינגט אָפּ טעמפּ איבערן גאַנצן טשוואַרניק: „כ'על דיך מרשעת —"

מער קען מען שוין נישט הערן, ווייל דאָס קול זיינס פאַרכליניעט זיך, ווערט ערגעץ דערוואָרגן אין דער קאָלטענוואַטער צעפּלאָכטענער באָרד, און מישט זיך אויס מיט אַ פּייפן פון דער נאָז און אַ הילכיקן כוואַטשען פון זיינע לאַנגע הענט, וואָס האָבן זיך ווילד צעפּאָכעט איבערן בינטל שמאַטעס מיט וועלכן מארי ליבע פּרוּוט זיך באַשיצן.

און דאָ געשעעט עפּעס אויסטערליש. די שטומע קינדער קריגן מיט אַמאָל לשון, שטעלן זיך ראַפּטום אויף און שפּייען אַרויס מיט אַ מאָדנעם גרילץ: „פּודעל!" (אַ צונאָמען אַזאַ פאַרן גרויסן משה, ווייל אין די בייזע מינוטן פאַרגייט זיך זיין קול אין אַ כריפּ פון אַ הייזעריקן הונט) די קינדערס אויס-

געשריי ברענגט מארי ליבען צוריק צו זיך און זי הייבט אָן געבן צוריק, שרייענדיק אויף די העכסטע טענער:

„האָסט חיהן געטריבן אין ברונעם אריין. דו האָסט זי דערוואָרגן, פּודעל, היציל, שינדער! כ'על ניש געמען קיין קיילער פאר קיין מאַן! כ'על ניש!" ווערט איר קול איבערגעריסן און פארדישעט צווישן שמאַטעס.

דאָס קראַנקע ווייב, נישט קענענדיק זיך קיין עצה געבן, לויפט אין איין אָטעם אוועק צום פּריצישן הויף, צום טארטאַק, וואו עס ארבעט דער ברודער אירער, וואָס באהאַלט זיך דאָ אויס פון מיליטער דינסט. ער קומט צולויפן אַ צעיאכמעטער מיט דער האַק אין דער האַנט און בלייבט שטיין אַ צעטומלטער אויף דער טיר. נישט ווייסנדיק וואָס צו טאָן פאכעט ער מיט דער האַק אין דער לופטן און הייבט אָן שרייען געוואַלד, ביז עס יאָגט זיך אָן דער שווארצער חיים מיט אַן עמער וואסער און גיסט זיי אָפּ. ערשט דאַן שטילט זיך איין די מהומה און ביידע שלעגערס בלייבן ליגן אויף די טאַפּטשאַנעס ווי צעקנוי־דערע ליאַכעס, נישט ארויסצוזען קיין מענטשלעכע צורה.

וואָכן נאָכדעם, גייט אַרום דער גרויסער משה מיט אַן ארומגעבונדן פּנים און קומט אין שטוב אַריין נאָר עפּעס עסן אָדער אריינברענגען וואָס ער האָט געקויפט, ווייל שלאָפן שלאָפט ער אין שטאַל מיט די בהמות. אויך מארי ליבע ווייזט זיך נישט אין דרויסן אַ גאַנצן טאָג, נאָר פארנאַכט צו שלייכט זי ארויס פון טשוואַרניק מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס און לאָזט זיך אויפן דאָרף. שפּעט אין אָוונט קומט זי ערשט צוריק מיט אַ פולן זאַק. ווי אַ שאָטן שלייכט זי פּאַזע דעם הויכן הויפישן פּארקן, וואָס ציט זיך פּונקט אַנטקעגן טשוואַרניק, שטעלט זיך אַלע ווײַלע אָפּ און גלאָצט אויפן הויף וואָס שיינט מיט גרויסע עלעקטרישע לאָמפּן; מרוקעט עפּעס אונטער דער נאָז און שפּרייזט ווידער מיט אירע לאַנגע פיס, איבערהאַקנדיק מיט איר שאָטן די ליכט־שפּאַלן, וואָס ליגן אויסגעלייגט אויפן וועג ביי יעדן שפּאַלט פון פּארקאַן. ערשט ווען זי שטייט שוין ביי דער טיר, גלייכט זי זיך אין גאַנצן אויס און טוט אַ שפּיי מיט אַ פול מויל און פארשווינדט אין פינצטערן צימער אריין, וואו עס ווארט אויף איר דער הוילער טאַפּטשאַן מיט די שטומע קינדערלעך, וועלכע ליגן איינגענורעט אין שטרוי און האַלטן אין איין ווארטשען פון שלאָף.

## יב

מיט יעדן נייעם טאָג, האָט זיך שטערנבערג אָנגעהויבן פילן אַלץ היימישער אויפן נייעם פּלאַץ. דאָס דאָרף, די מענטשן אויפן טשוואַרניק, דער הויכער פּארקאַן וואָס טיילט אָפּ דעם הויף פונעם דאָרף, — אַלץ איז אים געוואָרן

נאָענט. דער הארמידער וואָס איז געשטאַנען אַ גאַנצן טאָג אויפֿן טשווארניק און דאָס כסדרדיקע שארגען פֿון די זעגן אין טארטאַק, האָט היימישלעך נערעדט צו אים און אים אָנגעפילט מיט מאָדנע געפילן. עס איז געווען ווי ער וואָלט מיטן גאַנצן גוף און נשמה געשעפּט פֿון דעם טומל און לעבעדיקער ארבעט ארום און דערמיט אָנגעפילט דעם ליידיקן לאָגל זיינעם, וואָס איז אַזוי איינגעשרומפּן געוואָרן אין דער ווינטערדיקער איינזאַמקייט. יעדער נייער גע־רודער אויפֿן טארטאַק, קאַקנדיקער דורכפֿאָר פֿון אַ פֿאַראַבעקס בייטש, אָדער גאָר אַ מאָנאָטאָן האַקן פֿון שטרוי אין דער נאָענטער שעטשקארניע, האָט אים טיף אויפֿגערודערט. נישט נאָר די אויערן האָבן זיך ביי אים אויפֿגעשפּיצט, נאָר דאָס גאַנצע פּנים, אַלע גלידער זיינען וואַך געוואָרן, ווי מורא געהאַט צו פֿארלירן איין טאָן פֿון דעם רעשיקן נערוו וואָס לעבט ארום אים. אפֿילו ווען ער האָט געהאַלטן אין מיטן לערנען, אין מיטן דעם שווערסטן ענין, האָט עס אים אַ ריס געטאָן פֿון אָרט און צוגעיאָגט צום פֿענצטער.

עס האָט אים גענומען ציען וואָס מער צו שפּאַצירן, ארומגיין איבערן דאָרף, איבערן הויף און ארום די באַראַקן וואו די פֿרעמדע ארבעטער האָבן געוואוינט. ער האָט נישט געוואגט אריינצוגיין אינעווייניק, אָבער ביסלעכווייז גענומען אויסטיילן פּנימער, שליסן קאָנטשאַפֿטן סיי אין דאָרף סיי ארום די באַראַקן מיט די ארבעטן. אַ שאָד נאָר, וואָס בייטאָג האָט ער ווייניק צייט צו שפּאַצירן און ביינאַכט זעט מען נישט אַזוי גוט, און אַלץ ארום קוקט אויס ווי איין קנויל.

עס איז אים אויסגעקומען אויסטערליש ווי אין אַ מעשהלע. גאָרנישט צו גלייבן, אַז אין דער זעלבער צייט ווען דורך דער שטאָט פֿון וואַנען ער איז נאָר וואָס געקומען האַלטן אין איין מארשירן סאָלדאַטן צום פֿראָנט, מען גרייט זיך צו אַן אָפּנזיווע, קומען אהער מאַסן פּויערים פֿון דער גאַנצער סביבה און ווערן פֿארשלונגען אויפֿן גאַנצן טאָג אין וואַלד, וואו זיי לאָזן ארונטער אַלט פֿארוואָרצלטע ביימער, אָדער זיי שטייען אויסגעשטעלט ביי די לענגלעכע ווארשטאַטן אין טארטאַק און פֿירן די שארפֿע זעגן איבער דיק־בייכיקע קלעצער וואָס טריפֿן מיט סמאָלע, ביינאַכט קוועטשן זיך די ארבעטער צונויף אין די באַראַקן, וואָס זעען אויס ווי גריבער באַדעקט מיט אַ משופּעדיקן דאַך פֿון פֿארטריקנטער בלאָטע. משפּחותווייז און איינ־ציקווייז קומען זיי אהער, און עס זשומעט ווי אין אַ בינשטאָק בייטאָג און פֿארהילכט די לופֿט מיט לידער און קללות אין די אָוונטן.

עס קען זיך גאָרנישט גלייבן, אַז בלויז אַ פּאָר מייל פֿון דאַנען שטייען מענטשן מיט מרה־שחורהדיקע פּנימער און אָבלדיק אַראָפּגעלאָזטע הענט און וואַרטן שעהנווייז ביי דער פֿאָלקס־קיך כדי צו קריגן אַביסל אמעריקאַנער

פּראָדוקטן. און נאָך אויסטערלישער און גאָר ווייט האָט אים אויסגעקוקט דאָס חרובע דאָרף מיט די ליידיקע פעלדער, וואו ער האָט אַ גאַנצן ווינטער געאיינזאמט און געשוויגן. ער איז געוואָרן אַזוי איבערפילט מיט דעם אַלעם, אַז עס פלעגט אים אַראָפּטרייבן פון געלעגער פאַרטאָג, אָדער אַוועקרייסן פונעם לערנען אין מיטן טאָג און אַ שלעפּ טאָן צום פענצטער, כדי נאָכאַמאָל צו זען מיט די אייגענע אויגן צי עס איז טאַקע אמת, אַז דער פויער אַרבעט אויף די פעלדער, מען בויט נייע שטאַלן און הייזער אין דאָרף, און עס הודיעט און רודערט דער הויף מיט פאַרנומענקייט און שווערע אַרבעט. מען מאַכט דאָ שוועלן פאַר אויסלאַנד. די וועלט, די איראָפּייאישע, האָט זיך שוין גענומען צוריק אויפבויען נאָך דער מלחמה פאַרוויסטונג, דאַרף זי שוועלן, געהילץ מכל המינים. דאָ האָט נאָך די מלחמה נישט אויפגעהערט אַפילו, נאָר עס איז אויסגעקומען ווי מען וואָלט דאָס ווינקל אָפּגעטיילט פונעם אַרומיקן מלחמה־קנויל און געזאָגט: דו העלף אַנדערע אויפבויען זיך און דערפאַר וועלן מיר נישט קוקן אין דיין זייט אַריין מיט קיין איין אויג פון אַ קוילן־וואַרפער. זעלטן אַז עס שמעקט אַהער אַריין אַ זעלנערישער מונדיר. בלויז די רייטער פּאָליציי באַווייזט זיך פון צייט צו צייט. טרינקען אויס אַ פּאָר גלעזלעך אין קאַנטאָר אָדער אויפן טשוואַרניק און ווערן נעלם. דערפאַר אָבער דרייען זיך אַרום אויפן הויף אַ פּאָר אויסלענדיש געקליידעטע פאַרשוינען מיט שמאָלע טאַליעס און אויסגעווינטיקטע פּנימער, פּיפּקעס פון ברוין גלאַנציקע ליולקעס און שווייגן. פון צייט צו צייט בלויז, כאַפּט אַזאַ פאַרשוין אַרויס פון דער קעשענע אַ האָלצמעסטער איינגעוויקלט ווי אַ קנייזעלכל פאָדעם און ווערט פאַרשוואונדן אויף אַ ווײַלע הינטער אַ וואַגאָן קלעצער, וואָס איז נאָר וואָס געבראַכט געוואָרן פון וואַלד. אין אַ פּאָר מינוט אַרום דרייט זיך שוין דער פאַרשוין ווידער אויפן הויף און פּיפּקעט געמיטלעך די ליולקע, אָדער עפנט ברייטלעך אַ פּאַפּיראָסן קעסטל און פאַרשמעקט דעם הויף מיט אַן אויסלענדישן ריח. אַרום זיי דרייען זיך פאַרשידענע מעקלערלעך וואָס לויפן אַרום פאַרשמייעט, ניוכען און נישטערן אין אַלע ווינקעלעך און קוקן אויס די מינוט, ווען אַזאַ אויסגעסטראָקעוועטער פאַרשוין זאָל באַוויליקן צו עפענען די פאַרשנורעוועטע ליפּעלעך און אויף אַ גאַנצן מבול ווערטער ענטפערן כאָטש איין פראַזע: „אָלרייט". וואָס דאָס מיינט, ווייסן זיי נישט אויף קלאָר, נאָר אבי דער אָדון רעדט כאָטש, וועט מען שוין אפשר פאָרט קענען עפּעס אַ האַנדל טאָן מיט אים . . .

אויך צום טשוואַרניק ברענגט יעדער טאָג פרישע פּנימער. עס קומען יידן צו זוכן אַ פאַרדינסטל, אַנדערע ווילן אָנקומען ווי „בראַקערעס" אין וואַלד (האָלץ מעסטער און אָפּקלייבער). אין די פערצן קוואַרטאַלן אין וועלכע מען האָט צעטיילט דעם וואַלד, אַרבעטן הונדערטער אַרבעטער און איבער זיי אַ

צענדלינג בראקערעס, מערסטנס יונגע חברה וואָס באהאַלטן זיך דאָ אויס פון מיליטער־דינסט אָדער אַנדערע פּאָליטישע חטאים. זיי ווייזן זיך זעלטן אין דאָרף, אַפילו דאָס געהאַלט נעמט ווער אָפּ פאַר זיי. בלויז ווען מען ווייסט אַז עס זיינען נישטאָ קיין שפּיקעס אין דאָרף, ווייזן זיך עטלעכע פון זיי אויפן טשווארניק. זיי כאַפּן זיך אַריין אין ביילקעס דירה און וואַרפן אויף אַ ווײַלע אַראָפּ פון זיך דעם וואַלד און די פרעמד. מערסטנס דערציילט מען געפּעפּערטע וויצן און מען באַרימט זיך מיט די דערפּאָלגן ביי די שיקסעס, וואָס אַרבעטן ביים צוקלייבן די שפּענער. אַמאָל אָבער טרעפט, אַז עס פאַרוויקלט זיך אַ הייסע דיסקוסיע וועגן פּאָליטיק, און דאַן פאַרגעסט מען גאָר וואו מען איז אין דער וועלט און עס פליען אַרגומענטן מיט שפּיציקע שטעכווערטלעך, זידלערייען מיט ציטאַטן פון מאַרקס און ענגלס, ביז ביילקע קומט אָן מיט אַ פולן עמער פריש געמאָלקענע מילך און חברה לאָזט איבער די פּראָגראַמען מיט „מיין פּאַרטיי", דיין „מאַסן באַוועגונג", זיין „איינציקער פאַרשטייער פון יידישן פּראָלעטאַריאַט," און מען דערקוויקט זיך אַביסל מיט אַ טרונק און מען ווערט צוריק אייגענע יאַטן. מע זאָגט זיך מער נישט „איר", נאָר מען רופט זיך צוריק ביים ערשטן נאָמען ווי אחים לצרה. געגנוי ווייסן זיי קיינס נישט ווער פון וואַנען עס קומט און וואָס די ריכטיקע נעמען זיינען. מ'רופט זיך ביים ערשטן נאָמען און מ'פרעגט נישט קיין שאלות.

אַז שטערנבערג האָט זיך פאַר איינעם פון זיי פאַרגעשטעלט מיטן צווייטן נאָמען, האָט אים יענער אָפּגעמאָסטן פון אויבן אַראָפּ און איראָניש געענטפערט:

„וואַלד מענטשן האָבן פאַרשטאָפּטע קעפּ. מיר געדענקען נאָר ערשטע נעמען . . ."

יעדער איינער פון זיי איז פאַרשריבן אין קאַנטאַר עטלעכע מאָל. אַזוי שנעל ווי עס קומט אָן אָנפראַגע פון דער פּאָליציי וועגן איין נאָמען, ווערט ער נעלם און עס פאַררעגיסטרירט זיך שוין אַ נייער בראַקער. דאָס באַזאָרגט שוין שיקע דראַגונער; דער הויפּט בראַקער, אַ מיטל יאָריקער יונגערמאַן וואָס שיידט זיך קיינמאָל נישט פון זיין בייטש־שטעקעלע און פונעם תהילימל וואָס שטאַרט אַלעמאָל אַרויס פון דער הינטערשטער קעשענע פון זיינע רייט־הויזן. חברה זאָגט אַפילו, אַז ווען ער דערזעט בלויז אַ פערד שפּרינגט ער אָפּ פיר איילן, נאָר ער האַלט זיך ביי זיינעם אַז אין דער צאַרסקער אַרמיי איז ער געווען דער בעסטער רייטער. ווען מ'שטייט שוין גאָר צו צו אים, שלעפּט ער אַרויס פון דער בוזים קעשענע עפּעס אַן אָפּגעריבן אַלט בילד און ווייזט: „איר'ט מיך אוודאי נישט דערקענען, נאָר עס איז איך, ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיקן." חברה קוקט זיך איין און קומען צום באַשלוס,

אז אפילו ווען עס איז נישט ער, איז עס אָבער אַ פּיין בילד פון אַ דראַגונער.
„נו, וואָס האָב איך אייך געזאָגט," שמייכלט שיקע איראָניש, „קען עס נישט זיין איך? . . . נאַט, טוט אַ קוק, פון דער הינטערשטער קעשענע שטאַרט אַרויס דאָס זעלבע תהילימל . . ."

„איך הער אַפּילו דעם ניגון אויך," כאַפּט שוין אונטער דער ליץ פון דער חברה, אהרון דער שוואַרצער, און חברה פאַרגייט זיך אין אַ האַרציקן געלעכטער.

שיקע איז אַ גאַנצער כל ולך מיטן בוכהאַלטער פון קאַנטאָר און יענער לאָזט שוין וויסן דער פּאָליציי ווער עס איז דאָ אין וואַלד און ווער נישט. נאָר שיקע אַליין, ווייסט, ווער און אויף וואָס פאַר אַ נאָמען איינער איז רעגיסטרירט. פרעגסטו איינעם פון זיי אויף אַ צווייטן נאָמען, קוקט ער דיך אָן ווי איינער רעדט: ביסט אַ יאָלד, טראָג זיך אָפּ!

פאַר שטערנבערגן איז די גרופּע „האָזן", ווי מ'רופט זיך צווישן זיך, געוועזן גאָר אַ חיות. ס'איז דאָ מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן און פאַרנאַכט וואוהין צוצוגיין. ס'איז בלויז אַ צוויי מייל פונעם טשוואַרניק צום וואַלד. גלייך נאָך וועטשערע שפּאַנט ער אַוועק אין וואַלד אַריין און קומט צוריק ווען ס'איז שוין גוט פינצטער. דעם ערשטן באַזוך אין וואַלד האָט ער געמאַכט גלייך אויף דער צווייטער וואָך פון זיין באַקענען זיך מיט איניקע פון זיי.

„באַזוכט אַמאָל די הייל פון די פּערציק רויבער," האָט דער שוואַרצער אהרון אים איינגעלאַדן און דערביי זיך וואוילינגעריש פאַרנייגט פאַר אים ווי פאַר אַ פאָרנעמער דאַמע, „פאַרגעסט אָבער נישט דאָס כישוף וואָרט!"

„אונדזער הייל איז אַן אמתער פּאַלאַץ פאַר די אויסדערוויילטע פון וואַלד," האָט געצויגן יעדן וואָרט איציק דער טעאָרעטיקער, אויסטראַקעווענדיק זיך אין זיין גאַנצער הויך מיט אַ באַזונדערן ערנסט, „עס וועט אונדז פרייען אייך צו עמפּפאַנגען אין אונדזער סטראַטעגישער באַזע, און גליקלעך וועט זיין אונדזער פירער און וועג ווייזער שיקע דער דראַגונער אייך צו זען. איר זאָלט אָבער נישט קומען שבת אין דער פרי, ווייל דאַמאָלסט גיט זיך אונדזער פירער איבער צו דער פרינצעסן שבת און בלויז ער מיט זיין תהילים קענען דאַן הויזן צוזאַמען. קיין פרעמדער אויג טאָר עס נישט זען, אַז איר וועט אָבער זוכה זיין וועט איר קענען הערן זיין ניגון, וואָס צעגייט זיך מיט מתיקות איבערן גאַנצן וואַלד," האָט ער פאַרענדיקט אין זעלבן טאָן, אַז מ'האָט נישט געקענט וויסן צי ער שפּאַסט צי ער מיינט ערנסט.

„איר טאָרט אָבער נישט פאַרגעסן דאָס כישוף וואָרט," האָט זיך דער ליץ קוים דערוואַרט אַז יענער זאָל ענדיקן, „נישט אַזוי גרינג קומט אַן אָנצו־

קומען אין דער ריינער קאָמונע פון די „האָזן”. די בעסטע צייט איז צווישן וועטשערע און לויזן זיך.”

„און אויך דעם פאַמיליע נאָמען, וועט איר מוזן איבערלאָזן דאָ,” האָט דער טעאָרעטיקער, מיטן זעלבן ערנסט ווי פריער, געלאסן געזייערט דורך די ציין, און דערביי אַרויסגעשטעלט זיין מינדסטן פינגער פון דער לינקער האַנט, פון וואַנען עס האָט אַראָפּגעבלישטשעט אַ גאָלדן רינגל, „צוגעשטעפּטע נעמען אַנערקענען מיר נישט!” — האָט ער אָפּגעפּסקנט נישט פאַרקרימענדיק זיך אַפילו, און אַ קלאַפּ געטאָן מיטן געבויגענעם שטעקן, פון וועלכן ער שיידט זיך נישט אַפילו ביים עסן.

די כאַליאַסטרע (אַזוי פלעגט זיי ביילקע רופן), וואָס איז פּונקט דאַן געווען פאַרנומען מיטן זשליאַקען די פרישע מילך, וואָס האָט זיך פאַרעדיק געבלעזלט אין עמער, האָט אַרויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער און פאַרשפּריצט דעם גאַנצן דיל מיט מילך. די צוויי איינלאַדער אָבער האָבן זיך נישט וויסנדיק געמאַכט און האָבן זיך געלאָזט צו דער טיר מיט אַ טענצלדיקן גאַנג, ווי זיי וואָלטן מי יודע וואָס פאַר אַ שליחות אויסגעפירט. אין די שטאַלן האָבן די בהמות זיך פּונקט צעמעקעט און דאָס פייפל פון טאַרטאַק האָט זיך פלוצים שאַרף צעקוויטשעט. שטערנבערג איז געשטאַנען צווישן זיי אַ צעטומלטער אַביסל און געצוואונגען מיטגעשמייכלט.

„ווי זאָגט ברודער שעקספּיר,” האָט זיך דער ליץ פלוצים אויסגעדרייט צום עולם, „ווען נישט דער וויץ, וואָלט מען נישט אויסגעהאַלטן די שמיץ.”

„זיך אַביסל צעדרשנט די האַלאַטע,” האָט ביילקע אויף איר הילכיקן ביי־קול זיך צעקלונגען, „נעמט די פּעק און טראָגט זיך פון דאַנען.”

„אין פּאַלאַץ אַריין, האָזן!” האָט דער טעאָרעטיקער אַריינגעשריגן פון דרויסן, „אין הויפּישן גיהינום ברענט שוין די עלעקטרע!”

דעם צווייטן אָוונט ·איז שטערנבערג געגאַנגען אין וואַלד אַריין. דער אָוונט איז געווען אַ וואַרעמער. עס האָט געשמעקט מיט פרישן היי און שאַרפן ריח פון זשיווויצע. פון ווייטן האָט זיך געטראָגן אַ פאַרלוירענער עכאָ פון אַ יעגער־האָרן. דאָס האָט זיך דאָס פריצישע יונגוואַרג אומגעקערט פון וואַלד. ביים אַריינגאַנג אין וואַלד האָט ער אָנגעטראָפן אַ פּאָר בראַקערעס, וואָס האָבן זיך מידע געשלעפּט פון אַ ווייטן קוואַרטאַל. אָנגעכמורעטע האָבן זיי באַגריסט שטערנבערגן און ווייטער זיך געשלעפּט שווייגנדיק. ערשט ווען זיי האָבן דערזען אַ זייל רויך הייבן זיך אין דער לופטן מיט אַ מחנה קנאַקנדיקע פונקען, האָבן זיי אַרויסגעפּלאַצט מיט אַמאָל:

„אָט איז דער פּאַלאַץ! מ׳רייכערט שוין אויס די קאָמאַרעס.”

ארום פייער האָבן זיך געפּאָרעט אַ פּאָר יונגען אָן רעקלעך און הירזשענ־דיק מיט משונה קולות, ווי זיי וואָלטן וועלן עפּעס פאַרשרייען. זייערע קולות זיינען אָבער פאַרטרונקען געוואָרן אינעם סיקנדיקן קנאַקן פון די דאַרע צווייגן אויפן פייער און דעם לצם הילכיקן כאַכאַטשען פון די אייגענע וויצן. דער טעאָרעטיקער האָט זיך ווי אַ שאָטן געשלייכט פון דער „זיעמליאַנקע" צום פייער און צוריק. דער שטעקן איז אים געווען אָנגעהאַנגען אויף איין האַנט און מיט דער אַנדערער האָט ער געצייכנט אין דער לופט ווי ער וואָלט געשריבן.

די „זיעמליאַנקע", אַ געביי פון קלעצער אין דער פאָרם פון אַן אינדיאַניש געצעלט, איז געווען אויפגעשטעלט איבער אַ גרוב צווישן צוויי ביימער. אין דער טונקלקייט האָט דער משופּעדיקער דאַך אויסגעזען ווי אַ פאַרשפּיצטער קלין גרייט עפּעס צו לעכערן. פליאַכעס פונקען האָבן אַלע ווײַלע זיך אָנגע־שלאָגן אינעם שפּיץ פון קלין, זיך צעשפּריצט און געבליבן פאַרמאַטערטע אויף די בלאָטיקע זייטן, וואָס דינען פאַר ווענט. קיין פענצטער זיינען אין דער „זיעמליאַנקע" נישט געווען, נאָר דורך דער טיר האָט אַרויסגעשלאָגן אַ מאַטער שיין פון אַ קאַניצל, וואָס האָט געקאָפּטשעט איבער דער אייזערנער פּליטע (קאָך אייוועלע) האַרט ביי דער טיר.

שטערנבערג האָט זיך גלייך געלאָזט צו דער „זיעמליאַנקע", נאָר עמיצער האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג און ראַפּאָרטירט אָן דעם מינדסטן טאָן פון איראָניע: „זייט מוחל, מ'קען נישט איצט. מורנו רבי שיקע לויזט זיך! אָ, דאָס זענט איר?" האָט אים יענער פּלוצים דערקענט און שוין אַביסל ערנסטער צוגעגעבן, „איר'ט נאָך האָבן צייט צו זען דעם פּאַלאַץ, וואָס דער פּאַן קאַמינסקי האָט פאַר אונדז צוגעגרייט."

עמיץ האָט זיך פּלוצים אַרויסגעשלייכט פון דער „זיעמליאַנקע" און פאַרשוואונדן צווישן די ביימער.

„וואַש גוט אָפּ די הענט!" האָט מען אים נאָכגעשריגן פון אינעווייניק, ביסט דאָך אַ שופך דם . . ."

„ריר נישט אָן דעם טאָפּ," האָט אַ הייזעריקלעכע שטימע אַרויסגעקלונגען פון דאָרט ווי פון אַ קעלער, „ביסט פאַרטיק, קריך אַרויס און לאָז צורו דעם טאָפּ."

„כ'בין שוין אַ געוואַשענער," האָט דער לץ זיך פּלוצים באַוויזן אויף דער טיר און מיט אַ קניקס אַ פרעג געטאָן מיט אַ מויל פון געלעכטער: „ווי גייט עס אייך דאָרט, פּאַנאָוויע? עפּעס אַ גוטע יאַגד? און ווען וועט שוין אַמאָל פאַרטיק ווערן דער שור הבור?"

„אז איציק איז היינט דער קוכער,״ האָט מען פון אינעווייניק אַרויס־געשריגן מיט פּאַרדראָס, „עפּעס איז ער צעחושט היינט. קומט אַפילו נישט אַ קוק טאָן אויף דער יושקע, מוז שוין זיין אין גאַנצן אויף יענער וועלט.״

„ער שרייבט אַ בריוועלע דער מאַמען,״ האָט אהרולע לץ אַ לאַך געטאָן און זיך גלייך צוריקגעכאַפּט, אָבער פאַרשפּעטיקט אַריינצוכאַפּן זיך אין דער „זיעמליאַנקע״ איידער דער שפּיץ פון איציקס שטעקן האָט אים אַ לעבער געטאָן אין זייט.

ווען נישט וואָס דער לץ האָט זיך פלינק אַדורכגעגליטשט דורך די פּיס פונעם לאַנגען איציק און פאַרשוואונדן מיט אַ קוויטש, וואָלט ער געווען שלעכט אָפּגעשניטן, ווייל דעם טעאָרעטיקערס אויגן האָבן אַ בלישטש געטאָן ווי ביי אַ ווילדער קאַץ. דער גאַנצער גוף זיינער האָט זיך געטרייסלט און פון מויל האָט אים אַזש גענומען זעצן אַ פּינע.

„אַזאַ פאַרד!״ האָט ער געזאָגט, „אַזאַ ניקס!״

מיט אַמאָל האָט ער געביטן דעם טאָן:

„שוין גענוג געלויזט זיך, חברה! אין פּאַלאַץ אַריין!״ האָט ער וואויל יונגעריש אַ געשריי געטאָן און אָפּגעשפּרונגען פון אָרט מיט אימפּעט, אַוועק־געשטעלט זיך אויף אַ פּניאַק און מיט אַן אויסגעצויגן קול ווי אַ שמש וואָס רופט אין שול אַריין, גענומען ציען מאָנאָטאָן און לאַנג: „די יושקע איז פאַרטיק!״

„ביי אונדז איז דאָך קאָמונע,״ האָט ווער איינגערוימט שטערנבערגן אין אויער אַריין.

„מ׳ליגט אין איינעם אין דער אדמה,״ האָט איציק שוין אין גאַנצן אַ באַרואיקטער ווי דערשמעקט וואָס יענער האָט געזאָגט.

„זאָג דעם אמת איציק,״ האָט זיך דער לץ ווידער באַוויזן, נאָר פון זיכערקייט וועגן זיך געהאַלטן פון דערווייטן, „האָסטו נישט פריער געשריבן אַ פּועלי ציוניסטישע רעזאָלוציע?״

„צו וואָס זשע האָסטו געבאַלעבעטשעט מיט דער מאַמען דאָרט, דו ממזר דו!״

„כ׳האָב נישט געוואָלט דערטשעפּען דיין אינטעליגענטעכץ, וואָס דו ברענגסט אוים אויף דער לופט,״ האָט דער לץ זיך אַ קרים געטאָן און אָפּגערוקט אָן אַ זייט.

„הער נאָר אהרעלע,״ האָט דער קליינער לייבקע, אַ שוואַרץ בחורל פון אַ יאָר ניינצן, זיך פּלוצים אַרויסגערוקט פון הינטער אַ בוים, „וואָס שפּילסטו קאָמעדיע, וואָס? שפּילסט דעם לץ. מיינסט עס פּאַסט דיר?״

„אַ נייער מאָראַל פּרעדיקער. וואָס דען? שטימונגען געבן דיר?" האָט אהרעלע זיך אַ שטעל געטאָן שוין גאַרנישט ווי אַ לץ, „שרייבן בריוועלעך אין דער לופטן. קרעכצן הינטער דיביימער."

„לויזן זיך קאָלעקטיוו," האָט לייבקע אַ מרוקע געטאָן, „עס שלאָגט צו דער גאַל."

„איציק, שרייב שנעל אַ רעזאָלוציע!" האָט דער לץ זיך ווידער געפונען, אַז נישט וועט דער „סטיכישער פּראָצעס" פאַרפירן די דעבאַטע אין אלף השישי אריין."

„איציק, די יושקע איז פּאַרטיק, די יושקע לויפט!" האָט מען געשריגן פון אַלע זייטן.

פון דער זיעמליאַנקע אַרויס, האָט זיך באַוויזן אַ נידעריק געפּאַקט יידל מיט אַ קאָמעץ בערדל, דאָס איז שיקע דראַגונער, דער ראש הבראַקערעס, — ווי ער האָט ליב צו טיטולירן זיך. רעדן רעדט ער שטיל און געלאַסן ווי ער וואָלט געציילט יעדן וואָרט. קיין מוסקול אויפן קײלעכדיקן פּנים רירט זיך נישט, און דאָס גיט צו נאָך מער ערנסט און וואָג צו זיינע רייד. נאָר אינעם קראַצן דאָס קאָמעצל מיט צוויי פינגער קען מען דערקענען, אַז דאָס איז ביי אים אַ שפּיל אַזאַ אין איבערגעטריבענער ערנסטקייט.

„וואָס לײדאַקעוועט איר דאָ? מיר האָבן דאָך אַ גאַסט. לאָמיר אים אריינגעמען אין דער קאָמונע," האָט ער מיט זיין געוויינטלעכן ערנסט אריינגערעדט אין דער טונקלקייט אריין.

„זאָל ער זיך פריער דערדינען!" האָט דער לץ געענטפערט פאַר אַלעמען.

„טפוי זאָלט איר ווערן!" האָט דער קליינער לייבקע אַ הויכן שפּיי געטאָן, „שפּילט אויך מיט די קאָמעדיע. מער ליגט אים שוין נישט אין זינען, און אַז מ'טרייבט צוריק די לעגיאָנערן פון קיעוו ווייסט איר?" האָט ער זיך אַזש פאַרכלינעט פון כעס.

קיינער האָט אים נישט געענטפערט און דער „ראש", ווי זיי פלעגן רופן שיקען, האָט מיטן זעלבן אָנגעשטעלטן ערנסט ווייטער געציילט די ווערטער:

„פאַניע שטערנבערג, מיר לעבן דאָ אין איינעם אין ליידן און אין פריידן. עסן ברויט און שלאָפן אין דער ערד. אין חלום מיט אַ שיקסע, און אויף דער וואָר מיט די לייז און נאַסטלען. איר קענט האָבן די זכיה צו ווערן איינער פון אונדז, נאָר איר מוזט באַווייזן אַז איר זענט עס ווערט."

שטערנבערג איז געשטאַנען אַביסל אַ צעטומלטער. דאָס אַלץ איז אים געווען אַזוי פרעמד און מאָדנע, אַז ער האָט פּשוט נישט געוואוסט וואָס צו

ענטפערן. נאָר פּלוצים האָט פון אַ ווינקל פון מוח ערגעץ גענומען זיך אָפּטיילן אַ קליין לאַכעדיקן שדל. עס האָט אים מיט אַמאָל אַ לויכט געטאָן פאַר די אויגן דאָס געשטאַלט פון דעם שטאָט־לץ זיינוועלע. זיין שפּיציקן ציגן בערדל וואָס איז געהאָנגען אויף זיין גאָמבע ווי צוקלעפּט, האָט זיך געטרייסלט און די פאַרקרימטע ליפּן האָבן שמייכלענדיק געחוזקט:

„וואָס שטייסטו ווי אַ סטראַוץ? דערלאַנג זיי מיט אַ חוכא וטלולא ווי איך, ווען עס איז מיר אין דער ערד מיט די זאַכן . . .‟

ווי עמיץ וואָלט אים אָנגעטאָן אַ נייע הויט, האָט שטערנבערג דערפילט, אַז זיין גאַנצע צורה קאָרטשעט זיך מיט חוזק, און אין דעם זעלבן פייערלעך ערנסטן טאָן האָט ער אַ זאָג געטאָן: „איך האָב געהערט וועגן אייך און אייערע מעשים, אַזוי האָט עס מיך ביים הארצן פאַרכאַפּט. בין איך צו אייך געקומען כדי צו ווערן איינער פון אייך. לערנט מיך וואָס צו טאָן,‟ האָט ער פאַרענדיקט מיט געבעט.

די כאַליאַסטרע איז ווייזט אויס, איבערראַשט געוואָרן פון דעם מאָדנעם אַרויספאָר און פיל באַדייטיק זיך איבערגעקוקט. דער „ראש‟ אָבער, האָט בלויז אַ צי געטאָן די הויזן אויף אַרויף, ווידער גענומען קראַצן דאָס קאַמעצל מיט צוויי פינגער און גענומען ציען די ווערטער ווי לייענענדיק אַ באַריכט: „ביי אונדז לעבט מען בשותפות. אַלע פּאַרטייען זיינען פאַראייניקט. אויס פּאַרטייען דאָ.‟

„איבער פּאַרטייאיש,‟ האָט דער לאַנגער איציק גאַנץ ערנסט פאַרריכט.

„אינטער פּאַרטייאיש,‟ האָט ווער אַ לאַך געטאָן.

„איבער, אינטער,‟ האָט דער „ראש‟ געפּרואווט דאָס קאַמעצל אַריינ־כאַפּן אין מויל אַריין און אַ מאָדנעם צי געטאָן מיט דער נאָז.

שטערנבערגן האָט זיך אויף אַ רגע אויסגעוויזן, אַז אָט שטייט טאַקע פאַר אים זיינוועלע חכם, אַ ייד וואָס האָט קיינמאָל נישט אויף שבת און קרימט אַזוי איבער אַלץ און אַלעמען פון וועטשערע ביז וואַרעמעס.

„ביי אונדז איז נישטאָ קיין מיינס און דיינס,‟ איז דער לץ אונטער־געשפּרונגען און אַ צי געטאָן לייבקען ביי די האָר.

„הער אויף, קאָמעדיאַנטשיק איינער,‟ האָט לייבקע אַ צישע געטאָן מיט אומגעדולד, „איך קאָך מיר אַליין, און פייף אויף אייער קאָמונע מיטן ליצנות אין איינעם.‟

„שוין גענוג קאָמעדיעס,‟ האָט ווער פון אַ ווינקל מסכים געווען מיט לייבקען.

דאָס ליצנות האָט אָבער שוין אַלעמען אַזוי פאַרכאַפּט, אַז עס האָט זיי אויף אַן אמת פאַרדראָסן וואָס מען שטערט זיי דאָס ביסל פאַרגעניגן.

„אין לאָקאַל אַריין דרשענען!" האָט מען זיך געבייזערט פון אַלע זייטן.

„אַ נייער צדיק הדור!"

יאָ, יאָ," האָט דער „ראש" זיי איינגעשטילט מיט דער האַנט, „מיר נעמען אַריין אין דער חברה יעדן איינעם וואָס קען זאָגן עפּעס אַזוינס, וואָס קיינער פון אונדז האָט נאָך נישט געהערט. קיין שקאָלע איז דאָ נישט, מיין פריינד. אַהער דאַרף מען קומען שוין אַ געקאָנטשעטער (פאַרענדיקט דאָס לערנען) . . . עס קען זיין אַ וויץ אויך. איך גיב אייך דריי טעג צייט." האָט ער פאַרענדיקט מעשה באַלעבאַס.

„אָמן," האָט אַרעלע לץ אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער, וואָס אַלע האָבן אונטערגעכאַפּט אַ חוץ דער „ראש". ער איז זיך געלאָסן און מאַיעסטעטעטיש געגאַנגען צום ברונעם וואַשן די הענט.

דאָס עסן איז צוגעגאַנגען שנעל און לעבעדיק, צוגעפּעפּערט מיט גראָבע וויצן און וואַוילינגערישע ווערטלעך. וואָס איידעלער אַ פּנים, אַלץ גרעבער דער וויץ. ווי אויף צו פּליסן האָבן זיך אַלע באַמיט צו זיין וואָס וואולגאַרער. עס איז געווען ווי זיי וואָלטן זיך פאַרכליניעט אין דעם, פאַרשיכורט זיך. בלויז איין לייבקע איז געזעסן אין אַ ווינקל און געגעסן פון אַ פאַרקאָפּטשעט טעפּעלע, וואָס ער האָט געהאַלטן צווישן די פיס. בלויז די שטעכווערטלעך וואָס זיינען געפלויגן אין זיין ווינקל אַריין, האָבן אים פאַרבונדן מיט דער צעיושעטער כאַליאַסטרע. ער האָט אויפגעכאַפּט אַ ווערטל ווי מע כאַפּט אויף אַ פּילקע. געטראַכט אַ ווײַלע און באַלד זי צוריקגעשליידערט צום קאַסטן, וואו די חברה האָט געגעסן, און ווידער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ צום טעפּל. ביז דער „ראש" האָט זיך אַריינגעמישט, אַז על פּי יושר וואָלט לייבקע זיך געדאַרפט מאַכן אַ באַזונדער פייער אויך, און אַז מע וועט דערלעבן און ער וועט שבת זיין אין קאַנטאַר, וועט ער זיך משתדל זיין ביים גנעדיקן האַר און באַשיצער פונעם אָרעמען פאָלק, פּאַן קאַמינסקי, ער זאָל אויפשטעלן אַ באַזונדערן פּאַלאַץ פאַר דעם איידל בלוטיקן און נשמה ריינעם ברודער, לייבקע, זאָל לעבן.

די כאַליאַסטרע האָט אויסגעשאָסן אַ געלעכטער נאָר פּלוצים אַנטשוויגן געוואָרן, ווײַל פון לייבקעס ווינקל האָט זיך אַ טראָג געטאָן אַ בראַזג פון אַ צעבראָכענעם טאָפּ און אַ קוויטשיקער געוואַי: „אוי, מאַמע געטרייע!"

עס איז געוואָרן אַזוי שטיל אין דער „זיעמליאַנקע", אַז מע האָט געהערט דאָס טרעשטשען פון די קינדלעך וואָס האָבן געברענט אויפן אויוון, און אַ

סקרוך איז אריבער אַלעמענס לייבער. איינציקווייז איז מען אוועק פונעם קאַסטן, וואָס האָט געדינט פאַר אַ טיש און זיך אַ ווארף געטאָן אין אָנטאָן אויף די שטרוי זעק, וואָס זיינען געלעגן אויף דער הוילער ערד. דער עולם האָט שטיל געגרויכערט און פאַרביסן געשפּיגן. ביסלעכווייז האָט זיך אויפגעהויבן אַ ברומעניש פון אַלע זייטן, אַ געזאַנג אַזאַ אויף צו להכעיס. יעדער איינער האָט זיך באַמיט צו נעמען דעם פאַרקערטן טאָן פון זיין שכן און אויף די העכסטע קולות. עס האָט געריסן אין די אויערן, געגרופּעט אויפן האַרץ און דאָך נישט געקענט פאַרשרייען דעם בלודנעם ווייטיק פון לייבקעס אויס־געשריי: „אוי, מאַמע געטרייע!"

ביסלעכווייז זיינען די קולות געוואָרן אַלץ ווינציקער און אַ כראָפּען, צום ערשטן אויף קאַטאַוועס און דערנאָך אויף אַן אמת האָט באַגלייט די מאָדנע קאַקאַפאַניע. די קינדלעך און דאָס איינציקע קאַניצל, האָבן זיך געלאָשן און געטוקט, ווי אַ יאָרצייט לאָמפּ, און באַלויכטן די „זיעמליאַנקע" מיט אַ ביטערע מרה שחורה, וואָס עסט ווי דער מאָיל.

„ווי אַ היל פון גזלנים," איז ווער געוואָרן סענטימענטאַל, נאָר קיינער האָט נישט געהערט אָדער נישט געוואָלט הערן, און פאַרשריגן די מרה־שחורה מיט האַפּסלדיקע לידער, וואָס האָבן זיך געריסן אין וואַלד אַריין און דאָרט פאַרפאַלן געוואָרן צוזאַמען מיט די פייער פליגן, וואָס זיינען פאַרביי־געפלויגן מיט אַ בלישטש און נעלם געוואָרן. נאָר איין מאַטער שיין האָט זיך געצויגן דורך דער אָפענער טיר פון דער זיעמליאַנקע, אויסגעלייגט זיך איבער דער ברייט פון וועג ווי אַ געלע טאַשמע און פאַרלוירן געוואָרן צווישן די ביימער.

שפּעט ביינאַכט איז שטערנבערג אַהיימגעגאַנגען פון וואַלד. אַ פרילינג ווינטל איז ווארעם אַרומגעגאַנגען אין וואַלד און שטיל געשעלעשטשעט מיט די צווייגן. אַ מאָדנע נישט היימלעכקייט איז אים באַפאַלן. עס איז נישט געווען קיין מורא, נאָר ווי אַ שווערע מאַסע וואָלט אים געדריקט פון אַלע זייטן. ער האָט אַפילו נישט געוואַגט אַ קער צו טאָן זיך אויף אַ האָר. אַפילו דאָס פוילע האָלץ ביי די זייטן פון דער סטעזשקע, האָט מאָדנע און אויסטערליש געלויכטן, און דער אויסגעשטערנטער הימל האָט זיך געשפּרייט עפּעס אַזוי קאַלט און פרעמד. פּלוצים איז די שטילקייט איבערגעריסן געוואָרן. אין דאָרף האָט אַ האָן זיך צעקרייט און באַלד נאָך איינער און אַזוי פון אַלע זייטן, האָט עס אים פאַרכאַפּט ביים האַרצן און עפּעס האָט זיך אים אַ מיש געטאָן. נישט פילנדיק אַפילו, האָט ער אַ שפּרונג געטאָן פון אָרט און אויך אַרויס־געלאָזט אַ קריי מיט אַ משונהדיקן גרילץ. דער גרילץ האָט זיך אַ קייקל געטאָן אין דער לופט און אָנגענומען דאָס געשטאַלט פון זיינוועלע חכם, וואָס האָט

זיך צעטאַנצט פאַר אים מיט אַ נאַרן מיצל אויפֿן קאָפּ און אַן אָפֿן מויל מיט שפּאָט און געלעכטער, ווי אַלעמאָל ווען ער פֿלעגט שפּילן דעם פּורים רבֿ: „שפּילט קינדערלעך, שפּילט! אַז נישט קען מען דאָך צעפּלאַצט ווערן," איז ער געווען זיכער, אַז ער הערט דעם חכמס ווערטער, און מיט אימפּעט גענומען לויפֿן אין איין אָטעם צום דאָרף צו.

יג

נאַכט. פֿון די לאַנקעס און נאָענטן טייכל, האָט דער סוף פֿרילינג אַרומגעזונגען מיט כלערליי זשאַבע קולות און טרעלן פֿון זומער פֿייגל. פֿון ערגעץ אַ גאָר נאָענטן דאַך, מן הסתם פֿונעם פֿאַרפֿוילטן געביי פֿון דער קאַפּליצע לעבן בית עולם, האָט זיך געטראָגן אַ שטיל קאָקאָטשען פֿון באָטשאַנעס. פֿון גערטל לעבן טאַרטאַק און די באַראַקן האָבן זיך געריסן הייזעריקע מענער שטימען, וואָס האָבן ווי געוואָלט איבערשרייען די סענטימענטאַלע געזאַנגען פֿון אַ געזעמל מיידלעך ערגעץ וואו אין אַנדערן עק דאָרף.

אַ מאָדנע וואַכיקייט האָט געהויערט אויף אַלץ אַרום. און וואָס ווייטער אין דער נאַכט אַריין, אַלץ וואַכיקער, שאַרפֿער און גיריקער איז אַלץ געוואָרן. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַלץ מיט אַלעמען פּאָרט זיך איצט און רייסט זיך צו פֿולער באַהעפֿטונג. קול מיט קול און גראָז מיט ערד, ריח מיט ריח און גוף מיט גוף. עס האָט גערופֿן, געמאַניעט און געצויגן און נישט געלאָזט איינזיצן אויף אַן אָרט. אויך דער טשוואַרניק איז געווען וואַך. קינד און קייט צוזאַמען מיט די צוגעפּאָרענע געסט זיינען געזעסן אָדער געלעגן אויפֿן פֿרישן היי פֿון פֿאָרנט פֿון טשוואַרניק. אַקעגנאיבער האָט זיך געשאָטנט דער הויכער הויפּישער פּאַרקאַן און דורכגעלאָזט איינציקע שטראַלן דורך די שפּאַלטן פֿון די שטאַכעטן, און הינטער זיי — האָט זיך געוויילט די לאַנגע וואַנט פֿון טשוואַרניק נאָר וואָס געקאַלעכט. שוין עטלעכע מאָל ווי עס האָט ווער געפּרואווט פֿאַרציען אַ שמועס, נאָר עס קלעפּט זיך נישט, צופֿיל פֿאַרנומען איז יעדער מיט זיך אַליין און מיטן אייגענעם לייב וואָס קען זיך קיין רו נישט געפֿינען. איז מען געלעגן שווייגנדיק און זיך געדרייט אומרואיק, פֿאַרטייעט אויפֿן היי, און מיט אָנגעשפּיצטע אויערן אויפֿגעכאַפּט אַ ברויזיקן אויסגעשריי פֿון אַ שיקסע ערגעצוואו אין אַ נאָענטער סטאָדאָלע, און אַ האַלב חלשותדיקן געצאַפּל פֿון אַ סאָלאָוויי אין די נעסטן אויף די הויכע טאָפּאָלעסביים זייט פֿון וועג.

פֿון דער אַנדערער זייט טשוואַרניק, אויף אַ פֿולן וואָגן פֿריש געשניטן היי, איז שטערנבערג געלעגן מיטן פּנים אַרויף און מיט פֿאַרנעפּלטע אויגן געקוקט

אין הימל אריין. אַ קלאָרער דורכזיכטיקער, בלינצלדיקער הימל; קוקסט און זעסט ווי עס באַוועגן זיך די שטערן אין דער הויך, ווינקען און ציען זיך אויס, ווערן אויף אַ ווײַלע פֿאַרשוואונדן און באַווײַזן זיך שנעל מיט נאָך אַ שאַרפֿערן בלישטש, ווי זיי וואָלטן געשניטן דעם חלל און געוואָלט וואָס גיכער צוקומען צו עפּעס. עס איז אים אויסגעקומען ווי אויך פֿון דער הויך טראָגן זיך קלאָרע טענער, כאָטש דינערע און צאַרטערע, און זיי פֿלעכטן זיך אַריין אין דער אַרו־מיקער וואַכיקייט און נעמען אַלץ אַרום און וויקלען עס איין אין איין בינטל. אָט באַלד וועט זיך עס געבן אַ צעוויקל און אַ פֿלאַטער טאָן מיט אַ שטראַלנדיקער ליכטיקייט, און ביז דאַן—זאַפּט ער דערווײַל אַלץ איין אין זיך. יעדער גליד אין אים צאַפּלט. די קולות פֿון אַרום טאַנצן אַרום אים, רופֿן זיך איבער, קרײַצן זיך און פֿאַרבינדן זיך און טראָגן זיך ווידער אַוועק. פֿאַרמאַכט ער די אויגן און גיט זיך אין גאַנצן אָפּ צום אַרום. אָבער פּלוצלינג איז אַן אומרואיקייט אויפֿגעגאַנגען אין אים. עס האָבן זיך גענומען דערטראָגן צו אים אויך אַנדערע טענער, בייטאָגיקע, רוישיקע און טומלענדיקע. אָט כוואַשטשען די בייטשן פֿון די פֿאַראַבקעס, וואָס טראָגן זיך פֿאַרביי אויפֿן וועג. אָט ציטערט גאָר אויף אַן אָפּגעהאַקט שאַרגען פֿון די זעגן אין טאַרטאַק. ציטערט ער אויך מיט און טוט זיך אַ האַסטיקן באַוועג, דערפֿילט ער גלײַך אַ ניי געפֿילדער: אַ טעמפּער הילך פֿון אַ פֿאַלנדיקן בוים אין וואַלד, אַ ריצן פֿון די פּײַלן ביים שאַרפֿן די העק און אַ ווײַט טופּען פֿון פֿערדישע קאָפּיטעס, און אַפֿילו דאָס דראָבנינקע געלעכטערל פֿון אהרון לײַ טאַנצט אויך מיט.

אין שווערן דרימל, האָט ער זיך גענומען דרייען און קאָלערן אין היי און פֿאַמעלעך זיך אַראָפּגעגליטשט פֿונעם וואָגן אויף דער ערד און געבליבן שטיין אַ פֿאַרטייעטער. ער האָט זיך אָבער נישט פֿאַרגונען די אויגן אויפֿצועפֿענען, ווי ער וואָלט מורא געהאַט אַז מיטן עפֿענען די אויגן וועט אַלץ פֿאַרשווינדן, און אים ווילט זיך דאָך אַזוי פֿיל אײַנזאַפּן אין זיך די קלאַנגען פֿון דעם גאַנצן טאָג מי און לעבן אַרום אים. איז ער אַזוי געשטאַנען און — אַלץ איז געווען אָפֿן און וואָר. ער האָט אַפֿילו נישט געזען קיין קלאָרן בין אין דעם, אָבער געשפּירט דעם טעם פֿון כסדרדיקן באַוועגן, פֿון אַרבעט, פֿון אַ וועלט מיט אַן אייגענעם חיות אין זיך. און לייכט איז אים געוואָרן אויף דער נשמה און גרינג, ווי ער וואָלט זיך באַפֿרייט פֿון אַ קאָשמאַר, אויסגעפּלאָנטערט זיך פֿון נעדיכטע נעצן. ער איז געוואָרן אויפֿגערוימט און געפֿילט, אַז איצט וואָלט ער געקאָנט עמיצן האַרציק אַרומנעמען און זאָגן: „אַך, ווי גוט עס איז וואָס מיר לעבן, וואָס ס'איז דאָ אַ וועלט און מיר אין איר. אַך, ווי גוט!"

„וואָס פֿראַוועט איר יחידות דאָ?" האָט אים אַביסל אַ הייזעריקלעכע שטימע איבערגעהאַקט די רעיונות, „אין אַזאַ נאַכט זיך פֿאַרקליבן גאָר אין היי. עס איז פּשוט אַן עבירה."

„אָ, דאָס זענט איר, בוזשע,‟ האָט שטערנבערג אויסגעשטרעקט ביידע הענט, „איר זענט טאַקע גערעכט. עס איז שוין איינמאָל אַ וועלט. מעדנים, זאָג איך אייך,‟ האָט זיך ביי אים אויפגעבונדן די צונג. און פון גרויס צופרידנקייט וואָס ער קען זיך מיט עמיצן טיילן, האָט ער איבערגעחזרט מיט גרויס הנאה, „מעדנים, זאָג איך אייך.‟

„יאָ, מיין מאַמע זאָגט אויך אַלעמאָל: צום וועלטעלע גנב, דאַרף מען נאָר האָבן אַ גוטע צונג און שטאַרקע ציין,‟ האָט בוזשע אים צוגעגעבן גערעכט שטייענדיק נאָך אַלץ פון ווייטן.

„צום לעקן אוודאי,‟ האָט שטערנבערג שוין גאָר אַן אויפגעלייגטער זיך דערנענטערט צו אים.

„ווי אַ יונגער אַרבעטער, מיין איך, צום בייסן. בייסן, אַזש דאָס בלוט זאָל רינען ביז איבער די ליפּן.‟

„נו, יאָ,‟ האָט זיך שטערנבערג אַרויסגעכאַפּט, נישט וויסנדיק אַליין וואָס ער מיינט.

„זענט איר, הייסט עס, אויך מסכים?‟

„מסכים? צו וואָס?‟

„אַט צו דעם וואָס מיר האָבן נאָר וואָס,‟ האָט זיך דער בחור גענומען פּלאָנטערן און נישט געקענט אַרויסקריכן, „אַט וואָס איר זאָגט. אָ, כאַפּט עס דער וואַטנמאַכער! עפּעס געוואָלט זאָגן און פאַרפּלאָנטערט זיך.‟

„אַ דאגה האָט איר, לאָמיר זיך בעסער דורכגיין.‟

„גייט עס. אַ טשיקאַווע זאַך מיט מיר,‟ האָט יענער זיך נאָך אַלץ נישט גע־האַט באַרואיקט, „שטייענדיק ביים וואַרשטאַט אַ גאַנצן טאָג, טראַכט איך אויס אַ וועלט. איך שטיי און שאָב די ברעטער און דער מוח אַרבעט קלאָר. וואָס שווערער דאָס שאָבן, אַלץ קלאָרער קייַלעכן זיך אויס די געדאַנקען, נאָר נאָך דער אַרבעט פליט עס מיר אַרויס פון קאָפּ, פּונקט ווי די הובלענקעס פון אונטער דעם הובל. גייענדיק אַהער האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך האָב אייך אַ וועלט מיט זאַכן צו זאָגן און אייך טאַקע באַווייזן . . .‟

„אפשר וואָלטן מיר היינט נישט דיסקוטירט? לאָזט עס איבער אויף אַ רעגנדיקן אָוונט.‟

„וואָס איז, איר האַלט מיך שוין אויך פאַר אַ נודניק?‟ האָט זיך יענער מיט אַמאָל באַליידיקט. „איר זענט דאָך נישט קיין גרויסשטאָטישער ווי זיי דאָרט, די בראַקערעס.‟

„אַנטשולדיקט מיר, כ'האָב נאָר געמיינט . . .‟

„יאָ געמיינט, נישט געמיינט, אין דער אמתן טאָקע בין איך דאָך נאָר אַ פּראָסטער פּראָלעטאַריער . . .", האָט ער אַ וואָרף געטאָן די ווערטער מיט אַ מאָדנעם טאָן און דאָך האָט זיך געפילט, אַז עס איז גאָר אַ באַזונדערע גאווה אַזאַ ביי אים צו דערמאָנען אַלעמען, אַז ער איז דער פּראָלעטאַריער, און אויף זיין וואָרט דאַרף מען שטאַרק בויען.

„אָבער וואָס רעדט איר?", האָט זיך שטערנבערג שוין נישט געקענט איינהאַלטן.

„ס'איז שוין אַלעמאָל אַזוי. די אינטעליגענץ גרויסט זיך. איציק דעם גרויסן פּאַסט דאָך אַפילו נישט צו רעדן מיט מיר. אַבי ער קען שרייבן אַרבעטער רעזאָלוציעס. מיטן אַרבעטער אַליין שעמט ער זיך," האָט שוין בוזשע זיך געקאָכט אויפן קול.

„כ'וועל אייך זאָגן דעם אמת, איר זענט אַ מאָדנער מענטש," האָט שטערנבערג געזוכט ווערטער צו באַרואיקן אים, „וואָס האָט איר זיך עפּעס איינגערעדט? זיי, ציטערן פאַר זייער אייגענעם שאָטן. פּחד מאַכט שאָטנדיק און ענג האַרציק."

„נאָר אָפּלאַכן קענען זיי!"

„דאָס פאַרשטעלן זיי זיך אַזוי. דערמיט ווילן זיי פאַרדעקן זייער ציטערן פאַר יעדן שנעק וואָס טראָגט אַ ביקס."

בוזשע גאָלד האָט זיך געגרייט עפּעס צו ענטפערן, און ווי זיין שטייגער איז אין אַזאַ פאַל, האָט ער זיך אַ בייג געטאָן אויף פאָרויס גלייך ער וואָלט זיך געגרייט אַ שפּרונג טאָן, נאָר דאָ האָט זיך מיט אַמאָל דערהערט אַ טופּען פון פערדישע קאָפּיטעס, האַרט אויפן וועג פאַרן הויז. ביידע שמועסער האָבן זיך גלייכצייטיק אַ לאָז געטאָן צום וועג צו און זיך באַלד צוריקגעצויגן אָן אָטעם. צווישן צוויי רייטנדיקע פעלד זשאַנדאַרן איז געגאַנגען אַ נידעריק בחורל אָן אַ היטל. דאָס רעקל איז אויף אים געווען צעריסן און דאָס ווייסע הינטערשלאַק פונעם וועסטל, האָט אַרויסגעקוקט דורך די אָפּגעשיילטע שטיקער און עפּעס ווי געוואָרנט.

„דאַכט זיך לייבקע!", האָט שטערנבערג אַ דערציטערטער אַ צאַפּל געטאָן, „מ'האָט אים געכאַפּט. קומט צווישן די בעבלעך," האָט ער אַ שלעפּ געטאָן גאָלדן.

„איך בין אַ היגער, אַ ווילנער. וואָס האָב איך מורא?" האָט יענער אומשולדיק אַרגומענטירט.

שטערנבערג, האָט אים בלויז שאַרף אָנגעקוקט אַ סעקונדע און גאָרנישט זאָגנדיק גענומען קריכן צווישן די הויכע שטעקנס, אויף וועלכע עס האָט

זיך געוויקלט דער באַב. נישט ווילנדיק, האָט זיך גאָלד אויך אויסגעצויגן אויף דער ערד און נאָכגעקראָכן.

„אייער פּאַפּירל טויג דען נישט?"

„דאָס ערשטע וואָס אַ „האָז" דאַרף טאָן איז אַנטלויפן . . ."

„אָט האָט איר אייך מעדנים," האָט גאָלד אין אַ פּאָר מינוט אַרום זיך אַ בייזער געטאָן, „קומט אַרויס. מ'הערט זיי נישט מער."

פֿאָרן טשוואַרניק איז געשטאַנען אַ קנויל מענטשן און זיך געסודעט:

„דאָס איז מאַרטינס אַרבעט!"

„איך האָב אים היינט געזען דרייען זיך אַרום קאַנטאַר, ווען דאָס אָרעמע בחורל איז צוריקגעקומען פֿון שטאָט."

„אַ הינטישע לעבער!" האָט וואַווערניוק דער דאָרפֿס שרייבער געקריצט מיט די ציין.

„אַ שטשור, אַ פֿריצישער, מיר וועלן אים נאָך אָנלערנען!"

„דו האַלט די צונג, הריציו!" האָט ביילקע אים געוואָרנט.

„אַזאַ פֿאַנסקע לעקער, זאָל ער נאָר פּרואוון טשעפּען מיט אונדז!" האָט וואַווערניוק נישט געקענט זיך באַרואיקן.

פֿון דאָרף האָבן זיך נאָך אַלץ געטראָגן הילכיקע געזאַנגען, אָבער מיט אַמאָל האָבן אַלע ווי דערפֿילט די אַרומיקע פֿינצטערניש און מ'האָט זיך גענומען רוקן אין די צימערן אַריין.

„איך וועל אייך אַביסל באַגלייטן," האָט שטערנבערג כמעט ווי זיך געבעטן ביי גאָלדן.

„ס'איז אפשר נישט כדאי," האָט יענער זיך געקווענקלט.

„ס'איז נאָך אַלץ אוקראַיינישע ערד!" האָט וואַווערניוק ווי פֿאַרשטאַנען זייער דורכרעדן זיך, „קומט זיך דורכגיין, וועל איך אייך עפּעס ווייזן," איז ער נאָך צוגעלאָזענער געוואָרן, „דו ווייסט דאָך עס, בערקע, און דער פּראָפֿעסאָר מעג אויך וויסן," האָט ער נאָך אַ פּאָר מינוט גיין צוזאַמען, געהיימניספֿול צוגעגעבן און דערביי זיך פֿאַרכליניעט, ווי ער וואָלט זיך מיט עפּעס געוואָרגן.

„אוודאי מעג ער. ער איז אַן אייגענער און וועט טאַקע העלפֿן אויך," האָט גאָלד באַשטעטיקט.

„מיר האָבן היינט אַ פֿאַרזאַמלונג. מיר ווילן עפֿענען אַ ביבליאָטעק. די ביכער זיינען שוין אָנגעקומען. מיר וועלן זיי ווייזן!" האָט וואַווערניוק זיך

א שטעל געטאָן מיטן פּנים צום הויף, „אונדזערע כאַטעס פאַלן איין און אונדזער געהילץ שיקט מען אוועק אין אלדי רוחות."

„דאָס וועט אונדז מאַכן אַ גוטן נאָמען אויף דער וועלט . . ." האָט גאָלד אַ פאַרשטיקטן לאַך געטאָן.

„דו האָסט עס דאָך אויך געהערט, בערקע," האָט וואָווערניוק אַ כאַפּ געטאָן גאָלדן ביים אָרעם, „לעצטן שבת, ביים וויפּלאַט (וועכנטלעכן אויס־צאָל) האָצקעט ער אַזוי צו צו מיר דער יונגער פאַן מיטן אויסגעדרייטן פּיסל. הריציו, מאַכט ער צו מיר, זאָג דער כאַמסטווע אַז עס דאַרף זיין ביי זיי אַ כבוד, וואָס אונדזער געהילץ וועט אָנשפּאַרן אין ווייטע לענדער."
„מיר וואָלטן דיר מוחל געווען דעם כבוד, פּאַניע קאַמינסקי," האָב איך אים געזאָגט גלייך אין פּנים אַריין. „ביסטו נישט בעסער פון זיי, כאָטש ביסט געגאַנגען אין שקאָלעס ביים צאַר," האָט ער מיר פאַרשפּריצט דאָס גאַנצע פּנים מיט זיין סלינעוואַטע פּיסקל. „אַז מ'גיט אייך ברויט צאָלט איר מיט שטיינער," האָט ער זיך צעקראַקעט ווי אַ וואָראָנע. כ'וואָלט אים נאָך געווען געשמאַק אַריינגעזאָגט, דעם פּאַסקודניק, האָבן זיך אָבער צוויי זשאַנדאַרמען פּונקט אַריינגעשטעלט אין קאַנטאָר."

„זיי האָבן עפּעס דערשמעקט, ווייזט אויס. זיי קריכן אַרום אין די באַראַקן. ערשט נעכטן האָב איך דערטאַפּט איינעם פון זיי נישטערן אונטער די בעטן אין אונדזער באַראַק," האָט גאָלד איבערגעגעבן.

„מיר דאַכט זיך אויך, אַז שפּיקעס (שפּיאָנען) דרייען זיך דאָ אַרום," האָט שטערנבערג זיך דערמאָנט, „אַנומלטן, זיצנדיק אַזוי פאַרן טשוואַרניק מיט אַ ביכל אין האַנט, איז עפּעס אַ פריצל צוגעקומען און מכלומרשט געפרעגט דעם וועג אין וואַלד אַריין און דערוויל געשיקלט מיט די אויגן אין ביכל אַריין."

„ניוכען ווי די חזרים" האָט וואָווערניוק אַ שפּיי געטאָן מיטן גאַנצן כוח.

„מ'דאַרף זיין פאָרזיכטיק, הריציו, און מיט קאַמינסקין זיך אויסטענהן דאַרף מען אויך נישט."

„אָבער עס בריט דאָך ביי דער לעבער. זאָגט נאָך: אונדזער דאָרף! אויף זיין מיסט געוואַקסן. דאָס גאַנצע דאָרף אַרבעט אויף אים און ער וואַרפט זיך נאָך. כאַמעוועט, מיינט ס'איז אַמאָליקע יאָרן."

„וואָס זאָגן עפּעס די אַלטע דערויף?" האָט גאָלד פּלוצים אַ פרעג געטאָן.

„ציטערן ווי די לעמער, די פּאַקראַקעס," האָט וואָווערניוק אַ שלונג געטאָן די לעצטע ווערטער„ „כאַפּט עס די כאָלעריע! קומט דאָ אַריין אין שייער!"

פונעם שייער האָט זיך געטראָגן אַ פאַרשטיקט געלעכטער און פריילעכע אויסרופן.

„וועסט נאָך אויסשלאָגן פּוטער, מיכאַש!" האָט אַ דין קולכל פון אַ שיקסל געקרייעט ווי אַ יונג הענדל אין פרילינג.

„וואָס? קאַמינסקיס זינדל מאַכט עס בעסער, מאַרטאַ?", האָט אַ באַסאָווע שטימע אָפּגעענטפערט.

„ביי דער לעקטרע גייט עס בעסער!" האָט ווער געכאַכאַטשעט פון אַ באַרג היי אַרויס.

„פּיסקאַטעס! זיך צעכרוקעט ווי די חזירים. דער פאַן רופט אייך כאַמעס און גערעכט," האָט זיך דאָס שיקסל אַ ריס געטאָן פונעם הויפן היי מיט רוגזה און האַלבן געוויין, און זיך אָנגעשלאָגן אָן די אַריינקומענדיקע פונקט ביים טירל.

אַ פאַס ליכט פון דער הויף עלעקטרע, האָט ווי אַ ווייסע קאַץ אַ שפּרונג געטאָן אינעם חושך פון שייער און אַ בלענד געטאָן אויפן יונגוואַרג, וואָס איז געלעגן אויפן היי ווי אַ קנויל פאַרפּלאָנטערט איינס אין דאָס אַנדערע. דאָס טירל האָט זיך פאַרקלאַפּט מיט אַ טרעשטש און אָפּגעהאַקט דעם פאַס ליכט, ווי אָנגעטראָטן דער ווייסער קאַץ אויפן עק. פון דרויסן האָט זיך נאָך מיט קוויטשנדיקן געבייזער געציקלט מאַרטאַס שעלטן און שפּייען צוזאַמען.

„אַזעלכע נאַקעטע האָלעדריגעס, כאַמעס, טפוי!"

„וואָס טשעפּעט איר זיך צו איר?" האָט וואָורעניוק אַריינגערעדט אינעם חושך אַריין און פאַרענדיקט מיט אַ שלונג, „אַז מ'דינט אין הויף, לייגט מען זיך ווי אַ הינדל און — — — "

„און מ'בלאָזט זיך ווי אַ קוואָקע," האָט אַ מיידלעשע שטימע אָפּגעענטפערט מיט איראָניע פונעם קנויל אַרויס.

„איידל פאַרפּאַטשקעט געוואָרן. מיינט, אַז דאָס רויטע טיכל וועט מיך איבערשרעקן."

אַ פאַרשטיקט געלעכטער האָט זיך ווידער גענומען טראָגן פונעם קנויל אין מיטן שייער און דאָס היי האָט געטרעשטשעט, ווי עס וואָלט זיך אויך באַטייליקט אין דעם שמועס ווי אַ לעבעדיקער שותף.

„מער ליגט אייך גאָר נישט אין זינען!" האָט וואָורעניוק ווידער אָנגעהויבן, נאָר שוין מיט געבייזער, „ווער איז דען נישט פאַרפּאַטשקעט מיטן הויף?" האָט ער זיך שוין געוואָלט אַריינלאָזן אין אַ מוסר רעדע, נאָר חברה איז געווען צו אויפגעלייגט; דער שאַרפער ריח פונעם פרישן היי האָט

געביסן די נאָזלעכער און געריצט דאָס יונגע בלוט, האָט ווער מיט אומווילן אַרויסגעפּלאַצט:

„דו צעלאָז זיך נאָר נישט אַזוי, הריציו, אויף אַ ליידיקן זשלויב. וועסט שוין באַלד קענען אָנגיין פּאַר אַ פּאָפּ אויך."

„הער אויף פּיסקעווען דאָרט! פאַרשטופּ די לאַפּעס דיינע און כאַליע," האָט מיכאַש זיך געגעבן אַ שטעל אויף און דער גאַנצער קנויל האָט זיך אַ שאָקל געטאָן און זיך צעקייקלט אין אַלע זייטן מיט אַ געקוויטש און הילכיקן געלעכטער.

„אוי, מאַמעלעך מיינע, מ'קען דאָך פון אייך כירדעס טרייבן," האָט מאַרינע, דעם גאַיעוועס, (וואַלד היטער) אַ קנאַק געטאָן מיט דער צונג, „פּונקט ווי אין צערקווע שוין, פול מיט ווייַרויך. ביסט דאָך אַלעמאָל געווען אַ פרייַלעכער כלאָפּ אַזאַ, הריציו?!"

„דאָס האָבן אים די ביכער אַזוי פאַרפּאַטשקעט," האָט עמיצער אַ כאַכאַטשע געטאָן און זיך ווידער אַ וואָרף געטאָן אין היי מיטשלעפּנדיק אַ שיקסל, וואָס האָט אַרויסגעלאָזט אַ פריידיקן קוויטש געמישט מיט אַ געמאַכטער שרעק.

דער קוויטש איז געווען ווי אַן אַרויסרוף צו אַלעמען, און זיי האָבן זיך אַלע אויף אַמאָל אַ וואָרף געטאָן אין היי, און גענומען קנעטן איינס דאָס אַנדערע און דישען און באַוואַרפן מיט היי. אפילו וואַוורעניוק מיט זיינע באַגלייטער, וואָס זיינען אויף אַ מינוט געשטאַנען ווי צעמישט, האָבן זיך אויך פאַרגעסן ווי נאָר דאָס פרישע היי האָט זיי אַ קיצל געגעבן אין פּנים, און צוזאַמען מיטן גאַנצן יונגוואַרג האָבן זיי זיך אַ קייקל געטאָן אין היי און געהירזשעט גלייך מיט אַלעמען אין דער פולער פרייד פון יוגנט און אויפגערייצטע געבליטן.

מיט אַמאָל האָט דאָס טירל פון שייער אַ סקריפּ געטאָן און די אויסגעקרימטע פּלייצע פון אָסיפּ דעם דאָרפס היטער האָט זיך אָוועקגעשטעלט אין דער עפענונג ווי אַ האַלבע לבנה.

„איר ליובקעט זיך, קינדער," האָט ער מאָדנע אַ גריליץ געטאָן, „גוט אַזוי. כל זמן די ציין קנאַקן, וואַקסן די באַקן. נאָר די באַלעבאַטים וועלן אייך באַלד מיט שטעקנס צעטרייבערן. דאָס גאַנצע דאָרף וועקט איר דאָך אויף."

דער טומל האָט זיך מיט אַמאָל אָפּגעשטעלט און דאָס האָט אָסיפּן אַזוי איבערגעשראָקן, האָט ער שוין גומוטיק צוגעגעבן.

„ליובקעט זיך וויפל איר ווילט. איך בין אייך נישט קיין גלח, נאָר

שטילערט אביסעלע, וואָרקעט בעסער ווי די טייבעלעך,״ האָט ער פאַרענדיקט מיט אַ געלעכטער און פאַרהאַקט דאָס טירל.

די פריילעכע שטימונג איז שוין אָבער געווען איבערגעריסן און מיכאַש איז דער ערשטער געקומען צו זיך, און האַלב פאַרשעמט און האַלב אַרויס־פּאָדערנדיק האָט ער זיך אַ ריס געטאָן מיט אַ טענה:

„דאַכט זיך, מיר האָבן היינט אַ פאַרזאַמלונג, הריציו?!״

„אַז איר לאָזט דען עפּעס רעדן?״ האָט יענער זיך ווי פאַרענטפערט, „אָט איז אויך בערקע געקומען און דער פּראָפעסאָר. נו, לאָמיר אָנהייבן.״

„מאַמעלעך מיינע,״ האָט ווידער מארינע אַ קוויטש געטאָן, „סאַמע גראַמאַטנע (געלערנטע) ביי אונדז. מיר קענען דאָך אָבער קיינס נישט לייענען.״

„דו מארינע, רעדסט נאָר פון זיך, ווער עס קען נישט, וועט זיך לערנען. אָט וואָס.״

„טאַקע, אין מיטן זומער וועט מען זיך זעצן מאַליעווען, און די אַלטע וואָס וועלן טאָן?״

„קאַטעווען מיט דער בייטש,״ האָט ווער אַ כאַכאָטשע געטאָן.

„די ביכער זיינען שוין אָנגעקומען,״ האָט וואַוורעניוק הייזעריקלעך געשלונגען די ווערטער, „די וואָס ווילן, קענען זיך שוין אָנהייבן צו לערנען. דער פּראָפעסאָר, בערקע און איך וועלן לערנען. און די וואָס קענען נישט, וועלן הערן פאַרלייענען. מירן אָנהייבן זונטיק ביטאָג. נאָר געדענקט, נישט קיין פּיפּס צו קיינעם.״

„און אַז מ׳וועט פרעגן נאָך וואָס מ׳גייט אַהער?״

„מיכאַש, דו וועסט מיטנעמען דעם פידל. אַבי עפּעס, וועסטו אַ סקריפּ טאָן און ס׳וועט זיין אַ זאַבאַווע, (אַ שפּיל, פאַרברענגען צוזאַמען) פאַר־שטאַנען?״, האָט וואַוורעניוק געגעבן די לעצטע פאַראָרדענונגען אין אַ שטילן אָבער שטאַרקן טאָן, וואָס לאָזט מער נישט איבער קיין צווייפל. „דאָס איז נאָר אַן אָנהייב, פאַרשטאַנען? מיט לייענען ביכלעך וועט זיך עס נישט ענדיקן, דערוויל אָבער — האַלטן דאָס מויל!״ האָט ער אַ כאַרכל געטאָן אַזוי מאָדנע, אַז אַלעמען איז אַזש אַריבער אַ סקרוך איבערן לייב.

„מיר זעמיר נישט קיין „האָזן״, הריציו!״ האָט זיך מיכאַש ווי באַ־לייידיקט, „מיר ווייסן וואָס עס מיינט. געננוג זיך אָנגעזען אין רוסלאַנד,״ האָט ער קלוגעריש צוגעגעבן.

„אַלע זענט איר מיר קלוגעטשקע ביים פּיסקעווען,״ איז מארינע מיט עפּעס

נישט געווען צופרידן, „אַ פולער וואלד מיט פרעמדע האלעדריגעס ווי די פעלד מייז אין אַ הונגער יאָר, און זיי ווילן עפּעס אויפטאָן.״

„וועגן דעם וועט מען נאָך רעדן,״ האָט וואוורעניוק אומגעדולדיק אַ מאַך געטאָן, „מיר זיינען נישט אַליין . . .״

„חברה, דער טארטאק וועט זיך שוין באַלד צעריטשען,״ האָט ווער זיך אַ רים געטאָן פונעם בינטל און אויפגעפראלט דאָס טירל. דער עולם האָט זיך אָבער נישט גערירט.

„הריציו, וואו זיינען די ביכער?״

„אויף אַ גוט ערטל, זאָרגט נישט.״

„אַלץ מיט סודות,״ האָט מארינע זיך ווידער געקווענקלט, וואו האָסטו זיך אַזוי אויסגעלערנט צו באַהאַלטן, הריציו?״

„אין שטאָט לערנט מען זיך אַלץ אויס,״ האָט מיכאַש געענטפערט פאַר אים מיט שטאָלץ, „איי, לערנט מען זיך אויס.״

„אין דער אַרמיי, מארינע,״ האָט אים וואוורעניוק נישט געלאָזט ענדיקן, „האָט מען זיך מער געדאַרפט היטן. און דו פרעג נישט אַזוי פיל. עס וועט שוין זיין רעכט.״

„אָט איר רעדט און מיר איז נאָך אַלץ נישט קלאָר,״ האָט ווער פונעם קנויל אַרויס זיך עטלעכע מאָל פאַרהאַקט איידער ער האָט אַרויסגעבראַכט די פאָר ווערטער.

„זעט איר שוין,״ האָט מארינע זיגעריש זיך צעלאַכט, „וואָס שווייגט איר אַלע? אָט זעט פעטיא האָט זיך אַרויסגעזאָגט, וואָס שווייגט איר, בידלעס?״

„וואָס איז דאָ צו רעדן?״ האָט מיכאַש זיך שוין צעבייזערט, „מ׳עט לייענען אוקריינישע ביכער און וויסן וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט, אָט וואָס. און איר פּיסקעוועט נאָר נישט.״

„נו, יאָ, ס׳וועט שוין זיין רעכט.״

„גערענקט זשע, זונטיק. קומען איינציקווייז. אויסגעפוצט ווי צו אַ זאַבאַווע.״

אַ גרילצנדיקער גראַגערן פונעם נאַכט וועכטער ערגעץ אין אַנדערן עק דאָרף, האָט אַלעמען געשטעלט אויף די פיס. מיט אימפּעט האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן אין דרויסן אַרויס, וואו אַ טיף בלויער הימל האָט גע־וואונקען צום דאָרף מיט סודותדיקע און שטיל גליענדיקע דימענטן. בלויז דאָס גראַגערן פונעם נאַכט וועכטער האָט אָפּגעהילכט אַרום.

יד

וואָס ווייטער אין זומער אריין, אַלץ אומרואיקער איז דאָס דאָרף געוואָרן, כאָטש אויסערלעך האָט זיך אַפילו געקענט דאַכטן, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג. מען האָט ווי אַלע יאָר אין דער צייט געריייניקט די גרינס גערטנער, געשניטן היי, געפּראַוועט אַ פּאָר פּאַר־שניט חתונות און יונגוואַרג האָט זיך געוואַלגערט אין היי און אין די סטאַדאָלעס, זינגענדיק און קוויטשענדיק, און קריגנדיק קלעפּ פון די עלטערע פאַר זיין אַזוי פאַרשייט. אַלץ ווי געווען, נאָר דאָך איז עפּעס געווען אין דער לופט וואָס האָט געוועקט אומרו. האָט איין פויער באַגעגנט דעם אַנדערן אויף דער גרעניץ פון זיין לאַנקע מיט דער קאָסע אין האַנט, האָט מען זיך גאָרנישט ווי אַלעמאָל אין די הייסע אַרבעטס טעג באַגריסט און ווייטער געשניטן, נאָר גאָר פאַרפירט אַ לאַנגען שמועס פון דעם און פון יענעם, און דאָך ווייסט יעדער איינער פון די שמועסער, אַז דאָס פאָרשן זיי זיך אויס אַזוי אויף אַ כיטרע פויערשן אופן. ערשט ביים סאַמע סוף פון אויסגערייכערטן פּאַפּיראָס, שוין טאַקע ביים גרייטן זיך צוריקצוגיין צו דער אַרבעט, קען זיך איינער געבן אַ וויש די וואָנצע מיטן אַרבל און אַזוי זייטיק, גאָרנישט מיינענדיק, אַ שעפּטשע טאָן ווי ער וואָלט מורא געהאַט פאַר די גראָזן צו רעדן הויך:

„ווייסט, מאַקסים ליוביטש איז שוין אויף יענער זייט."

„טאַקע? אַ כוואַט אַ יונג . . ."

„עס איז אָבער נישט גוט סיי ווי סיי . .."

צום ערשטן האָט מען זיך געשטיקט מיט דעם, וואָס אַ טייל פון דעם יונגוואַרג האָט עפּעס ווי אויף אַ געהיימען רוף גענומען פאַרשווינדן פון דאָרף. אין די משפּחות וואו דאָס האָט געטראָפן האָט מען זיך געשעמט פאַר לייטן און געשראָקן פאַר דער פּאָליציי. אַז מע האָט עס אָבער שוין נישט געקענט באַהאַלטן, האָט מען גענומען אויסטראַכטן תירוצים: דער אין אַוועק אין שטאָט אַריין צו ווערן אַ שוסטער, אַן אַנדערער אַרבעט ערגעץ אין פּערציקסטן קוואַרטאַל. ער וועט צוריקקומען ערשט אין האַרבסט. אַ דריטער איז אַוועק גאָר כ׳ווייס וואו. אַזוי האָט מען זיך איינער דעם אַנדערן גענאַרט, אָבער אַלע האָבן געוואוסט, אַז דאָס לויפט דאָס יונגוואַרג קיין אוקריינע אַריינצוטרעטן אין די אַרמייען פון די רויטע און פון פּעטליורען. ווער, וואוהין עס ציט האָט מען נישט געוואוסט. מען האָט אויך נישט געוואוסט אויף קלאָר וואָס עס קומט פאָר, נאָר אַ מאָדנער קלאַנג האָט זיך שטיל געטראָגן איבערן דאָרף און איין כאָטע האָט עס אַריבער־געשושקעט צו דער אַנדערער: „אוקריינע גייט אונטער, די ליאַכעס האָבן פאַרכאַפּט דאָס הייליקע קיעוו."

ווער עס האָט געבראַכט די ידיעה האָט מען נישט געוואוסט. מע האָט יאקבי געזאָגט, אַז דער פּריץ קאַמינסקי האָט זיך באַרימט פאַר וואוורעניוקן: „זאָג דער כאַמססטווע אַז קיעוו איז שוין אויך אונדזער. ערשט איצט וועלן מיר זיך אַ נעם טאָן אויפן פּריצישן אופן אויסצורייניקן דאָס כאַמישע מיסט. נאָר דו, בונטעווע נאָר נישט, וועסטו סטאַרשע אָדער גאָר אַטאַמאַן ווערן. ביסט דאָך עפּעס אַ גראַמאָטנע, וועסטו זיך דערדינען . . .״

וואוורעניוק האָט די גאַנצע זאַך געלייקנט. ער קומט שוין גאָרנישט אין הויף, האָט ער פאַרזיכערט. ער קען נישט פאַרטראָגן דעם ריח פונעם פּריצישן טכויר מיטן אָנגעלאָפּעניש דאָרט. אַז ער קומט שוין יאָ אַהין איז אין די באַראַקן אַריין, וואו די וואַלד און טאַרטאַק אַרבעטער וואוינען. „דאָ צווישן זיי אַ סך אונדזעריקע . . .״ פּלעגט ער אַ כריפּע טאָן הייזעריק־לעך און פאַררוקן דאָס פּאַפּיראָסל אין אַ ווינקל פון מויל און וואויל יונגעריש אַ שפּיי געטאָן. חברה האָט עס געחידושט און שטאַרק געלאָקט דאָס וואָרט „אונדזעריקע״. מען האָט עס געטייטשט פאַרשידן און טאַקע גאַנץ אָפּט געבעטן זיך ביי אים:

„הריציו, נעם מיט אין די באַראַקן!״

„אַליין ביסטו חולה צו גיין! ווייסט נישט דעם וועג, האַ?״ האָט ער אַזוי גוט ברודעריש אַראָפּגערוקט יענעם דאָס היטל איבער די אויגן.

„איך קען נישט די מענטשן דאָרט,״ פאַרענטפערט זיך יענער נאַרי־שעוואַטע.

„נו, גוט, איבערמאָרגן פאַרנאַכט נאָך וועטשערע,״ לויפט וואוורעניוק מכלומרשט פאַרשמייעט אוועק, „נאָר געדענק, נישטאָ דאָרט קיין ווייבלייביקע סוקעס, אַלע אויסגעמאָרעטע און הונגעריקע, און זיי קענען בייסן אַז מע טשעפּעט זיך צו זיי, פאַרשטאַנען!״

יענער הערט אים אָבער שוין נישט און איילט אַהיים מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ.

מע האָט נישט גערעדט וועגן דעם, אָבער אַלע האָבן געוואוסט אַז אין די באַראַקן געפינען זיך פאַרשטייער פון די „גרויסע״ (באָלשעוויקעס), פון פעטליורען און אַנדערע אוקראַיינישע באַנדעס, און אַלע זיינען אויך געווען זיכער אַז וואוורעניוק קען זיך מיט די ריכטיקע מענטשן, וואָס האָבן טאַקע אין זינען דעם פייער. עס האָט אַפילו געטראָפן, אַז אין סאַמע מיטן פון אַ וועטשערינקע, האָט מען דערזען צווישן זיך אַ פרעמדן יאַט וואָס פייפט, זינגט און טאַנצט מיט ווי אַן אייגענער, און דאָך פילט זיך — אַז דאָס איז נישט דער גאַנצער צוועק פון זיין קומען אַהער. ווי אַלע בחורים, ווערט ער

אויך אינמיטן טאַנצן פאַרשוואונדן אין גאָרטן אָדער אויפן זייטיקן וועגל צום וואַלד צו, נאָר מיט אים פאַרשווינדן גאָר אַלעמאָל אַ פּאָר טענצער און אַלץ מער טענצערינס בלייבן איבער אַליין . . .

אַז עס האָט אָנגענומען אַן עפּידעמישן כאַראַקטער, האָט זיך אַלטוואַרג אויף אַן אמת דערשראָקן און אַ סך פון די יונגע האָבן אויך אָנגעהויבן אויסמיידן וועטשערינקעס. דער גלח האָט פאַרשטעלטערהייט געמוסרט אין קלויסטער. געוואָרנט, אַז עלטערן דאַרפן האַלטן קינדער אין צוים, אַז נישט וועט עמיץ אַנדערש מוזן דאָס טאָן ווי אין די אַמאָליקע צייטן.

„עס וועט שוין באַלד נישט זיין ווער עס זאָל די תבואה אַראָפּנעמען,“ האָבן זיך טאַטעס געקלאָגט.

„קיין פּיצל האָלץ אויף ווינטער נישט צוגעגרייט און אַוועק,“ האָט אַן אַנדערער זיך געבייזערט.

„נאָך מיין פּעלץ צוגענומען.“

„און דו האָסט גאָרנישט געהערט . . .“ שטעכט אים אַ צווייטער.

„געקומען פון דער וועטשערינקע, גלייך אין סטאַדאָלע אַריין. הער איך דער טויער סקריפּעט, זאָל סקריפּען, טראַכט איך, מן הסתם שיכורלעך דער בחורעץ, און איצט נישטאָ אים.“

„זיי זאָגן אַז אין האַרבסט וועלן זיי צוריקקומען . . .“

„ווער זאָגט? דראַניעס זאָגן אַזוי. דאָס מלכות איז שטאַרק. אָט לאָזט מען זיי שוין צוריק.“

„מיט וואָס שיסט מען דאָרט?“ פּראוווט לצעוועען דער אַלטער אָסיפּ און ווערט גלייך ערנסט און דערציילט שוין צום וויפלטן מאָל זיינע איבער-לעבונגען פון מלחמה.

„אַנומלטן, ביי סעוואַסטאָפּאָל, בין איך געשטאַנען מיט מאַקסים דראָבניעס, איוואַן פּאַקראַקע, און דמיטרי וואָורעניוק, געווען שוין אַ גאַנצער נאַטשאַלניק. נו, נעמט מען שיסן פון די ווענט דאָרט. זיינען מיר געלאָפן אַהין און צוריק און ווידער געלאָפן. פון זיי אַלע בין איך אַליין אין דער היים . . . איר פאַרשטייט, אַוועק איז לייכט אָבער צוריק איז אַ מוזשיק. אַ שפּילעכל ביי זיי, העו!“

„דו קראַקע נאָר נישט אַזוי, אָסיפּ, ווער זשע דען זאָל גיין אַז נישט זיי?“

דאָס דאָרף האָט זיך געוויגט. אין טייל הייזער האָט מען זיך געשמאַק אַרומגעריסן. נישט געלאָזט דאָס יונגוואַרג אַרויסגיין ווייט פון הויז אָן אַן על-טערן שומר. אַ סך האָבן געווייכט פון אַ באַראַק-וואַוינער ווי פון אַ פּעסט. גע-

רופן זיי נישט אַנדערש ווי האַלעדריגעס, דראַקעס, אַנגעלאָף און שמויגערס. עס איז געגנוג געווען צו וויסן, אַז מע קער זיך מיט עפּעס אָן מיט די באַראַקן, אַז מע זאָל אין די מערסטע פּויערישע הייזער נישט קענען אַריינקומען, אָפּגערעדט שוין פון עפּעס קויפן. אויף אַ ווײַלע האָט אַפילו וואָוורעניוק, פאַר וועמען אַלע האָבן דרך אֶרץ געהאַט, ווײַל ער איז דאָך עפּעס געווען אַן אָפיצער אין דער צאַרסקע אַרמיי, אַפילו ער האָט זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן אין שייער אַ שטיקל צייט. בלויז בײַנאַכט פלעגט ער זיך אַמאָל צוכאַפּן צום טשוואַרניק און אַביסל שמועסן מיט שטערנבערגן און גאָלדן. זעלטן אָבער האָט מען באַרירט די פראַגע, וואָס איז אַלעמען געלעגן אויף דער צונג. מערסטנטייל האָט מען אַלץ אויסגעלייגט די פלענער פאַר דער ביבליאָטעק, פאַר אָוונט קורסן, אַ טעאַטער גרופּע און אַ גוטן כאָר. אין איינעם אַ זונטיק האָט גאָלד געבראַכט פון שטאָט אַ פּאָר נײַע אוקראַיינישע ביכלעך, האָט עס וואָוורעניוקן גאָר אַריינגעבראַכט אין התלהבות: „זאָלן נאָר די יינגלעך צוריקקומען פון דאָרט, וועט מען זיך דאָס ערשט אַ נעם טאָן צו דער אַרבעט.”

„צום ערשטן שיקט ער אָוועק און דערנאָך וויל ער זיי זאָלן צוריקקומען,” האָט זיך ביילקע אַרויסגעכאַפּט. וואָוורעניוק איז אַזש אויפגעשפּרונגען פון אָרט און הייזעריקלעך אַ כריפּע געטאָן:

„דו האַלט בעסער ס'מויל, ביילקע, איך האָב קיינעם נישט געשיקט, פאַרשטייסט?!”

„און צו פּעטליורען ווער שיקט?” האָט זיך ביילקע נישט באַרואיקט.

„פּעטליורע האָט זיך פאַרבונדן מיט פּוילן,” האָט שטערנבערג אַ וואָרף געטאָן אין וואָוורעניוקס זייט אַריין, כדי צו זען וואָס פאַר אַ ווירקונג דאָס וועט האָבן אויף אים.

„אַזוי?! וועט מען שוין טאַקע פּטור ווערן פון אים. אַזאַ פאַררעטער! איך האָב אָבער אַלעמאָל געזאָגט, אַז ער איז אַ פאַרקויפטע פעל,” האָט זיך וואָוורעניוק מיט אַמאָל אין גאַנצן געענדערט, „ איצט וועט מען שוין קענען אין גאַנצן פאַרטרייבן די פּעטליורישע הינט, באַטיושקעס האָט זיך זיי פאַרגלוסט,” איז זיין פּנים געוואָרן גליאיק און מאָדנע פאַרקרימט, „פאַר־פלייצן אוקראַינע מיט בלוט פון אייגענע.”

„יידיש בלוט,” האָט גאָלד אַ קריץ געטאָן מיט די ציין.

„ביסטו זיכער, פּאַניע פּראָפעסאָר, אַז פּעטליורע האָט זיך פאַרקויפט צו די פּאַנעס?” איז וואָוורעניוק צוגעשטאַנען צו שטערנבערגן.

„אָט האָסטו עס אין צייטונג. זיינע באַנדעס האָבן שוין אַפילו געמאַכט

דעם ערשטן פּאָגראָם אין גאַליציען. די אַרמיי זיינע איז צעקלאַפּט. מע טרייבט אים ווי דעם טייוול."

„האָט ער זיך הייסט עס איבערגעגעבן אין פּאַנסקע הענט. דאָס איז גוט. זייער גוט פאַר אונדז און פאַר אייך," האָט ער זיך כריפּנע צעלאַכט, „מער וועט מען שוין נישט לויפן צום באַטיושקאַ. און אויב איר ווילט וויסן," האָט ער זיך שוין אַ באַרואיקטער געווענדט צו ביילקען, „זיינען אין גאַנצן צוויי אונדזעריקע אַריינגעפאַלן צו אים. די אַנדערע זיינען ביי די גרויסע", האָט ער זיך שוין אין גאַנצן אַרויסגעגעבן.

נאָך יענעם זונטיק האָט מען אים וואָכן נישט געזען מער אויפן טשוואַרניק.

טז

אַז מע האָט אין הויף דערפילט, אַז דאָס דאָרף האָט זיך עפּעס ווי אָפּגעגרעניצט פון די הויף מענטשן, האָט פאַן קאַמינסקי געשיקט נאָך ביילקען, דעם סטאַראַסטע און וואַווערעניוקן. ביילקען האָט מען אַריינגעלאָזט די ערשטע און איר געגעבן אַ קאָנצעסיע צו באַקן ברויט פאַר די אַרבעטער אין די באַראַקן.

„זעסט ביילקע," האָט פּאַן קאַמינסקי זיך ברייטלעך געשמייכלט, „אַן איינגענער מענטש קומט אַלעמאָל צונויץ. דו וועסט שוין האָבן פּרנסה איצט. אָבער דאָס ברויט דאַרף זיין אויסגעבאַקן און גוט. וויפל פוד קענסטו אַרויסגעבן אַ טאָג?"

„וויפל פוד דאַרף דער פּאַן האָבן?"

„איך דאַרף גאָרנישט. די אַרבעטער וועלן קומען און קויפן, דאָס אַלץ. וואָס מער ברויט, ביילקע, איז בעסער. גוט וואָס דו וועסט עפּעס פאַרדינען."

„אַ דאַנק פּריץ ליבטיקער," האָט זיך ביילקע געבויגן און געלאָזן צו דער טיר.

„וואָס זשע לויפסטו, ביילקע? קיין מאַן וואַרט דאָך נישט אויף דיר," איז דער פּריץ געוואָרן גאָר צוגעלאָזן, „און געלט אויף דעם ערשטן געבעקל ברויט האָסטו?"

„עס וועט זיך געפינען, פּריץ לעבן."

„אויב אַזוי איז גוט. טאָ וואַרף זשע אַריין אַמאָל אַביסל וויים געבעקס אין קיך אַריין, וועל איך אויך הנאה האָבן. קריגן מעל וועט מען דיר אַרויסהעלפן. מאַך נאָר גלייך די ערשטע איינצאָלונג. עס וועט נישט זיין

קיין סך, ווייסט דאָך, פֿאַר דיר," האָט ער זיך אויפֿגעשטעלט און היימישלעך אויסגעצויגן איר די האַנט, „נו זאָל זיין מיט גליק, ביילקע, דער קאַנטאָר וועט שוין אַלץ באַזאָרגן. האָסטו אָבער אַ טענה קום גלייך צו מיר. נו, גיי געזונט. אַ שאָד וואָס דיינער איז נישטאָ, וואָלט דיר געווען גרינגער. וואָלסט פֿון דעסטוועגן געדאַרפֿט אַמאָל אַריינשמעקן צו אונדז אין קראָם אַריין. זען די פּרייזן און טאַקע צוהעלפֿן אויך, פֿאַר וואָס דען נישט? אַן אייגענער מענטש קומט אַלעמאָל צונוץ, אַז דו וועסט דאַרפֿן אַ פֿאָר פֿערד וועסטו זיך ווענדן צום קאַנטאָר. נו, דו איילסט זיך, גיי זשע טאַקע, נאָר כאַפּ זיך אַריין אָפֿטער צו אונדז. דו גייסט דאָך אויפֿן דאָרף, ווייסטו דאָך מן הסתם וואָס מע רעדט, הער זשע זיך צו . . . פֿאַרשטייסט דאָך, מיר זיינען אייגענע מענטשן. נו, קום אַ צווייט מאָל."

ווי נאָר ביילקע איז אַרויס אַ צעטראָגענע פֿונעם פּריצס גוטע רייד, האָט דער לאַקיי געמאָלדן אַז וואָורעניוקן קען מען אין ערגעץ נישט געפֿינען, ער איז מן הסתם אין שטאָט אַוועק, און דער סטאַראָסטע וואַרט אין קאַנטאָר.

„בעט אים אַריין," האָט דער פּריץ אויף שנעל צוגעגרייט אַ גרויסע פּושקע ציגאַרן.

דער סטאַראָסטע מיט דער פּאַפּאַכע אונטערן אָרעם און די רעגירונגס־קייט אויפֿן האַלז, האָט זיך אַריינגעשטעלט אין דער טיר אַ פֿאַרחידושטער און אַביסל אַ צעשראָקענער. נאָך אים האָט נאָכגעהינקען דעם פּריצס זינדל חכמהנענדיק זיך:

„אַ וואוילער סטאַראָסטע ביי זיי, פּאַפּקו!"

„פֿאַרמאַך דאָס מויל, זעסט נישט אַז ער טראָגט די רעגירונגס־קייט אויפֿן האַלדז?" האָט דער פּריץ זיך אויפֿגעשטעלט און געגאַנגען אַנטקעגן דעם סטאַראָסטע. צי ער מיינט עס ערנסט צי ער חוזקט אויך אַזוי פֿון אים ווי דאָס זינדל, האָט דער סטאַראָסטע זיך נישט געכאַפּט, און זיינע קליינע אַרבעס אייגעלעך האָבן נאָך מער כיטרע און מיט חשד געקוקט אַרום זיך.

„נו זעצט זיך, פּאַניע סטאַראָסטע," האָט פּאַן קאַמינסקי מיט איבער־געטריבענער היימישקייט אָנגענומען דעם סטאַראָסטע ביים אָרעם, „וואָס זשע מאַכט איר אין געזונט? און דאָס ווייב, און די בהמה און דאָס פֿערד?"

„געלויבט צו גאָט, די קינדער אויך," האָט דער סטאַראָסטע נישט ווילנדיק זיך אַוועקגעזעצט.

„נו, טאַקע פֿאַרגעסן וועגן די קינדער," האָט זיך פּאַן קאַמינסקי אַ כאַפּ געטאָן, „דאָס איז דאָך דיין יינגל אין צוועלפֿטן קוואַרטל דאָרט, האַ? אַ פֿיינער כאַראַקטער זאָגט מען."

„אַ געזונטער פאַרשוין, יאָ,“ האָט זיך דער סטאַראַסטער נאָך מער דערפילט נישט אויפן פּלאַץ. עפּעס איז ער צו פאַמיליאַר דער פאַן קאַמינסקי. ער האָט זיך אַפילו אַלעמאָל ליב צו גריבלען און פרעגן נארישע פראַגעס, אָבער דאָסמאָל איז ער שוין עפּעס גאָר מאָדנע. מע דאַרף אַקאָרשט זיך היטן מיט אַ וואָרט, האָט ער זיך גענומען דרייען אויפן בענקל. דער פאַן האָט עס ווייזט אויס דערפילט און דאָס פאַרמעטענע פּנים האָט גענומען גלאַנצן ביי אים ווי אַלעמאָל ווען ער פילט זיך אין אַ פאַרלעגנהייט, נאָר באַלד האָט ער זיך צוריק געפונען און אַ דריי געטאָן די וואָנצעס אויף אַרויף. דאָס מיינט אַז ער האָט שוין באַשלאָסן ווי אַרויסצודרייען זיך בשלום.

„טו דאָרט אַ קלינג דאָס גלעקל,“ האָט ער זיך געווענדט צום זון דעם קאַליקע, וואָס האָט זיך פונקט דאַן פאַסמאַקעוועט מיט אַ שטיקל לימענע מיט צוקער. „זאָג מארינאַן זי זאָל דערלאַנגען טיי מיט צובייסעכץ.“

דער סטאַראַסטע האָט זיך גענומען דרייען אויפן בענקל און קוקן צו דער טיר, אָבער ער איז פאָרט אָפּגעזעסן אַזוי מיטן פריץ אַריבער אַ שעה און זיך גוט צוגעהערט ווי דער פאַן רעדט גלאַטיקע און איידעלע רייד, און דער הינקענדיקער זון זיינער האָט אַלע ווילע אַריינגעשטעלט עפּעס אַ חכמהלע, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך פון די גרויסע שטעט און פאַרביסן מיט אַ שטיקל לימענע פאַסמאַקעווענדיק זיך אין דער הויך. איינס איבער צען האָט דער סטאַראַסטע געפּרואווט אויך עפענען דאָס מויל און זיך פאַרהאַקט. די צונג האָט עפּעס נישט געדינט. געזעגנט האָבן זיי זיך זייער פריינטלעך. עס איז אויסגעקומען, אַזוי האָט דער סטאַראַסטע פאַרשטאַנען די אַלע רייד, אַז לכתחילה האָט דער פאַן געהאַט בדיעה צו מאַכן דעם טאַרטאַק אין שטאָט, נאָר אַזוי ווי זיינע זיידעס נאָך האָבן דאָ געוואוינט און געאַרבעט און געלעבט בשלום מיטן דאָרף, האָט ער אויך געוואָלט געבן דעם דאָרף פרנסה. פאַר וואָס דען נישט? פאָרט אייגענע מענטשן. וואָס איז דען דער חילוק ווער עס איז די מלוכה. אייגענע מענטשן בלייבן אייגענע מענטשן.

„אוודאי, אייגענע מענטשן, עס פאַסט זיי אַפילו נישט צו ליגן נאָכן טויט אויפן היגן בית־עולם,“ האָט וואָרעניוק געזויגן די ווערטער צווישן די ציין, ווען דער סטאַראַסטע האָט זיך געמאַטערט איבערצוגעבן ביי אַ פאַר־זאַמלונג פון באַלעבאַטים, וואָס דער פאַן קאַמינסקי האָט אים געזאָגט.

„יאָ, אייגענע מענטשן, טענהט ער. דאָס דאָרף איז טאַקע אויפגעריכט געוואָרן. איינגעפירט עלעקטרע.“

„אין זיינע הייזער, נישט אין אין אונדזערע,“ האָבן זיך דערהערט פראָטעסטירנדיקע שטימען.

„רייסט נישט איבער, לאָזט צוקומען צום שפּיץ.“

„יאָ, עלעקטרע, געמאַכט אַ וועג.“

„וואו?“ קען שוין ווידער עמיץ זיך נישט איינהאַלטן.

„ווי אין אַ סטאַדע,“ קאָכט זיך ווער, „מע לאָזט נישט רעדן אַ וואָרט.“

„יאָ, אַ וועג געמאַכט,“ פּלאַנטערט זיך דער סטאַראַסטעס קוים אויס פון דעם קנויל ווערטער וואָס כאַרכלען ביי אים אין האַלדז, „געגעבן אַרבעט אַלעמען. קיינער גייט נישט אַרום ליידיק, ווי אין אַנדערע דערפער. ער וועט אויך אָפּטיילן אַ שטיק וואַלד פאַרן דאָרף . . . און אַז מ'וועט אויסקאָרטשעווען דעם וואַלד, וועט ער די ערד צעטיילן פאַר אַ קליינעם אָפּצאָל. אַז מ'איז אייגענע, רעכנט מען זיך נישט מיט קלייניקייטן. עס איז קריסטלעך אַזוי און מענטשלעך,“ האָט דער סטאַראַסטע קוים אָפּגעסאָפּעט און אָפּגעווישט דעם שווייס.

„איז וואָס זשע געוואָרן?“

„וואָס זשע וויל ער?“

„דו באַהאַלט נאָר נישט, קאָוואַליוק,“ שטייען אַלע צו צום סטאַראַסטע און פּנימער זייַנען מאָדנע אָנגעשטרענגט ווי דערוואַרטנדיק עפּעס.

„האָב איך דאָך געזאָגט: ער האָט געטאָן טובות, וועט נאָך טאָן. דאָס דאָרף אָבער דאַרף נישט ווייזן דעם הינטן . . . מע דאַרף פאַרקויפן ברויט און נישט וואַרטשען אויף די הויפישע.“

„און דאָס אייגענע, מעגן מיר נאָך עסן?“ האָט ווער אַ צישע געטאָן.

„יאָ, פון אַנדערע דערפער בעט מען זיך ביי אים צוצונעמען צו דער אַרבעט. די אייגענע זייַנען אָבער בילכער.“

„וואָס מעלה גרהסטו? אַרויס מיט לשון!“ איז שוין ווער אַרויס מיטן אמתן געבייזער, „וואָס וויל ער? זאָג!“

„אָט זאָג איך דאָך, די אייגענע זייַנען בילכער. דאַרף מען זייַן ווי אייגענע. הערסט עמיצן ברעשען, דערצייל. אַמאָל קען עס זייַן אַ שפּיאָן פון סאַמע שונא. מע קען דען עמיצן דאָ? אַן אָנגעלאָף.“

„מסרן?!“ האָט וואַוורעניוק אַ כריפּ געטאָן, „ער האָט ווייניק געדונגענע, דאַרף ער נאָך אַלעמען אַרייַנציען!“

„יאָ, אַן אָנגעלאָף,“ רעדט שוין דער סטאַראַסטע אַרויס אין גאַנצן, „מ'קען נישט זייַן זיכער מיטן אייגענעם לעבן. דאַרף מען זיך היטן. פאַרקויפן ברויט, דאָס יאָ, אָבער אַרייַנלאָזן אין הויז, פאַרברענגען צוזאַמען נישט כדאי. ווייסט נישט מיט וועמען דו האָסט צו טאָן.“

„איז דאָס אַלץ?" איז דער עולם שוין אומגעדולדיק.

„יאָ, שוין אַלץ דאַכט זיך. ביי דער טיר שוין זאָגט ער מיר: ברעשעט עמיץ אויף דער מלוכה, איז ווי מיט אַ הון וואָס קרייעט, מע מאַכט כיק און פּטור . . . בונטאָווטשיקעס גיב אַליין אַרויס, אַז נישט וועט דאָס גאַנצע דאָרף ליידן."

נאָך דער פאַרזאַמלונג זיינען פאַרשוואונדן פון דאָרף עטלעכע באַווייבטע אויך.ווי ווייט מעגלעך האָט מען אויפגעהערט באַגעגענען זיך און דורכ־רעדן. בלויז אין אָנהייב אָוונט, נאָך דער וועטשערע, האָט זיך אָפּט געהערט אַ כאָר פון יונגוואַרג זינגנדיק האַרציקע און ציענדיקע לידער. עס האָט זיך אָבער שטאַרק אָנגעזען אַז עס פעלן אַ סך פון די טיף ברוסטיקע קולות פון די בחורים, וועלכע גיבן צו אַזוי פיל חן צו די פריי לוסטיקע אוקריינער לידער באַשפּרענקלט מיט ציענדיקן טרויער. פון שטאָט זיינען געקומען געמישטע קלאַנגען. אָט, אַז די באַנען שטייען און אָט, אַז דער פראָנט דער־נעענטערט זיך, און אָט גאָר, אַז גאַנץ אוקריינע איז פאַרנומען שוין און אָט באַלד וועט די פּוילישע קרוין שיינען אין מאָסקווע, ווי אַמאָל אַמאָל . . . — האָט מען נאָכדערציילט אין נאָמען פונעם פּריצס זינדל. אַלטוואַרג האָט געקראַצט די בערד, הערנדיק די נייעסן. יונגוואַרג האָט פאַרביסן אַ ליפּ און טיפער געשטופּט די הענט אין די קעשענעס, און אַלץ שווערער איז געוואָרן אויפן האַרץ. די היצן זיינען געווען גרויס, זיינען אַלע אַרומגעגאַנגען ווי אָפּגעקאָכטע און צערייצט. און דאָס פערדישע, בהמהשע און מענטשישע מיסט, וואָס איז געלעגן הינטער די הויפישע שאָפּעס, אין גריבער און אויפן אָפענעם פעלד, גרייט באַנוצט צו ווערן פאַר דער פעלד ארבעט אין האַרבסט איז צעפּאַרעט געוואָרן, זיך גענומען רויכערן בלויעלעך און פאַרעיפּושט דאָס דאָרף.

## טז

אין טשווארניק איז מען געווען אַזוי פאַרנומען און פאַרטאַראַמט מיטן שניידן די תבואה און ברויט באַקן, אַז מע האָט כמעט ווי נישט באַמערקט די אָנגעשטרענגטקייט און דעם פּחד, וואָס האָט זיך געטראָגן אין דאָרף אַריין דורך פעלד און גאָרטן, און נאָכמער דורך טראַקט און וועג, ווייל מע האָט שוין אָפּט געזען פאַרבייפאָרן רייטער גרופּעס לעגיאָנערן. פלעגן זיך אָפּשטעלן אין הויף, צעפּרעגן זיך אויפן וועג און פאַרשווינדן אין די געדיכטעניש פון וואַלד.

דער איינציקער כמעט פרייער מענטש, אויפן טשווארניק, איז געווען

שטערנבערג. די עלטערע קינדער האָבן געדאַרפט צוהעלפן אין פעלד ביי דער אַרבעט און אַרויסטראָגן קאַלטע זויערמילך מיט וואַרעניקעס פאַר די אַרבעטער, און דאָס קליינוואַרג האָט סתם געוואָלט אַ יום טוב. האָט זיך שטערנבערג אַרומגעבלאָנקעט דעם גרעסטן טייל פון טאָג איבערן דאָרף, אויפן הויף צווישן די באַראַקן, און אָפט אויף די פעלדער וואָס ביילקע האָט געהאַלטן אין אַרענדע. אַן אומרואיקייט נישט בייצוקומען איז אים אין די לעצטע טעג באַפאַלן. אָט האָט ער מורא פאַרן אייגענעם שאָטן און אָט איז ער שטאַרק ווי אַ ריז, גרייט דער וועלט אַקעגנצוגיין מיט געביילטע פויסטן. און דאָס אַלץ ווערט באַגלייט מיט אַ מוראדיק בענקען. אַ בענקשאַפט אַזאַ אומקלאָרע וואָס ציט און נאָגט און לאָזט נישט איינזיצן. און אין מיטן בענקען און אַרומטרייבן זיך קען ער זיך פלוצים דערזען שטיין אונטער אַ בוים און דורכלעבן אַ בילד וואָס ער האָט שוין איינמאָל דורכגעלעבט אויף דער וואָר אָדער חלום ערגיץ. די מייסטע בילדער זיינען פאַרבונדן מיט אַ נאָגנדער בענקשאַפט אַוועקצופאָרן פון דאַנען. די אַמאָליקע האָפענונג צו פאָרן קיין ארץ ישׂראל ווערט שטאַרקער פון טאָג צו טאָג. יעדן זונטיק ווען גאָלד ברענגט די צייטונגען פון שטאָט, זוכט ער דאָס ערשטע די נייעסן וועגן ארץ ישׂראל, און די נייעסן זיינען דווקא גוטע און צוזאָגנדיקע. נאָר ווי אַזוי רייסט מען זיך אַרויס פון דאַנען? מע זאָגט אַז אין לעמבערג איז שוין פאַראַן אַפילו אַ קאָמיטעט פון החלוץ. ווי אַזוי זשע אָבער קומט מען אַהין? אַז די באַנען שטייען און אויף די וועגן שטעלט מען אָפּ יעדן איינעם. ער האָט אַפילו אויפגעהערט צוצוכאַפּן זיך אין שטעטל אַריין פון צייט צו צייט, ווייל מע כאַפּט דאָרט אויף אַרבעט און אַ יונגער מענטש איז בכלל אונטער חשד. יאָגן אים די געדאַנקן און די אייגענע בענקשאַפט פון אָרט צו אָרט. ער פאַרגעסט אַפילו צו עסן און ביילקע, ווי איר שטייגער איז, שרייט אָן אויף אים אויפן קול און פאַרגעסט גלייך צוליב פאַרנומענקייט, גייט ער אַרום ווי אַ נעכטיקער. קומט אַמאָל ווער פון די בראַקערעס פון וואַלד, קען ער זיך נישט צונויפרעדן מיט אים. עס איז אים אויסגעקומען, אַז מיט יעדן טאָג וואָס פאַרגייט טיילט ער זיך עפּעס מער אויס פונעם אַרום. עפּעס אַ נישט באַוואוסטער געפיל טיילט אים אָפּ פון אַלץ אַרום אים. אין דער וועלט אין וועלכער ער לעבט נאָגט אַזאַ מוראדיקע איינזאַמקייט און הוילע גלייכגילטיקייט. טאָג און נאַכט, חלום און וואָר איז אַלץ איינס. דאָס ערגסטע איז געווען ווען ער האָט געדאַרפט אויף אַ ווײַלע צוריקקומען צו דער ווירקלעכקייט. אָט האָט אים חיים, דער צווייטער באַלעבאָס, אויפגעזוכט אין איין נאָכמיטאָג און גאַנץ געלאַסן אים אַ פרעג געטאָן:

„ווען זשע וועט איר אָנהייבן לערנען „איכה”? פאַניע לערער,” אַקצענטירנדיק באַזונדערס דאָס וואָרט לערער און דערביי אים אָפּגעמאָסטן פון

אונטן אַרויף מיט זיינע שוואַרץ בליצנדיקע אייגעלעך, וואָס וועלן פאַרפאַלן אין דעם ים שוואַרצע באָרד, „עס איז דאָך שוין באַלד תשעה באָב . . .״

שטערנבערג האָט נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן. האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי איינער רעדט: „עס איז רעכט פאַניע באַלעבאָס. עס וועט זיין איכה אויך.״ נאָר אַז מען וויל האָט מען עס געקענט טייטשן אויך אַנדערש: „קוקט אים נאָר אָן דעם שוואַרצן יידן. איכה האָט זיך אים פאַרגלוסט. בלויז איכה פעלט אים דעם שיינעם באַלעבאָס מיינעם.״

„אגב, פאַניע שטערנבערג,״ האָט דער באַלעבאָס נישט געוואַרט אויף קיין ענטפער און צוגעגעבן, „זאָלט איר וויסן אַז פון מאָרגן אָן הייבט איר אָן עסן ביי מיר.״

אויך אויף דעם האָט שטערנבערג נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן און בלויז צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אין מיטן גאַנג. האָט מען עס געקענט טייטשן: „גוט, ׳עט מען עסן ביי אייך, וואָס איז דען די נפקא מינה?״ אָבער מע האָט עס אויך געקענט אָננעמען מיט ליכטן חוזק: „וואָס דרייסטו דאָ אַ מוח מיט עסן? וואָס מאַכסטו דעם אָנשטעל, האָסט ווייניק אייגענע פּרעסעדס פאַר דער מילך יושקע, וואָס גייט נישט אַראָפּ פון טיש אַ גאַנצע וואָך?״

אָט דאָס דערמאָנען זיך, אָדער ווערן דערמאָנט אין מיטן אַ פאַנטאַזיע, אין מיטן אָפּגעבן זיך אַ נאָגנדיקער פאַרצווייפלונג, אַז מען דאַרף גיין לערנען, עסן, ענטפערן אויף אַ קאָנקרעטער פראַגע, — האָט אים כסדר אַרויסגעפירט פון גלייכגעוויכט און שטאַרק צעטומלט. אַזוי שנעל אָבער ווי ער איז איבערגעקומען דאָס נויטיקע טועכץ, איז ער שוין צוריק אין זיין וועלט, אַ וועלט אין וועלכער עס האָט געלעבט אַ מאָל אַ יונגער בחור וואָס האָט זיך נישט געדאַרפט פאַרלאָזן וואַנצעס און צוציילן זיך פרעמדע יאָרן מיט אַ פרעמדן נאָמען. די וועלט פון דעם דאָזיקן בחור איז איצט מיט יעדן טאָג געוואָרן אַלץ ציענדיקער און נאָגנדיקער און אומקלאָרער. געלעגן ערגיץ הינטער אים אין די קאַלטע „שטיבל״ טעג; אַ גמרא פאַר אים, אַ ביכל ביי דער זייט און אין האַרצן דער ציטער: טאָמער קומט ווער אָן און כאַפּט מיטן טריף פּסול . . . ; געלעגן אויך פאַר אים, אין דער ווייטער ווייט, העט ערגיץ אויף היימישע פעלדער, אָבער דאָך נאָך קיינמאָל נישט געזעענע. דאָרט, גייט ער אַרום מיט מענטשן מיט וועמען ער האָט נאָך קיינמאָל קיין וואָרט נישט איבערגעביטן, אָבער ער קען זייער קול. ער האָט זיי געהערט אין די טעג לייענענדיק זייערע רייד, און אין די נעכט, — אין חלום, — שטייענדיק מיט זיי האַנט אין האַנט ביים בויען דאָס נייע לאַנד . . . ער דערקענט אַפילו די שפּאַן פון טרומפּלדאָרן, וואָס שפּאַנט קיין ארץ ישראל איבער סיביר . . . ווי נאָר ער האָט וועגן אים געלייענט אין די צייטונגען, האָט ער

אים גלייך געזען: אַ הויכער אַ שטייפער מיטן נאָכבאַמלענדיקן אַרבל פון איין האַנט קעגן ווינט, שפּאַנט ער אין שניי און אין פראָסט, און אָטעמט קיין מזרח. אַך ווי עס וואָלט זיך מיטגעאָטעמט מיט אים! אַך, ווי עס וואָלט זיך אַ טאַנץ געטאָן מיטן אַלטן א. ד. גאָרדאָן און יוסף בוסל. אָך און אָך, און דאָ לערנט מען גאָר „איכה", און עפּעס הויערט אַזאַ אימה אַרום. לויפט ער אַוועק אין דער אייגענער וועלט אַריין וואָס ליגט אַי ווייט הינטער אים, אַי העט פאַר אים, און דאָס האַרץ נאָגט און די נשמה ציט.

אויפהייבן פלעגט ער זיך פאַרטאָג, און אָן שום כוונה און פריערדיקן פּלאַן זיך לאָזן שפּאַנען. וואוהין איז קיין נפקא מינה נישט, וואו דער ערשטער טראָט האָט געפירט דאָרט אַהין האָבן זיך די ווייטערדיקע טריט נעקערעוועט. פרימאָרגנס ליכטיקע, אָפענע ווי אויסגעוואַשענע ווייסע לייוונט קעגן דער זון; פרימאָרגנס גרויע, מרה שחורהדיקע מיט נעפּל פאַר־שטעלטע און מיט קולות פון קראָען פאַרהילכטע; פרימאָרגנס פאַרשלאָפענע, מיט שטיקלעך נאָכהענגענדיקע וואָלקנס פאַרקעלטערטע, כאָטש נעם דעק זיי איין מיט אַ שאַל און לייג זיי צוריק אין בעט אַריין, — אים מאַכט עס נישט אויס. ער שטייט זיך אויף און גייט זיך זיין וועג, מיט זיין וועלט. נישט מער, פאַלן די אויגן אויף עפּעס אַ נייס, שטעלט מען זיך אָפּ. פּאַשען זיך די שעפּסן אויפן פריצם לאָנקע, ווערט לייכט און לינד אויפן האַרץ ווי פריי און לינד זיי עסן, און דער טוי רינט זיי פון די מיילער אַראָפּ.

פאַרטראָגן אים די פיס אויפן הויף צווישן די באַראַקן. אָפן די טירן. מען קען אַריינגיין אַז מען וויל. פאַר גאַנוועגען האָבן זיי, ווייזט אויס, קיין מורא נישט. אלא טאָמער וועט זיך עמיץ אַריינכאַפּן שלאָפן, מהיכא תיתא. וואו עס שלאָפן דרייסיק, קען שלאָפן נאָך איינער. אַ סימן האָסטו, אָט פאַר דער טיר מיט די פיס שוין אין דרויסן כראָפּעט עמיץ. און אָן אַ דאָרטן לעבן מיטלסטן באַראַק וואו גאָלד שלאָפט, ליגן צוויי אין סאַמע דרויסן. אַ מאַן מיט אַ פרוי, געבליבן ליגן אַזוי אין מיטן גאָר אַן אינטימער פּאָזע. דער טוי רינט טראָפּנווייז פון משופּעדיקן דאַך גלייך אויף זייערע לייבער. נישקשה, זיי וועלן זיך סיי ווי באַלד אויפכאַפּן. אַנדערע כאַפּן זיך שוין איבער און טוען זיך אַ ריס אַרויס פונעם באַראַק. עס איז גאָרנישט אַזוי לייכט צוצוקומען צו דער טיר. מען מוז שפּרינגען איבער לייבער און געלעגערס. די מערסטע וואָס רייסן זיך אַרויס אויף דער פרייער לופט טוען אַ שפּרינג אונטער ווי יונגע ציגן, וואָס מע לאָזט דאָס ערשטע מאָל אַרויס פון קעמערל. אַנדערע אָבער שפּאַרן זיך אָן אין דער שיפּוע פון אַ באַראַק וואַנט און בלייבן אַזוי ליגן ווי פאַרחלשט; גאָר אַנדערע, באַזונדערס פרויען און קינדער, פאַרוואַרפן מיט די קעפּ ווי הינדלעך וואָס האָבן דעם פּיפּיטש

און הייבן עפּעס אָן כאַלדרען מיטן האַלדז און גיבן אָפּ מיט דער גרינער גאַל . . .

שטייט איבער זיי אַ יונגע זון און טריקנט דעם טוי, טריקנט די גרינע גאַל פֿאַר דער טיר און וואַרעמט דעם עיפּוש, וואָס טראָגט זיך פֿון די אָפֿענע טירן פֿון די באַראַקן. באַלד וועט פּייפֿן דאָס פּייפֿל פֿון טאַרטאַק, וועלן די באַראַקן זיך אויסליידיקן, נאָר דער עיפּוש וועט שטיין ביזן מיטן טאָג, ווען דעם פּאַנס מענטשן וועלן אַרומיאָגן די פּאָר אויסגעמוטשעטע ווייבער, וואָס גיבן אַכטונג אויף דער ריינקייט פֿון די אַרבעטערס וואוינונגען (אַזוי רופֿט מען די באַראַקן אינעם אָפּיציעלן הויף לשון און אין די רעפּאָרטן, וואָס גייען אַוועק יעדן חודש צו די הויפּט דירעקטאָרן קיין אויסלאַנד), און הייסן וואַשן די הילצערנע נאַרעס.

„מען קען דאָך דאָ אומקומען,” רעשן זיך די אויפֿזעער.

„אוודאי,” באַשטעטיקן די ווייבער און רייבן די ברעטער וואָרטשענדיק, „אוודאי קען מען פֿון בלאָטיקע גריבער קיין פּאַלאַצן נישט מאַכן.”

„איר רעדט ווינציקער און טוט מער,” קוקט דערווייל יענער אונטער די שעניקעס מכלומרשט צו זען צי ס'איז שוין ריין, נאָר אַזוי שנעל ווי פֿון אונטער אַ שעניק קוקט אַרויס אַ שטיקל פּאַפּיר, נישטערט מען ווייטער פֿרעגנדיק סתם אַזוי זיך:

„וועמעס שעניק איז דאָס, באָבע?”

„וואָס איז, ער האָט זיך באַפּישט, האַ? זע נאָר ווי עס בדקעט?” (זוכט) בייזערן זיך מכלומרשט פּונקט אַזוי אומשולדיק די ווייבער, „טראָגט זיך אָפּ, לאָזט אַרבעטן.”

„עס איז גאָר אַ זי,” כיכיקעט אַ צווייטע, „ווילסט ווערן אַ שותּף, פֿריץ לעבן?”

„טפֿו זאָלט איר ווערן, זעט נאָר ווי איר מאַכט דאָ אָן אַ בלאָטע!”

„וואָס דען? מיט די ליידיקע הענט זאָלן מיר רייבן?!”

„עס וועט זיך דען אויסטריקענען ביז נאַכט?”

„אַ דאגה דיר אַביסל, וועסט זיך סיי ווי כראָפּען אין דיין בעט.”

„נו, הער שוין אויף צו פּיסקעווען דאָרט און גיס נישט אַזוי פֿיל וואַסער.”

פֿאַרנאַכט, אַז די אַרבעטער קומען „אַהיים”, וואַרט שוין אויף זיי אַ נייע אַרבעט: אויסצורייניקן די בלאָטע; און אויף אַנדערע וואַרט שוין אַ שומר, וואָס פֿירט אָפּ אין קאַנטאָר אויף אַ פֿאַרהער, פֿון וועלכן זעלטן מען קומט

צוריק אויפן שעניק. מערסטנס טראָגט שוין דער שומר נאָך דאָס פעקל שמאַטעס און נישטאָ מער.

דאָס ערשטע מאָל ווען שטערנבערג האָט פאַרבלאָנדזשעט צווישן די באַראַקן, האָט אים אָנגעכאַפּט אַזאַ עקל, אַז ער האָט זיך געמוזט אָנשטרענגען נישט צו ברעכן. דער גאַנצער הארמידער אָבער, האָט אים אויך געצויגן און נייגעריק געמאַכט אַריינצודרינגען אינעם באַראַקן־לעבן. ער האָט אָנגע־הויבן קומען אָהין אָפטער און אין פאַרשידענע צייטן פון טאָג. ביסלעכווייז האָבן זיך אָנגעהויבן אויסשיילן פּנימער. ער האָט זיך דערוואוסט איינצלהייטן וועגן זייער עסן, טרינקען און פאַרברענגען. געוואָרן באַקאַנט מיטן מעבל און פאַרמעגן פון אַ באַראַק־איינוואוינער. זיך דערוואוסט די סיבות פון קומען אַהער „ליגן אין די גריבער,״ ווי אַלע האָבן גערופן די באַראַקן. כמעט אַלע האָבן דערציילט די זעלבע זאַך: „אין אָנהייב פון דער מלחמה פאַרטריבן געוואָרן קיין רוסלאַנד. לעצטן ווינטער צוריקגעקומען און געפונען אַלץ חרב. איבערגעווינטערט אין אַ חורבה. מיט וואָס צו גיין אויפן פעלד איז נישטאָ, איז מען געקומען אַהער אָפּאַרבעטן דעם זומער. האַרבסט צו וועט מען זיך לאָזן אַהיים מיטן אָפּגעשפּאָרטן אויפצוריכטן דאָס אייגענע פעלד.״

„אָט אַ בידע,״ פלעגט דער אַלטער אָסיפּ אַריינפאַלן אין מיטן שמועס, „אָט נעמט מיך, וואוין נישט אין די גריבער. קיין באַלעבאָס בין איך אָבער אויך נישט. דאָס אייגנס איז חרב און אויף דער עלטער דאַרף מען בעטלען. אַ מערכה דאָס דאַרף דאַרף אַ גלאָקנציער אין קלויסטער.״

„וואו זיינען די קינדער מיינע?״, כליפּעט אַרויס מאַנקע די משוגענע, וואָס בלאָנקעט אַרום צווישן די באַראַקן אַן אויסגעמאַרעטע און פאַר־טריקנטע ווי אַ לאַנגער דראָנג. בלויז די אויגן שוואַרצן אַרויס מיט אַ מאָדנעם גלי פונעם געלן פּנים און די לאַנגע צעשויבערטע פּעכיקע האָר, וואָס באַדעקן זי כמעט ביזן האַלבן קערפּער. עס יאָגט פון איר מיט גרעניצלאָזער פאַרצווייפלונג. זי שפּאַנט און עס דאַכט זיך, אַז אַ שווערע אומהיימלעכקייט גייט איר נאָך און דערציילט עפּעס אַן אייביק טרויעריקע און גרויליקע מעשה. אירע צעשויבערטע האָר פלאַטערן אין ווינט און באַשטעטיקן די מעשה מיט אַ קול, וואָס איז קיין קול נישט מער, נאָר עפּעס אַ הוילער אָפּקלאַנג פון אַ געשעעניש פון גאָר אַמאָל: „פון די ערשטע געקומען אַהער מיט די קינדער, גרעגאָרי, יוזשקאַ און אַנדז׳יי. אַלעמען נאָך הייליקע אַ נאָמען געגעבן. מיט וואָס דען קען אַ מענטש אַליין זיך פאַרהיטן? אַ מענטש אַ בידנער נעבעך,״ טוט זי אַ גלי מיט די שוואַרצע אויגן און שטעכט דורך עפּעס אַ ווייטקייט אַזאַ, וואָס קיינער זעט נישט אַ חוץ זי אַליין, „זאָלן די הייליקע היטן . . . כאַפּ איך זיך איינמאָל ביינאַכט, נישטאָ יוזשקאַ. וואו ביסטו

פייגעלע? ענטפערט מען פון דרויסן . . . לויף איך איר נאָך . . . ווי אַ הינדל איז זי געלעגן, דאָס קעפּעלע פאַרריסן און מיט די פּיסלעך געדריגעט. מאַמע, דאָס בייכעלע טוט מיר ווי און מער גאָרנישט. האָט איר געהערט מענטשן? און מער גאָרנישט . . . יויזשקעלע, האַרצעלע! און מער גאָרנישט,״ — ווישט זי אויס אַ טרער מיט דער דלאָניע און זעצט זיך אַוועק און דערציילט סתם אַזוי ווי זי וואָלט קיינעם נישט געזען. די אויגן ווי פאַרנעפּלט קוקן פאַר זיך אין אַן ערגעץ אַריין. „אין דער פרי איז גרעגאָר געגאַנגען זוכן יוזשקען. קומט ער אין קאַנטאָר אַריין, נעמט מען אים אויך צו. פריץ לעבן, וואו איז גרעגאָר? נישטאָ אים. איר הערט מענטשן? נישטאָ אים. כאַפּ איך שוין אַנדרייען, לייג אים צו צו מיר: שאַ, שאַ, אַנדרייעלע,״ גלעט זי מיט די פינגער די לופט, „שאַ, שאַ, קינדעלע, רוק זיך צו צו מיר. ס'איז דיר נישט קאַלט, אַנדרייטשיקל, פערדעלע מיינס? איך בין הונגעריק מאַמע. ווילסט ברויט מיט פּוטער?״ גייט זי מיט אַמאָל איבער אין טאָן פון קינדערישן דערציילן, „ווילסט אַביסעלע קאַשע מיט מילך?, קיינער ענטפערט נישט. אַנדרייעלע, אַנדריי, אַנדריוכו!״ כאַפּט זי זיך מיט אַמאָל אויף מיט שרעק און נעמט שפּאַנען אין אַ קרייז. צום ערשטן וויינענדיק, דערנאָך יאָמערלעך, ביז זי פאַרגייט זיך אין אַ וואָיען, ווי אַן איינזאַמער הונט אין אַ פינצטערע נאַכט: „אַנדריוכו, אַנדריוכו — — —״

„די משוגענע האָט זיך שוין צעלאָזן,״ ווייסט מען שוין אין די באַראַקן. קיינער ווייסט נישט פון וואַנען זי איז, און ווען זי איז אַהער געקומען, און צי די מעשה מיט די קינדער איז טאַקע אַזוי געשען. עס קומט אויס ווי זי וואָלט געקומען אַהער די ערשטע, ווייל אַפילו די אַרבעטער וואָס זאָגן, אַז זיי האָבן געעפנט די באַראַקן און געווען פון די ערשטע צו לאָזן דעם טאַרטאַק, אַפילו זיי האָבן זי שוין דאָ געטראָפן. די מעשה מיט די קינדער האָט זי זיי טאַקע די ערשטע דערציילט און אַפילו געוויזן די קברים זייערע.

„נו, וויניק קינדער זיינען שוין דאָ אומגעקומען פון עיפּוש?״

„וואָס גלייבסטו דאָ נישט?״ בייזערט זיך אָסיפּ און שפּייט אויס, „דו פרעגט מיך, וועל איך דיר ווייזן וויפל עופּהלעך עס זיינען שוין דאָ אויסגע־דישעט געוואָרן. מיינסט קראַנק?—אַ נעכטיקע וועטשערע, פּשוט פאַרכריפּנעט פון הונגער, פון נעץ.״

„און פון קרעץ,״ העלפט אים עמיץ אַרויס.

„וואָס זשע גלייבט זיך דאָס נישט? האַ?״

„אַ משוגענע, כ'וויים,״ קראַצט זיך שוין יענער אין מאַרדע נישט זיכער.

„אָט דאָס איז עס דאָך; פליקסט אָפּ אַ הון לעבעדיקערהייט, וואָס טוט זי, טאַנצט אַרום און גאָגערט, כריפּעט מיטן האַלדז ביז זי גייט אויס. אַז איך

בין געשטאַנען ביי סעוואַסטאָפּאָל, מיינסטו וואָס, געזען ווי סטעפּאַן דעם שטשערבאַטעס פּאָטער, ווי האָט ער דאָס געהייסן דאָרט? יאָ, סטעפּאַן. זע איך אים שטיין לעבן מיר און קיין עפּעס, און אָט קריכן אים שוין די געדערים אַרויס פון בויך. גיט זיך מיר, מיינסטו נישט, אַ דריי אין מוח און איך גיב אַ לויף צו צו אים מיט די הענט זיי אַריינשטופּן צוריק . . . ער ליגט און דריגעט מיט די פיס און איך שטופּ. מיינסטו וואָס, ווען נישט דער ראָטנע קאָמאַנדיר, בלייב איך לעבן אים. ער האָט מיר געגעבן אַ טראַך אין מאַרדע אַריין און דערלאַנגט אַ פּלעשל ריינעם נייניציקער, האָט עס מיך אַזש אַ וואָרף געטאָן."

„צי מ'קען אַזוי אַראָפּ פון זינען?" פּאַטאַקאַוועט אַן אַנדערער, „אַז עסן עסט מען קדחת מיט טינופת און שלאָפן שלאָפט מען מיט לייז און ווערעם. ס'איז אַ חסד נאָך," צייִלעמט ער זיך איבער, „וואָס די מגפה איז נאָך נישט געקומען."

„נו, רעד שוין בעסער נישט. מ'וועט דערהערן, ווייזט מען דיר דעם וועג," וואָרנט ווער.

„האָב איך אוודאי מורא, כ'וועל יאַקבי נישט קריגן אַזאַ פּאַלאַץ ערגיץ אַנדערש."

„פונדעסטוועגן קומט מען אַהער פון אָרום און אָרום."

„אַנדריוכו, אַנדריוכו!" יאָמערט נאָך אַלץ די משוגענע ערגעץ אין עק פון הויף ביי די שטאַלן, „אַנדריוכו!" ציט זיך איר קול אין איינעם מיטן שאָקלען זיך פון די ביימער אין ווינט, מיט די טיפע ווידער־קולות פון פּאַלנדיקע ביימער נאָענט אין וואַלד, מיט דעם דינעם שעקען און גרילצן פון די שניידמעסערס אין טאַרטאַק, און מיט אַ ווייטן מעקען פון אַ בהמה אין דאָרף; אין אַלץ אַרום, איין און דאָס זעלבע געשריי: „אַנדריוכו!"

שטערנבערג פלעגט אַ ציטער טאָן איבערן גאַנצן לייב, דערהערנדיק איר רופן און יאָמערן, און זיך נישט געקענט אָפּרייסן פון פּלאַץ. גאָלד אָבער מיט וועמען ער פלעגט געוויינטלעך גיין דאָרט פּאַרנאַכט פלעגט אים אָוועקרייסן:

„איך, ווי אַן איינוואוינער פון די באַראַקן, בין נישט אַזוי סענטימענטאַל ווי איר. אַ משוגענע און גאָר. שלאָף איך אָפּ אַ נאַכט אין באַראַק, בין איך צופרידן וואָס עס איז שוין טאָג און אָטעם ווידער פרישע לופט. ווייטער גאָרנישט."

„אָבער זעסטו דען נישט, גאָלד?" שפּאַרט זיך שטערנבערג, „אַז די מאַנקע שרייט עס אויס די גאַנצע גרויליקע הילפלאָזיקייט פון די באַראַקן?!"

„הילפלאָזיקייט?״ באַליידיקט זיך גאָלד, „אַ ליאַדע וואָס, איז עס ביי די אינטעליגענטן הילפלאָזיקייט. אָפּגעלאָזנקייט איז עס, פינצטערקייט, דאָס אַלץ. עס איז פּשוט אומוויסן און שוין.״

„און אַז מען ווייסט שוין גאָלד, אַז עס איז אָפּגעלאָזנקייט, ווערט עס דען אַנדערש? . . .״

„נו, איז וואָס זשע דערפון געדרונגען?״ פילט זיך גאָלד באַזיגט.

„געדרונגען? גאָרנישט איז געדרונגען. ווער זאָגט דען, אַז איך דרינג עפּעס דערפון? מענטשן פּויזשען אין בלאָטע און אין קויט, מ׳קומט אום, און דאָ וועט ער זיך שטעלן דרינגען.״

„מיינסט אַז מ׳דאַרף טאָן?״

„אוודאי מיין איך אַזוי, און עס טוט מיר זייער ווי וואָס איך בין נישט מיט זיי און קען גאָרנישט טאָן.״

„און אַז איך בין שוין יאָ מיט זיי, אַרבעט מיט זיי און עס מיט זיי און שלאָף מיט זיי, קען איך דען יאָ עפּעס טאָן,״ ווערט גאָלד שוין צוגעלאָזן און רעדט זיך אָפּ פון האַרץ, „ס׳איז נישט קיין אַרבעטער. געוועזענע פּויערים, וואָס ווילן אין האַרבסט ווערן צוריק באַלעבאַטים, אָדער סתם אַזוי לומפּן וואָס דאַרפן גאָרנישט. גיי טו מיט זיי עפּעס. זיי נעמען עס אָן ווי אַ קללה פון גאָט, אַן אָפּקומעניש פאַר די זינד, און אַנדערע — פאַר אַ גוטע מעגלעכקייט צו גאַנווענען און נואַפן. אמתע אַרבעטער זיינען דאָרט זייער ווייניק פאַראַן. טוען זיי טאַקע אַביסל,״ רוימט אים גאָלד איין אין דער שטיל, „קום אַריין אין מיטלסטן, וועסטו שוין אַליין זען ווער און וואָס.״

די באַראַקן אַ צען אין צאָל זיינען געווען אויסגעשטעלט אין צוויי לאַנגע שורות איינע נאָך די אַנדערע, און די אַריינגאַנגען, ווי עפענונגען פון קעלערס, זיינען אַלע געווען צום קאַנטאַר. „מ׳זאָל צו יעדער צייט קענען האַלטן אַן אויג פון דאָרט,״ האָט גאָלד האַלב אין ערנסט, האַלב אין שפּאַס באַמערקט. די ווענט פון די באַראַקן, דיקע קלעצער אָוועקגעלייגט קרום ווי ביי אינדיאַנער געצעלטן, זיינען זיך צונויפגעקומען אין דער הויך מיט אַ שפּיץ און געדינט שוין פאַר אַ דאַך אויך. אַ דיקער שיכט פאַרטריקנט ליים האָט פאַרדעקט די שפּאַרעס פון קלאָץ צו קלאָץ און דורכגעלאָזט דעם רעגן. קיין פענצטער זיינען נישט געווען אין קיינעם פון זיי. האָבן זיי פון ווייטנס טאַקע אויסגע־קוקט ווי פּויערישע קעלערס פאַר קאַרטאָפליעס און אייז. בלויז איין באַראַק האָט געהאַט אַן אויוון. דאָרט האָט מען באַזעצט די משפּחות מיט קינדער. פלעגט דער רויך אַרויסגיין מער דורך דער טיר ווי דורכן קוימען וואָס איז געווען נידעריק געמאַכט, ווייל מ׳האָט מורא געהאַט אַז דער ווינט זאָל אים

נישט אומוואַרפֿן. האָט דער ווינט אַלעמאָל צוריקגעיאָגט דעם רויך אין באַראַק אַריין ביז די ווייבער האָבן זיך מיישב געווען און אײַנגאַנצן אויפֿגעגעבן דעם אויוון. געניצט אים בלויז אויף אָװעקצושטעלן אויף אים די קינדערישע נאַכט־טעפּלעך, און געקאָכט האָבן זיי פֿון פֿאָרנט פֿון באַראַק, אויף צוויי שטיינער אויף וועלכע עס איז געלעגן אַן אַלטע בלעך. פֿון קאַנטאַר האָט מען זיך געבייזערט, אָבער גאָרנישט געקענט אויפֿטאָן.

דער מיטלסטער באַראַק, וואָס איז אויך געווען דער קלענסטער, איז געווען באַשטימט פֿאַר בחורים און פּונקט לעבן דעם באַראַק פֿאַר באַווייבטע.

„דאָס האָט מען אייך אַוועקגעשטעלט שומרים ביי דער זייט, איר זאָלט חלילה די כּלים נישט פֿאַרקילן,“ פֿלעגט זיך אָסיף שעלמיש אַ וויצל טאָן אויף די בחורימס חשבון.

„אַלטער סרחניק,“ פֿאַריאָגן אים די ווייבער, „דאַרפֿסט דאָך שוין אַ בענדל צו דער מעשה, און דאָס פּלאַפּלט נאָך.“

„אַ הענדל, כּל זמן עס זשיפּעט קרייעט עס,“ טוט ער אַ קוויטשיקן לאַך און פֿאַרשווינדט.

אין באַראַק אַריין איז שטערנבערג כּמעט אַריינגעפֿאַלן, ווייל זייענדיק געוואוינט אויפֿצוהייבן די פֿיס אַביסל מער אַרויפֿגייענדיק אויף אַ שוועל, האָט ער עס איצט אויך געטאָן. קיין שוועל איז איבער נישט געווען, האָט דער פֿוס אַ שטאַלפּער געטאָן און אַריינגעזונקען אין אַ קאַליוזשע. די אומגעריכטקייט האָט אים איבערגעשראָקן, האָט ער אַ שפּרונג געטאָן און אין דער טונקלקייט זיך אָנגעשלאָגן אין דער סטעליע. פֿון אַ נאָרע האָט עמיץ אַ כאַכאַטשע געטאָן: „ניטע דאָרט, קענסט נאָך אַזוי מיטן קאָפּ דעם הימל גרייכן.“

„האַלט זיך אָן אין מיר,“ האָט אים גאָלד אונטערגעשטעלט אַן אָרעם, „וועסט זיך צוגעוואוינען צו דער טונקלקייט, גיי גלייך. אין די זייטן זיינען די נאָרעס.“

וואָס טיפֿער זיי זיינען אַריין אין באַראַק אַריין, אַלץ שאָטנהאַפֿטיקער האָט אַלץ גענומען אויסקוקן. עס האָבן זיך גענומען אויסטיילן פֿיגורן פֿון מענטשן און זאַכן, אָבער קיין זאַך האָט נישט אויסגעזען גאַנץ. אַלץ ברוכשטיקער פֿון גאַנצע זאַכן. אָט שווימט אַרויס אַ קאָפּ פֿון אַ לאָך אַרויס, אָט גלעט זיך אַ סטאָלב וואָס האַלט אונטער אַ נאָרע. אויבן, — געדיכטער גליווער, אונטן, — שוואַרצער גאָרנישט, און אין מיטן, דורך אַן עפֿענונג פֿון אַ נאָרע, — גלעט זיך אַ לאַנגער שטעקן, ווי ער וואָלט געהאַנגען אין דער לופֿטן. נישט ווייט פֿון אים ווייסלט זיך עפּעס, מן הסתּם אַ קאָלדרע.

„יעדע זאַך דאָ איז עפּעס בלויז אַ דערמאָנונג פון זאַכן,״ האָט שטערנ־בערג געטראַכט אויפן קול.

„די מענטשן אויך אַזוי.״

„דערפאַר אפשר זעען זיי זיך אַזוי ווייניק . . .״

„שטותים, זיי זעען זיך שוין צופיל. זיי זעען נאָר זיך. דו גיב נאָר אַ קוק ווי מ׳לויפט מיט די קעסעלעך צום אנבייסן, אָדער ווי מ׳שלאָגט זיך אין די שטאַלן פאַר די שיקסעס.״

„גיי זע דאָ עמיצן אַנדערש אויסער זיך אַליין,״ האָט שטערנבערג עפּעס ווי באַדויערנדיק געצויגן דעם שמועס, האַלטנדיק זיך אין איין אָנשלאָגן אין די זייטן פון די נאַרעס.

אין אַ ווינקל האָט ווי אַ שפּילקע קעפּל עפּעס געבלישטשעט און אַנטפּלעקט אַ גרויסן שאָטן. ווי נאָר זיי האָבן זיך דערנעענטערט, האָט דער שאָטן זיך אַ צי געטאָן. הינטער אים האָט די נאַרע אַ סקריפּ געטאָן, עפּעס האָט אַ קלונג געטאָן ביים אַראָפּפאַלן מיט אַ טראַסק אויף דער ערד. דאָס בלישטשען איז מיטאַמאָל נעלם געוואָרן. עמיץ האָט געוואָרטשעט: „מ׳שלעפּט זיך אַרום גאַנצע נעכט און מ׳לאָזט נישט שלאָפן.״

„כאַליע דאָרט און זוך זיך נישט קיין צרות. ס׳איז אַן אָפענע טיר דאָ.״

„אַ רעגן אפילו, אַ ווינט און אַ דונער,״ האָט דער שאָטן אַ סקריפּע געטאָן מיט דער נאַרע און אויף אַ סעקונדע ווידער אַ בלישטש געטאָן מיטן לעמפּל, „אַלץ גייט דאָ אַריין און אַרויס.״

„דאָס איז אונדזער אַנדרוך,״ האָט גאָלד אָוועקזעצנדיק זיך אויף דער נאַרע איינגערוימט שטערנבערגן, „ביי יעדער געלעגנהייט רעדט ער זיך אַזוי דורך.״

„דאַכט זיך אַז ער חוזקט —״

„דאָס איז ביי אים אַזאַ אויסזען אויך. ער שטייט דאַכט זיך ערנסט, אָבער עס קוקט אויס ווי ער חוזקט.״

„איך וועל דיר די באַקן אויספּאַטשן,״ האָט זיך פון סאַמע עק פונעם באַראַק דערטראָגן אַ געבייזער, „אַז דו שפּילסט זאָל זיין געשפּילט.״

ערשט איצט האָט שטערנבערג באַמערקט, אַז אויך פון דאָרט לייכט זיך אַ שפּילקע קעפּעלע און זיך געכאַפּט, אַז דאָס זיינען די עלעקטרישע באַטאַרייעס וואָס די חברה נוצן צו באַלייכטן די נאַרעס.

עס איז פאַרבאָטן צו נוצן דעם פּריצס עלעקטרע, לייגט מען אַרויף אַ קאָלדרע אויף דער באַטאַרייע און מ׳שפּילט אין קאָרטן.

פון דער נאַרע וואו אנדרוך איז געלעגן, האָבן זיך אָפּגעטיילט א פּאָר שאָטנס און זיך גענומען רוקן צו דער טיר.

„מיר האָבן זיי איבערגעשלאָגן, געהאַט מן הסתם א באַראַטונג," האָט גאָלד שטיל געשעפּטשעט. עמיץ האָט אַראָפּגעוואָרפן א שמאַטע מיט געבייזער:

„סעקט זיך שוין אוועק, (זעצט זיך) צו אַלדי שווארצע יאָר. מ'קען נישט אַנטדרימלט ווערן פאַר קיין מיליאָן."

„עס קען זיך דיר נאָך חלומען אַז דו ביסט פּאַן קאַמינסקי אַליין," האָט זיך ווער צעלאַכט און אויף צו להכעיס א וואָרף געטאָן א שיין פון א לעמפּל אויף דער סטעליע „נאַ, וועסט זיך זען בעסער."

„ווי א רויבער הייל," האָט פון ערגעץ ווער א ברום געטאָן מיט שרעק.

„לאָז נאָך אַמאָל דיין מאַשינקע, סטאַנקע, ווען נאָך וועסטו זיך קענען זען פוילנדיק אין קבר."

„דו פויל אַליין, אנדרוך, און שיק נישט יענעם!"

„ווער זאָגט דען אַז איך פויל נישט, ברודערקע, עס וואונדערט מיך נאָר פאַר וואָס דו האָסט מורא פאַרן אמת."

„ער הייבט שוין אָן זיינע שטיקלעך," רייסט מען זיך פון עטלעכע נאַרעס, „לאָז שלאָפן!"

„איך טשעפּע דען? שלאָפט קינדערלעך און האָסט גוטע חלומות. מ'זאָגט, אַז קיין ברויט וועט שוין אויך באַלד נישט זיין. אין קראָם קריגט מען שוין נישט און אין דאָרף וויל מען נישט פאַרקויפן."

„אין טשווארניק באַקט מען ברויט. פּאַן קאַמינסקי האָט געהייסן די יידן באַקן ברויט."

„וועט שוין זיין דאָס ריכטיקע געבעקס."

„איין ייד קען נישט אויסאַרבעטן קיין ברויט פאַר אַלעמען," האָט אנדרוך געלאָסן אריינגעוואָרפן א פראַזע, „וואָס זאָגסטו, גאָלד?" האָט ער אים געוואָלט וויזן אַז ער זעט אים, „דו ביסט דאָך דאכט זיך א בעקער אויך, האַ?"

„אפשר וואָלטן מיר אַליין געעפנט א בעקעריי?" האָט א שאָטן לעבן אנדרוכס נאַרע א וואָרטשע געטאָן.

„וואוהין קריכסטו? ס'איז מיין נאַרע, טראָג זיך!" — האָט א קוויטש פון א צווייטער זייט זיך אריינגעריסן אין שמועס. „נאָר סע גייט גאַנוועגען!"

„וואָסי? האָסט מורא פאַר דיינעם דאָרט?" האָט זיך עמיץ אָנגענומען דעם גנבֿס קריוודע.

„וואָס בין איך אַ מיידל, וואָס ער קריכט צו מיר?" דער גאַנצער באַראַק ווערט פול מיט געלעכטער.

אַנדרוכס שטימע איז שטערנבערגן אויסגעקומען זייער באַקאַנט. וואו זשע האָט ער זי געקענט הערן? ער האָט גענומען דורכוואַרפֿן אין זיכרון אַלע זיינע פֿריערישע באַקאַנטשאַפֿטן פֿון דער היים, פֿון לעצטן ווינטער, און זיך אַלץ נישט געקענט דערמאָנען. מיט אַמאָל אָבער האָט אַנדרוך זיך אַ הויב געטאָן פֿון פּלאַץ, אויף שנעל אַ בלישטש געטאָן מיטן לעמפּל אויפֿן דיל און זיך אַ גליטש געטאָן אַראָפּ פֿון דער נאַרע גלייך צו שטערנבערגן.

„כ'האָב דיך אָבער גלייך דערקענט, פּאַניע פּראָפֿעסאָר, געדענקסט ווינטער אין קאָרידאָר? וואָס זשע טוסטו דאָ?"

„דאָס זעלבע, אַנדרוך, איצט דערקען איך דיך. די שטימע איז די גאַנצע צייט מיר געווען באַקאַנט, נאָר דאָס לשון אַביסעלע אַנדערש, נישט ווי דאָרט."

„מיינסט איידעלער," האָט יענער זיך צעלאַכט אָננעמענדיק גאָלדן ביי איין האַנט און שטערנבערגן ביי דער צווייטער און זיי גענומען פֿירן צום אַרויסגאַנג, „מ'לייענט פּראָפֿעסאָר. אָט גאָלד העלפֿט אַביסל, הריציו אויך, און איצט ביסטו אויך דאָ, וועט עס שוין גאָר גוט זיין," האָט ער זיך געפֿרייט ווי אַ קינד.

„וואָס זשע הערט זיך אין קאָרידאָר?" האָט שטערנבערג אַ פֿרעג געטאָן.

„מ'פּעכניעט פֿאַר אַ קיי. די גריבער זיינען די זעלבע נאָך. נישטאָ קיין האָלץ צו בויען. אפֿשר נאָך שניט וועלן איניקע האָבן אַ פּאָר גראָשן מיט וואָס צו בויען. מיר איז אַלץ איינס, הונגעריק דאָרט און נישט צו זאַט דאָ. גריבער דאָרט און אין אַ לאָך דאָ. אָט וואָס פּראָפֿעסאָר. נאָר דאָ טוט מען שוין עפּעס," איז ער אַריבער אין אַ פּריילעכן שעפּטש, „מ'קומט זיך צוזאַמען און מ'גרייט זיך. מ'גיט צו פֿאַרשטיין איינער דעם אַנדערן און מ'וועט זיך נאָך אַ נעם טאָן, האַ, וואָס זאָגסטו, גאָלד?"

„אמת, ס'וועט עפּעס דערפֿון ווערן," האָט גאָלד פּאָטאַקעוועט.

„הריציון קענסטו דאָך. אָט דאָס איז אַ מענטש. רעדט ווייניק אָבער טוט אַ סך. איך לייען איצט שעווטשענקאָן" וויל ער זיך מיט אַלץ טיילן, „שרייבט ער ווי פֿון דער נשמה אַרויסגענומען."

„איך האָב גאָרנישט געוואוסט אַז דו ביסט אַזאַ גראַמאָטנער, אַנדרוך."

„נישט אומעטום איז מען דערזעלבער מענטש, היינטיקע צייטן. איז עס

דען ביי דיר נישט אזוי, פּראָפעסאָר?" האָלט אַנדרוך אין איין פרײדיקן אויסרעדן זיך, און זיי זעען קיינס נישט אַז זיי זיינען שוין ביים סוף פון די באַראַקן און אַז עמיץ שלייכט זיך נאָך הינטער זיי, היט זייערע טריט און נאָכמער זייערע מײַלער . . .

א נעפּל האָט זיך געהויבן איבערן וואַסער און זיך צעפּלאָסן אויף די לאַנקעס, פאַרשלונגען איינציקווייז די באַראַקן, בלויז דער שיין פון די עלעקטרישע לעמפּלעך האָט זיך דורכגעשלאָגן דורכן נעפּל ווי רויטע לבנות. די דריי האָבן זיך נישט אומגעקוקט אויף צוריק און געגאַנגען ווייטער, און דער נעפּל האָט זיך כסדר אָפּגערוקט פאַר זיי. פּלוצים זיינען אַלע דריי געבליבן שטיין איינהערנדיק זיך. דאַכט זיך עמיץ ליגט דאָ גאָר נאָענט.

„דאָ זיינען די קעסלען!" האָט גאָלד אַ שעפּטש געטאָן און זיך אַ לאָז געטאָן אין נעפּל אַריין און זיי נאָך אים.

„וואָס גלאָצט איר דאָ? גיוכען אוים ווי די הינט," איז פּאַר זיי אויסגע־וואַקסן אַ הויכער פאַרשוין מיט אַ שטעקן אין האַנט.

„מיר שפּאַצירן גלאַט אַזוי, אָבער וואָס טוסטו דאָ אַליין? לעקסט די קעסלען?" האָט זיך אַנדרוך נישט געקענט איינהאַלטן פון אַ קיבעץ טאָן.

„און אַז כ'לעק איז וואָס? קיין חלק וועסטו סיי ווי נישט קריגן," האָט יענער זיך טאַקע אַ בויג געטאָן און אָפּגעדריבלט מיט דער האַנט אַ שטיקל פאַרטריקנטע קאַשע און געגומען קייען מיט אַפּעטיט, וואַרטשענדיק: „קוקן נאָך די פריצישע הינט."

ערגעץ ווייט אין דאָרף האָט אַ האָן זיך צעקרייט און ווי אַ געשפּענסט איז מיט אַמאָל פון דער לאַנקע אָנגעלאָפן די משוגענע מאַנקע. אַנטקעגן דער רויטער ליכט האָט עס אויסגעקוקט ווי אַ ליאַרעמדיקער קנויל נעפּל וואָלט זיך אַ לאָז געטאָן אויף זיי: „כ'האָב זיך שוין אָפּגעטובלט, וועלן די הייליקע צוריקקומען. טובלט זיך אויך גוטע מענטשן, וועט איר געהאָלפן ווערן." טוט זי אַ פּאַטש דורך און פאַרשווינדט צווישן די באַראַקן.

„ווי קליין און מיזערנע אַ מענטש דערזעט זיך דאָ אין די באַראַקן. ווערעם וואָס האָבן נאָך כוח צו שרייען אויך," האָט גאָלד אַריינגערעדט אין נעפּל אַריין אַ צעטומלטער.

„ווערסט מיר שוין אויך סענטימענטאַל?" האָט שטערנבערג אין האַלבן שמייכל דערוווּדערט," און ווי דערהויבן דער מענטש איז דאָ, זעסטו נישט? וואָס האַלט זיי דאָ אַלעמען ביים לעבן? מיינסט אין דער אמתן אַז דאָס ביסל יושקע? און דער אָ גריזשענדיק דעם אָפּפאַל פון די קעסלען, האַ?"

„הייבסט שוין אָן מיט די מיסטישע שטיק?"

„עס איז גאָרנישט קיין מיסטיק, ברודערקע, ס'איז גאַנץ פּשוט, כאָטש מ'זעט עס נישט פון אויבן אויף. יעדער איינער פון זיי האָט זיך זיין האָפענונג און זיין גלויבן, דערהאַלט עס אים."

„גערעכט, פּראָפעסאָר," האָט אנדרוך מיט אמאָל פאַרשטאַנען אין וואָס עס גייט, „גוט געזאָגט. גאָלד איז צו אָנגעדרודלט אויף דער וועלט, נו, טאַקע, זאָג דו, פאַר וואָס האַלט איך זיך דאָ? ס'ווייב? די קינדער? וואָס דאַרף איך? נאָר איך האָף עפּעס וועט זיך אַ טו טאָן. און אזוי יעדער."

„פון יעדערן, רעד מיר נישט," האָט זיך גאָלד דערפילט צוגעקוועטשט צו דער וואַנט. „פאַר זיי איז שפּילן אין קאָרטן די גאַנצע זאַך און ס'איבעריקע פרעג זיי בחרם. ארבעטן פאַר זיי און איינשטעלן דאָס לעבן, ווייס איך . . ."

„אָט דאָ גייסטו שוין אוועק צו ווייט, גאָלד," האָט שטערנבערג זיך שוין אויף אָן אמת געקאָכט: „מיינסט אין דער אמתן, אַז ווער עס איז, איז זיך באוואוסטזיניק מקריב פאַר יענעמס? עס הייבט זיך גאָר נישט אָן. פונקט ווי עסן קען מען נישט פאַר יענעמס וועגן. מ'טוט זאכן פאַר זיך, ווייל מ'קען נישט אנדערש, ווייל אָן דעם וואָלט דער מענטש אין גאַנצן אראָפּ פון די רעלסן אָדער נישט געקענט ווייטער לעבן."

„איך פאַרשטיי נישט, פּראָפעסאָר," האָט אנדרוך איבערגעשלאָגן, „מיינסט אַז מ'טוט קיינעם קיין טובות נישט?"

„נאָכמער, מ'טוט זיך אַליין די גרעסטע טובה, און אַז דערפון קומט ארויס גוטס פאַר אַנדערע איז דאָס פּשוט אַ גרויס גליק."

„ביסט אַ כוואַט, פּראָפעסאָר, עס איז פונקט ווי אויף אַ פויערישער חתונה: מ'טאַנצט צוליב זיך, ווייל עס וויל זיך, נאָר עס מאַכט אויך אַלעמען פריילעך . . . פאַרוואָס שפּאַרסטו זיך, גאָלד? עס איז דאָך אזוי פּשוט."

„ביסט נאַאיוו, אנדרוך," האָט גאָלד שוין געלאָזן אים געפּרואוווט אַריבערגעוואונען אויף זיין זייט, „עס איז נישט קיין חתונה. ס'איז אַ טאַרטאַק: דו שטופּסט דעם קלאָץ צום מעסער און יענער ביים מעסער לאָזט גאָר אראָפּ די רימענס. נו, וואָס וועט ווערן? דיינע פּיס וועלן זיין קאַפּוט, פאַרשטייסט? און יענער וועט פאַרנאַכט שפּילן אין קאָרטן."

„וואָס דו ברייעסט דאָרט," האָבן אים ביידע אויף אַמאָל צוגעוואָרפן מיט ביטול.

„נו, איז עס אַ שלעכטער ביישפּיל, טאַ נעמט עס קאָנקרעט," האָט ער שוין גאָר שטיל אַ שעפּטש געטאָן, „זאָל מען וועמען פון אונדז אויסגעפינען, וועט מען אים פאַרפּאַקן, און די קאָרטן שפּילער וואָס וועלן געווינען פון

אונדזערע אויפטועז, וועלן אליין אפשר מסרן און אין בעסטן פאל זיך נישט וויסנדיק מאכן.״

„דאס ביסטו גערעכט, זיי זיינען פינצטער, דארף מען זיי בילדן,״ איז אנדרוך אריין אין באגייסטערונג. „זיי וויסן נישט בעסער, זיינען ווי בלינדע. אבער דער זעענדיקער האט הנאה פון זען.״

„אבער דאס איז דאך מיין טענה,״ האט גאלד האפערדיק אים איבער־געריסן, „איך טענה דאך אז די בלינדע ווילן גארנישט אז מ׳זאל זיי זעענדיק מאכן. ס׳איז זיי ניחא די בלינדקייט.״

„ווייל זיי פארשטייען נישט אנדערש.״

„און ביז זיי וועלן פארשטיין, קומען דערווייל אונדזערע אום.״

„איז פאר וועמען קומען זיי אום?״ האט זיך שטערנבערג ווידער ארייננגעמישט, „רעדסט אזוי ווי עס וואלט דיר עפעס געקומען ארויס־צוצאלן.״

„טובלט זיך מענטשן, וועט איר געהאלפן ווערן!״ האט ווי א געשפענסט ווידער אדורכגעפאטשט די משוגענע.

איז זיי עפעס פריקרע געוואָרן דאס שטיין דא און גענומען איילן צוריק צו די באראקן.

„וואלסט אמאל אויך געמעגט אויספרואוון צו שלאפן א נאכט אין די באראקן,״ האט גאלד געוואלט ארייננזאגן שטערנבערגן.

„א גאסט אויף א ווייל זעט אויף א מייל.״ האט אים שטערנבערג גלייך אן ענטפער געטאן מיט א שטאך.

„געשליפענע צינגלעך ביי אייךביידע,״ האט אנדרוך א קיבעץ געטאן, „א גוטע נאכט!״

נאך יעדן שפאציר אזעלכן האט זיך שטערנבערג געפילט דערפרישט. ער האט געפילט אז אין אים נעמט אויפגיין א נייע באציאונג צו זאכן. עפעס הייבט ער אן אנדערש דערזען מענטשן און די וועלט ארום אים. אמת, ער זעט נאך אלץ זיך אליין ווי דעם צענטער פון אלץ. זיין פארביטערונג צוליב דער אוממעגלעכקייט צו פארווירקלעכן זיין חלום איז נאך אלץ דער סם, וואס רייסט אים אפ פון מענטשן און מאכט אים נישט פעיק עפעס צו באשליסן, אבער פון יעדן שפאציר אזא אין די באראקן האט אויך אויפ־געוואכט אין אים א ניי געפיל פון שולד צו אנדערע. עס קומט אויס ווי ער וואלט זיך געפילט שולדיק פאר נישט טאן גארנישט פאר די וואס פוילן אין די גריבער, ווי אנדרוך רופט עס. עס איז אים געוואָרן שווער צו שלאפן

אינעם אײגענעם בעט. עס איז אים נישט באַקומען דאָס עסן, און דאָס לערנען מיט די תּלמידים איז אים אויסגעקומען סתּם אַרויסגעוואָרפֿן און נישט אויפֿן פּלאַץ.

„איז וואָס זשע ווילסטו מיר זאָגן," האָט זיך גאָלד געבײזערט, ווען ער האָט זיך באַקלאָגט פֿאַר אים, „אַז דערפֿאַר וואָס איך שלאָף אין די באַראַקן איז מײַן געוויסן רײנער פֿון דײַנעם?"

„אפֿשר יאָ, רוזיקער אוודאי."

„אָט דאָס איז דאָך די מעשׂה מיט די אינטעליגענטן, אָדער זײ האַלטן זיך פֿאַרן אײבערשטן פֿון שטײסל, אָדער זײ קריכן אויף די נעגל, פֿאַלן אַראָפּ בײ זיך פֿאַר יעדן יענדריק פּאָפּטשוק דעם קאָרטן שפּילער."

„נישט אין דעם גײט עס דאָך, גאָלד!"

„און אַז דו וועסט שוין אויך ברעכן אַלע פּרימאָרגן פֿאַר די באַראַקן, וועט עס שוין זײַן גלאַט כּשר? איך װײס נישט קײן חכמות, איך בין אַ פּשוטער אַרבעטער. מײַן איך, אַז די ערשטע זאַך דאַרפֿסטו זײַן צופֿרידן וואָס דו ביסט נישט אין די באַראַקן, און צווײטנס מעגסטו שוין וויסן, אַז דאָס רחמנות דאַרף קײנער נישט."

„נאָר דו שטעכסט זיך, גאָלד," האָט זיך שטערנבערג געפֿילט געטראָפֿן, „און כ'זאָג דיר נאָך אַמאָל, אַז דו הײבסט נישט אָן צו פֿאַרשטײן אין וואָס דאָ גײט. ס'איז נישט בלויז רחמנות און נישט סתּם מיטפֿילן ווי דו ווילסט אַרײַנ־טײַטשן. ס'איז אַ געפֿיל אַזאַ פֿון פֿילן זיך שולדיק אין יענעמס פּײַן. כאָטש דו ביסט נישט די סיבה פֿון דעם, איז אָבער שתיקה כּהודאָה דמיא. שווײַגסטו, איז אַ סימן אַז ביסט מסכּים. און ס'קען דאָך גרײַלעך זײַן, אַז אויך אין מײַן קאָמפֿאָרט ליגט אַ טײל פֿון זײער אומגליק."

„האָב איך שוין דווקא ביז איצט יאָ פֿאַרשטאַנען וואָס עס קוועטשט דיך, מאָראַליסט מײַנער. ווילסט זײַן כּשר אַרום און אַרום . . . דערווײל אָבער איז מען אַ בלויזע קלאָג־מוטער."

„דאָס איז נישט ריכטיק. צי דו ווילסט נישט אָדער דו קענסט נישט פֿאַרשטײן. וואָס איז דאָס מיט דיר? אַלעמאָל זאָגסטו עפּעס אַנדערש," האָט זיך שטערנבערג שוין ריכטיק געכעסט, „איך רעד צו דיר מענטשלעך און דו זוכסט דיר דרײדלעך. לאָמיר זשע עס בעסער שוין לאָזן."

„אָט דאָס איז עס דאָך, דו קענסט עס לאָזן, אָבער זײ שלאָפֿן דאָרט און וועלן אפֿשר שטאַרבן דאָרט אויך. און דאָס טענה איך דאָך: וואָלטן די אינ־טעליגענטלעך געקומען נישט נאָר צוליב רחמנות, נאָר טאַקע ווײל ס'רירט זײ

אליין אַן, ווייל זיי אַליין דאַרפֿן אַרויס פֿון די באַראַקן, דאַן וואָלטן זיי נישט געדאַרפֿט זוכן אַן אידעאַל אין זאַק לעתיד לבֿא, זיי וואָלטן אים גלייך געפֿונען אין קעסל, אין לאַך, ביים הובל."

„לאָמיך דיר זאָגן, איך מוז זיך אָפּזאָגן צו פֿאַרשטיין דיך. ביי דיר איז אַזאַ „באַוואוסטזיניקע" קאַשע אין מוח, אַז גאָט זאָל היטן. דו זאָגסט דאָך שוין דאָס זעלבע וואָס איך און שפּאַרסט זיך אַלץ."

„נו, דו ווייסט דאָך, אַז ווען אַ קלײנבירגער קריגט אַביסל תורה, רופֿט מען אים אינטעליגענט, אָבער אַז אַן אַרבעטער טוט אַביסל אַ לעק פֿון עץ הדעת ווערט ער באַוואוסטזיניק," ווייצלט זיך שוין גאָלד און וויל אַריבער־פֿירן דעם שמועס אויף עפּעס אַנדערש.

יז

אַזוי האָבן זיך געצויגן די טעג און דער אומרו אין דאָרף איז געוואַקסן. עס האָבן אויפֿגעהערט אָנקומען צייטונגען. אין שטאָט האָט מען געזאָגט, אַז די רויטע האָבן דורכגעבראָכן דעם פֿראָנט און רוקן זיך נעענטער צו די פּוילישע גרעניצן. פֿון אויער צו אויער האָט מען איבערגעגעבן אַז אין וואַרשע ריכט מען זיך אויף אַן אויפֿשטאַנד. אַנדערע האָבן דערציילט, אַז ערגיץ אין מיטן וועג האָט מען די באַן רעלסן איבערגעשניטן. די אויסלענדער וואָס האָבן זיך אַלעמאָל אַזוי ברייטלעך אַרומגעדרייט אין הויף זיינען מיט אַמאָל נעלם געוואָרן, און מיט זיי איז אויך פֿאַרשוואונדן דער אימפּעט פֿון דער אַרבעט אויפֿן הויף. ס'איז אַלץ עפּעס שלאַבעריק געוואָרן. מ'האָט אַפֿילו געזאָגט, אַז אַ היפּש ביסל באַראַק־איינוואוינער זיינען אויך אַוועק. אָפּגעזאָגט האָט מען נאָך קיינעם נישט, נאָר ס'איז עפּעס געוועזן אין דער לופֿט וואָס האָט געטריבן פֿון אָרט. האָבן אַ טייל אַרבעטער אין מיטן טאָג געוואָרפֿן די אַרבעט און זיך מער נישט געוויזן אין טאַרטאַק ביז אויפֿן צווייטן טאָג. און ביי דער אַרבעט איז עס אויך צוגעגאַנגען אָן חשק. די היימישע פּויערים זיינען גאָר געוואָרן שטוב זיצערס און נישט געוואָרפֿן זיך אין די אויגן. גלייך נאָכן זון זעצן, די אַרבעט פֿון טאָג פֿאַרענדיקט, די וועטשערע שוין אַריינגעכאַפּט ביי לבֿנה ליכט, האָט מען זיך אויסגעלייגט אין די שאָפּעס און זיך נישט געוויזן אין דרויסן ביזן שפּראָצן אויף טאָג. בלויז דער גראַנער פֿונעם נאַכט־וועכטער האָט אָפּט איבערגעריסן די שטילקייט פֿון דאָרף. אַ פֿינצטערניש איז געלעגן אויפֿן דאָרף. קיינער האָט קיין לאָמפּ נישט אָנגעצונדן, נאָר פֿון הויף און פֿון די טשוואַרניקעס האָט אַרויסגע־בלישטשעט ווייסע ליכט אין דער נאַכט אַריין און צעשטאָכן אויך די פֿינצטער־ניש פֿון דאָרף.

מיט אַמאָל האָבן זיך איבערן דאָרף געגומען אַרומדרייען מאָדנע פּאַר־שוינען. געקומען זיינען זיי איינגנטלעך צום הויף. דאָרט זיך אָפּגעשטעלט, אָבער געגעסן האָבן זיי צוזאַמען מיט די באַראַק־אַרבעטער. מיט איינעם האָט זיך מאַרטין קראַיעווסקי אַרומגעפּירט, און דאָס אַליין איז שוין גענוג געווען אַז מ׳זאָל זיך היטן פאַר זיי. וועגן מאַרטינען האָבן אַלע געוואוסט אַז ער דינט דעם הויף.

אַ גאַנצן טאָג האָבן די פאַרשוינען זיך אַרומגעבלאָנקעט אַרום די באַראַקן און עפּעס ווי צופעליק אויך פאַרבייגעשלייכט פאַרביי אַ פּויערישער שאָפּע. האַרציק פיין זיך באַגריסט מיטן באַלעבאָס און זיך צערעדט וועגן גערע־טעניש, וועגן בהמות און יקרות. „און ווער מיינט איר איז שולדיק?״ פלעגט פלוצים אַזאַ פאַרשוין אַ בלישטש טאָן מיט די אייגעלעך און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער זיך גלייך צוריקכאַפּן: „דעם פּויער איז אין אַלע צייטן ביטער, נישט אַזוי?״

צום ערשטן האָבן די פּויערים זיי אָנגענומען פאַר תבואה סוחרים, ווען דער הויף האָט אונטערגעשיקט אויסצוטאַפּן וויפל איינער וועט האָבן תבואה צו פאַרקויפן נאָכן שניט. צו אַזעלכע זאַכן איז מען שוין געוואוינט געווען, האָט מען ביטערינקע געשמייכלט אין זיך אַריין און געחוזקט פון פאַן קאַמינסקי „מיינט ער וועט אויסנאַרן דורך פרעמדע הענט, אַ יוכע אים אין די ביינער אַריין!״ ווען אָבער די פאַרשווינדלעך האָבן גאָר קונציק אַוועקגעפירט דעם שמועס אויף אַנדערע ענינים, דערציילט וועגן איבערגעשניטענע טעלעפאָנען אויף די וועגן, אָנפאַלן אויף נאָענטע הויפן און דערביי, נישט פרעגנדיק, אַריינשטעלן אַ פוס אין שאָפּע אַריין און דערווייל אַ נישטער טאָן מיט די אויגן אין אַלע ווינקעלעך, איז דער חשד געוואַקסן און מ׳איז געוואָרן גאָר פאַרזיכטיק מיט יעדן איינעם, וואָס מ׳איז נישט געווען גאַנץ זיכער וואָס ער וויל. איינער דעם אַנדער האָט איבערגעגעבן סימנים, אָבער מאָדנע קיינער האָט נישט געקענט געבוי אָנווייזן אויף איינעם פון די פרעמדע, וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט אין דאָרף און זאָגן: „דאָס איז איינער פון יענע.״ פון דעסטוועגן האָבן זייער אַ סך געוואוסט איבערצוגעבן פּרטים פונעם אויסזען פון יענע און זייערע רייד. עס האָט זיך אַפילו איינגעשטעלט אַ שטיקל נוסח: „שטיי איך אַזוי ביי דער שאָפּע און פּאָרקע זיך מיט עפּעס. ערשט עמיצנס קוקערס שטעכן מיך פון דער זייט. גיב איך זיך אַ קערעווע און אָט אַן אָפּגעפּוצט פאַרשווינדל מיט שטייפע ווענצעלעך, שטייען אַרויף ווי דרעטלעך, דאָס פּנימל גלאַנצט און די אייגעלעך —״

„נו וואָס?״ זיינען אומגעדולדיק די צוהערער.

„וואָס זשע ווילט איר דען?״ בייזערט זיך דער דערציילער, „אָט גאָרנישט.

נעמט און צלמט זיך פונקט ווי אַן אונדזעריקער, נאָר די אייגעלעך געפעלן מיר נישט.״

„אַ קאַנאַליע מן הסתם, מ׳דאַרף זיך היטן פון אים. וואָלסט אים דערקענט?״

„ווי אַ גערשטן פון פּראָסע אַרויס,״ פאַררוויכערט יענער מיט שטאָלץ.

„און איך זאָג אייך, אַז זיי מאַסקירן זיך, אַלעמאָל אַן אַנדער פּנים״, מישט זיך אַריין אָסיפּ. רעדנדיק מיט באַלעבאַטים הייבט ער אַלעמאָל אָן מיט אַ פּרומער פראַזע און זייער געלאַסן, „זיץ איך מיר אַזוי אין גלאָקן טורעמל און קוק אויפן דאָרף. כ׳האָב ליב אַזוי אין די נאָכמיטאָגן. ס׳איז קיל דאָרט און שטיל. קוק איך אַזוי צום הויף, טומלט זיך אַלעמאָל. אין דאָרף איז שטיל ווי תמיד אין דער מיטאָג שעה שניט־צייט. אַ וואָגן סקריפּעט דאָ און דאָרט אַריינקוועטשנדיק זיך אין סטאַדאָלע. פּרואוו איך דרימלען, הער איך אָבער עס קנאַקט עפּעס נישט ווייט. דריי איך אויס דעם קאָפּ און אָט גנבעט זיך עמיץ אויפן בית עולם הינטער די מצבות. שטעל איך מיך דאָך אוודאי אויף די שפּיץ נעגל און קוק. ערשט מיין פאַרשוין שטעלט אָן די אויערן ווי אַ האָז. שטעלט זיך דערנאָך אַוועק אויף די שפּיץ נעגל און קוקט דורך די גראָזן צום וועג צו. אין מיר פלאַטערט די נשמה קוים וואָס איך שטיי איין, און יענער קוקט דורך די גראָזן. ער זאָל זיך עס אַ ריר טאָן פון פּלאַץ, ווי ער וואָלט געלויערט אויף עפּעס. וואָס וועט דאָ ווערן? טראַכט איך מיר. טאָמער האָט ער דיך געזען, אָסיפּ? און טאָמער האָט ער גאָר אַ ליעוואָלווער. ס׳איז מיר אַזש קאַלט געוואָרן און כ׳האָב שוין געוואָלט אַוועק פון דער שפּאַרונע, נאָר דאָ טוט יענער פאַרשוין אַ שפּרונג אָפּ אין אַ זייט. שלעפּט אַרויס אַ קעסטעלע פון בוזים און נעמט שמירן דאָס פּנים שנעל שנעל. כ׳בין געבליבן ווי פאַר־שטיינערט. די אויגן זיינען מיר שיר פון קאָפּ אַרויס. אַ נכפה קאָן, בייט איבער דאָס פּנים. וואָלט איך אַ געשריי געטאָן, נאָר די צונג איז מיר ווי געליימט געוואָרן, האָב איך זיך געלאָזט לויפן. געבליבן נאָך פון דער מלחמה: דערזעעסט אַ שונא, לויף צו אָדער אַנטלויף.״

„וואו זשע ביסטו געלאָפן?״ פּרוּווט ווער אַ חוזק טאָן, נישט גלייבנדיק אין דער גאַנצער מעשה.

„און דו גלייבסט דאָך אוודאי נישט״, באַליידיקט זיך אָסיפּ, „האָסטו דיר אַ סימן. הריציו, געדענקסט האָסט מיך געהאַט געפרעגט פאַרוואָס די גלעקער האָבן עפּעס געקלונגען אין מיטן טאָג. נישט פון ווינט, האָב איך דיר געזאָגט. פון שרעק האָבן זיי געקלונגען.״

„אמת, אמת, אָסיפּ״, גיט אים יענער צו.

„ס'איז געווען אזוי", דערפילט זיך אָסיפּ צוריק דער צענטער פון אַלעמען, „איך נעם לויפן, נאָר די פיס שטאָלפּערן און פּאָלגן נישט. האָב איך זיך אָנגעשלאָגן אין דער קאַרבע און אַ דריי געטאָן דאָס רעדל, האָבן זיך די גלעקער צעקלונגען. איי, האָב איך דאָס געציטערט און דאָך אַ קוק געטאָן צו יענעם ערטל. ערשט יענער ציטערט אויך, ווייזט אויס, און שפּרינגט אַרויס פון די גראָזן צום וועג צו, נאָר איך דערקען אים שוין נישט. אַן אַנדער מענטש גאָר, מיט לאַנגע וואָנצעס און אַ פאַרברענט פּנים אַזאַ ווי פון די וואַרעמע לענדער געקומען. דאָס אָנטאָן דאַכט זיך איז אויך אַנדערש."

„נו, דו ברייעסט שוין, אָסיפּ, אַ נישקשהדיק צינגל ביי דיר."

„פאַר וואָס דען?" מישט זיך אַן אַנדערער אַריין מיטן גאַנצן נאַאיוון פּחד. „פון דער הויך פון קלויסטער קען מען אַלץ זען."

„און אַז איך ברייע, ווערט דיר לייכטער, האָ?" האָט אָסיפּ מיט אַ ניצחון און האַלבן חוזק שמייכעלע אַ שמייס געטאָן צוריק. „און אַז נישט ביים בית-עולם, מיינסטו געפינען זיי נישט וואו זיך איבערצוטאָן?"

„גערעכט אָסיפּ", האַלטן אים אונטער עטלעכע אויף אַמאָל.

„און וואו שלאָפן זיי?" פרעגט איינער סתם אַזוי כדי מ'זאָל אים אויך דערזען, נאָר אַז ער האָט שוין געפרעגט האָט זיך טאַקע דער עולם אַ וואונדער געטאָן: „טאַקע, וואו שלאָפן זיי?" און כאָטש דער ענטפער ליגט ביי אַלעמען אויף דער צונג, ברענגט אים קיינער נישט אַרויס אין דער הויך. די אינסטינקטיווע שרעק פאַר די פאַרשווינען אין מאַסקעס, פאַרשטיקט די ווערטער אין האַלדז נאָך און עס הייבט זיך אָן אַ פאַרכליניעט שעפּטשען און אַ רייבן פון נישט געגאָלטע מאָרדעס פון איין אויער צום אַנדערן. דערביי וואַרפן זיך די אויגן איבער אין שרעק און גנבענען קוקעלעך אין די זייטן. ווער ווייסט, אפשר שטייט דאָרט ווער הינטער אַ כאַטע, אין די גראָזן. שושקעט מען זיך אַזוי אַ מינוט צוויי ביז אַלעמענס פּנימער דרייען זיך אויס צום הויף און דער שמועס פלעכט זיך ווייטער.

„ווייניק פּליאַקעס דרייען זיך דאָרט אַרום?!"

„אַן אָנגעלאָף וואָס פרעסט אויף דאָס דאָרף."

„טראָגן אַוועק דאָס ווייסל פון אויג."

„פּעכנען דאָך פאַר אַ קיי," שושקעט ווידער שוין איינער, „שלאָפן אין גריבער צו צוואַנציק, דרייסיק אין אַ גרוב און עסן גיט מען קדחת. פאַר וואָס זשע זאָל אַזוינס נישט גנבענען?"

„מ'אַרבעט ווי אַ פערד אַ גאַנצן טאָג און אַ לעבן ווי חזירים."

„און דאָס קעסל וואָס שטייט דאָרט לעבן די באַראַקן?"
„ביסט אַ נאַר, פּיסנע קאַשע אין דער פֿרי און פֿאַרנאַכט."
„אַזוי גאָר?"
„אַנומלטן יאָגט מיך אָן איינער אַ מאָגערער כאַריט, נאָר די אויגן שניידן מיט מעסערס: באַלעבאָס, זאָגט ער מיר, שענק אַ שטיקל ברויט, כ'וועל באַצאָלן. גיי אין הויף, זאָג איך אים. אַז ער טוט דאָס ניט אַ שפּיי אויס ווי אַ ביטערן פּיאָלון."
„אין גאַנצן דאָרף קריגט מען נישט קיין שטיקל ברויט צו קויפֿן."
קוקן זיך די פּויערים איבער. זיי ווייסן, אַז יעדער איינער פֿון זיי איז באַוואָרנט מיט עסן. דאָס האָט נאָר דער הויף נישט קיין ברויט פֿאַר זיינע אַרבעטער.
„און אויפֿן טשוואַרניק ביי ביילקען, קריגט מען אויך נישט?"
„קען נישט דערסטאַרטשען. שאַרט גאָלד מיט אַ גראַבליע."
„זאָל זי", האָט ווער אַ גיפֿטיקן כיכיקע געטאָן, „מ'עט עס צונעמען סיי ווי."
„ביילקע איז אָן אייגענע און אַרבעט שווער."
„מ'עט צונעמען סיי ווי. מ'נעמט אומעטום ביי די זשידעס."
„ווערסטו אפֿשר נעמען ביי מאַרי ליבען אויך," חוזקט שוין ווער, „די לאַנגע טשאָבאַטעס אַ כיביי."
„די לאַנגע פּיס."
„חיימקעס צען קינדערלעך . . ."
„נו לאָזט געמאַך. זיך צעגראַגערט אַביסל, זעט בעסער מ'זאָל ביי אייך נישט נעמען." האָט וואָורעניוק אין זיין הייזעריקלעכער שטימע אָנגעהויבן כריפּען. „אַנומלטן גיי איך אַזוי פֿאַרטאָג פֿון דער פּאַשע אַהיים. גיי איך מיר און דער נעפּל פֿאַרשטעלט דעם וועג. זע איך גאָר נישט. וויש מיר די אויגן און זע קוים וואָס פֿאַר דער נאָז טוט זיך, און דאָ מיט אַמאָל עמיץ טשמאָקעט מיט די ליפּן ווי אַ חזיר. כ'טו אַ גוטן קוק, כ'בין ביי די באַראַקן לעבן די קעסלען. קוק איך שוין גוט, זע איך אַ מענטש ליגט איבערן קעסל און לעקט אָפּ די שטיקלעך געבליבענע קאַשע ביי די זייטן פֿון קעסל. מיין איך אַ האַלע־דריגע מן הסתם. טו איך אַ יאָפּקע: דו אַזוינס און אַזוינער, וואָס מעלה גירהסטו ווי אַ בהמה? אַז ער טוט עס אַ גלאָץ אויס אַ פּאָר רויטע אויגן פֿון קעסל אַרויס, אַז די ווערצעלעך פֿון דער מאָרדע האָבן ביי מיר גענומען שטעכן פֿון שרעק. נאָר אויף דער מלחמה האָב איך געזען אַזעלכע אויגן און אַזאַ פּנים."

„אַן אונדזעריקער?" פרעגט איינער מער צוליבן צעשטרייען זיך ווי צוליבן וויסן.

„קען זיין אַן אונדזעריקער און קען זיין נישט. דער הונגער האָט אויף אַלע פּנימער איין שאָטן. שטיי איך שוין אַ געפּלעפּטער. צעלאַזט ער זיך ערשט אויף מיר: „דו פּויערישער וויעכעטש, וואָס שפּיגעוועסטו מיט די שפּיגעס, טראָג זיך אָפּ." פון מויל האָט אים געזעצט אַ פּינע, — שלינגט וואָורעניוק דאָס שפּייעכץ דערצייילנדיק. קומט עס אוים ווי ס'ליגט אים עפּעס אין שלונג, און אַלע באַמיען זיך צו שלינגען פּאַר אים און רייניקן די העלדזער, „אַ פּינע ווי גרינע גאַל, און די געלע און שוואַרצע רינגען אַרום די אויגן האָבן מיך אַזוי געמלויצעט, אַז די פּיס האָבן מיר גענומען ציטערן."

„ווּעסט דאָ גאָרנישט קריגן", האָט ער געכריפּעט, „דאָס איז מיין קעסל, פּויערישער ווּיידל דו", און איידער וואָס און ווען, ער שטייט שוין לעבן מיר ווי אַ דראָנג אויסגעטראָקעוועט מיט דער זעג אין דער האַנט."

„אַ וואַלד אַרבעטער?" זיינען אַלע פאַרוואונדערט.

„וואָס דען מיינט איר, אַ האָלעדריגע?"

„אַז מ'קריגט נישט קיין עסן אַפילו צו קויפן, פרעסט מען הינטער זיך."

„מ'וואָלט געדאַרפט זיך צונויפלייגן און מאַכן אַ קיך ווי אין שטאָט."

„אין רוסלאַנד, ביים צאַר", קראַצט זיך אין באָרד דער געוועזענער סטאַראָסטאַ טימאָפּיי, ווי וועלנדיק אַראָפּוואַרפן פון זיך די שולד און זי אַריבערטראָגן אויף אַנדערע פּלייצעס, „האָט קאַזנאַטשאַ (די מלוכה) זיך געסטאַרעט עס זאָל זיין ברויט. געווען ווער עס זאָל אַכטונג געבן, און דאָ די ליאַכעס, האָבן די אייגענע מלוכה פאַרטאַכליעוועט און איצט געקומען אויך אונדזער אייגנס פאַרטאַכליעווען."

„אָט כאַראָבאַ (אַ קרענק)!" שפּריצט וואָורעניוק אַרוים אַ פול מויל מיט שפּייעכץ, „מע האָט שוין איינמאָל אַכטונג געגעבן אין רוסלאַנד. געצאַפּט דאָס בלוט עמערוויז און דעם פּיסק פאַרהאַקט."

„איצטער איז דיר בעסער?"

„נאָר אַן אייגענע אוקריינע וועט זיין גוט."

„אַן אייגענע נאַגייקע (בייטש) זיך פאַרגלוסט", שפּייט סוף כל סוף וואָורעניוק אוים און נעמט ווידער איינטענהן מיט הארץ, „אַז דער פּויער וועט זיך אַליין נישט העלפן, וועט אים קיין מוטער־בריאה נישט העלפן. דער פּויער איז ווי אַן אַרבעטס פערד. אַלע זלינדע פליגן טשעפּען זיך צו דעם. האָט עס נאָך שכל אַ כוואָטשט צו טאָן מיטן ווּיידל, איז גוט צו דעם, אויב נישט ווערט עס אויסגעזויגן."

„אמת, הריציו," פּאטאקעוועט אים טימאָפּיי ציענדיק א האָרעלע פון דער גראָער באָרד, „גוט געזאָגט, א גוטער באַלעבאָס טרייבט אראָפּ די זלידנע פליגן . . . אָט וואָס, טרייבט אראָפּ די זלידניקעס," טוט ער כיטרינקע א וואונק מיט אָן אויג.

„פאַר וואָס זשע זאָל מען נישט זיין דער אייגענער באַלעבאָס?" צעקאָכט זיך וואַווערעניוק. „פון דער גוטער באַלעבאַטישקייט דיינער, טימאָפּ, זיינען ביי אונדז שוין פּארכעס אָנגעוואַקסן. אוודאי, דער צאַר האָט אכטונג געגעבן, אז מער ווי א פּעניצל ערד זאָל קיינעם פון אונדז נישט אָנקומען," קען ער זיך שוין מער נישט באַהערשן, „דערקלער מיר נאָר, אז מ'האָט אכטונג געגעבן, ווי זשע קומט עס וואָס א האלב דאָרף קען זיין פעלד מיט א וויעכעטש אויסמעסטן? זאָג מיר נאָר, ווי קומט עס וואָס איר קענט זיך קיינם נישט אונטערשרייבן אויף אוקריייניש? א גוטער באַלעבאָס, א זלידנע געווען, און איצט איז געקומען אָן אנדער זלידנע. איך זאָג אייך —"

„הריציו, אביסעלע שטילער," בעט זיך ביי אים אָסיפּ. ער קען זיך אָבער נישט איינהאַלטן. „איך זאָג אייך, אז די שמאַטעס וואָס איר טראָגט אויף זיך וועט מען נאָך אויך צונעמען. איז ווער פון אייך געווען אין די באַראַקן?" איז זיין קול מיט אמאָל געוואָרן אזוי הייזעריק פארכריפּעט, אז מ'האָט געמיינט אז עס קומט פון א הוילער פאַס, „גריבער באַדעקט מיט קלעצער צו דרייסיק פערציק אין א גרוב. מיט די ווייבער און קינדער האָט מען זיי דאָרט פאַרפּאַקט, און מ'גיט אכטונג, טימאָפּ, אוי גיט מען אכטונג, אז זיי זאָלן האָבן גענוג לייז און ווערעם און רויך פון אויוון, וואָס קישניעט אינמיטן באַראַק. און א סך פון זיי האָבן זייערע טאַטעס זיי איבערגעלאָזט פּונקט אזעלכע זשמעניעס ערד ווי מיר האָבן, זיינען זיי געקומען אהער זיך אויסבעסערן."

„אלעהיי וואָלט כאָטש געווען צו עסן", באַדויערט ווער.

„אָט דאָס איז דאָך די מעשה, פּויערישע קעפּ, וואָס אז מ'שטאָפּט אונדז ווי גענדז לאָזן מיר זיך פּליקן." האָט עמיץ אריינגעשטעלט א שטעכיק ווערטעלע.

אָן אנדערש מאָל וואָלט אזא שטעכלקע נישט פארשוויגן געוואָרן, אָבער דאָ איז אָבער די היץ פון געשפּרעך מיט אמאָל געפאַלן. די עלטערע און באַזאכטע האָבן זיך לאַנג שוין געהאַט ארויסגערוקט פון רעדל, און אויך די יונגערע מיט וואַווערעניוקן בראש זיינען עפּעס אָפּגעקילט געוואָרן. די אייגענע הילפלאָזיקייט און די באַהאַלטענע נישט צופרידנקייט מיט זיך, פאַר נישט גרייט זיין צו טיילן זיך מיטן ביסן ברויט מיט אנדערע, האָט

מאָדנע געגאָגט די נשמה און נישט געלאָזט ארויסרעדן דעם עיקר, וואָס איז ביי א סך געלעגן אויף דער צונג. האָט מען זיך גענומען צעקריכן איינציק־ווייז, יעדערער צו זיין סטאַדאָלע און שייער.

## יח

אויף גאָלד׳ס עצה, האָט שטערנבערג גענומען אויסמיידן די באַראַקן. צופיל אויגן שפּיזן אים דורך ווען ער גייט פאַרביי דעם הויף. אויפן דאָרף איז אָבער אויך נישט כדאי געווען צו גיין. אויך דאָרט האָט פון יעדן פענצטער אַרויסגעשפּיזט חשד און פינצטערע שנאה צום פרעמדן, וואָס שפּאַצירט ביים זייט פון וועג. פון יעדנס אויג האָט ער ווי אַרויסגעלייענט: „וואָס פּלאָנטערסטו זיך דאָ צווישן די פיס, האָלעדריגע פרעמדע?". דאָס געפיל פון פרעמדקייט דאָ איז ממש מיט יעדן שעה געוואַקסן אין אים. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז אַלע חשדים און ביטערע רייד אויף פרעמדע, וואָס ער הערט זיך אָן פון די פּויערים, זיינען אויך אויף זיין חשבון. און כאָטש מ׳האָט זיך באַצויגן צו אים מיט דרך ארץ און געוואָלט הערן זיין מיינונג וועגן יעדן זאַך, האָט ער אָבער קלאָר געזען אַז ווען ער פלעגט זיך אין זיינע שפּאַצירן דערנעענטערן צו א כאַטע, האָט מען עס נישט גאַנץ גערן אויפגענו־מען. מ׳האָט געזוכט פאַרשידענע אויסריידן אבי אים צו האַלטן וואָס ווייטער פון שטוב, און שוין צו אָפּט האָט מען גענומען פאַרפירן מיט אים א שמועס וועגן טשווארניק. אָנגעהויבן האָט מען מכלומרשט איידל און לשם אינטערעס, אָבער אין דער אמתן האָט מען אינעם שמועס אַריינגעפּאַקט אַזוי פיל גיפט און ביטערע אָנוואונקען, אַז ס׳איז געווען מער ווי א קאַפּוליער אָנצוהערעניש וואָס זיי טראַכטן וועגן אים.

„אָ, א גוטן אָוונט, פּאַניע פּראָפעסאָר! פלעגט אים א באַלעבאָס אַנטקעגן גיין ביז צום טויער, „פיין צו שפּאַצירן נאָך א טאָג ארבעט, האַ?!"

„אוודאי באַלעבאָס, וואָלסט עס אויך געמעגט פּרואוון," ענטפערט אָפּ שטערנבערג מיט אָ שטאָך און לאָזט זיך ווייטער גיין, נאָר יענער מאַכט זיך נישט ווייסנדיק און ענטפערט זיך זייטיק, „געווען גוט צו שניידן היינט, וואָרעם און ווינטיק. א שפּילעכל, נישט קיין אַרבעט. און דיך, זעט מען עפּעס נישט דאָרט. אַזוי פאַרנומען ביסטו אויפן טשווארניק, וואָס? דו דאַרפסט אויך צוהעלפן ביילקען מיטן ברויט?"

„איך וועל נאָך קומען," וויל זיך שטערנבערג אויסדרייען פונעם שמועס, נאָר עס רוקן זיך שוין צו נאָך א פּאָר פּויערים און דער שמועס קנוילט זיך געוויינטלעך ווי מ׳האָט אים אָנגעוויקלט.

„פון טשוואַרניק זעט מען היינטיקס יאָר קיינעם נישט ביים שניידן.“

„זאָג עס נישט, מארי ליבע איז דאָ די גאַנצע צייט. שניידט ווי אַן אונדזעריקע.“

„און חיימקע איז אויך דאָ. ער שניידט לעבן וואלד.“

„לעבן וואלד, קומט בלויז אַ קוק טאָן און היידא אים, ווי אַ באַטשאַן פאַר אַ רעגן.“

„און ביילקע ווייזט זיך שוין גאָרנישט. געלאָזט אין גאַנצן צו אַפּקען שוין. אַט אַ קלוגעטשקע געוואָרן.“

קיין בייז וואָרט ווערט נישט געזאָגט אין זיין געגנוואַרט, נאָר דער חוזק און קנאה שפּאַרט אַרויס פון די מויל ווינקלען, פון דעם וואויל יונגערישן שפּייען אַריבערן פּלויט און אַפילו פון דעם באַמיען זיך פון אַנדערע צו פאַרענטפערן:

„נו, קיין איינענע פעלדער האָבן זיי דאָך נישט, און גערונגענע קען מען אויך מיט פרעמדע הענט באַאַרבעטן.“

„עסן גיט זי פון דעסטוועגן זייער גוט,“ כאַפּט זיך אַרויס איינער, „מיינע שניידט אויף ביילקעס פעלד, האָט מען זיי היינט געגעבן קליסקעס מיט מילך, האָט זי נאָר אין חתונה טאָג געגעסן אַזעלכע. אַזוי דערציילט זי אַליין, מיין באַבע,“ האָט ער זיך אַזש פאַרכליניעט.

„דאָס זשאַלעוועט זי קיינמאָל נישט, ביילקע.“

„און ברויט אוודאי, אויך פרישס,“ וויל זיך אַן אַנדערער דערוויסן אויף געננוי, „פאַר וואָס זשע האָט עס פאַן קאַמינסקי דווקאָ איר געגעבן די קאָנצעסיע?“

„נו, אַהיים!“ נעמט איינער אונטעריאָגן, „ס'איז שוין היפּשלעך טונקל, סיידן איר ווילט היינט שלאָפן אין דער הויפישער קאָזע (טורמע). מ'טאָר שוין מער נישט זיין אין דרויסן ווען עס ווערט נאַכט. שיין דערלעבט זיך.“

נאָך יעדן שמועס אַזאַ, איז שטערנבערגן קלאָרער געוואָרן. אַז אין דער אומ־רואיקער אַנגעלאָדנקייט אין דאָרף נעמט מען אים און די יידן פון טשוואַרניק נישט אַריין ווי איינענע. פאַרקערט גאָר, אַ טייל פון דער אומרואיקייט און שנאה טראָגט זיך אויף אַנטקעגן זיי.

דאָס בעסטע וואָלט שוין אפשר געווען צו זיצן אין שטוב, איז אָבער דאָרט גאָר שווער איינצוזיצן: די גאַנצע שטוב וואָס איז באַשטאַנען בלויז פון איין צימער, איז נאָך איצט אויך געוואָרן אַ בעקעריי און אַ קראָם, וואו

בּאַראַק איינוואוינער שטייען אין שורה שעהנווייז וואַרטנדיק אויפֿן ברויט. נאָך איידער עס ווערט רעכט פֿאַרטיק צעכאַפּט מען עס.

בּיילקעס רעכטע האַנט בּיים פֿאַרקויפֿן און בּיים אויוון איז מאַרטאָכע, אַ יונגע אַלמנה, וועמען דער מאַן, אַ פֿאַראָבעק בּיים פּריץ, האָט געלאָזן אַ אַ ירושה, — לויט איר אייגענעם אָפּמשלען עס, — אַ קאַלט בעט, אַ נאַקעטן דרויסן און אַ בּייטש, — איז זי אויך דעם פּריצס . . . שטייענדיק בּיים אויוון אַ פֿאַרפּלאַמטע, פֿאַרבונדן דעם קאָפּ מיט אַ נאַסן האַנטעך, פֿלעגט זי מיט איר צינגל אָפּשלאָגן דעם כסדרדיקן געזשום, וואָס איז געשטאַנען אין צימער. איר הילכיק, חוצפּהדיקע שטימע האָט ווי געפּאַטשט איבער אַלעמענס קעפּ, אָבער דווקא נישט אָפּגעשטויסן פֿון זיך. אין גוטן מוט אַזוי אַריינגעזאָגט, דאָ דעם באַלעבאָס, דאָ אַן אַנדערן; און אַלץ מיט אַ וואונק און אַ ברייטן שטעכיקן שמייכל איבערן פֿאַרשפּיצטן פֿאַרפּלאַמטן פּנימל. גאָר חוצפּהדיק און שאַרף ווי אַ קלינגל פֿלעגט ווערן איר קול, ווען עס פֿלעגט אַריינהינקען אין צימער דעם פּריצעס זינדל. דאָס פּוילישע זעקס־קאַנטיק היטל פֿאַררוקט וואויל יונגעריש אָן אַ זייט און דאָס גאַנצע אַריינ־קומען עפּעס אַזוי אַרויסרופֿעריש גראָב. יעדער תּנועה זיינע האָט עפּעס ווי געוואָרנט: „אָט דאָ שטיי איך! אָט דאָס בּין איך, פּאַן קאַמינסקים זון. אָט בּין איך דאָ געקומען אַ קוק טאָן וואָס איר טוט, האַלעדריגעס. פֿאַרמאַכט זשע די מיילער!“

געוויינטלעך פֿלעגט אים בּיילקע אַנטקעגנטראָגן אַ פֿאַרפּלאָמט פּנים און אַ פֿאַרשמייעטן סקאָצל קומט, נאָר באַלד פֿאַרגעסן אין אים און אים איבערלאָזן צו מאַרטאָכעס שאַרף צינגל.

„דער פּריץ קען זיך דאָ גוט אויסוואַרעמען די ביינער,“ טוט זי אַ וואונק צו אים פֿאַטשנדיק דערבּיי מיט אימפּעט אויף די זייטן פֿון אַ ברויט, וואָס ליגט אויף דער לאָפּעטע גרייט אַריינגערוקט צו ווערן אין אויוון אַריין. יענער נעמט עס אָן ווי אַן איינלאַדונג און טוט זיך אַ לאָז מיט אַ פֿלינקען הינקען צום אויוון.

„נישט צו נאָענט פּריצל, וועסט זיך נאָך חלילה אָפּסמאַליען די וואָנצעס,“ טוט זי אים אַ לאַך גלייך אין פּנים און רוקט אַריין דאָס ברויט אין אויוון אַריין.

„קום זשע דו אהער,“ פֿאַרגעסט זיך דאָס פּריצל און גיט איר אַ צופּ הינטן אַרום בּיים נאַסן האַנטעך. ער דערכאַפּט זיך אָבער באַלד אַז עס זיינען דאָ צופֿיל אויגן און ווענדט זיך צו בּיילקען:

„עפּעס אַ סך אויסגעבאַקן היינט, בּיילקע?“

„פינעף געבעקלעך," ענטפערטביילקע, נישט אויפהייבנדיק דעם קאָפּ פון דער דייזשע, נאָר דאָס פּריצל האָט שוין גאָר פאַרגעסן וואָס ער האָט געפרעגט און הינקט אַוועק צו דער טיר אָן אַ גוטן טאָג. דער עולם אָטעמט פרייער אָפּ, נאָר איין מאַרטאַכע קען זיך נישט באַרואיקן:

„אַזאַ מוידניק, מאַרינע איז ווייניק פאַר אים," לאָזט זי ערשט אויס דעם כעס אין אויוון אַריין, „אויך מיר אַ מאַנסביל," פּאַטשט זי האַסטיק אַ ברויט פון אַלע זייטן און רוקט עס אין אויוון אַריין מיט אַ טראַסק, „געמיינט ער האָט געטראָפן דאָס אָרט."

די ווייבער אַרום שווייגן און שלינגען אַראָפּ די גיפּטיקע שמייכעלעך צוזאַמען מיטן שפּייעכץ, וואָס קומט אין מויל פונעם ריח פון פרישן ברויט.

„אַזאַ יונגערמאַן ווי איר, פּאַניע שטערנבערג, פאַרשטיי איך נישט פאַר וואָס איר זיצט דאָ," האָט דאָס פּריצל איינמאָל פּלוצים זיך אַ ווענד געטאָן צו שטערנבערג און אָפּילו נישט געפּרואווט באַהאַלטן דעם טאָן פון גיפטיקן חוזק. „איר מוזט דאָך זיין אַ זשידאָוואָסקע פּאַטריאָט. וואָס זשע זיצט איר דאָ? אָדער מ'פאַרט קיין פּאַלעסטינע אָדער מ'קריגט זיך אַדורך צו די קאָמוניסטן. כ'האָב איינעם אַזאַ פאַרשוין געזען אין שטאָט," האָט ער זיך צוגערוקט נעענטער צו שטערנבערגן, מכלומרשט היימישלעך, „מ'האָט אים געבראַכט פון דער סאָמע גרעניץ, וועט ער שוין עסן פלוימען מיט פלייש."

„אונדזער לערער מישט זיך נישט אין אַזעלכע זאַכן, פּריץ לעבן, און מיר דאַרפן אים דאָ האָבן," האָט ביילקע געוואָלט פאַרהיטן שטערנבערגן פון ענטפערן.

„מישט זיך נישט," האָט זיך דאָס פּריצל אַ שטעל געטאָן, „און איר דאַרפט אים האָבן? אַ שיינע זאַך! און אונדז פרעגט מען שוין גאָרנישט?" האָט ער מאָדנע אַרויסגעקוויטשעט, אַזוי אַז מ'האָט נישט געקענט דערקענען צי דאָס איז ערנסט אָדער בייזער חוזק, „דער טשוואַרניק איז דאָך דאַכט זיך אונדזערער, האַ?" נאָר באַלד האָט ער געביטן דעם טאָן און האָט אַ לאַך געטאָן, „נו דערווייל טרייבט מען אייך נאָך נישט, ביילקע, נאָר איז עס דען נישט אמת, פּאַניע שטערנבערג, אַז אַלע יונגע יידן זיינען קאָמוניסטן? יידן זיינען קיינמאָל נישט דאַנקבאַר," האָט ער נישט געוואַרט אויף שטערנבערגס ענטפער, „פּוילן איז אַלעמאָל געווען גוט צו די יידן און די יידן האָבן געהאָלפן צעטיילן פּוילן."

„די געשיכטע לערנט אַנדערש, פּאַניע קאַמינסקי, האָט זיך שטערנבערג שוין נישט געקענט איינהאַלטן, „דאָס האָט די פּוילישע צעריסנקייט געבראַכט צו פּוילנס צעטיילונג."

„אוודאי, איר יידן ווייסט דאָך אַלץ בעסער. איר ווייסט אפשר אויך וואו מ׳קאָכט איצט הייסע וואַסער צו גיסן אויפן פּוילישן מיליטער,״ האָט ער זיך שוין גאָר צעקאָכט, „מיר וועלן אייך ווייזן אַלעמען. נישט נאָר די בערד דאַרף מען אייך שניידן,״ האָט ער גענומען הינקען צו דער טיר, „איר מיינט, מיר ווייסן נישט. עס געפעלט אייך נישט דאָ, גייט אייך קיין פּאַלעסטינע,״ האָט ער אַ האַק געטאָן מיט דער טיר, נאָר באַלד זיך אומגעקערט און אַריינ־געוואָרפן אַ פּוילישע צייטונג, וואו אויף דער ערשטער זייט איז געווען אַ גרויס בילד פון אַ מחנה מאַרשירנדע פּוילישע לעגיאָנערן און פון פענצטער גיסט אויף זיי אַ ייד אין טלית און תפילין אַ טאָפּ וואַסער.

שטערנבערג האָט פאַרביסן די ליפּן און איז אַרויס פון שטוב. דאָס האַרץ איז אים געווען שווער. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז עמיץ גייט אים נאָך מיט אַן אַרויסגעשטרעקטער צונג און חוזקט פון אים און פון אַלע לעבע־דיקע. אַ בילד וואָס ער האָט דאָ נישט לאַנג צוגעזען אין שטאָט האָט זיך אַ שטעל געטאָן פאַר אים און פאַרשטעלט דעם וועג: „אַ זייטיק געסל אין שטעטל. צוויי לעגיאָנערן יאָגן זיך מיט אַ געלעכטער נאָך אַן עלטערן יידן. דער ייד לויפט, די פּאָלעס פון זיין קאַפּאָטע פלאַטערן אויף צוריק און אַזוי אויך זיין שרייען. און אָט האָט זיך דער ייד פאַרפּלאָנטערט אין די פּאָלעס און איז געפאַלן. די לעגיאָנערן האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אים, און כאַכאָטשנדיק גענומען פידלען מיט אַ באַיאָנעט איבער זיין באָרד. דעם יידנס געשריי איז יאָמערלעכער געוואָרן. געקומען עפּעס פון דער טיף, פון גאָר ערגעץ ווייט, ווי פון דער ערד אַרויס און זיך געקייקלט אין דעם אַרומיקן פּוסטן געסל מיט אַ מוראַדיקער עלנטקייט.״ דאָס געשריי גייט אים איצט פאָרויס און חוזקט דאַכט זיך אויך. ער האָט זיך געוואָלט אומקערן אַהיים, נאָר דערמאָנענדיק זיך אַז עס וואַרטן דאָרט אויף אים די לעצטע צייטונגען וואָס גאָלד האָט נעכטן געבראַכט פון שטאָט, האָט ער גענומען אַוועקשפּאַנען האַסטיקער. ער האָט לעצטנס מורא צו עפענען אַ יידישע צייטונג, ווייל פון יעדער שורה טראָגט זיך דאָרט דער זעלבער עלנטער געשריי אין אַ פּוסטן חלל אַריין. עס גייט אויף פון דאָרט, דאָס פאַרשעמטע געוויין פון מאַמעס צוזעענדיק די קינדערס שאַנד, דאָס גרוילִיקע כליפּען פון אומבאַהאָלפענע טאַטעס, און דאָס שטומע שלוכצן פון קליינע קינדער ווי דערשראָקענע שעפּסן פאַר דער שחיטה. די עלנטע קולות פון קרבן און דאָס חוזקדיקע לאַכן פון שונא מישן זיך איצט אויס און טאַנצן און רינגלען אים אַרום. שפּרייזט ער האַסטיק ווי ער וואָלט זיך וועלן אַרויסריירן פון קאָשמאַרישן רינג. אָט איז ער שוין ביים ברונעם, פון וואַנען מ׳האָט שוין נישט געשעפּט קיין וואַסער זינט דעם אָנהייב פון דער מלחמה. דאָרט אַהין האָבן די קאָזאַקן אַריינגעוואָרפן חיימס איין און איינציקע פאַרפּייניקטע שוועסטער. דער

פוילער עמער אויפֿן ראַנד פֿון ברונעם איז ווי אַלעמאָל געשטאַנען אַ טרוקענער און דער ווינט האָט מאָנאָטאָן געריבן די פֿאַרזשאַווערטע קייטן מיט אַ נישט היימלעכן גריליץ. אַ שרעק איז אים באַפֿאַלן אַריינקוקנדיק אינעם שוואַרצן חושך פֿון דער ברונעם, און מיט דער שרעק איז אין אים אויפֿגעגאַנגען אַזאַ נאָגנדיקער געפֿיל פֿון הילפֿלאָזיקייט און אָנמעכטיקן כּעס. ער האָט אָנגעהויבן לויפֿן מיטן וועג, זיך באַלד פֿאַרקירעוועט צום וואַלד צו, דאָרט וואו די שניטערס געפֿינען זיך איצט, אָבער די כּוחות האָבן אים נישט געקלעקט צו באַגעגענען עמיצן, קוקן אַ מענטש אין פּנים אַריין אַפֿילו אַ היימישן, אַן אייגענעם. האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אין גראָז אַריין מיטן פּנים אַראָפּ און פֿאַרביסן די ליפּן ביז בלוט. אָפּגעלעגן אַ ווײַלע, האָט ער זיך פּלוצים אַ כאַפּ געטאָן און גענומען רײַבן די אויגן. באַלד פֿאַרגעסן וואָס ער טוט און אַ שטרעק געטאָן די הענט ווי ער וואָלט עמיצן אַרומגענומען און אָנגעהויבן העשען און ציטערן מיט אַלע גלידער. ער האָט זיך צוריק דערזען אַ קליין ייִנגל: זיי זײַנען נאָר וואָס געקומען פֿון אַ דערבייאיק שטעטל, וואו די מאַמע איז מיט זיי אַנטלאָפֿן אין דער צייט פֿון דער מהומה, באַלד אין אָנהייב פֿון דער מלחמה. דער טאַטע מיטן עלטערן ברודער זײַנען געבליבן אין דער היים. אַרײַנקומענדיק אינעם ליקל וואָס פֿירט צו זייער הויז, האָבן זיי דערזען דעם טאַטן שטיין אין די זאָקן פֿאַרן חרובן הויז. דאָס פּנים מיטן קאָפּ פֿאַרבאַנדאַזשירט, בלויז די אויגן שוואַרצע און גרויסע האָבן זיך אַרויס־געזען. די פּיס האָבן זיך אים דאַן אונטערגעהאַקט און ער האָט אַ פֿאַל געטאָן פֿאַר זײַנע פּיס מיט אויסגעשטרעקטע הענט: „טאַטע!‟ איז זײַן בליק פֿאַרגליווערט געבליבן הענגען אויפֿן קריעה־ריס אין טאַטנס לאַץ. אין די אויערן האָט אַ פּלאַץ געטאָן דער מאַמעס איבערגעבראָכענער שליוכץ: „וואו איז דאָס קינד, דוד?‟

„דאָרט . . .‟ האָט ער קוים געהערט אַ שטילן שעפּטש פֿון טאַטנס פֿאַר־שמאַכטע ליפּן, און זײַן בליק איז מיטגעצויגן געוואָרן מיטן טאַטנס בלייכן פֿינגער ווײַזנדיק אַרויף צום הימל. דעם שפּיץ פֿון טאַטנס פֿינגער האָט ער שוין נישט געקענט דערבליקן, אַזוי הויך האָט ער זיך אויסגעצויגן אין דער ווײַטסטער בלויקייט אַרײַן.

דאָס בילד האָט זיך איצט אַזוי בולט געצייכנט פֿאַר אים, אַז ער האָט געגעבן אַ שפּרונג אויף, ווי וועלנדיק עפּעס אָנכאַפּן און איז מיט אַמאָל געבליבן שטיין אַ געפּלעפּטער מיט אויסגעשפּרייטע הענט. אַרום האָט געסיקעט אַזאַ מוראדיקע שטילקייט, אַז ער האָט אַ היפּשע ווײַלע מורא געהאַט צו רירן זיך פֿון אָרט . . .

פֿאַר וואָס ער איז גלײַך נישט געגאַנגען אַהיים האָט ער זיך נישט געקענט

קלאָר מאַכן. עפּעס האָט אים אַ צי געטאָן צו גיין ווייטער מיט דער לאָנקע און צוגעפירט ביז צו ביילקעס פעלד וואו די שניטערקעס האָבן אים פריילעך באַגריסט. אַ שניטערקע האָט אים דערלאַנגט אַ סערפּ און געוויזן ווי אַזוי מ'שניידט. האָט ער אַראָפּגעוואָרפן דאָס רעקל און זיך אַוועקגעשטעלט שניידן. ביי די ערשטע פּאָר פּאַרזיכטיקע שניט, האָט זיך אים נאָך געדאַכט אַז ער שפּילט זיך סתּם אַזוי, און ער האָט זיך אַפילו געפּרואווט אַ ווערטל טאָן מיט דער שניטערקע לעבן אים, אָבער באַלד האָט ער דערפילט דעם טעם פונעם ביטערלעך געשמאַקן ריח פונעם אייגענעם שווייס וואָס רינט איבערן פּנים, איבער די אויגן לעפּלעך און ווערט פאַרפּאַלן הינטערן צעכראַסטעטן קאָלנער, העט אַוועק באַרג אַראָפּ דעם אייגענעם לייב. ער האָט מיט אַמאָל אַלץ פאַרגעסן. אין מוח איז לופטיקער געוואָרן. פאַר די אויגן איז אַפילו אַ נעפּל, נאָר דאָך איז, דאַכט זיך, אַלץ דורכזיכטיק קלאָר. דער רוקן ברעכט אַפילו, די דלאָניעס פון די הענט זיינען אויך נישט עפּעס ווי עס באַדאַרף צו זיין, אָבער עס אָטעמט זיך מיט לעבן. נעמסט אָן אַ זשמעניע זאַנגען מיט דער לינקער האַנט און מיט דער רעכטער טוט זיך אַ שנייד מיטן סערפּ, קוועלט אויף דאָס האַרץ פון אַ מאָדנעם געפיל. עפּעס היימישס שטראָמט מיט דיין אייגענעם שווייס איבער די הענט, דורך די זאַנגען צו דער ערד; און פון דער ערד קוקן צו דיר קעפּלעך זאַנגען און בייגן זיך, און ביים איבערשניידן זיי נאָענט ביים וואָרצל גייט אויף דאָס גורלדיקע געפיל פון אָפּשניידן דעם קינדס נאָפּל פון דער מאַמען. עס ווילט זיך אַזש אַ גריזשע טאָן מיט די ציין און פילן דעם זאַפטיקן טעם פון ערד און נאָפּל. ווען נישט וואָס ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, וואָלט ער אַוודאי דערזען רינען בלוט . . . אָבער מאָדנע, אָט זעט ער דאָך, דאַכט זיך, דאָס בלוט אויך מיט פאַרמאַכטע אויגן, נאָר ס'איז גאָר ווייס, נישט רויט . . .

ער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן. דאַכט זיך אַז דער סערפּ איז אים אַרויסגעפאַלן פון האַנט, נאָר עס מאַכט נישט אויס, אַבי מען באַרירט נאָר איינמאָל אַ זאַך בלייבט שוין אַ צייכן אויף אייביק. עס קען דאָך נישט זיין, אַז אַלץ וואָס מיר טוען זאָל סתּם אַזוי פאַרשווינדן אין חלל. זיכער, צייכענען מיר זיך אין דער וועלט. אונדזער צייכן אויף אַלץ, אונדזער טראָט בלייבט אומעטום. און די וועלט? יאָ, זי צייכנט זיך אַוודאי אין אונדז, האָ? פאַרוואָס זשע קען ער נישט איבערדרייען מיט דער צונג? פאַר וואָס האַקט אים אַזוי אין קאָפּ? וואָס טוט ער דאָ?

„האָסט זיך צעשניטן פּראָפעסאָר?" שטעלט זיך אָפּ אַ שניטערקע לעבן אים גרייט צו העלפן.

„אַ טרונק!" רייסט זיך פון אים אַרויס אַ געבעט און ער איז ווידער אין

אַ טראַנס פון אַ פּלאָנטער, וואָס וויקלט זיך און וויקלט זיך און האָט גאָר קיין סוף נישט, נאָר ס'איז זיין פּלאָנטער און זיין קנויל. וויקלט ער זיך מיט און פּילט, און ס'האַרץ נאָגט: עס איז איינע פון די לעצטע נעכט איידער ער איז אַוועק פון דער היים. פּחד אין אַלע ווינקעלעך, עפּעס אַ פרעמדער אורח דערציילט מיט מוראדיקע פּרטים ווי אַזוי מ'האָט דערמאָרדעט די פּינסקער קדושים. די מאַמע כליפּעט שטיל, דער טאַטע קוקט קאַסאָקע שטאָליק און שאַרף אין אַן ערגעץ אַריין, און ער האָט דאָס געפיל ווי ער וואָלט זיך אין עפּעס איינגעביסן ביז בלוט. און ממש ווי פון אַן אומענדלעכער ווייטקייט הערט ער עמיצן זאָגן. עס איז דאַכט זיך דעם טאַטנס קול און אפשר דעם אורחס, און אפשר ביידנס צוזאַמען:

„מ'צווינגט אונדז מדחיק צו זיין דעם קץ . . . מ'שניידט שוין מיט די וואָרצלען."

„וואָרצלען קען מען אָבער נישט אויסשניידן."

„אָט פאָרט ער אַוועק פון דער היים, נעמט ער זיי דען נישט מיט מיט זיך? ריח פון אַ הויז איז אויך וואָרצלען, און דאָס גייט מיט אומעטום."

ער פּילט, אַז ער פאַרשטייט נישט וואָס זיי שמועסן. ער קען שוין אפילו נישט דערזען די שמועסערס. די רייד מיט די מענטשן דערווייטערן זיך פון אים ווי זיי וואָלטן גענומען אַוועקשווימען און צערינען אין דער הייך.

„אָט איז וואַסער, פּילסט זיך שוין בעסער?"

„אַוודאי, ער וועט נאָר אַביסל אָפּרוען."

רוט ער טאַקע, און עס שטייען אים שוין פאַר די אויגן יום טובדיקע מחנות, פענער איבער פענער. פרייד גיסט זיך פון אויג צו אויג און האַנט דרוק צו האַנט דרוק. מענטשן קושן זיך אין די גאַסן: „פרייע זיינען מיר מיט אַלע באַפרייטע פעלקער" הערט ער זיך אַליין רעדן פון אַ הויכן באַלקאָן אַראָפּ, „אתחלתא דגאולה. יונג און אַלט וועלן מיר באַנייען אונדזער בונד מיטן אַלט נייעם לאַנד. מיטן שוויים פון אונדזערע פּנימער וועלן מיר זעטיקן די ערד; און אויב מ'וועט דאַרפן בלוט, זאָל עס זיין דאָס הייליקע מאַמע בלוט בשעתן געבוירן. אמת, מיר זיינען דאָ איינגעוואָרצלט שוין באַלד טויזנט יאָר," הערט ער, דאַכט זיך, עמיצן פאַרענטפערן זיך, אָבער ער קומט עם ביי מיט גרוים ווייטיק און נאָגעניש ביים האַרץ. „אונדזערע וואָרצלען וועלן מיר מיטנעמען, און דאָס וואָס ס'לאָזט זיך נישט, וועט זיין דאָס שטיקל נאָפּל־פלייש וואָס מ'שניידט אָפּ כדי דאָס קינד זאָל לעבן..." קנוילט זיך נאָך אַלץ דער פּלאָנטער און עס נאָגט דאָס האַרץ אַזוי ווייטיקלעך זיס. דער באַלקאָן ווערט צעפּלאַסן אין דער לופטן. יעדער שטיק האָלץ טראָגט זיך

פאַר זיך לעבעדיק אין אַן אַנדער ווינקל און ער — שפּאַנט פריי און מוטיק מיט אַלעמען און צווישן אַלעמען. דער חלום פון דורות ווערט מקוים און אונדזער דור איז דער בעל זוכה. און אָט גאָר אין מיטן דער גרויסער פרייד אַ יאָמערלעך געשריי: „יידן, ראַטעוועט זיך, אַ פּאָגראָם!"

פונעם געשריי, האָט ער אויפגעעפנט די אויגן און זיך גלייך דערמאָנט וואו ער איז, אָבער אַ מאָדנע שווערקייט אַזאַ אין זיינע גלידער. ווייזט אויס, אַז די שניטערקעס האָבן אים אַוועקגעלייגט אין שאָטן, פאַרמאַכט ער צוריק די אויגן און איז גלייך אין מיטן געיאָמער פון קינדער און פרויען. וואָס זשע האַלט ער אין האַנט? אַ האַמער? אַ האַק? אַרום אים זיינע חברים און חברטעס פון החלוץ וואָס איז איצט אַ טייל פון דער זעלבסטשוץ. דער קאַמף איז אַ ביטערער. עס זיינען דאָ געפאַלענע אָבער קיין שרעק פילן זיי נישט. מיט אימפּעט רייסן זיי זיך אַריין צווישן די כוליגאַנעס, וואָס האָבן זיך נישט געריכט אויף קיין ווידערשטאַנד און מ'פאַריאָגט זיי. און אָט טאַנצט אים אַנטקעגן די לאַנגע בריק. ער שטייט און חזרט זיך אַ פרעמדן נאָמען: שטערנבערג יצחק, פון ווערבע, 26 יאָר אַלט. אָ, ווי אַלט ער איז שוין.

„מ'דאַרף אָפּשניידן דעם נאָפּל," האָט ער זיך ראַפּטום אויפגעזעצט און אַ נאָס געטאָן מיטן פולן אָטעם.

„צו געזונט," האָט ער דערהערט אַ קענטלעך קול, דאַכט זיךביילקע.

„זע נאָר ווי דאָס נעמט זיך איבער ביי אונדז," האָט מאַרטאַכע אַ קלינג געטאָן מיטן אַרויסרופערישן קולכל, „שוין איינמאָל אַ שניטער. מ'קען מיט אַזאַ לענדער בויען. אַביסעלע זון אויפן קעפּעלע, חלשט עס."

„איר'ט שוין ביי מיר זיצן אין שטוב און נישט אַרומשלעפּן זיך אין דער היץ," האָט ביילקע מכלומרשט בייזלעך אים צוגעלייגט אַ נאָס האַנטעך צום קאָפּ. „מיר האָבן זיך עס שוין איינמאָל דערשראָקן."

ווייזט זיך אַרויס, אַז ער האָט טאַקע געחלשט אויף אַן אמת און די שניטערקעס האָבן אים אַהיימגעבראַכט אַ האַלב טויטן, און ערשט ווען דער הויף דאָקטאָר האָט אים מיט געוואַלד אַריינגעגאָסן אין מויל עפּעס אַ רפואה, איז ער געקומען צו זיך.

עטלעכע טעג איז ער נאָכדעם נישט אַרויס פון שטוב. פאַר די שטוביקע האָט עס געמיינט, אַז ער פילט זיך נאָך אַלץ נישט מיט אַלעמען. פאַר זיך אָבער, האָט שטערנבערג געוואוסט אַז ער האָט פּשוט מורא אַרויסצוגיין אויפן וועג אַליין. דאָ אין דעם כסדרדיקן טומל פון די באַראַקישע ווייבער וואָס וואַרטן אויפן ברויט און די בראַקערס וואָס פאַלן אַריין פון צייט צו צייט ווי די היישעריקן, האָט ער זיך געפילט בעסער און ס'איז אים

לייכטער אָנגעקומען אָפּצושלאָגן דאָס געשריי, וואָס יאָגט אים נאָך אפילו אין שלאָף. דאָ, אין טומל, האָט ער זיך לייכטער געקענט אָפּרוקן אין אַ ווינקעלע מיט אַ תּלמיד און פאַרגעסן זיך אין לערנען און אויף אַ ווײַלע פאַרטרייבן פון זיך די בילדער און געשעענישן פון פריערדיקע טעג.

## יט

און אויך אויפן טשוואַרניק האָבן זיך אָפּט באַוויזן נייע פּנימער. זיי פלעגן אָנקומען עפּעס ווי אינמיטן דערינען. מען האָט נישט געהערט קיין וואָגן צופאָרן, נישט דאָס פייפן פון דער קליין־באַן, און אָט עפנט זיך די טיר און עס „גוט מאָרגנט" שוין אַ שוואַרץ אָדער גראָ בערדל מיט אייגעלעך זשוואַווע און זוכנדיקע, אָדער אייגעלעך ווייכינקע מיט טאַרבעלעך אונטער זיי, און סע זוכט, נישטערט פלינק און נייגעריק. כאַפּט אַ קוק אויפן טיש וואו שטערנבערג זיצט מיט די קינדער און לערנט, פוילט זיך נישט און רוקט אַריין די אויגן מיט דער נאָז האַרט צום בוך אין וועלכן מען לערנט, און טוט אַזוי אַ סמאָרע און אַ רעד צוזאַמען: „אָט דאָס לערנט איר? שלום עליכם!"

„עליכם שלום," ענטפערט שטערנבערג כּלאחר יד און לאָזט זיך מיט אַזאַ יידן אין קיין טיפע מחזקות נישט אַריין.

„נו, נו, שטערט זיך נישט," ווערט שוין דער פאַרשוין גרויסמוטיק און שטייט שוין אין אַנדערן ווינקל פון צימער ביים גרויסן באַק אויוון, און כאָטש אין דרויסן איז גאַנץ וואַרעמלעך און אין שטוב איז טאַקע דושנע און הייס, טוט דער פאַרשוין אַ הייב די הענט אַקעגן פּלאַס אָדער נעמט גלעטן אַ הייס ברויט ווי ער וואָלט געוואָלט זיך אָנוואַרעמען.

„אַ סך געבעקלעך גיט איר אויס אַ טאָג? אַ וואָ, גוט אויסגעבאַקן. עס פאַרשמעקט די גאַס," פאָרשט ער און קאָמפּלימענטירט אין איינעם און אַלץ נישט דירעקט נאָר זייטיק.

„אַ מעקלער?" פאָרט אַרויס ביילקע מיט אַן אַרויסרוף.

„איז וואָס?", לאָזט יענער נישט אָפּ.

„כ'האָב מיינע אייגענע צושטעלער."

„איך בין חלילה קיינעם נישט מסיג גבול. געזונטערהייט. ווי מ'בעט זיך אַזוי שלאָפט מען. סיי ווי קען איך אונטער פּופּציק זאַק נישט פאַרקויפן. ס'לוינט נישט דאָס פירן אַהער."

ביי ביילקען הייבן די באַקן זיך אָן צו רויטלען און זי רעדט שוין גאַנץ

געלאַסן אין אויוון אַריין: „כ'האָב אַפּילו נישט וואו צו לייגן אַזוי פיל מעל אויף אַמאָל. אַז מ'עט געוואָר ווערן, וועט מען מיר צעטראָגן די ביינער."

„איר וועט עס פאַרצוקערן. אמת קאָרן מעל."

„יאָ, ווען איך זאָל האָבן צוויי אויוונס," ווערט ביילקע שוין ווייכער און גיט אויס אַ סוד מיט וועלכן זי טראָגט זיך אַרום די לעצטע פּאָר וואָכן צו ברענגען אַ בעקער יונג פון שטאָט און באַקן ברויט אויפן גרויסן מאַסשטאַב. זי וועט מוזן אויפבויען נאָך אַן אויוון אויפן הויף פון טשוואַרניק. זי וועט זיך דאַרפן דורכרעדן מיטן פּריץ וועגן דעם ווי נאָר ער וועט אַריינ־קומען אַ קוק טאָן וואָס עס הערט ביי איר.

„די מקחים זיינען אַפּילו העכער היינט," לאָזט דער מעל־סוחר נישט אָפּ, נאָר אַזוי ווי ער האָט אָפּגעקויפט אַ גאַנצן וואַגאָן מעל, און פּאָר אַ פּעטשאַטיק, וועט ער עס געבן אין גלייכן געלט, „פּאַר מזומן לאָז איך אַרונטער אַ פּראָצענט!", ווערט ער שוין גאָר צוגעלאָזן.

„ווען וועל איך זיי קריגן?"

אַזוי ווערן אָפּגעטאָן כמעט אַלע געשעפטן אַרום דעם ברויט באַקן. אַמאָל מיט די סוחרים אַליין, אַמאָל דורך מעקלערס און אָפט אַפּילו דורך שטאָטישע בעקערס, וואָס ברענגען גרייטע געבעקלעך ברויט צו פאַרקויפן. און אַזוי שנעל ווי מ'דערשמעקט אין די באַראַקן דעם ריח פון אַזאַ פאַר־שווינדל אויפן טשוואַרניק, שטייט מען שוין אין דער ריי און מ'בעט זיך צונעמען דאָס געלט אין פאָרויס. פון וואַרטן ביז דאָס ברויט זאָל זיך אָפּקילן קען גאָר קיין רייד נישט זיין, מ'צעכאַפּט עס איידער ס'ווערט נאָך ווי געהעריק פאַרטיק.

„ס'וועט זיין שפּאָרעוודיקער," האָבן גאַנץ ערנסט די ווייבער פון די באַראַקן איינגערעדט ביילקען זי זאָל זיי וואָס שנעלער געבן דאָס ברויט, „אַז ס'איז אויסגעבאַקן, קנאַקט עס אונטער די ציין און ס'גליטשט זיך אַרונטער ווי געקאָכטער באָב, ווען ס'איז אַביסל רוילעך קלעפּט זיך עס אין מויל, דויערט עס לענגער."

„פּונקט ווי אַ נישט דערבאַקענער מאַנסביל," וואַרפט אַריין מאַרטאַכע איר ביטערן שמייכל.

„די פּאַנסקע בולקעלעך, מעגסטו פּאַטשקען וויפל דו ווילסט, ביילקע," טענהט מען מיט איר אין גוטן מוט, און ביילקע אַ פאַרשמייעטע דערוווידערט, שרייט און בייזערט זיך און גיט זיך סוף כל סוף אונטער, ווייל די דייזשעס זיינען אָנגעפּוישט מיטן טייג און זי דאַרף האָבן דעם אויוון וואָס שנעלער.

„און אַז די בייכער וועלן אײַך ווי טאָן צו ווּעמען וועט איר קומען מיט טענות?"

„דו זאָרג זיך בעסער פאַר דײַן קעשענע, ביילקע, און לאָז געמאַך זייערע בייכער," דערווידערט איר מאַרטאַכע און דער ביטערער שמײַכל אויפן אַלמנה פּנים צעשפּרייט זיך נאָך מער, „ס'אַנדערע," טוט זי אַ פאַרשנירעווע דאָס פּיסקעלע און די מינע ווערט ביי איר אַן ערנסטע ,„אַז די בייכער וועלן זיי ווי טאָן, האָט דאָך פּאַן קאַמינסקי אַ קראָם, אַן אַפּטייק . . ."

„אויף זיין באַגרעבעניש זאָל אַזוי פיל בלייבן, וויפל ס'בלייבט אונדז מיט וואָס צו גיין אין קראָם נאָכן שבתדיקן אויסצאָל," רעדט זיך איינע גאַנץ געלאַסן און כמעט אָן כעס, נאָר די אויגן ברענען ביי איר און ביי די מויל־ווינקלען קנייטשן זיך אַזעלכע טיפע קנייטשן, וואָס פאַרפינצטערן דאָס גאַנצע פּנים מיט עפּעס אַן אשיקן און פּחד אָנוואַרפנדיקן קאָליר.

„אַ קראָם איז עס? אַן אַפּטייק. אַלץ מיט גאָלד צוגלייך. איך פאָר דאָך אין שטאָט, ווייס איך," העלפט זיי ביילקע אונטער און די פאַרפלאַמטע באַקן גליען אַזש און די אויגן קוקן זייטיק צום פענצטער מיט באַהאַלטענער שרעק.

„אַבי מ'זאָגט, ביילקע, אַז דו ביסט אַ שותף צו דער קראָם," טוט איינע אַ קוויטש אַרוים און פאַרכאַפּט זיך באַלד, „אַזוי זאָגט מען אין דאָרף."

„אַזוי ווי דו ביסט אַ שותף צו אַפּקעם מאַן," טוט מאַרטאַכע אַ כיביקע און אַ טאָרע אַפּקען אין דער זייט.

„דו חכמהסט זיך נאָר מאַרטאַכע און לייגסט זיך אין פרעמדע בעטן," ברוגזט זיך אַפּקע.

„מיין אייגנס איז קאַלט," מאַכט זיך יענע ניט וויסנדיק און וויצלט זיך אויפן אייגענעם חשבון.

„זי איז שוין איינמאָל אַ שטיק," לאַכן הילכיק די ווייבער, „אַ פריילעכער קבצן."

צוליב מאַרטאַכעס חכמהלעך ווערן דערווייל, צו אַלעמענס צופרידנקייט, פאַרגעסן די שטעכווערטלעך אויף ביילקעס חשבון.

אין איינעם אַזאַ פרימאָרגן, ווען ביילקע איז געשטאַנען ביים אויוון אַ פאַרפלאַמטע און אַ פאַרשמייעטע, און שטערנבערג איז געזעסן אין אַנדערן עק צימער מיט די תלמידים, האָט זיך אין שטוב אַריין אַריינגעשטעלט אַ קיילעכדיק נידעריק פאַרשווינדל, אין אַ קורץ געשניטן קורטקעלע אויפן שפּיציקן בייכל און אַ פּאָר לעבעדיקע באַוועגלעכע הענטלעך, וואָס האַלטן

אין איין באַוועגן זיך אין דער לופט צום טאַקט פון די אייגענע רייד. רעדן רעדט ער דווקא שטיל געמיטלעך און מיט אַ באַזונדערע ווירדע, כאָטש עס דאַכט זיך די גאַנצע צייט, אַז זיין רעדן איז אַזאַ מין טרייבן ליצנות פון די צוהערער און פון זיך אַליין. פון ערשטן בליק גלייך, זיינען די שטוביקע אַזוי פאַרחידושט געוואָרן אי פון זיין מאָדנעם הולך, אי פון זיין שטעל, אַז יעדער וואָרט פון זיינע ליפן איז אָפגעוואַרט געוואָרן. משמעות אַז ער האָט דערפילט דעם איינדרוק וואָס ער האָט דאָ געמאַכט, האָט ער זיך צוגערוקט נעענטער צום טיש און גאַנץברייטלעך אָפגעגעבן שטערנבערגן שלום עליכם:

„מענטשן אַרבעטן. בילדן זיך, זייער גוט. לײדיקגייערײ און כאַמסטווע איז דער גרעסטער אומגליק. נישט אַזוי?" האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט איין הענטל אין דער לופטן כאַפנדיק אַ פליג. די קינדער אַרום טיש האָבן זיך צעלאַכט. דאָס יידל אָבער, גלייך ווי ער וואָלט זיי נישט באַמערקט, האָט זיך איבערגעבויגן אַריבערן טיש און פלינק גענומען לייענען פון אַן אָפענעם טעקסט־בוך מיט דער געהעריקער אינטאָנאַציע און מיט גרויס ערנסט, נאָר דאָך איז געלעגן אין דעם אַזוי פיל שטיפערישער חוזק, אַז אַלע אין שטוב זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אין געלעכטער.

„היי, פאַניע סטעלמאַך, וואָס טוט איר דאָ?", האָט דער לאַנגער משה, וואָס האָט זיך פונקט דאַן אַריינגעשטעלט אין שטוב אַריין מיטן שטעקן און רוק־זאַק אין די הענט, „איר דערציילט נאָך אַלץ וויצן?" האָט ער אים אָפגעשטעקט אַ ברייטן שלום עליכם. יענער אָבער ענטפערט אָפ זיין באַגריסונג מיט דער זעלבער ווירדע ווי פריער. לאַכט שוין דער לאַנגער משה אויך: „אָט אַן אָנשטעלער איר זענט עס געוואָרן. איר געדענקט מיך שוין אוודאי נישט."

„צי איך געדענק דיך, אַ שאלה אַביסל, משה לאָקש נישט געדענקען? וואָס זשע טוסטו דאָ?"

„געקומען אין קאַנטאַר נאָכן לעצטן אויסצאָל."

„וואָס הייסט?"

„אָט וואָס איר הערט. נאָך וואָס זענט איר דען געקומען אַהער?" בייזערט זיך שוין משה, „באַלד וועט די גאַנצע כאַליאַסטרע דאָ זיין. מ'האָט אַלע בראַקערעס געהייסן קומען אין קאַנטאַר אַריין. ביי אייך אין קוואַרטאַל האָט איר גאָרנישט געהערט?"

„געהערט, געהערט, אפשר נאָך מער ווי דו, אָבער ווער איז עס מחויב צו גלויבן? מ'זאָגט יאַקבי אַז די באַנען שטייען שוין. איר האָט דאָ נישט קיין צייטונג? ביי אונדז אין פערצנטן קוואַרטאַל וויסן מיר שוין לאַנג נישט וואָס אַ צייטונג הייסט."

„בלויז אין קאנטאר קען מען אפשר זען א צייטונג. די פּאָטשט ארבעט שוין נישט אריבער א וואָך.“

„זאָגט מיר נאָר משה, האָט מען אייך, הייסט עס, געהייסן אָפּשטעלן די ארבעט?“

„חלילה,“ ענטפערט יענער מיט א קנייטש, „מ׳האָט נאָר געהייסן מיט־נעמען אַלע זאכן און קומען אין קאַנטאָר אריין זיך אָפּרעכענען . . .“

„וואָס זשע הייסט עס? האָט מען דאָך אונדז אויך אזוי געהייסן. קום איך אהער, ארבעט אַלץ און ס׳טומלט זיך גלייך ווי אַלעמאָל. וואָס זשע וויל מען פון אונדז? אפשר איז עס גאָר אן אנטיסעמיטיש שטיקל ארבעט, ארויסצו־טרייבן די יידן פון דער וואַלד ארבעט?“ קנייטשט און ווארפט מיט די הענט דער סטעלמאך ווי ער וואָלט אין דער לופט אויסגעטאָקט פיגורן. איצט אָבער לאַכט שוין קיינער נישט, כאָטש עס דאכט זיך נאָך אַלץ אז אין זיין טאָן ליגט א באהאַלטן ליצנות.

„גייט שוין גייט,“ רוקט זיך דער לאַנגער משה צו נעענטער און הייבט אָן שטילער ביז ער גייט איבער אין א שעפּטש:

„ביי אייך אין פערצנטן האָט איר נישט געהערט שיסן?“

„אוודאי!“

„נו, וואָס זשע פרעגט איר קשיות?“

„די גרויסע?!“

„נאָך ווי אזוי די „גרויסע,“ צוזאמען מיט א רעוואָלוציעלע . . . די היגע פּויערים וועלן דען שווייגן? און די באראקניקעס וועלן שטיין לײדיק, האָ?“ טוט משה א ווינק מיטן אייגל ווי ער וואָלט דערציילט א וואוילויונגישע זאך, „ס׳עט זיין פריילעך, קינדער. ס׳ערשטע ביילקע פּאַקט איין די געבעקלעך. יענע וועלן עס גיכער דארפן. זיי זיינען שוין גאָר נאָענט.“

דער סטעלמאך איז געבליבן שטיין מיט אָן אָפן מויל. פאַר אויפרעגונג נישט געקענט אָפּשטעלן די הענט, וואָס האָבן נאָך אַלץ געטאָקט פיגורן אין דער לופט, און דאָס קיילעכדיקע פּנים זיינס איז געוואָרן אשיק גרוי. א בהלהדיקע מורא האָט ארויסגעקוקט פון די עטוואָס לענגלעך אויסגעצויגענע אויגן: „כ׳האָב אזוי מורא . . .“ האָט ער קוים ארויסגעשטאמלט. האָט מען עס ווידער געקענט אָננעמען פאַר ליצנות, אָבער די שרעק פאר דעם וואָס קומט אָן האָט שוין ארומגעכאַפּט אַלעמען אין הויז. ביילקען איז שוין געפאַלן פון די הענט. מארטאכע, כאָטש זי האָט דעם גאנצן שמועס נישט פארשטאַנען, האָט זיך אָבער געגוג דערוואוסט אז איר לייב זאָל נעמען ציטערן:

„באַזשע טי מאַי (גאָט מיינער), וואָס וועט עס ווערן פון דיר מיט די קינדער,ביילקע? זיי וועלן זיך אַלע צעלויפן און דו מיט די קינדער וועלן בלייבן אַליין. וואָס וועסטו טאָן?"

„דיך האָסטו שוין באַזאָרגט, מאַרטאַכע?" האָט ביילקע אָן אַ שום סיבה זיך גאָר גענומען בייזערן אויף מאַרטאַכען.

„דו ווייסט אָבער נישט וואָס מ'רעדט אויף דיר אין דאָרף, ביילקע. ווער זאָגט דען אַ גוט וואָרט אויף דיר? אַפילו דיינע שכנים אין איין שטוב, דאַנילע מיט אַפּקען, מעלה גירהן ווי די בהמות אויף דיר. דו באַהאַלט בעסער וואָס דו האָסט. אויב דו גלויבסט, גיב מיר, אַז ניט — גיב הריציון. ער איז אַ גוטער פריינט זאָג איך דיר. טשעפּעט זיך אַמאָל, אָבער אַן אָרנטלעכער. וועט יענעמס נישט נעמען, בפרט אַן אַלמנהס מיט פּיצלעך קינדער."

„וואָס ווילסטו מאַרטאַכע?" האָט שוין ביילקע זיך צעכליפּעט.

„וואָס איך וויל, ביילקע?" האָט זי אַ גלאַנץ געטאָן מיט פאַרשייטע אויגן ווי זי איז געוואַוינט, נאָר באַלד זיך אַ כאַפּ געטאָן און שטילער צוגעגעבן, „ווייסט דאָך, צו דיר וועט מען קומען זוכן. עס וועלן קומען זעלנער און האַלעדריגעס פון די באַראַקן, אַפילו פון דאָרף וועלן זיך געפינען חזירים. צו מיר וועט קיינער נישט קומען. אויף דיר וועלן אַלע אָנווייזן, אויף חיימען אויך, אַפילו אויף מארי ליבען. טאַקע שכנים אַלע, נאָר הינט. האָסט דאָך געזען: צו מאַרטאַכעס חתונה איז דאָס גאַנצע דאָרף געקומען טרינקען, אָבער נאָך דער לוויה פונעם פּאַראַבעק מיינעם, האָט קיינער נישט אַריינגעשמעקט, סיידן אַ חזיר וואָס איז געקומען קריכן אין בעט אַריין. ווען נישט דו, וואָלט איך געדאַרפט ליגן אין די באַראַקן. צו מיר וועט מען נישט קומען זוכן. וועט אַפילו עמיצער אַריינפאַלן, וועל איך מאַכן אַ געוואַלד, וועט דאָס דאָרף זיך אויפלויפן. דו האָסט דאָך אַפילו נישט צו וועמען צו שרייען. זאָג איך דעם אמת, מענטשן?"

נישט אַרויסרעדנדיק קיין וואָרט איז ביילקע צוגעגאַנגען צו דער שאַפע און אַרויסגענומען אַ פּעקל זילבערוואַרג און עס איבערגעגעבן מאַרטאַכען. די קינדער האָבן זיך צעוויינט.

„כ'וועל קומען שפּעטער, וועל איך דיר העלפן איינפּאַקן און באַהאַלטן די אַנדערע זאַכן," איז מאַרטאַכע אַוועק אָן אַ זיי געזונט און באַלד זיך צוריקגעקערט, „ביילקע, דו טראַכט נאָר נישט איבער גאָרנישט. מאַרטאַכע איז טאַקע אַ שלאַנג, אָבער נישט צו דיר און דיינע קינדער," האָט זי גענומען ווישן די אויגן, „אַבי מירן אַרוים מיטן לעבן, וועסטו אַלץ קריגן צוריק. נאָר ווען דו פּאָלגסט מיך, וואָלסטו אַלץ איבערגעלאָזט און אַוועק אין שטאָט אַריין."

„אַ נייע נייעס, אין שטאָט אריין גאָר," האָט זיך דער שווארצער חיים אריינגערוקט מיט אַ ירגזון, „דער הימל איז נאָך נישט ביי דער ערד, און מיר זיינען דאָ אויך צווישן מענטשן."

„דער עיקר, צווישן גוטע פריינט," האָט זיך מארטאכע אַ שטעל געטאָן אקעגן אים מיט גאַל, „געדענקסט, חיים, אין אָנהייב מלחמה: געקומען אַ קאָזאַק פרעגן: דאָ ברויט, באַלעבאָס? — נישטאָ, אָן העט אין טשווארניק וואווינט מאַשקע, דיין טאטע, אַ ליכטיקן גן־עדן אים. און וועמען האָט מען אָפּגעהאַקט די לונגען? און וועמען האָט מען דערטרונקען אין ברונעם, חיים, מיין שוועסטער צי דיינע? פריער קאָזאַקן, איצט פּאָליאַקן און פּעטליורצעס. איין כאָלעריע אַלע און אַלץ אויף אייך. קענסט זיך אויסבאַ־האַלטן, באַהאַלט זיך צווישן די אייגענע. און אויף די שכנים דיינע פאַרלאָז זיך נישט. אָן דרייט זיך שוין מארטין אין גאָרטן," האָט זי מיט אַ צאַפּל אַ קוק געטאָן אין פענצטער, „וואָס מיינט איר וויל ער דאָ? ער וויל זען וואו איר באַהאַלט. איך קען זיי גוט די דראַניעס," איז זי עפּעס ווי צעטומלט געוואָרן און דאָס גאַנצע פּנים איז ביי איר אויסגעקרימט געוואָרן פון כעס און רציחה. פון מויל האָט איר אַזש גענומען זעצן אַ פּינע, און נישט פרעגנדיק שוין און נישט קוקנדיק אויף קיינעם איז זי צוגעגאַנגען צו דער שאַפע און אַראָפּגעריסן אַ פּאָר קליידער און אַרויפגעוואָרפן אויפן אקסל: „איידער פרעמדע זאָלן עס האָבן, זאָל עס כאָטש בלייבן ביי מיר," האָט זי זיך געלאָזט צו דער טיר.

ביילקע איז געבליבן ווי פאַרשטיינערט און פון אָרט זיך נישט גערירט. עס איז ווי פינצטער געוואָרן אין גאַנצן הויז. דער אויסגעקילטער אויוון האָט מיט זיין שווארצקייט געקוקט אויף אַלעמען ווי אַן אָפענער גרוב. שטערנבערג מיט די איבעריקע זיינען געשטאַנען ווי געליימט און נישט געהויבן קיין האַנט איר צו שטערן. נאָר שוין ביי דער טיר שטייענדיק האָט מארטאכע זיך אויסגעדרייט צוריק צו ביילקען און מיט אַזאַ אָפענער זיכערקייט זי אויפגעמונטערט: „דו זאָרג נאָר נישט אַזוי, טייבעלע, דו גלייבסט דאָך מיר. איך וועל אַלץ צונעמען צו זיך. איבערפירן די תבואה, די פערד, אַלץ. הריציו וועט מיר העלפן. און דו דערוויל, נעם די דייניקע און גיי אין שטאָט אריין ביז עס וועט אריבער," האָט זי זיך שוין נישט געקענט איינהאַלטן און צעוויינט אויפן קול.

„מירן זען מארטאכע," האָט ביילקע געשטאַמלט נישט ווייסנדיק אַליין וואָס.

פאַרביי די פענצטער האָבן גרופּעסווייז זיך געצויגן די וואַלד ארבעטער גייענדיק אין קאנטאָר אריין צו קריגן די לעצטע אויסצאָלונג. ס'איז עפּעס

מיט אמאָל שטיל געוואָרן אין גאַנצן דאָרף. די מאָטאָרן אין מיל האָבן פּלוצים זיך אָפּגעשטעלט און די זעגן אין טאַרטאַק האָבן אויפֿגעהערט קריצן, זײַנען אַלע פֿון שטוב אַרויס און געבליבן שטיין פּאַוּלאָרענע און שטומע.

כ

אָנגעהויבן האָט זיך עס אַזוי. אויף צו מאָרגנס גאַנץ פֿרי, מ'האָט נאָר וואָס געהאַט אַרויסגעלאָזט די בהמות, האָט מאַרטאַכע אָנגעקלאַפּט אין פֿענצטער און הייזעריקלעך אַרײַנגערעדט אין שטוב אַרײַן:

„ביילקע שנעלער! עפֿן אויף!"

אָן איבערגעשראָקענע איז ביילקע צוגעלאָפֿן צו דער טיר און נאָך איר זײַנען אַלע שוין געווען אויף אין הויז. מאַרטאַכע איז ווי אַרײַנגעפֿאַלן אין שטוב אַרײַן און נאָך איר וואָורעניוק. ביידע האָבן גלײַך אָנגעהויבן עפּעס דערציילן הויך און באַלד אַריבער אין אַ שעפּטשען: „עס זײַנען אָנגעקומען לעגיאָנען. האָבן זיך נאָכגעפֿרעגט צי עס וואוינען דאָ יידן. מאַרטין דער מסור האָט זיך מיט זיי אַרומגעדרייט נעכטן בײַנאַכט. מיר וועלן נעמען די קינדער צו אונדז, האָט וואָורעניוק געשלונגען די ווערטער און נישט געקענט קוקן ביילקען אין פּנים אַרײַן."

ביילקע איז געבליבן שטיין ווי געליימט. די קינדער, איבערגעשראָקענע, האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין איר קליידל און געצאַפּלט: „קום אויך, מאַמע!"

„וואו גייט מען עס, וואו? וואָס טוט זיך דאָ?" האָט זיך פּלוצים אַרײַנגעשטעלט די חיימעכע אין גאַנצן אַ פֿאַרשפּיצטע פֿונעם מעוברתן בויך ביזן דינעם נעזל, וואָס איז אַלעמאָל רויטלעך נאָר איצט איז עס בלאַס און טויט דערשראָקן. נאָך איר איז ווי אַרײַנגעפֿאַלן חיים אַליין, אַ פֿאַרשוואַרצטער מיט אַ מאָדנעם בליאַסק אין די אויגן:

„וואָס עפּעס אין מיטן דערינען? ס'איז דאָך נישט הפקר אַ וועלט!"

„ווײַ צו מיר, שטייט נאָר אויף," האָט מאַרי ליבע פֿון יענער זײַט וואַנט געוועקט דעם ברודערס משפּחה, „בײַ ביילקען עפּעס, מ'ראַבעוועט דאַכט זיך."

„וואָועס?" האָט דער גרויסער וואָלף אויסגעצויגן אַ פֿראַגע איבערן גאַנצן טשוואַרניק, „וואָס וועט'ן בײַ דיר נעמען? די טשאָבעטעס?"

מאַרי ליבע האָט אים אָבער שוין נישט געהערט. זי איז שוין געשטאַנען בײַ ביילקען אין שטוב און זיך גענומען רײַסן די האָר פֿון קאָפּ.

„מ'עט דאָך אונדז אויסקוילענען," האָט זי געעפֿנט דעם קוואַל פֿון

טרערן בײַ די װײַבער און זיך אַ לאָז געטאָן צוריק צו זיך אין צימער מיט אַ יאָמער פֿון אַן עלנטן הונט.

ס'איז געװאָרן אַ בהלה. פֿון צעטומלעניש האָט בײַלקע זיך גאָר גענומען פֿאָרען בײַ אַ דײַזשע, װאָס איז געשטאַנען לעבן אױװן און איז שױן איבער־געגאַנגען. באַלד אָבער האָט זי זיך דערמאָנט װאָס עס טוט זיך אַרום איר און מיט אימפּעט אױפֿגעפּראַלט די קלײדער שאַפֿע, געכאַפּט װאָס ס'איז איר געקומען אין האַנט אַרײַן און איבערגעגעבן מאַרטאַכען און װאָװרעניוקן. פֿון דרױסן האָט זיך פּלוצים דערהערט אַ קנאַל פֿון אַ בײַטש. דאָס האָט דאַנילע, דעם פּריצס שמײַסער, געלאָזט װיסן אַז ער קומט. דאָס איז אַלע־מאָל געװען זײַן „גוט מאָרגן" קומענדיק אַהײם פֿון דער נאַכט־אַרבעט אין הויף. דער קנאַל האָט אָבער דאָס מאָל אַלעמען דערציטערט, װי עס װאָלט געװען דער אָנזאָג פֿון דעם װאָס עס דאַרף געשען. מאַרטאַכע האָט אַזש אױס־געשפּיגן און איז אַרױסגעלאָפֿן מיטן פּאַק װי אַ טײַװל װאָלט זי באַפֿאַלן.

נישט זאָגנדיק גאָרנישט האָט דאַנילע זיך גלײַך אַ לאָז געטאָן צו דער שאַפֿע און אָנגעהױבן אָפּקלײַבן זאַכן און איבערגעלײגט אין זײַן זײַט פֿון צימער. לױטן אופֿן פֿון אַװעקלײגן, האָבן אַלע פֿאַרשטאַנען אַז ער נעמט עס פֿאַר זיך און נישט בלױז צום באַהאַלטן. װאָװרעניוק האָט אַזש אַ זאָג געטאָן.

„דאַנילע!"

„װאָס דען, נאָר דיר קומט אַלץ?" האָט יענער אַ בײַזן גלאַנץ געטאָן מיט די אױגן, „מ'עט זײ סײַ װי דערהרגענען, אַזױ שמועסט מען."

בײַלקע האָט אַ כאַפּ געטאָן די קינדער און זיך מאָדנע צעשריגן: „קומט קינדער! לערער שטערנבערג װאָס שטײט איר?" האָט זי זיך שױן בײַ דער טיר שטײענדיק דערמאָנט אין שטערנבערגן, װאָס איז די גאַנצע צײַט געשטאַנען אַ פֿאַרטײַעטער. ער האָט אַלץ געזען װי דורך אַ נעפּל. עפּעס האָט ער געטראַכט, נאָר ער האָט זיך נישט געקענט קלאָר מאַכן װאָס. פֿון איר געשרײ איז ער געקומען צו זיך און זיך אַרױסגערוקט פֿאָרױס:

„קומט אין שטאָט אַרײַן, לאָמיר כאָטש זײַן מיט ײדן אין אײנעם."

אָבער אײדער זײ האָבן נאָך באַװיזן צוצוקומען צו דער אַנדערער זײַט טשװאַרניק, זײַנען זײ שױן אָפּגעשטעלט געװאָרן פֿון אַ גרופּע לעגיאָנערן מיט רײַט־בײַטשלעך אין די הענט.

„װאָס אַנטלױפֿט איר זשידקעס? ציטערט אױף אײַך די פֿעל? האַ?", האָט חוזק צוזאַמען מיט די בײַטשלעך אַ סװישטש געטאָן איבער זײערע קעפּ.

„צוריק אין שטוב אריין!" האָט איינער פון זיי, א מגושמדיק צעוואקסענער ריז א רעווע געטאָן, און זיינע לאנגע הענט האָבן אלעמען א שטויס געטאָן אזוי פון זיך, ווי מ'שטויסט אָפּ אַן עקלדיקע זאך.

„א הוש!" האָבן די איבעריקע א הירזשע געטאָן מיט געמאכטן געלעכטער און אויסגעשטרעקט צו זיי די הענט, ווי פויערטעס בשעתן טרייבן א טשאטע הינער, „א הוש, א הוש!", האָט זיי דער שפּאָט אריינגעטריבן צוריק אין שטוב אריין, וואו ביילקע איז א פאל געטאָן איבער דער שוועל אין חלשות־דיקן צאפּל, און די קינדער לעבן איר זיינען זיך פארגאנגען אין א פאר־קייכנדיקן געוויין: „מאמע, שטיי אויף!"

פון יענער זייט טשווארניק, האָט זיך געטראָגן דאָס יאָמערלעכע וואָיען פון די שטומע קינדער ווי פארוואָרלאָזטע קעץ אין הארבסטיקע נעכט און מארי ליבעס גרוי רעווען מיט א מאנסבילש הייזעריק קול: מ'עט דאָך אונדז אויסקוילן, וואָלף, וואָס שטייסטו?"

דער פלוצימדיק, צאפּלענדיקער ליארעם פון אלע זייטן פון טשוואָרניק, האָט אויף א ווײַלע צעמישט די לעגיאָנערן. דער איבערגעוואקסענער סאָלדאט איז עפּעס ווי געליימט געבליבן שטיין אין מיטן צימער, פלוצים געגעבן א הויכן שפּיי און ארויס פון צימער: „נישטא דאָ וואָס צו טאָן!" האָט ער זיך ווי פארענטפערט פאר זיין שוואכקייט. נאָך אים, האָבן זיך דאנילע מיט אפּקען א ריס געטאָן פון אָרט מיט א גאנצן פּאק קליידער און כלים און זיך געלאָזט צו די באראקן.

„ווייַן נישט ביילקע," האָט זיך אפּקע מיט געטריישאפט געזעגנט.

„אָט איז זי דיר נאָך א גוטינקע אויך . . ." האָט א לעגיאָנער אין גוטמוטיקן חוזק איר אונטערגעשטעלט א פוס. אפּקע האָט זיך א וואקל געטאָן פאָרויס, געוואָלט דערכאפּן דעם פּאק אויף די אקסלען און בלויז אומבאהאָלפן אויסגעשטרעקט די פליישיקע הענט אין דער לופטן און א פאל געגעבן מיטן פנים אראָפּ, אנטבלויזנדיק דעם גאנצן געפּאקטן הינטער־חלק אירן פון וועלכן עס האָט אזש געזעצט א פארע.

„אָט א כוואט א באבע," האָבן די לעגיאָנערן געכאָכאָטשעט.

„שטינקט ווי א בהמה."

„פון איילעניש אזש זיך בא — —, א רוח איר אין דער מאמען."

„טפוי!" האָט דער מגושמדיק צעוואקסענער לעגיאָנער א שפּיי געטאָן מיטן פולן מויל און אריבער אויף דער צווייטער זייט.

„פאניטשו, הארצעלע," איז אים אנטקעגנגעלאָפן די חיימעכע, „האָב רחמנות, א מאמע פון ניין קינדער," האָט זי אים אָנגעכאפּט ביים ארבל.

„טשעפּע זיך אָפּ גנידע!" (פּאַרלייזיקטע מכה), האָט ער זי אַ שטופּ געטאָן פון זיך. האָט זי זיך אַ וואַלגער געטאָן אויף צוריק און געבליבן ליגן מיטן אויפגעלאָפּענעם בויך אַרויף, אַ צאַפּלענדיקע אין אַנגסטיקן געיאָמער: „מאַמע מיינע!"

„פּשא יוכא!" (הינטיש בלוט), האָט זיך דער לעגיאָנער אַ לאָז געטאָן נאָך איר און זי אַ הויב געטאָן פון אָרט, אַוועקגעשטעלט זי ביי דער וואַנט און אָפּגעשפּרונגען אויף צוריק אַ צעטומלטער: „צום טייוול, ווי דאָס טשעפּעט זיך!"

פאַרביי דעם טשוואַרניק האָט דורכגעאיילט אַ פּויערישער וואָגן, וואָס האָט זיך געיאָגט צו דער אַרבעט אין פעלד. דערזען וואָס עס טוט זיך, האָט ער אויף אַ סעקונדע איינגעהאַלטן די פערד און באַלד זיי גענומען שמייסן מיט ווילדן אימפּעט און פאַרשוואונדן מיט די לאַנקעס אינעם פייכטן נעפּל, וואָס האָט זיך געצונדן פלאַמיק רויט פון דער אויפגייענדיקער זון.

„טרייבט זיי אַלעמען אריין אין הויז!" האָט באַפוילן דער אָפיצער, וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אויפן וועג און געשמייכלט אין די בלאָנדע וואָנצעס אריין.

מ'האָט זיי אַלעמען אריינגעשטופּט אין חיימס צימער. אויפן דיל זיינען געלעגן צעוואָרפן די שטרוי־זעק אויף וועלכע די קינדער זיינען געשלאָפן. מ'האָט זיי אַלעמען אריינגעקוועטשט אין איין ווינקל, און אַרום זיי האָבן די לעגיאָנערן געראַיעט און געזוכט וואָס צו נעמען. נישט געפינענדיק קיין ווערטיקע זאַכן, האָבן זיי געגראָבן דעם ערדענעם דיל מיט די קינזשאַלן, געקראָכן מיטן לייטער אויפן בוידעם אַרויף און גענישטערט אין היי, געפּרואווט די סטעליע, די ווענט און געריסן די ציגל פון אויוון; איבערגעקערט דעם טיש און געזוכט טאָפּלטע דנאָען, געריסן די ספרים און געעפנט די בתים פון די תפילין. אין איינע פּאָר מינוט איז די גאַנצע שטוב געוואָרן אַ הקדש, אָנגעפילט מיט די יללות פון די קינדער און קללות פון די אַנטוישטע לעגיאָנערן.

שעלטסט? קאַנאַליע!" האָט דער אָפיצער אַ שמיר געטאָן איבער חיימס פּנים, „מיר וועלן אייך ווייזן ווי צו בעטן אויף די באָלשעוויקעס," איז ער אויפגעקאָכט געוואָרן זעענדיק ווי חיים שעפּטשעט עפּעס שטיל, „און דו ביסט גאָר בייז, הינטישע לעבער דו," האָט ער פלוצים דערזען שטערנבערגן שטיין אין מיטן דעם רעדל פון די ציטערנדיקע קינדער. „דו וועסט שוין די באָלשעוויקעס נישט זען, טייערינקער, דו וועסט אונדז צונויצקומען," האָט ער אים אָנגענומען מיט איין האַנט און מיט דער

צווייטער זיך פֿאַרמאָסטן אים צום דערלאַנגען מיטן גאַנצן כּוח. שטערנבערג האָט זיך אַ ריס געטאָן פֿון אָרט, גרייט צו פֿאַרטיידיקן זיך, נאָר דאָ האָט זיך חיה דעם גרויסן וואָלפֿס אַ יאָג געטאָן פֿונעם בינטל אַרויס און מיט אַ ניגון פֿון אַ קלאָג מוטער גענומען יאָמערן:

„גאָטעניו, זאָלסט זיי נאָר נישט שווייגן! גאָטעניו, זאָלסט עס נאָר געדענקען, גאָטעניו!"

ביז אַהער האָט קיינער אַפֿילו נישט געהאַט באַמערקט, אַז זי איז כּמעט אַ האַלב נאַקעטע. אַ צעשויבערטע מיט אַן אויסגעקרימט מויל און אויסגעסטאַרטשעטע אויגן, האָט זי אָנגעוואָרפֿן אַ שרעק אויף אַלעמען. יעדער אַבער אירער האָט געקלאָגט, געיאָמערט. די לעגיאָנערן זיינען אויך שטאַרק איבערראַשט געוואָרן און האָבן מיט גרויס נייגער נאָכגעקוקט חיהן, נישט וואַגנדיק איר צו פֿאַרשטעלן דעם וועג. אַרויסקומענדיק אין דרויסן, האָט זי אַ כאַפּ געטאָן די שמוציקע קישעלעך, וואָס זיינען געווען פֿאַרשטעקט אין די אויסגעבראָכענע שויבן און זיך ראַפּטום געלאָזן לויפֿן צום ברונעם מיטן זעלבן געיאָמער. אַריינגעוואָרפֿן די קישעלעך אין ברונעם אַריין און מיט אַ מאָדנעם שלוקערץ אַריינגערעדט אַהין: „זיי זיינען שוין ווידער געקומען, ברײַנע, אַנטלויף!"

„חיה, וואָס טוסטו?!" האָט דער גרויסער וואָלף איר נאָכגעשריגן מיט אַ קול ווי פֿון אַ פֿאַס אַרויס: „חיה!"

נאָר חיה האָט זיך שוין אַ וואַקל געטאָן אויף אַ זייט, גענומען דריגען מיט די פֿיס ווי אַ נישט דערקוילעט קאַלב, אויסגעשטרעקט די ביינערדיקע הענט און געפֿרייכט און געסאָפּעט, ווי ווילנדיק דערכאַפּן די לופֿט וואָס האָט איר גענומען אויספֿעלן און אַ פֿאַל געטאָן מיט אַ קוויטש: „בריינע!"

פֿון מויל האָט איר געזועצט אַ פֿינע פֿון ווייס און רויט. די אויגן פֿאַרגלייזט און דער גאַנצער קערפּער האָט געציטערט און געצאַפּלט אין אַ מוראדיקן געיאָמער. די לעגיאָנערן זיינען אָפּגעשפּרונגען אויף צוריק און זיך גענומען צלמען פֿאַר שרעק. בלויז דער גרויסער וואָלף, אַ העשנדיקער, און די שטומע קינדערלעך וואָרטשנדיק עפּעס מיט אַזאַ שווידערלעך געבראָכן קול זיינען געבליבן אַרום איר.

„דעם יונגען באָלשעוויק נעמט מיט!" האָט דער אָפֿיצער אַ קאָמאַנדעווע געטאָן און ווי ווילנדיק צוגעבן די לעגיאָנערן מוט, האָט ער אַרויסגעכאַפּט דעם רעוואָלווער און אויסגעשאָסן אין דער לופֿטן. „קומט, מ'דאַרף אָנלאַדעווען דעם האָבער אויפֿן הויף," האָט ער שאַרף באַפֿוילן, און מיטן רעוואָלווער געוויזן שטערנבערגן אַז ער דאַרף מיטגיין. דאָס בינטל קינדער

וואָס האָבן זיך געקלאַמערט אין שטערנבערגן, האָבן אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ יאָמער און זיך נאָך מער געדריקט צו אים, אָבער שטערנבערג האָט זיי גלעטנדיק איבער די קעפּלעך אָפּגעוויקלט פון זיך און גענומען שטעלן די ערשטע טריט נאָכצוגיין דעם אָפּיצער. די קינדער זיינען אָבער נישט אָפּגע־טראָטן און אים אַרומגעכאַפּט מיט ציטערדיקע הענטלעך: „לערער, לערער," האָבן די קולעכלעך געחלשט.

שטערנבערג האָט ווי דאָס לשון פאַרלאָרן און זיי גאַרנישט געקענט ענטפערן. בלויז די הענט, וואַכיקער ווי ווען עס איז, האָבן געענטפערט דעם וואָרנענדיקן רעוואָלווער צו וועלכן דאָס אויג איז געווען צוגעשמידט אין מוראדיקער דערוואַרטונג, און מיט געשיקטקייט האָט ער זיך באַפרייט פון די צאַפּלענדיקע קינדערישע הענטלעך און גענומען שפּאַנען הינטערווייַלעכץ. דער רעוואָלווער אַנטקעגן האַרץ, און די אויגן — האָבן אַלץ געזען אין איין בליק: די בלאַסע חיימעכע מיט פאַרבראָכענע הענט אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנט, די אויסגעשטרעקטע הענטלעך פון די קינדער, די ווייס רויטע פּינע פון דער עפּילעפּטישער חיהן און דאָס רייסן זיך ביי די האָר פון דער שלוכצנדיקער ביילקען. אַלץ איז אַזוי קלאָר, אַזוי נאָענט און פאַר אים, פאַר זיינע אויגן, אָבער עס ווערט מיט יעדן טראָט אויף צוריק—ווייט און דערווייטערטער. אין די אויערן קלינגט עפּעס אַ מאָדנער געקלאַנג, וואָס פאַרטויבט און האַמעוועט דאָס בלוט אין די אָדערן. ער האָט זיך עפּעס געוואָלט דערמאָנען און נישט געקענט. ווי אַ בלינדע וואַנט צווישן אים און זיין זיכרון, האָט זיך געהאַלטן אין איין אויסציִען דעם אָפּיצערס ביסטרע פּנים מיטן אויסגעשטרעקטן רעוואָלווער אין דער האַנט, און הינטער אים דער פּאַרטיקער באָב אין גאָרטן ביי דער זייט פון טשווארניק; די הויכע שטעקנס האָבן זיך געריסן פונעם נעפּל אַרויס מיט שטיקער זון און לויטערן ראָז אויף די קעפּ.

מיט אַמאָל איז אַלץ פאַרשוואונדן פון זיין אויג. אַ שטויס אין זייט האָט אים איבערגעדרייט מיטן פּנים צום וועג. דער אָפּיצער האָט זיך אַ יאָג געטאָן אויף פאָרויס און נאָך אים האָבן אַלע לעגיאָנערן געשפּאַנט צו הויפישן שפּייכלער, וואו עס זיינען געשטאַנען פויערישע וואָגנס און פּריצישע פאַראַב־קעס האָבן געשלעפּט זעק האָבער און בינטן היי און זיי אַרויסגעשליידערט מיט אַזאַ אימפּעט ווי די נכפּה וואָלט זיי געוואָרפן. לעבן אַ וואָגן, האַרט ביי דער וואַנט, האָט אים דער מגושמדיק איבערגעוואַקסענער לעגיאָנער געגעבן אַ שטופּ אָפּ פון זיך ווי אַן אומריינע זאַך און אַ מרוקע געטאָן: „וואָס שלעפּסטו זיך נאָך, דו לויזיקער יאָץ?!"

פונעם שטויס האָט ער אַ פאַל געטאָן מיטן פּנים אַרויף און פּלוצים דערזען אַז קיינער היט אים נישט מער, און די וועגענער פאַרשטעלן אים אין גאַנצן.

מיט איין געלונגענעם שפּרונג אויף לינקס וועט ער זיך געפינען אינעם ליקל צווישן שפּייכלער און די שטאַלן. נישט איבערלייגנדיק זיך אפילו אַ סעקונדע, איז ער שוין געשטאַנען אויף די פיס. שוין געטאָפּטשעט אין פייכטן טינופת אינעם ליקל. באַלד זיך געגעבן אַ בייג אַראָפּ און געבליבן ליגן אין דער זייט פון אַ קופּע פערדישע מיסט ביים סוף פונעם ליקל. אַ ווײַלע איז ער אַזוי געלעגן; און הערנדיק בלויז דעם טעמפּן אָפּקלאַנג פון די פּאַלנדיקע זעק האָבער, האָט ער זיך גענומען ראַטשקען אויף אַלע פיר ביז ער האָט זיך דערקליבן צום קאָרן פעלד גלייך הינטער די שטאַלן. אויסגעצויגן אויפן בויך ווי אַ וואָרעם, האָט ער זיך געראַטשקעט צווישן קאָרן. געסיווועט זיך פּאַמעלעך אין קרומע ליניעס אָבער אַלץ פּאָרויס, אַוועק פון די שטאַלן און נעענטער צום וואַלד צו. מיט איין אויער אָנגעשפּיצט צו דער זייט פון די שטאַלן פון וואַנען עס האָבן זיך דערטראָגן קנאַלן פון בייטשן און דאַכט זיך אויך רעוואָלווער שאָסן . . . און מיטן אַנדערן אויער געפילט דאָס שטילע שעלעשטשען פון די זאַנגען און דאָס קלימפּערן פון די פעלד־פליגן און היישעריקן, וואָס ער האָט אַרויסגעטריבן פון זייער רו.

ערשט נאָך אַ היפּשער ווײַלע, ווען ער האָט זיך שוין געפונען העט ווייט אין מיטן פעלד, האָט ער דערפילט אַז עס קלאַפּט אים אַ צאָן אָן אַ צאָן, אַז דאָס האַרץ וואָרפט זיך אים מיט אַזאַ אימפּעט אַז עס פאַרשלאָגט אים אַזש דעם אָטעם, און ער איז געבליבן ליגן אין אַ מין וואַכיקן חלשות. אין די אויערן זשומעט, רוישט, און דער גאַנצער קערפּער אין קאָנוואולסיוון ציטער קלאַמערט זיך, גראָבט זיך טיפער אין דער ערד אַרײַן, אַהינטער די וואָרצלען. „ווען ערגעץ דאָ זאָל זיך אַ הייל געפינען . . .״טויכט אויף אַ מחשבה פונעם אַרומיקן טונקל מיט אַזאַ בליציקייט, אַזש פונקען פליען אים פאַר די אויגן. ער קען שוין נישט איינליגן, רייסט ער בגוואַלד אויף דעם קאָפּ פון אַ וואָרצל אין וועלכן ער האָט זיך געהאַט אײַנגעביסן און דערפילט פלוצים דעם ביטערלעך זויערן טעם פון פייכטער ערד, וואָס ער זויגט אַרײַן אין זיך צוזאַמען מיטן אייגענעם בלוט פון די צעריסענע ליפּן און יאַסלעס. דער אָטעם ווערט אים נאָך קירצער, אָפּגעהאַקטער ווי פריער, נאָר דער אימפּעט טרייבט אים: „ווייטער, ווייטער, ליגט די רעטונג. ווייטער זײַנען פּאַראַן סטויגן היי, קאָפּעס שטרוי, דער וואַלד. דאָרט וועט ער זיך באַהאַלטן.״

אויף אַלע פיר איז ער אַזוי געקראָכן, פאַרגעסן אפילו אַז אַזאַ האַסטיק, האַלב אויפגעהויבן קריכן, קען באַמערקט ווערן. אַ חיהשער אינסטינקט האָט אים כסדר אַ וואָרף געטאָן צו דער ערד, אַוועקגעלייגט, אויסגעצויגן אַ ווײַלע רואיק און בייטנדיק די ריכטונג ווידער האַסטיק געיאָגט זיך, ווי זײַנע זיידעס אַמאָל אין אור־וואַלד אין אַ הייל אַרײַן. ער האָט גאָרנישט

געטראַכט, גאָרנישט געזען, נאָר ווילד אימפּעטיק געשטויסן זיך פאָרויס. נישט געפילט קיין ווייטיק פון די וואונדן אויף די הענט, פיס און פּנים, נאָר חיהש הנאה געהאַט פונעם לעקן דאָס בלוט פון די ליפּן און יאַסלעס, געשלונגען געדיכטע שטיקער שפּייעכץ כמעט מיט אַ תּאווהדיקער באַפרידיקונג.

געקומען צו זיך איז ער ערשט, ווען ער האָט זיך פּלוצים אָנגעשלאָגן אין אַ ווייסער ליכטיקייט און איז אָנמעכטיק אַרויפגעפאַלן אויף אַ זאַמד בערגל ביים סוף פון פעלד. בלויז דעם וועג אַריבערצוגיין און ער איז שוין אין וואַלד. „אַ היפּשע פּאָר מייל אָפּגעלאָפן" האָט ער אין זיך אַ ציטער געטאָן און פונדעסטוועגן זיך צוריק אַריינגערוקט אין דער תּבואה. ער איז געבליבן ליגן אַ מידער, אָן אויסגעשעפּטער און איבער אים האָט זיך געבלויט אַ זומערדיקער הימל, אַזאַ ווייטער און ציענדיקער כאָטש נעם זעץ זיך אַרויף אויף אַ ווייס וואָלקנדל און שווים אַוועק. ער האָט מיטאַמאָל דערפילט די שטילקייט אַרום און צוזאַמען מיט דער שטילקייט, האָט אַזאַ הוילער עלנט געשליוכצט שטיל און איינגעהאַלטן. האָבן זיך אויך ביי אים געעפנט די קוואַלן פון טרערן און לאַנג האָבן זיי געוואַשן זיין פאַראומרייניקט און פאַרבלוטיקט פּנים.

אַ גאַנצן טאָג איז ער אַזוי געלעגן אַ פאַרטייעטער אין אַ וואַכיקן חלשות. ערשט מיט זונען פאַרגאַנג, האָט ער זיך גענומען גאַנווענען צוריק אין דאָרף אַריין מיט זייטיקע וועגלעך. געמיטן גרופּקעס פּויערים וואָס האָבן זיך צוריקגעקערט פון די פעלדער אַהיים, איבערגעוואַרט סקריפּנדיקע וועגענער פול מיט תּבואה און הילכיקן געלעכטער, נישט אַזוי צוליב מורא ווי צוליב אַ פיינלעכן בושה־געפיל צו באַגעגענען אַ מענטשן. „וואָס וועט ער דען קענען פרעגן ביי די מרה שחורהדיקע פּויערים, וואָס האָבן זיך געשלעפּט אויפן וועג ווי שאָטנס? וואָס וועט ער דען האָבן צו זאָגן צו די צעזונגענע מיידלעך אויף פול געפּאַקטע וועגענער?" מעגלעך זיי ווייסן גאָרנישט וואָס עס איז געשען, און אויב זיי ווייסן יאָ, איז וואָס? אַ מאָדנע בושה געפיל האָט אים געפרעסט אויף דער נשמה. ער האָט זיך אַליין נישט געקענט קלאָר מאַכן פאַרוואָס, אָבער ער האָט זיך אַליין געזען אַזוי קליין און נעבעכדיק. עפּעס אָן אַ טעם, אָן אַ זין האָט אַלץ אויסגעזען: די גאַנצע פרימאָרגנדיקע שרעק, זיין אַנטלויפן דורך טינופת, זיין אויסבאַהאַלטן זיך אין קאָרן, די רוצחישע פּנימער פון די לעגיאָנערן, דאָס שאָטנדיקע שלייכן זיך פון פּויערים און דאָס אָפּטע אויפציטערן פון אַ פייערל פון אַ פּאַפּיראָס ביי איינעם פון זיי, און דער נאָכקלאַנג פונעם זיך דערוווייטערנדיקן געלעכטער פונעם יונגוואַרג אויף די וועגענער, — אַלץ, אַלץ האָט זיך געלייגט שווער אויפן געמיט. ער האָט

פאַרלוירן דעם פאָדעם וואָס בינדט שעה צו שעה און טאָג צו נאַכט. ער איז זיך אויסגעקומען ווי אַוועקגעשטעלט דאָ אין מיטן דערינען, אָן אַ פריער, אָן אַ שפּעטער, סתם אַזוי אַ געיאָגטע חיה וואָס זעט אַפילו נישט דעם יעגער. געשפּענסטיק האָט אַלץ אויסגעקוקט אַרום: דאָס קאָרן פעלד וואָס האָט אים פאַרדעקט אַ גאַנצן טאָג, האָט זיך שאָטנדיק פאַרגראָבן אין זיך און שטיקערווייז פאַרהוילן געוואָרן אין אָנקומענדיקן טונקל. ער האָט דערפילט אַ מוראדיקן חשק אָפּצושפּרינגען וואָס ווייטער פונעם פעלד און נישט געהאַט קיין כוח עס צו טאָן. האָט ער זיך אַזוי געראַטשקעט ביי דער זייט פון פעלד און ווייל־נווייז בלויז אויפגעהויבן דעם קאָפּ צו קענען כאַפּן די ריכטונג און איבערוואַרפן זיך אויף אַן אַנדער סטעזשקע נענטער צום טשוואַרניק.

פון דאָרף האָט זיך געטראָגן אַ סקריפּנדיק פאַרמאַכן פון טויערן, פון שייערן, צוזאַמען מיט אַ הויכן איבערשרייען זיך פון שכנטעס; דאָס הירזשען פון פערד וואָס האָבן דערזען דעם שטאַל און דאָס מוקען פון פאַרבענקטע בהמות נאָכן מעלקען. פון די פויערישע כאַטעס האָבן ליכט פאַסן געשניטן איבער פאַרשאָטנטע פעלדער, און דער הויף האָט ווי אַלעמאָל אַרויסגעשיינט פון דעם הויכן פאַרקאַן אַרויס מיט חוצפּה און לוסטיקייט. בלויז דער טשוואַרניק איז געווען פינצטער, און די ווייס געקאַלכטע בלינדע וואַנט צום וועג צו, האָט אין דער טונקלקייט געשראָקן מיט ווייסע תכריכים.

אַ היפּשע ווײַלע איז שטערנבערג געשטאַנען צווישן די באָב שטעקנס אין גאָרטן און געזוכט אויפצוכאַפּן כאָטש אַ קלאַנג פונעם טשוואַרניק אַרויס. „ס׳איז דאָך נישט מעגלעך, אַז קיינער זאָל דאָרט נישט זיין״ האָט ער מיט ציטערניש זיך געטרייסט, און דאָך האָט אַ דערשיטערנדיקער ווייטיק געפּייניקט: „ווער ווייס, צי צוליב זיין אַנטלויפן האָבן זיך די לעגיאָנערן נישט נוקם געווען אין אַלעמען.״ עס איז אים געווען הויל אין האַרצן. טאַמלענדיק מיט אַלע גלידער איז ער אַריבער דעם פּלויט, שטיל זיך אַ שלייך געטאָן פאַרביי דעם ברונעם און מיט בלינדע פינגער געטאַפּט די טיר פון ביילקעס דירה. אין דער פינצטער האָט ער נישט באַמערקט, אַז די טיר פונעם פאָדערהייזל איז אָפן און די טאַפּנדיקע הענט זיינען אַריינגעפאַלן אין פינצטערן חלל ווי אין אַן אָפענעם שלונג אַריין. די האָר פון קאָפּ האָבן זיך אים אַזש געשטעלט קאַפּויר פון שרעק. מיט אַלע כוחות האָט ער זיך אָבער געשטאַרקט נישט צוריקצושפּרינגען. בגוואַלד ממש האָט ער זיך געצוואונגען אַראָפּצובייגן אויף דער ערד און אַרונטערשטעקן די האַנט אונטערן פעסל וואַסער און אָפּערנעמען דעם טאַש מיט דער לעגיטימאַציע, וואָס ער האָט דאָרט באַהאַלטן נאָך אין דערפרי. ערשט איצט האָט ער דערפילט

ווי נאַריש עס איז געווען דאָס באַהאַלטן די לעגיטימאַציע און דווקא אונטערן פּעסל וואַסער. מיט ליבשאַפט ממש האָט ער געגלעט דאָס פּאַפּירל און עס צוריק אַריינגעלייגט אין בוזעם קעשענע.

א שטיל רעדן האָט אים פּלוצים אויפגעהויבן פון אָרט. „מ'לעבט נאָך דאָ" האָט אַ פרייד געפיל אים פאַרשלאָגן דעם אָטעם און כמעט אַ שטאַמלענ־דיקער האָט ער אַן עפן געטאָן די טיר וואָס פירט אין שטוב אַריין:

„ווער איז דאָ דאָ?"

„דאַנקען גאָט" האָט די חיימעכע מער אַ שליוכץ געטאָן ווי אַרויסגערעדט די ווערטער.

„יעזוס האַרציקער!" האָט מאַרטאַכע געריבן אַ שוועבעלע און נישט געקענט אַרויסציען דערפון קיין פייער, „אַז מ'זיצט אין דער פינצטער, זעט מען נישט דאָס אייגענע גליק. כ'האָב אָבער די גאַנצע צייט געזאָגט, אַז ער איז דאָ ערגעץ אין דער תבואה."

„גוט געמאַכט, פּראָפעסאָר!" האָט וואַווערניוק אַ שלונג געטאָן די ווערטער און מער גערעדט מיט די הענט, וואָס האָבן אַ כאַפּ געטאָן שטערנבערגן און אַ הויב געטאָן מיטן גאַנצן כוח, „אָט אַ כוואַט. פון אונטער די הענט זיך אויסגעדרייט."

„דאָס האָב איך דאָך געטענהט צו זיי," האָט מאַרטאַכע אָנצינדנדיק ענדלעך דאָס קאַניצל געמאָלן אויף גיך, „אַז כ'האָב אים נישט געזען אויף די וועגענער ביי זיי, איז ער מסתמא דאָ ערגעץ. איז אָט איז ער,ביילקע." האָט זי פריילעך אַרומגעטענצלט אין שאָטנדיקן צימער. דורך דעם גרוי צאַנקנדיקן קאַניצל האָט ערשט שטערנבערג דערזען דעם חורבן אין צימער. דאָס וואָס עס איז נישט געווען צעבראָכן, איז אַזוי געלעגן איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ. בלויז איין דייזשקע איז עפּעס געבליבן שטיין אויפן אָרט ווי אַלעמאָל אין ווינקל לעבן אויוון. די פּנימער פון די שטוביקע האָט ער קוים געזען. ביילקע איז געלעגן אויפן בעט מיט אַ נאַסן האַנטעך אויפן קאָפּ און שטיל געהעשעט. די קינדער זיינען געשטאַנען לעבן איר און געצאַפּלט: „מאַמע, דער לערער איז דאָ." מיט שוועריקייטן האָט זי זיך געפּרואווט אויפזעצן און צוריקגעפאַלן אויפן הוילן שטרוי אין בעט.

„אַזאַ גזר," האָט מאַרי ליבע פון אַ ווינקל אַרום געבליפּעט, „איבער־געלאָזט הויל און נאַקעט. וואָס זי האָט עס אָפּגעהאַרעוועט אַ זומער."

„אַ גליקלעכע מאַמע אייערע," האָט מאַרטאַכע אַרומגעטענצלט און נישט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך.

„זאָל זיין דערשראָקן, אַבי נישט דערשלאָגן,״ האָט די חיימעכע פרום גערעדט ווי צו זיך, „מ׳האָמיר גאָרנישט געוואוסט וואָס אָנהייבן צו טאָן. אָנזאָגן דער מאַמען אַזאַ בשורה, ווויי איז מיר, די קינדער האָבן דאָך אַליין געהערט שיסן.״

„מ׳האָט איר גאָרנישט געקענט אויסרעדן,״ האָט וואָורעניוק שעפּטשענ־דיק געוויזן אויף ביילקען, „ליגט אַ גאַנצן טאָג ווי אַ געפּגרט הינדל. דעם לעצטן גראָשן האָט מען איר צוגענומען.״

שטערנבערג איז געשטאַנען אַ צעטומלטער און נישט געקענט עפענען דאָס מויל. אַלץ האָט אויסגעקוקט אַזוי געשפּענסטיק און גרויליק. די רייד און דאָס קרעכצן, צוזאַמען מיט די מענטשן און גרויע שאָטנס האָבן זיך אויסגעמישט אין איין שאָטנהאַפטע האַלוצינאַציע. עפּעס אין אים האָט שטום געוואָיעט, געריסן זיך צום אויסדרוק און נישט געקענט אַרויסקומען. איז ער געשטאַנען אין מיטן צימער, געגלאָצט אויף אַלץ און גאָרנישט פאַרשטאַנען. ער האָט געהערט ווי מ׳פרעגט אים וואו איז ער געווען און פאַר וואָס ער איז אַזוי פאַרבלאָטיקט, אָבער נישט געקענט ענטפערן. ער האָט עס כמעט ווי פאַרגעסן. נאָר פּלוצים האָט ער מיט אַ מאָדנעם שמייכל אַרויסגעפּלאַצט אויף אַ מאָל: „דאָס טינופת הינטערן שטאַל האָט מיך פאַרשטעלט.״

„הינטער דער נאָז האָבן זיי פאַרגעסן אַ קוק צו טאָן,״ האָט זיך מאַרטאַכע פריילעך צעהירזשעט, „דראַניעס אַזעלכע. נו, נעם עפּעס אין מויל אַריין,״ האָט זי אים אונטערגעטראָגן אַ וואַרעם גלאָז מילך. „איצט מעגסטו שוין אויך נעמען עפּעס אין מויל אַריין, ביילקע. און ווען דו פאָלגסט מיך, וואָלסטו נאָך איצט געגאַנגען מיט די קינדער צו מיר אין הויז. דער פּראָפעסאָר וועט גיין מיט הריציון.״

„גאָט זאָל אייך באַצאָלן,״ האָט ביילקע קוים אַרויסגעשעפּטשעט, „מירן בעסער זיין אַלע אין איינעם.״

„אוודאי,״ האָט חיים, וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אָן אַ זייט און געקייט די שפּיצן פון דער שוואַרצער באָרד, קוים אַרויסגערעדט אַ וואָרט און די שוואַרצקייט וואָס האָט געיאָגט פון אים די גאַנצע צייט איז אַביסל קלאָרער געוואָרן, „דאָס איז נאָך נישט אַלץ,״ האָט ער גערעדט סתם אין אַן ערגעץ אַריין, „לאָמיר כאָטש זיין אין איינעם . . . ברענג אַריין די קינדער אַהער,״ האָט ער זיך געווענדט צום ווייב, „וואָלף וועט אויך זיין דאָ.״

„קום הריצו, עס ווערט שפּעט, אַ גוטע נאַכט!״ האָט מאַרטאַכע זיך פּלוצים אַ כאַפּ געטאָן און אַרויסגעלאָפן פון הויז.

פון איבער דער וואַנט, האָט זיך געטראָגן דאָס מאָדנע צערעפּעטע קול פונעם לאַנגען וואָלף אונטעראייַלנדיק דאָס ווייב מיטצונעמען די שעניקעס און אַריבערגיין צו ביילקען אין שטוב אַריין, און דאָס שרעקעוודיקע וואָרטשען פון די שטומע קינדער.

## כא

אין איינע פּאָר טעג, האָט אַן אימהדיקע אָנגעצויגנקייט שוין געהויערט איבערן גאַנצן דאָרף. מ׳האָט זיך געשושקעט, אַז יעדע נאַכט שיקט מען אָפּ פון הויף פול געפּאַקטע פורן אין שטאָט אַריין. פון די פּריצים האָט זיך שוין קיינער נישט געוויזן אויפן הויף. אין די פאַרטאָגן, האָט מען שוין דייטלעך געהערט די טעמפּע אָפּקלאַנגען פון האַרמאַטן און דאָס פּייפל פון טאַראַטק האָט מער נישט גערופן צו דער אַרבעט. איז אָבער דער עולם אַליין געקומען. מיט ווייב און קינד, מיט שמאַטעס און פאַרריסטע טעפּ איז מען כאָפּטעסווייז און אין גרויס געדרענג, אַרויס פון די באַראַקן און זיך געשטופּט, געשטויסן צום קאַנטאָר. מיט די לאָנקעס זיינען געקומען פאַרשמייעטע וואַלד אַרבעטער מיט די זעגן און העק אין די הענט. פאַרשוואַרצטע און אויסגעמאָרעטע, האָבן זיך מיטן וועג געאיילט די קוילן ברענער, און מיט זיי — האָבן זיך געריסן כריפּנע קולות שעלטנדיק און דראָענדיק. זיי האָבן זיך געשטויסן און געשטופּט אין אַלע זייטן; איבערגעקערט אויפן וועג די פּריצישע בריטשקעס און וואָגנס, אַראָפּגעשלעפּט פון די רעלסן וואַגאָנעס פון דער קליין־באַן און מיט הוראַ געבראָכן די גרויסע קעסלען הינטער די באַראַקן. קיינער האָט נישט געוואוסט וואָס מ׳וועט טאָן און נאָך וואָס מ׳איילט זיך אַזוי. מ׳האָט נישט געהערט דאָס אייגענע קול און דערפאַר נאָך ווילדער און צערייצטער געוואָרן און זיך פאַרלוירן אין דעם גרויסן ליאַרעם. הענט אויפגעהויבענע ווי סטראַשידלעס און הענט נאָכגעלאָזט פון מידקייט און פאַרלוירנקייט, האָבן זיך געמישט מיט די קולות און זיך געפּלאָנטערט אינעם קנויל פון שמאַטעס פון ווייבער, קינדער און צעכראַסטעטע מענער. און איבער דעם אַלעמען האָבן אין פרימאָרגן נעפּל זיך הויך געטורעמט אַ פּאָר דראָענדיקע פויסטן, וועלכע האָבן ווי פאַרקניפּט דאָס גאַנצע געווימל אין איין קנויל.

פאַר דער טיר פון קאַנטאָר האָט זיך דער קנויל אַ וואַקל געטאָן און צוריקגעפאַלן ווי אַ כוואַליע וואָס שלאָגט זיך אָן אין פעלזיקן ברעג; אומגעריכט זיך געגעבן אַ צי צוריק, אומוואַרפנדיק די וואָס זיינען געשטאַנען צום נאָענטסטן, און באַלד זיך געגעבן אַ בייג אויף פאָרויס מיט אַן אימפּעט וואָס איז באַגלייט געוואָרן פון אַ טראַסק פון שויבן און קנאַקן פון דינע ברעטלעך.

„דער פּריז! זאָל אַרויסקומען דער פּריז!" האָט ווער אינעם הילך אַ רעווע געטאָן און הונדערטער קולות האָבן אונטערגעכאַפּט: „פּאַניע קאַמינסקי, קאַמינסקי!"

די פענצטער אינעם אויבערשטן שטאָק פון קאַנטאָר זאָבן פּלוצים אויפ־געפּראַלט מיט אַ טראַסק. שפּיצן פון גלאַנציקע באַיאָנעטן האָבן אַ בלאַנק געטאָן איבער דער מאַסע קעפּ און אַלץ שטום געמאַכט. בלויז צווישן די באַראַקן ערגעץ האָט זיך געטראָגן דאָס יאָמערנדיקע קול פון דער משוגענער: „סטעפּקו, באַהאַלט זיך, זיי זיינען שוין ווידער געקומען, סטעפּקו!"

דער המון איז געשטאַנען שטום. אַלעמענס בליקן זיינען געווען אָנגעצויגן אַרויף צו די בלאַנקענדיקע שטיקעס, דראָענדיקע לעכער פון די ביקסן און פיר קאַנטיקע היטלען פון די אָנגעכמורעטע לעגיאָנערן. אַ סעקונדע איז אַלץ געווען ווי פאַרגליווערט. דאָס אָטעמען האָט זיך אַפּילו ווי אָפּגעשטעלט, נאָר באַלד האָט ווער הייזעריק אַ כריפּע געטאָן:

„ברויט!"

אַ קנאַל פון צענדליקער ביקסן האָט אַ הילך געטאָן אין דער לופטן און דער המון, אַ צום טויט דערשראָקענער, האָט גענומען שפּרינגען און קנוילן זיך מיט אָפּגעהאַקטע קולות און יללות צוריק צו די באַראַקן צו. אויפן באַלקאָן האָט זיך באַוויזן פאַן קאַמינסקים זינדל אין פולן לעגיאָנערישן מונדיר און רעוואָלווער אין האַנט קוויטשנדיק מיט אַ פאַרלעגערטער שטימע:

„מיר וועלן אייך אָנלערנען, הינטישע זין! טראָגט זיך אָפּ פון דאַנען!"

„אַ טשו, אַ טשו!" האָט פון די באַראַקן זיך אַ יאָג געטאָן אַ ברילנדיקער אויפגעשריי, „אַ טשו, פּוילישער חזיר!"

פון די הויפישע שטאַלן האָבן זיך ראַפּטום אַ יאָג געטאָן הויך־געלאָדענע וואָגנס און לייכטע בריטשקעס און געבליבן שטיין פאַר דער קאַנטאָר. דאָס קנאַלן פון די בייטשן און הירזשען פון צעהיצטע פערד האָט איבערגעהילכט דאָס געשריי פון די באַראַקן, וואָס האָט זיך געריסן ווי פון הוילע פעסער אַרויס.

פון דאָרף, מיט די גערטנער האָבן אָנגעהויבן קומען מחנות פויערטעס מיט זעק און פלאַכטעס. זיי האָבן אויסגעמיטן די באַראַקן, און ווי דורך אַן אָפּגערעדטן צייכן זיך פאַרנומען גלייך צו די שפּייכלערס הינטערן טאַרטאַק. באַלד האָט זיך אויך באַוויזן דער דאָרפישער סטאַראָסטע מיט דער גרויסער מעשענער קייט, דער סימבאָל פון זיין מאַכט, אויפן האַלז. נאָך אים איז געגאַנגען דער גלח אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצער סוטאַנע געזוימט מיט גאָלד,

און אָסיפֿ איז לעפּיש געשפּרונגען ביי דער זייט, קלינגענדיק און צייכנענדיק אין דער לופֿטן מיט עפּעס אַ רויכערנדיקע כּלי ווי אַ בשמים־ביקס. פֿאַר די באַראַקן זיינען זיי געבליבן שטיין. דאָס געשריי האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ רגע. דער גלח האָט עס גלייך אויסגענוצט און אָנגעהויבן מיט אַן ערנסט געהויבענער שטימע: „האָספּאָדי פּאָמילאָי (האָב רחמנות, האַר),” העגט האָבן זיך שוין אינסטינקטיוו אַ כאַפּ געטאָן בום צלמען זיך. פֿון אַ זייט אָבער האָט זיך שוין אינסטינקטיוו אַ כאַפּ געטאָן צום צלמען זיך. פֿון אַ זייט אָבער האָט יאָמער. „דאָס ביסטו, סטעפּקו, אַנטלויף מיין קינד, זיי זיינען רוצחים!”

איר יאָמער און אויסגעשריי האָט אַ ריס געגעבן אַלעמען אין דער נשמה, און ווי דאָס וואַסער פֿון אַ דורכגעבראָכענער דאַמבע האָט דער עולם זיך אַ שפּאַר געטאָן פֿון אַלע זייטן, געדרעוועט, געברילט און געליאַרעמט מיט באַנומענע קולות. קיינער האָט שוין מער נישט געדענקט וועגן דער געפֿאַר. געכאַפּט וואָס עס איז געקומען אונטער דער האַנט: שטיקער פּלויט, העק, זעגן, לאָפּעטעס, גאַנצע ברעטער און זיך געוואָרפֿן פֿאַרויס. די פֿערד פֿאַרן קאַנטאָר האָבן זיך דערשראָקן און זיך געלאָזט לויפֿן הענדום פּענדום. קיינער האָט נישט געהערט מער דאָס קנאַלן פֿון די ביקסן, נישט געזען ווי אייניקע בייגן זיך און פֿאַלן אַוועק. מ'איז געלאָפֿן איינער איבער דעם אַנדערן און פֿאַרביי דעם אַנדערן, אָן אַ ציל און אָן אַן אויסרעכענונג. דער אימפּעט האָט געטראָגן און געיאָגט פֿאָרויס צום קאַנטאָר צו.

„פֿאַרברענט זיי ווי די מייז!”

„ווי די פֿאַרשיווע הינט!”

„צום טאַרטאַק!”

„צו די שפּייכלערס!”

„צו די שטאַלן!”

„לאָזט זיי נישט אַנטלויפֿן!”

די ווענט פֿון קאַנטאָר האָבן געטראַסקעט און געקנאַקט פֿון די קלעפּ פֿון העק און אייזנס. די גאַנצע ערד אַרום האָט געציטערט. פּלוצים איז אַלץ שטיל געבליבן. אין דער צעמישעניש האָט קיינער נישט באַמערקט ווי די לעגיאָנערן זיינען פֿאַרשוואונדן פֿונעם אויבערשטן שטאָק, און דורך די הינטער טירן אַריינגעשפּרונגען אין די קאַרטאָפֿל פֿעלדער און אַזוי אומבאַמערקט זיך אַוועקגעראַטשקעט צום וואַלד צו. ערשט ווען אַ קנויל צעיאָכמערטע אַרבעטער האָבן זיך פּלוצים באַוויזן אויפֿן גאַניק פֿון אויבערשטן שטאָק, האָבן זיך אַלע געכאַפּט וואָס דאָ איז געשען און אַרויסגעלאָזט אַזאַ מאָדנעם גרילץ,

וואָס האָט זיי אַליין איבערגעשראָקן און פאַרוואונדערט, אזש אָפּהענטיק געמאַכט.

„אונטערצינדן!" האָט זיך דערהערט אַ הייזעריקע שטימע פון אונטן.

„בהידער!" האָט אנדרוך אַ דונער געטאָן פון דער הויך, „די פּריצים זיינען שוין נישטאָ!"

„און מיר זיינען געבליבן!" האָט ווער אים אונטערגעהאָלפן.

„ברידער," האָט אנדרוך זיך נישט געלאָזט אוועקפירן אָן אַ זייט, „אַלץ איז איצט אונדזערס. דער טאַרטאַק, די שפּייכלערס און דער גאַנצער הויף. פאַרנעמט הייזער פאַר זיך און די תבואה וועט מען צעטיילן פאַר אַלעמען."

פון דעם אופן ווי דער עולם האָט אויפגענומען דעם באַפעל, איז געווען קלאָר אַז דאָס אייגנטלעך איז געלעגן ביי אַלעמען אויף די הערצער. דער ליארעם איז מאָמענטאַל איינגעשטילט געוואָרן און אַ געפּרעסטע שטילקייט האָט זיך אַ צי געטאָן איבער אַלעמענס קעפּ. צום גאַניק צו, וואו אנדרוך איז נאָך אַלץ געשטאַנען מיט אַן אויפגעהויבענער האַנט און געציילט די ווערטער: „קיין אויסצאָלונג איז שוין נישטאָ ביי וועמען צו מאָנען. די פּריצים זיינען אנטלאָפן."

„אַ פּגירה אויף זיי!" האָבן זיך אַ ריס געטאָן עטלעכע קולות אויף אַמאָל.

„דער טאַרטאַק מיטן הויף זיינען געבליבן, אין די שפּייכלערס ליגט תבואה."

„אַלץ צעטיילן" האָט ווער פון עולם אַ געשריי געגעבן.

„מיר טאָרן נישט ראַבעווען. ס'איז איצט אונדזער אייגנס. ביז די אונדזעריקע וועלן קומען זיינען מיר די באַלעבאַטים," האָט אנדרוך איבער־געשריגן אַלעמען.

דער סטאַראַסטע וואָס איז געשטאַנען איינגעפּרעסט צווישן עולם, האָט זיך ביי די ווערטער גענומען אַרויסקריגן די הענט, אויף שנעל אויסגעטאָן די קייט פון האַלז און זיך גענומען שטופּן אויף צוריק. אנדרוך האָט אים באַמערקט און מיט אַמאָל אַ רעווע געטאָן מיט כעס:

„די וואָס האָבן מורא, זאָלן בעסער גיין הינטער די איבערבעטן, און די וואָס וועלן טשעפּען אָן אַ דערלויבעניש וועלן זיך אַליין שולדיק זיין," האָט ער געפאָכעט מיט אַ רעוואָלווער.

„אַ נייער פּריץ!" האָבן זיך דערהערט פּראָטעסטן.

די אומרואיקייט איז געוואַקסן פון סעקונדע צו סעקונדע. אַ נייע שטופּעניש

און וואָרטשען האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט, נאָר אַנדרוכס שטימע האָט זיך אַלץ געקייקלט איבער די קעפּ און צוגעשמידט צו די ערטער.

„אַלץ מוז זיין מיט אָרדענונג. ביז אונדזערע וועלן קומען דאַרף מען אַליין באַשטימען אַ קאָמיסאַר."

„וואָורעניוק!" האָבן זיך דערהערט קולות פון עולם.

„אַנדרוך!" האָבן געשריען באַראַק איינוואוינער פון אַלע זייטן.

„זאָלןביידע זיין!"

„ביידע, הוראַ!" האָט דער עולם זיך צעוויגט אין אַ שטורעם.

און דער הוראַ האָט אָפּגעהילכט איבער די פעלדער, געטריבן דעם נעפּל אויפן טייך און פאַרפאַלן געוואָרן אין געדיכטן וואַלד, וואו די לעגיאָנערן זיינען געלעגן און געטשאַטעוועט ווי די חיות אויף רויב. אין דאָרף אַריין האָבן זיי אָבער נישט געוואַגט צוריקצוגיין אָן פאַרשטאַרקונגען.

די ערשטע זאָרג פון די קאָמיסאַרן איז געווען צו שטעלן וואַכן ביי די שפּייכלערס און צו געבן די ערשטע הילף צו די פאַרוואונדעטע. וואָורעניוק ווי אַ געוועזענער סאַניטאַר האָט זיך אויסגעטויגט צו דעם. די פּריצישע ווייסע עמדער האָבן גלייך געקראָגן אַ תיקון און פון קאָמינסקים שלאָף צימער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שפּיטאָל. אין משך פון טאָג איז צונויפגעשטעלט געוואָרן די מיליץ. די קאָנטאָר איז צוריקגעבראַכט געוואָרן אין אָרדענונג און אָסיפּ איז אַרומגעגאַנגען איבערן דאָרף, געקלונגען אין אַן אַלטער קאָסע און געמאָלדן, אַז מאָרגן גאַנץ פרי וועט מען אָנהייבן טיילן תבואה. פריער וועלן קריגן די וואָס ס'קומט זיי געהאַלט פאַר אַרבעט און דאָס איבעריקע וועט צעטיילט ווערן צווישן די הויף אַרבעטער און נישט פאַרמעגלעכע פּויערים.

דער עולם איז געווען יום־טובדיק אויפגעלייגט. פון די באַראַקן האָט מען זיך האַסטיק אַרויסגעקליבן מיט האַק און פּאַק אין די הויפישע צימערן אַריין, אָבער דאָך האָט אַ פּחד אַרויסגעקוקט פון אַלע ווינקעלעך, און גאָר אַ סך, באַזונדערס די איינוואוינער פון טשוואַרניק האָבן זיך נישט געוויזן אין דרויסן.

פאַרנאַכט צו, האָט זיך מיט אַמאָל דערהערט אַ זאַלפּ פון אַ פּאָר צענדליג ביקסן פון וואַלד אַרויס. און מיט ווילדן גאַלאָפּ האָט זיך אַ ראָטע פּוילישע פעלד־זשאַנדאַרן אַריינגעריסן אין דאָרף אַריין. זיך גלייך פאַרנומען צו די פּריצישע שטאַלן און גענומען אַרויסטרייבן די בהמות. דאָס מעקען פון די בהמות און הירזשען פון פערד האָט די אימה נאָך גרעסער געמאַכט, אַזוי אַז אַפילו די מיליציאַנטן האָבן נישט געוואַגט אַרויסצוקריכן פון די באַ־

העלטעניש. און ווער עס האָט נאָר געקענט האָט דורך די גערטנער זיך געגאַנוועט אהיים און אין געאייל אַרויסגעפּירט די אייגענע בהמה פון שטאַל. מיט אַ זאַק איר פאַרשטאָפּט די אויערן און דאָס מויל און זיך גע־לאָזט מיט די לאַנקעס צום וואַלד אין דער אַנדערער זייט פון דאָרף.

ווי דורך אַ צייכן האָבן זיך אַלע געצויגן צו איין פונקט, צום טאָרף־פעלד. דאָרט וואו דער וואַלד עפנט זיך אויף מיט אַ שמאָל סטעזשקעלע, געגוג קוים פאַר איין מענטש אדורכצושטופּן זיך, אָבער ווייטער צו זיינען דאָ גאַנצע שטיקער לאַנקע וואָס זיינען אַרומגערינגלט מיט אַלטע דיקע סאָסנעס וואָס לאָזן קוים דורך אַ שיין. אַהין האָבן אַלע געצויגן. דאָרט איז דאָס באַהעלטעניש פאַר פויערישע בהמות נאָך פון קדמונים. אין דאָרף גייען אַרום פאַרשידענע מעשות וועגן יענער געגענט. דאָרט זאָלן זיך געפינען קברים פון הײדאַמאַקעס. ערגעץ אין יענער געגענט, זאָלן אַמאָליקע שררות האָבן אויסגעבויט היילן וואו זיי האָבן באַהאַלטן זייערע אוצרות. און רואיקע צייטן וואַגט קיינער נישט צו גיין אַהין, ווייל די טאָרף פעלדער זיינען נאָר נאָענט און נישט איין בהמה און מענטש וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט, איז שוין קיין לעבעדיקער נישט אַרויס. אין אַ נויט אָבער איילט מען זיך וואָס שנעלער אַנצוקומען אַהין.

אויך אין טשוואַרניק האָט מען געטאָן ווי אַלע אין דאָרף. די פרויען און קינדער זיינען געבליבן אין דער היים און חיים מיטן לאַנגען וואָלף און שטערנבערג, האָבן שטילערהייט אַרויסגעפירט די בהמות און גלייך מיט אַלעמען זיך געגאַנוועט צום וואַלד צו. דורך די גערטנער, פאַרשטעלט פונעם הויף צעוואַקסענעם באָב, איז מענטש און בהמה געקראָכן. געשטופּט זיך דורך שמאָלע ווענעלעך און ראָוועס נישט וואַגנדיק צו אָטעמען אפילו. האָט אַ בהמה זיך פאַרוואָלט אויסדרייען דעם קאָפּ צום אייגענעם שטאַל צו און אַרויסלאָזן אַ בענקענדיקן מרוק, האָט דער מענטש שטייפער איינגעצויגן דעם זאַק איבער דער בהמהס קאָפּ און מיט אַ ציטער איר געגלעט אין רוקן. מיט די צערטלעכסטע ווערטער אַריינגערעדט אין איר, פלאַטערנדיק און בעטנדיק זיך: „ליובאַ, האַרציקע מיינע. נו שוין באַלד, באַלד." עס האָט זיך אָבער פאַרט נישט אַלעמאָל איינגעגעבן צו באַרואיקן די בהמה און אַ טעמפּער, זיך באַקלאָגנדיקער יאָמער, האָט אַ גרילץ געטאָן פון הינטער אַ זאַק אַפּער. די שרעק וואָס האָט אַזוי אויך געהאַלטן אַלעמען אין קלעם איז שטאַרקער געוואָרן, און אויסגעגלאָצטע אויגן מיט אָנגעשפּיצטע אויערן פון קריכנדיקע מענטשן זיינען שטיין געבליבן אויף אַמאָל, ווי איינגעשניטן זיך אין דער פינצטערניש אויפצוכאַפּן און דערבליקן דעם שונא, וואָס וועט אָט באַלד אַ שפּרונג טאָן מיט זיין גאַנצער שווערקייט פון ערגעץ אַ לאָך אַרויס אָדער פון הינטער אַ בוים. יעדער מינדסטער שאָרך איז געהערט געוואָרן. די גרויסע

סוף חודשדיקע פינצטערניש איז געלעגן פאַר און אויף אַלץ, און דאָך האָבן אַלע געזען. מ'האָט געזען מיט אַ מאָדנער ראיה, ממש זיך געשניטן אַ וועג דורך אַ פינצטערער וואַנט. מיט יעדן טראָט האָט זיך די פינצטערניש געעפנט, נישט פאַר די אויגן, נאָר פאַר הענט און פיס, אַפילו פאַר די פאַרשטיקטע כאָרכלען פון מרוקנדיקע בהמות. עפעס ווי מענטש און חיה און פינצטערניש און אימה וואָלטן געוואָרן איין שטיק און איינער דעם אַנדערן קומט אַנטקעגן, העלפט אַרויס און שטופט זיך ערגעץ מיט אַ זעעוודיקער בלינדקייט. עפנט די שוואַרצע וואַנט און ברענגט אַנטקעגן עפעס אַזעלכע קיינמאָל נישט געאַנטע און נישט באַרירטע וועגלעך, זאַמדיקע און בלאָטיקע און פול מיט שטעכיקע נאָדל ביימלעך.

שטופט מען זיך פאָרויס; פאַר דיר אַ שאַרע וואָס קריכט ווי דו. הינטער דיר נאָך ווער, און דו ווייסט נישט צי אַ סך צי ווייניק און עס אַרט דיך נישט אויך, מ'קוקט נישט אויף צוריק. מ'רעדט נישט איינער צום אַנדערן, מ'באַדאַרף גאָרנישט פרעגן, נאָר טראָט ביי טראָט פאָרויס. האַלט פעסט דער בהמהס פיסק, זי קען נאָך אַ מרוק טאָן, און אין ביידע זייטן הויערט די פינצטערניש ווי אַן אַפּאָקאַליפּטישע געשפענסט. פילסט דעם שווייסיקן אָטעם פון עפעס אַ גרוילעקן כוח וואָס פרעסט פון אַלע זייטן.

נאָענט צו די טאָרף־פעלדער, האָט אַן אָפּגעהאַקטער שושק זיך אַ טראָג געטאָן דורך דער גאַנצער שערענגע. ווי אַ גלייכע ליניע געצויגן דורך די פיס האָט אַ וואָרט זיך אַ קייקל געטאָן און יעדן אָנגערירט: „רעכטס!" האָט מען נישט איבערגעפרעגט, נאָר אַ קייקל געטאָן דעם שושק הינטער זיך. די שערענגע ציט זיך ווייטער. לינקס זיינען די בלאָטעס, איז יעדן געשטאַנען פאַר די אויגן. רעכטס, נאָר רעכטס האָבן זיך ווידער געשטופט מענטש און בהמה.

פּלוצים איז די גאַנצע שטומקייט אויפגעריסן געוואָרן פון אַ צאַפּלדיקן מרוק. און נישט בלויז די אויערן, נאָר אויך אויגן און אַלע אברים זיינען אויפגעריסן געוואָרן פון דעם פרייען יובלענדיקן מרוק וואָס האָט זיך געטראָגן פון אַ יונג בהמהלע, וואָס האָט זיך באַפרייט פון דעם באַלעבאָס האַנט און זיך אַ לאָז געטאָן לויפן אויף צוריק. פאַרטשעפּנדיק זיך אין אַ צווייג מיט אַ האָרן, האָט זיך עס אַ שטעל געטאָן אויף די הינטערשטע פיס; מיט גאַנצן פאָדערשטן טייל קערפּער געגאַפּיעט אויף דער מחנה און מיט אַן אָפן מויל ווי דער שלונג פון טויט געיאָמערט: מו, מו, און נאָך אַמאָל מו!

ערשט איצט, אינעם אויפשוידער פון נאָענטער סכנה, איז ווי אַ מאַסע מיט אַמאָל אַראָפּגעפאַלן פון אַלעמענס הערצער. די וואַנט פון פינצטערניש איז אָפּגעשפּרונגען, און אַלע האָבן פּלוצים געזען ווי פון צווישן די שפּיצןביימער פון נאָענטן וואַלד קריכט אַרויס די לבנה, אַ געשפּענסט מיט אַ

קיילעכדיקער רויטער צונג. אַ סעקונדע בלויז האָט עס געדויערט, אָבער אין דער סעקונדע האָט זיך דאָס געשפּענסט אַזוי אויסגעצויגן אַז ס'איז געוואָרן איינס מיטן מרוק און די אויסגעשטרעקטע פּיס פונעם בהמהלע, און דער גאַנצער עולם האָט אַ פאַל געטאָן אויף צוריק מיט אַ פּחד וואָס האָט געגליווערט דאָס בלוט.

פונעם זעלבן גליווערדיקן אור־וואַלדיקן פּחד געפירט, האָט איינער פון דער מחנה זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט מיט אַ מאָדנעם אימפּעט. אַראָפּגע־שלעפּט פון זיך די סערמיינגע און אין בלויזן העמד געבליבן שטיין אַקעגן דעם אָפענעם שלונג פונעם בהמהלע. אַ סעקונדע בלויז איז ער אַזוי געשטאַנען און זיך איינגעגעסן מיט די אויגן אין דעם מרוקנדיקן באַשעפעניש, און פּלוצים מיט אַ פלינקן שפּרינג־אונטער אַ כליופּ געטאָן: „אַ אָך!" און די סערמיינגע צוזאַמען מיטן פויערס אויסגעצויגענע האַנט האָט ווי אַ קויל אַ זעץ געטאָן אינעם אָפענעם פּיסק פון דעם בהמהלע, וואָס האָט זיך אויגנ־בליקלעך אַראָפּגעלאָזט אויפן בויך מיט אַ פאַרשטיקטן לעצטן כאָרכלדיקן מרוק. די מחנה וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, האָט אַרויסגעלאָזט אַ מאָדנעם דערלייכטערנדיקן זיפץ און ווייטער זיך גערוקט דורך דער שמאָלער סטעזשקע אין וואַלד אַריין.

אויף די שפּיצן ביימער איז נאָך אַלץ געלעגן אַ משונה רויטע לבנה ווי אַ נאַר וואָס געשייערטע קופּערנע פּאַן, וואָס צווינגט די אויגן צו שליסן זיך כדי נישט צו זען ווי דער טויט און עלנט קוקט אַריין אין דער אייגענער נשמה.

„יעזוס מאַריאַ!" האָט זיך אַ ציטערנדיקער עכאָ געטראָגן פון אויער צו אויער און די הענט האָבן נאָך שטאַרקער געדריקט די מויל שלעסער פון די בהמות, אַזוי אַז די ציין האָבן אַזש געקלונגען.

ווען מ'איז געקומען צום פּלאַץ אין שוין געווען האַלבע נאַכט. הויכע און געדיכט פאַרצווייגטע ביימער האָבן אָפּגעצוימט אַ שטיק טאָליק פעלד.

„האַלט זיך צוזאַמען," האָט ווער אַ שעפּטש געטאָן, „נאָענט פון די ביימער."

„דאָ געפינען זיך די היילן," האָט אַ צעשראָקענער פויער געוואָרנט און אַ צאָן אָן אַ צאָן האָט אים געקלאַפּט, „אָט אַ נאַכט!"

אַ סאָווע האָט זיך פּלוצים צעשריגן מיט אַ יאָמערלעכן געהייל און אַ מחנה קראָען האָבן זיך אַ הייב געטאָן פון די צווייגן אַרויס מיט אַ שוואַרצן געפלאַטער: „קראַ, קראַ!" מענטש און בהמה האָבן אָנגעשפּיצט די אויערן און געגלאָצט אַרום זיך, אָבער גאָרנישט געזען אַ חוץ ביימער אין שטילן

פלאַטער און איינציקע שטערן אין הימל וואָס האָבן עפּעס אַזוי שאַרף נאָדלדיק געפינקלט און זיך איינגעשניטן אין אייגן לייב ביז טיף טיף אין הארצן, אין דער נשמה.

„וואָס וועט דאָ זיין מיט אונדז?" האָט ווער נישט אויסגעהאַלטן פאַר שרעק.

„דערבאַרעם זיך יעזו, דערבאַרעם זיך," האָבן ליפּן שטיל געפּליסטערט.

„אוי, רבונו של עולם," האָט חיים מיט אַ פאַרלעגערט קול אַריינגערעדט אין זיך און גענומען ווי אַלע צוביינדן זיין קו צו אַ בוים און אונטערגעאיילט שטערנבערגן צו טאָן דאָס זעלבע.

„דאָס מקום איז גאָר נישט קיין היימלעכס," האָט דער לאַנגער וואָלף געצאַפּלט מיט אַלע אברים. „מ'רעדט אויף דעם."

„לאָמיר זיך האַלטן צוזאַמען," האָט חיים זיי אָנגענומען ביי די הענט, „אין די היילן פּלעגן די היידאַמאַקעס זיך אויפהאַלטן. מיין זיידע עליו השלום פלעגט דערציילן אַז אין די מהומות פלעגט מען אהער פאַרשלעפּן די פּריצים," האָט ער שנעל און מיט ציטער געשושקעט ווי מורא האָבנדיק עס זאָל ווער דערהערן, און אין דער זעלבער צייט געוואָלט וואָס מער אויסטערלישעס אַרויסברענגען וועגן דעם פּלאַץ.

„און איר האָט גאָר קיין מורא נישט, שטערנבערג?" האָט ער לסוף אַ טאָמל געטאָן.

„ווען מיר האָבן אין פערצנטן יאָר געגעכטיקט אויפן בית עולם, האָב איך מורא געהאַט. אַ נאַריש יינגל געווען."

„אַזוי אויפן בית עולם. ווי אַזוי עפּעס?"

„און ווען מיר האָבן זיך אַ גאַנצע נאַכט באַהאַלטן אין די גריבער אויף דער לאַנקע אַרומגערינגלט מיט פייערן פון אַלע זייטן, האָב איך מער געציטערט. פון דאַן אָן אָבער — — —"

„נו, יאָ, גאָט איז אַ פאָטער," האָט חיים זיך דערכאַפּט און ווי געענטפערט אויף זיינער אַן איינגענער מחשבה וועלכע האָט אים אַ טראָג געטאָן אויף צוריק מיט פינף יאָר, ווען ער איז מיט ווייב און קינדער געלאָפן פון נאָענטן שטעטל און קוילן זיינען געפלויגן פון אַלע זייטן, „דאָס פערד איז דאַן געפאַלן לעבן מיר," האָט ער ווי פאַרענדיקט די מחשבה, „אַז ער וויל, היט ער אָפּ."

„אוודאי," האָט שטערנבערג עפּעס אַזוי ווי סתם אין דער וועלט אַריין

גערעדט, „פֿון אונדזער משפּחה זיינען אין משך פֿון אַ פּאָר וואָכן אַכט מענטשן אַוועקגעקומען.“

וואָס פֿאַר אַ שייכות דאָס האָט צום ענין האָט ער אַליין נישט געוווּסט, נאָר דער אומפֿאַרשטענדלעכער ווייטיק וואָס האָט אים גענאָגט אויפֿן גאַנצן וועג אַהערצו האָט פּלוצים נאָכגעלאָזט. פֿונעם ווייטיק האָט עפּעס אַ פּאַרהוילענער געפֿיל זיך אויסגעצאַפּלט און אויסגעלייגט אין דינע שפּילקעדיקע ווערטער: „פֿון סכּנה אַנטלויפֿט מען נישט.“

צוקומענדיק צום פּלאַץ איז אים עפּעס אַזוי אומהיימלעך קלאָר געוואָרן, אַז די סכּנה הייבט זיך ערשט אָן, אַז ער האָט זיך ממש געהערט זאָגן: „געווען אַכט ביז היינט, איצט איז גרייט שוין דער נײַנטער קרבן.“ די חושים זיינען אים געוואָרן אומענדלעך וואַך. אַזוי וואַך, אַז ס'האָבן זיך גענומען וויקלען געשעענישן פֿון אַמאָל משונה גיך. געשעענישן פֿון טויט און פֿאַרוויסטונג אין דער אייגענער משפּחה און היים. פֿון פֿאַרגעסנקייט האָט אויפֿגעבליצט אַ פּרייטיק צו נאַכטס זיצנדיק ביים וואַרעמען אויוון געמיטלעך און רואיק, אָבער אָט האָט אַ שנייד געטאָן דער באָבע שרהס קרעכץ פֿונעם באַנקבעטל אַרויס און שוין איז געשטאַנען פֿאַר די אויגן דער פֿעטער יונתן מיטן קליינעם שוואַרצן בערדל אַרום בלאַסן פּנים אין אַן אָפּגעהובלטן און גרויען שינעל, און מיט טרויעריקע אויגן עפּעס געמאָנט. האָט עס דערמאָנט אין איינעם אַ האַרבסטיקן דאָנערשטיק ווען דער פּאָסט טרעגער האָט אַריינגעוואָרפן דורכן פֿענצטער אַ קאָנווערט מיט אַ שוואַרצן צלם אין דער מיט, און פֿון דאַמאָלסט אָן האָט די שוואַרצקייט זיך שוין נישט אָפּגעטאָן פֿונעם הויז. שליוכצט אַרויס די מאַמע פֿון אַנדערן בעט אַרויס: „אוי! מיין קינד!“ שוועבט שוין אַרום דער עלטערער ברודער אין הויז, אַ שטילער, אַזאַ געלאַסענער געווען דער עלטערער ברודער מיט שפּראָצן פֿון ערשטער ליבע אַרום די ליפּן. דער שטערן איז אים אַרומגעוויקלט מיט אַ באַנדאַזש דורכגעווייקט פֿון בלוט. קיין אויגן זעט ער נישט, נאָר ער איז אין גאַנצן אויגן דער עלטערער ברודער, און יעדן אויג מאָנט און וואָרנט: „היט זיך!“

עס איז נישט געווען קיין שרעק וואָס האָט מיט אים געוואָרפֿן, נישט קיין פּחד וואָס האָט אים אויפֿגעשטעלט די האָר אויפֿן קאָפּ, נאָר עפּעס אַ גורלדיק געפֿיל פֿון פֿאַרבונדן זיין מיטן פֿעטער דעם יתום, וואָס איז אומגעקומען אויפֿן פֿראָנט ביי פּראָסקוראָוו, און מיטן ברודער וואָס איז געפֿאַלן אויף דער שוועל פֿון טאַטע מאַמעס הויז, געטראָפֿן פֿון אַ פֿיינדלעכער באָמבע. ווען זיי זיינען אַלע אַנטלאָפֿן פֿאַרן שונא, איז ער געבליבן אין דער היים כּדי נישט צו דאַרפֿן גיין אין מיליטער, און די באָמבע האָט אים אויפֿגעזוכט אונטער דעם אייגענעם באַלקן וואו ער איז אויפֿגעהאָדעוועט געוואָרן. „היט

זיך״ — ווארפט עס אים אין היץ און אין קעלט, אָבער, אָט האָבן זיי זיך דאָך געהיטן, און דעם גורל נישט אויסגעמיטן. אָט היט ער זיך דאָך שוין,״ און פאר די אויגן שטייען די אַנדערע מיטגלידער פון דער משפחה וואָס די כאָלעריע האָט אויסגעקאָרטשעט. אויך זיי זיינען אַנטלאָפן פון דער היים און די סכנה מיטגענומען מיט זיך. „היט זיך״ און אָט איז ער איצט אַליין, ווייט פון היים און איינגענעם דאָך. אַרומגערינגלט מיט שווארצער נאַכט און געדיכטן וואַלד, קאַלטן טוי און טיפן אָטעם פון אין שרעק פארטייעטע פויערים און שווער פאַרסקנדיקע בהמות. בלויז אַ בלוי טעלערל הימל מיט איינציקע נאָדלדיק שפּיציקע שטערן איבערן קאָפּ. פון ווייטן טראָגן זיך דונערנדיקע אָפּהילכן פון הארמאטן, „געוועזן אכט, וועט זיין אַ ניינטער.״

און דאָך האָט זיך עפּעס נישט געגלייבט, נישט געוואָלט שלום מאַכן מיט דער ציפער „ניין״. עפּעס גאָרנישט קיין מספר, עפּעס בינדט ער זיך נישט מיט די אַכט.

„גאָט איז אַ פאָטער,״ האָט אים חיים גענומען וועקן, „אָהער וועלן זיי נישט קומען.״

„יעזוס הארציקער,״ האָט אַ פויער לעבן זיי זיך איבערגעוואָרפן אין שווערן חלום.

שטערנבערג האָט גאָרנישט געענטפערט. די פריערדיקע וואַכקייט איז אַריבער אין אַ טעמפּקייט וואָס האָט פאַרפּאַפּט אַלע אברים, אָפּגעשטעלט אַלע חושים. אַ שטיק גליווער ווי דער וואָרצל אויף וועלכן ער ליגט אָנגע־שפּאַרט. בלויז די אויגן אָפענע גלאָצן אין בלויער ווייטקייט פון אויבן וואָס ווערט אַלץ בלאַסער, עס שאַריעט אויף טאָג.

## כב

צוויי טעג זיינען זיי אַזוי אָפּגעלעגן אין וואַלד. טאַקע מער געלעגן ווי אַרומ־געגאַנגען. אַ מידע טעמפּקייט האָט אַלעמען געהאַלטן ווי מיט צוואַנגען. מען האָט זיך גערירט פון אָרט בלויז ווען מען האָט געדאַרפט נאָכגיין די בהמות ביים פּאַשען זיך, אָדער ווען מען האָט זיי געדאַרפט פירן דורך די געדיכטע טיפעניש פון וואַלד צום קוועלכל וואָס האָט געריזלט פון אונטער אַ פאַרפוילטן בוים אין טאָל. און כאָטש מער ווי דאָס שעלעשטשען פון די צווייגן האָט זיך נישט געהערט און ווען נישט ווען אַן עכאָ פון אַ האָזס האַס־טיקן שפּרונג, האָט זיך כסדר אויסדאַכט אַז מ׳הערט טריט, רייד און געשרייען פון פרעמדע קולות. איינגענורעט אין זיך איז יעדערער געלעגן אויף זיין

פּלאַץ, געדרימלט מיט אָפענע מאָדנע אויסגעשטאַרטע אויגן. עס האָט זיך געדאַכט אַז מ׳ליגט שוין אַזוי אַן אייביקייט און ס׳האָט שוין אויסגעפעלט לשון אַליץ איבערצודערציילן. און אַז עמיצער האָט שוין יאָ געפונען דעם מוט אָנצוהויבן אַ שמועס, האָט ער געשעפּטשעט פון האַלדז אַרויס כּריפּנע און צוגעלייגט, אַזוי אַז מ׳האָט זיך דערשראָקן פאַרן אייגענעם קול און איינגע־נורעט זיך מיטן קאָפּ אין די אַקסלען און ווידער געשטומט, כאָטש אינע־ווייניק אין הארצן, אין דער נשמה, האָט גענאָגט עפּעס אַזוינס וואָס לאָזט זיך נישט פאַרשווייגן.

אַ טייל האָבן עס טאַקע נישט געקענט מער אויסהאַלטן און זיך בעסער נאָכגעשלעפּט נאָך דער מעלה־גירהדיקער בהמה, זיך געפּלאָנטערט צווישן די ביימער, אָנגעשלאָגן זיך אָן אַרויסשטאַרטשנדיקע וואָרצלען און דערמיט פאַר־שלאָגן די הוריות וואָס האָבן געגעסן און אויסגענאָגט דעם דם־התמצית.

„אַזוי פיל אַרבעט דאָ צו טאָן,״ האָט דער אַלטער וואָוורעניוק אין מיטן פאַרטייעטן אָפּליגן אַ גאַנצן טאָג אַרויסגעוואָרטשעט.

„ווער ווייס וואָס פונעם גאַנצן דאָברע מזל, מיטן ווייב מיט די קינדער איז געוואָרן,״ האָט חיים זיך אַזש אַ הייב געטאָן פון אָרט ווי ער וואָלט געוואָלט לויפן צוריק אין דאָרף אַריין.

„ביסט אַ טשודאַק, חיימקע,״ האָט זיך וואָוורעניוק נישט גערירט פון אָרט, „וואוס׳טו לויפן? איז מען אַוועק, איז פאַרפאַלן. נישט געדאַרפט אַנטלויפן אפשר. אָט אין אַ העק זיך פאַררוקט, שדים ווייסן וואָס. מער ווי איין פעל האָט מען דאָך סיי ווי נישט.״ האָט ער אַזוי אין אָפּגעריסענע פראַזן אויסגעלייגט זיינע מחשבות, נישט אויפהייבנדיק דעם קאָפּ אַפילו, „אָט הריציו איז אַ חכם. געבעטן מיך: לויף נישט אַלטער, וועסט סיי ווי נישט דערהיטן. געוועזן אין מלחמה דער בחור, ווייסט ער.״

נאָכן פאַרנאַכטיקן אויסמעלקען די בהמות האָבן טאַקע אַ סך זיך גע־נומען ראַטשקען צווישן די ביימער צום ראַנד פון וואַלד, כּדי איינצוהערן זיך און אַ קוק צו טאָן וואָס עס טוט זיך אין דאָרף און מער נישט געקומען צוריק. אייניקע האָבן אַרויפגעקלעטערט אויף די שפּיצן ביימער און געמאָלדן; שעפּטשנדיק אַז אין דאָרף איז פינצטער. די עלעקטרע אין הויף ברענט נישט.
„איז עס אַ סימן?״

האָט מען זיך געשושקעט און איינגעטענהט ,און נישט געקענט קומען צו קיין באַשלוס וואָס פאַר אַ סימן דאָס איז. דער נייגער איז אָבער געוואַקסן; און דאָס גאַנצע אויסבאַהאַלטן זיך דאָ, האָט אַליץ מער גענומען אויסקוקן; מאָדנע און נישט פאַרשטענדלעך. דער קנויל און פּלאָנטער אין וועלכן מ׳האָט

זיך געפונען די לעצטע צוויי טעג, האָט זיך גענומען אַפּוויקלען. די צונגען האָבן זיך אויפגעבונדן.

„אַז זיי זיינען שוין אַהער נישט געקומען ביז היינט, וועלן זיי שוין נישט קומען, זיינען זיי שוין אין דאָרף נישטאָ."

„וועלן קומען אַנדערע . . ."

„און אפשר רינגלען זיי אַרום דאָס ערטל? האָ?"

„זע נאָר ווי קיינער איז פון דאָרף נישט געקומען די גאַנצע צייט. כ'האָב שוין נישט קיין דזשעבליע ברויט."

„גיי פאַרלאָז זיך אויף באַבעס."

„דאָס האָבן זיי דווקא גוט געטאָן, מ'זאָל נישט וויסן."

דער שמועס איז איבערגעהאַקט געוואָרן פון אַ פּלוצימדיקן אויפהילכן פון אַ קוילנוואַרפער, ווי עמיץ וואָלט געשטעפּט אין דער לופטן אויף אַ דיקן ברעזענט: טאַ, טאַ, טאַ!

„ס'איז דאָ גאָר נאָענט," האָט אַ געוועזענער סאָלדאַט באַשטימט, „נאָך דעם גייט די פּיעכאָטע," האָט ער ווי אַ מבין אַ זאָג געטאָן און זיך אויסגעצויגן אויפן בויך. אַלע האָבן אים נאָכגעטאָן און אין שטומער שרעק געלעגן מיט אויפגעשפּיצטע אויערן און פּלאַטערנדיקע הערצער. די בהמות האָבן שווער געפּרייכט און זיך געריסן פון די שטריק מיט צעווילדעוועטן אימפּעט, אָבער קיינער האָט נישט געוואַגט צו רירן זיך פון אָרט. טיף אין דער נאַכט ערשט ווען דאָס שטעפּן פון די קוילנוואַרפערס האָט אויפגעהערט אויף אַ ווײַלע, האָט זיך דער אַלטער וואָורעניוק אַ ריס געטאָן פון פּלאַץ און מיט אימפּעט גענומען קריכן אויף אַלע פיר צווישן דיביימער. אויף אים קוקנדיק, האָבן אַנדערע אויך אַזוי געטאָן נישט וויסנדיק אַליין וואוהין און צו וואָס. געקראָכן יעדער איינער פאַר זיך און דאָך געהיט די באַוועגונג פונעם אַנדערן וואָס איז געקראָכן דערנעבן. נאָר נישט בלייבן אַליין, האָט געקלונגען אין יעדן איינעמס אויערן. געראַטשקעט זיך פאַר זיך אָן אַ פּיפּס צו טאָן, און דאָך געפילט אַז אַלעמען בינדט איין גורל, איין אומזעבאַרע האַנט האַלט זיי און טרייבט און לאָזט נישט רוען.

שטערנבערג איז געקראָכן לעבן חיימען וואָס האָט געהאַלטן אין איין צאַפּלען: „מיינע בידנע שוואַלבן נעבעך, גאַטעניו." אַ בעזעם ליכט האָט פּלוצים אַ באַרשט געטאָן די געדיכטע פינצטערניש אויף די שפּיצן פון די ביימער און באַלד זיך צעפּאַלן אויף איינציקע שמאַלע ריטלעך און פונקען און פאַרלאָשן געוואָרן. דאָס פּלוצימדיקע ליכטיק ווערן האָט אַלעמען צוגע-

קאָוועט צום אָרט אויף אַ ווײַלע, נאָר ווי זיי וואָלטן מורא געקראָגן אַז וואָס ווײַטער זיי קריכן אַלץ אָפּענער און אָפּגעדעקטער ווערן זיי פאַרן אומזעבאַרן און פאַראַנגענעם שונא, האָבן זיי זיך געגעבן אַ קירעווע אויף צוריק. פון שרעק פאַרגעסן אַפילו צו האַלטן זיך נידעריק בײַ דער ערד, נאָר אויפגעשטעלט זיך און געלאָפן מיט די הענט פאָרויס אויסצוטאַפּן די פינצטערניש און אויסמײַדן די ביימער.

„שטערנבערג," האָט חיים געפּאָכעט מיט דער נשמה אָנכאַפּנדיק אים בײַ דער האַנט, „לויפט נישט, לייגט זיך בעסער הינטערן בוים און זאָגט וואָס איר קענט אויף אויסנווייניק," ברכי נפשי את ה' אלוהי גדלת מאד . . ." האָט ער נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער זיך אויסגעצויגן לעבן אַ בוים.

שטערנבערגן איז עס אויסגעקומען אַזוי נאַטירלעך, אַז אויך זײַנע ליפּן האָבן אָנגעהויבן מורמלען עפּעס, נאָר ער האָט נישט געקענט דערהערן וואָס ער זאָגט. דאָס גאָר נאָענטע איז פאַרשוואונדן געוואָרן פון זײַנע אויגן און צוטוליענדיק זיך צום בוים האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער ליגט נאָך אַלץ אויף יענעם בית עולם וואו זיי האָבן זיך באַהאַלטן אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה. ער טוליעט זיך צו אַ מצבה און לעבן אים דער עלטערער ברודער שעפּטשעט פרום דערשראָקן: „שמע ישראל, ה' אלוהינו, ה' אחד." אַ קאָנ־וואולסיווער ציטער האָט געוואָרפן מיט אים און געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן, און אַ פאַרשוויצטע האַנט האָט אים אַרומגענומען און געדריקט צו זיך.

„רוקט זיך צו נעענטער, שטערנבערג, דער לאַנגער וואָלף איז גאָר נעלם געוואָרן. אַלעמאָל טוט ער אַזוי," האָט אים חיים אַ צי געטאָן צו זיך. שטערנבערג האָט זיך צוגעטוליעט צום פרעמדן ייִדן, וואָס האָט אים ברודער־לעך געהאַלטן אַרומגענומען און זיך געוואָרפן אין קאַלטן שווייס.

די זון איז שוין געווען גאָר הויך ווען שטערנבערג האָט זיך איבערגעכאַפּט פונעם שווערן דרימל, און פון פאַרשטאַרטקייט זיך קוים געקענט שטעלן אויף די פיס. אַ קאַלטער קאָרטש האָט אים אַ כאַפּ געטאָן און אים געגעבן אַ קנייטש פון אונטן ביז אַרויף. ער האָט זיך אַפילו נישט געפּרואווט אויפ־שטעלן מער, נאָר פאַרביסן די ליפּן און ווײַטער זיך אָפּגעגעבן צו די בילדער וואָס די קאָשמאַרע נאַכט האָט פאַר אים אויפגעלעבט. איבערן קאָפּ איז געהאַנגען אַ פלאַקערנדיקער הימל. דאָס שטעטל ברענט און אַרום אים אַ דער־שטיקעניש פון רויך און אַ ציטער פון אויפרייסן פון באָמבעס. „מאָדנע," האָט זיך ווי אַ קליין אָבער שאַרף שטראָמעלע דורכגעריסן אַ מחשבה דורכן פאַרפּאַפּטן מוח, „איך שלאָף דאָך נישט און זע אַלץ ווי אין אַ חלום . . ."

פאַר זײַנע אויגן שטייט די פינצטערע נאַכט ווען דער שונא האָט באַשאָסן דאָס שטעטל, און די אַנטלויפנדיקע רוסישע זעלנער האָבן אויפגעריסן די

בריקן און געצונדן די הייזער. טראָגן זיך יללות פון אַלע עקן פון שטעטל. עס רייסן זיך אויף שראַפּנעלן מיט אַ פּייף און אַ קנאַל. זיין משפּחה צוזאַמען מיט נאָך יידן פון שטעטל ליגן אין נאָענטן וועלדל און זעען אַלץ און קוקן אַלץ צו. ער דערקענט אַפילו וועלכע שטוב עס צינדט זיך איצט אָן.

ווען חיים האָט אים אַ גוטן טרייסל געטאָן און געשטעלט אויף די פיס, האָט ער נאָך אַלץ נישט געקענט קומען צו זיך.

„וואָס גלאָצט איר אַזוי? טוט זיך אַ ראַזמאַכע וועט איר זיך אויסטשוכען."

נישט פאַרשטייענדיק אַפילו וואָס חיים מיינט, האָט שטערנבערג גענומען ציען און שטרעקן די הענט אין אַלע זייטן ווי ער וואָלט עפּעס פון זיך אָפּגע־שטויסן, פאַרטריבן.

„כ'בין שוין אַמאָל דאָ געווען . . ." האָט ער פאַרזיכערט חיימען מיט אַזאַ ציטער אין קול, אַז יענער האָט אים באַדויערנדיק אָנגענומען ביי דער האַנט און אָן איבערקלער געזאָגט, „אַוודאי, דאָרט וואו מ'איז איינמאָל קומט מען נאָך אַמאָל."

„כ'בין דאַכט זיך קיינמאָל נישט אַוועק גאָר פון דאַנען, אַלעמאָל שיסט מען. זינט כ'בין צוועלף יאָר געוואָרן האַלט מען אין איין שיסן און ברענען. אַרום מיר—" האָט ער זיך מיט אַ מאָל גענומען אַראָפּרעדן פון האַרץ, „וואו איך זאָל זיך נישט געפינען, הער איך קנאַלן פון ביקסן, און אויף וואָס איך זאָל נישט אַ קוק טאָן פלאַקערט עס."

„איר רעדט ווי אַ קינד, עס דאַכט זיך אייך נאָר אויס אַזוי. נעמט אַביסל מילך, נאָר וואָס געמאָלקען," האָט חיים אים געשטופּט אַן עמער אין דער האַנט אַריין.

„חיים, גייסט אין דאָרף אַריין?" האָט דער לאַנגער וואָלף זיך פּלוצים אַרויסגעפּלאָנטערט פון צווישן די ביימער און גלייך פאַרשוואונדן, נאָר זיין קול איז געבליבן הענגען אַרום, „ס'איז אַלץ איינס וואו די קול טרעפט . . ."

„גיי מיט גאָט," האָט אים חיים נאָכגעשיקט אַ ברכה און געפילט אַז די פיס הייבן זיך אים אויך נאָכצוציאָגן זיך אין יענער ריכטונג, האָט ער זיך האַסטיק אַ ריס געטאָן פון אָרט און אַוועק צו די בהמות.

מיטאָג צייט איז געקומען די ערשטע ידיעה פון דאָרף, אַז די לעגיאָנערן זיינען שוין אַוועק. נאָך אין דער פרי זיינען די באָלשעוויקעס אַריין אין דאָרף. אין איין מינוט האָט די ידיעה צעטראָגן זיך איבערן וואַלד, און צו וועלכן בוים די ידיעה האָט דערגרייכט, האָט אַ צעקנייטשטער פויער זיך גענומען וואַקלען פון דאָרט און אַוועקשטאָלפּערן צום אַרויסגאַנג פון וואַלד. אין די בהמות

האָט מען אַזוי ווי פאַרגעסן. ערשט ביים אַרויסקומען אויף דער סטעזשקע וואָס פירט גלייך דורך די פעלדער אין דאָרף אַריין זיינען זיי געקומען צו זיך און זיך אומגעקערט צו באַוואָרענען די בהמות. אַנדערע האָבן זיך ליבלעך אַרומגענומען און צעקושט.

„געלויבט איז גאָט.״

„אויף אַלע אייביקייטן.״

„אונדזערע,״ האָט אַן אַנדערער פון געוואוינהייט שוין געשעפּטשעט.

„אונדזערע יינגלעך וועלן אַהיימקומען . . .״

„עס וועט זיין גוט פאַר אַלעמען,״ האָט זיך חיים אַ צופרידענער אַריינגעמישט, „קומט שטערנבערג, לאָמיר גיין. נישטאָ מער וואָס מורא צו האָבן.״
„גייט נישט אַלע צוזאַמען,״ האָט ווער געעצהט, „מ׳קען נאָך מיינען . . .״

וואָס גענוי ער מיינט האָט מען נישט געוואוסט, אָבער געפאָלגט האָט מען פאָרט. איינציקווייז און צוווייוווייז האָט מען זיך געלאָזן מיט די ביימער אין פאַרשידענע זייטן. חיים מיט שטערנבערגן זיינען געגאַנגען מיט די הויפישע פעלדער. חיים איז געווען זייער אויפגעלייגט און זיך צוגעברומקעט אַ ניגונדל. שטערנבערגן אָבער איז געווען שווער אויפן האַרץ, נישט ווייסנדיק אַליין פאַר וואָס.

„וואָס דומעט איר אַזוי?״ האָט חיים אים דערלאַנגט אַ שטיקל פּאַפּיראָס פּאַפּיר צו פאַרדרייען אַ פּאַפּיראָס, „איר זעט אָט דעם הויף פון ווייטנס, איך וועל דאָך אים איצט אויך נישט האָבן, נאָר דאָס וואָס איז איצט געקומען זייער סוף איז גענוג פאַר מיר. וואָס ווייסט איר וואָס דער הויף האָט אַלץ אָפּגעטאָן. וויפל בלוט און טרערן עס ליגט דאָרט אין די ווענט,״ האָט ער אַ בלישטש געטאָן מיט די שוואַרצע אויגן און אַ שפּיי געטאָן מיטן פולן מויל, „מ׳עט זיי איצט אַביסל אָנלערנען.״

שטערנבערג האָט נאָך נישט קיין צייט געהאַט צו ענטפערן, ווי פון הינטער אַ הויפישער געביידע האָט זיך אַפּערגעיאָגט אַ סאָלדאַט מיט דער ביקס אָנגעשטעלט צום שיסן און דאָס גאַנצע פּנים מיט געשריי:

„האַלט, זשידזשי, די הענט אַרויף!״

ס׳איז געשען אַזוי פּלוצלונג און אַזוי אומדערוואַרטעט, אַז אין דער ערשטער מינוט האָט זיך זיי אויסגעדאַכט, אַז אַ רויטער אַרמייער גיט זיי אַזאַ באַגעגעניש און די ערשטע אַנטוישונג מיטן נייעם מלכות האָט גענומען טאַנצן פאַר זייערע אויגן מיט רויטע און בלויע לענטעס. ביים באַזוכן זיי האָבן זיי זיך ערשט געכאַפּט, אַז דאָס זיינען זיי אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער פּוילישער פעלד זשאַנדאַמעריע.

„עס האָט אייך נישט געהאָלפֿן וואָס איר האָט געוויזן די באָלשעוויקעס דעם וועג, אַ רוח אין דער מאַמען אייערער. מיר האָבן זיי פֿאַרטריבן די פֿאַר־כעס," האָט ער פֿאַרענדיקט דאָס באַזוכן מיט דערלאַנגען זיי בײדע אין די פּלײ־צעס מיטן הענטל פֿון דער ביקס, „זאָגט שנעל וואו זיי געפֿינען זיך איצט, אַז נישט—" האָט ער אַרויס געכאַפּט דעם רעוואָלווער און געסטראַשעט, „וואו זענט איר דאָס געווען?"

„פֿריץ לעבן," האָט זיך חיים גענומען בעטן. געפּרואווט אָנרירן דעם זשאַנדאַר, געשטעלט זיך אויף די קני, „איך בין אַ טאַטע פֿון צען קינדער, פּאַני לעבן. געווען ביי דער בהמה אין וואַלד, מיין איינציקער פֿאַרמעגן. קענסט אַליין גיין זען צי כ'זאָג איין וואָרט ליגן. געמיינט —"

„יאָ, געמיינט אַז די רויטע באַנדיטן זיינען שוין דאָ. ביסטו געלאָפֿן, האָ? מיר האָבן זיי אָבער אַריינגעהאַקט ווי אין קרויט אַריין," האָט ער זיך שיכורלעך צעלאַכט און דערוויל געשלאָגן וואו ר'האָט נאָר געטראָפֿן. „נו, גערירט זיך צום קאָמענדאַנט. בעסער זאָגט אויס דעם אמת גלייך," האָט ער זיי גענומען איינרעדן, „וועט מען כאָטש נישט דאַרפֿן פּייניקן. איר ווייסט וואָס מ'טוט מיט אַזעלכע ווי איר."

„מיר זיינען היגע, אַלע קענען אונדז דאָ," האָט חיים ווידער אַ כליפּע געטאָן און געקראָגן אַ זעץ אין זייט מיטן הענטל פֿון רעוואָלווער. „האַלט דעם פּיסק, זשידאָווסקי נבלה! געגאַנגען!"

לעבן טשווארניק איז זיי אַקעגנגעלאָפֿן די חיימעכע מיט אַ שניידנדיקן קוויטש. דער זשאַנדאַר האָט בלויז זייטיק איר אַ שטויס געטאָן מיטן פֿוס און זי האָט זיך גענומען קייקלען איבערן וועג ווי אַ פֿול געפּאַקטער זאַק שטרוי. חיים האָט זיך אַ ריס געטאָן צו איר. דער זשאַנדאַר האָט אים אָבער אָפּגעשטעלט מיט אַ פֿרייען ראָזמאַך מיט דער ביקס.

„און דו, צוציק איינער, וואָס שווייגסטו די גאַנצע צייט?" האָט ער זיך ווידער צעפּאָכעט מיט דער ביקס איבער שטערנבערגס פּלייצעס, „דער ריכ־טיקער פויגל שוין, האָ?" האָט ער פֿאַר אַ צולאָג אים אַ שפּיי געטאָן אין פּנים אַריין.

פֿאַר די באַראַקן איז זיי אַנטקעגן געקומען מאַרטין דער מסור און לאַכנ־דיק אַ זאָג געטאָן צום זשאַנדאַר:

„אַ גוטער פֿאַנג, פּאַניע קאָכאַניע, אַלע יידן זיינען שפּיאָנען."

„מאַרטין," האָט חיים זיך אַ בעט געטאָן ביים טייוול אַליין.

„גיב איבער אַ גרוס מיין אַלטן דאָרט." האָט יענער זיך צעלאַכט מיטן

פולן מויל און איז גליייך אוועק אין קאנטאר אריין וואו דער קאָמענדאַנט איז געזעסן.

„ניקי, ראַטעווע אונדז, דו קענסט דאָך אונדז," האָט חיים זיך אַ וואָרף געטאָן צום סטאַראָסטע פון דאָרף, וואָס איז געשטאַנען לעבן קאַנטאָר אַ בלאַסער, אַנגעטאָן אין דער גרויסער מעשענער קייט און געוואַרט אַריינגערופן צו ווערן צום קאָמענדאַנט. לעבן אים זיינען געשטאַנען מיט די היטלען אין די הענט און קייענדיק שטרויעלעך פאַר אויפרעגונג אַ פּאָר פון די באַלעבאַטים פון דאָרף. אויך צו זיי האָט חיים געטאַמלט מיט האַרץ רייסעניש, „מענטשן גוטע, איר קענט דאָך מיך. כ'האָב זיך דאָך איניינעם מיט אייך געהאָדעוועט. וואָס וועט ווערן פון מיינע ווערעמלעך?" איז ער זיך פאַרגאַנגען אין אַ כליפּ זעענדיק אַז זיי שווייגן.

„זאָרג נישט, חיים," האָט דער סטאַראָסטע לסוף אַ מרוקע געטאָן, „מיר קענען דיך, אוודאי קענען מיר דיך," האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ און זיך געגומען קרעקן מיט די ווערטער ווי ס'וואָלט אים ווער געשטיקט. אויף אים קוקנדיק האָבן די אַנדערע אויך אָנגעהויבן עפּעס וואָרטשן און ווישן די אויגן מיט די דלאָניעס.

„שווייגט קאַנאַליעס!" האָט דער זשאַנדאַר זיך ווידער אַ וואָרף געטאָן אויף די אַרעסטירטע און געדראָט דאָס הייפל פּויערים. „איר ווילט זיך אָננעמען פאַר די זשידאָווסקי שפּיאָנען, גוט, זייער גוט פאַר די פּויערישע טעכעסער. זאָלן זיי שווילן פאַר יידן אויך . . ."

די פּויערישע פּנימער זיינען אויסגעצויגן געוואָרן, פון שרעק האָבן אייניקע אַרויסגעלאָזט די שטרויעלעך פון מויל און אָנגעהויבן שפּייען און שנייצן די נעז און צעריבן מיט די פיס עס זאָל קיין צייכן נישט בלייבן.

„כאַמעס" האָט דער זשאַנדאַר אַ צישע געטאָן מיט עקל און אַרויסגענומען אַ טיכעלע און צוגעלייגט צום מויל.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז מאַרטין אַרויס פון קאַנטאָר אַ שיינעדיקער און פריילעך אַ שנעל געטאָן דעם סטאַראָסטע אין דער באָרד אריין:

„זעסט ניק, אויף אַלץ איז דאָ אַ צייט. כ'האָב דיר אָבער אַלעמאָל געזאָגט, דו גיב אַכטונג, אַז ניט וועסטו דאַרפן קראָפּעווע רייסן."

„עס וואַקסט נישט פאַרזייטערהייט," האָט אַ פּויער אַ בורטשע געטאָן און גלייך זיך פאַרכאַפּט אויף צוריק, „וואָס זיינען מיר שולדיק? וואָס וויל מען פון אונדז? דו קענסט דאָך אונדז?" האָט ער זיך אונטערטעניק אַ שאַר געטאָן נעענטער צום דאָרפס מסור, וואָס רעדט אַלעמאָל גוטינקע ריידעלעך און קיינער ווייסט נישט צי ער איז אַן אוקריינער צי אַ פּאָליאַק.

אין מלחמה צייט האָט ער זיך פאַרטראָגן אהער אין דאָרף און זיך באַזעצט אויף פּריצישער ערד. ווען די פּריצים זיינען צוריקגעקומען מיטן נייעם פּוילן, האָט ער גענומען און פאַרדרייט די וואָנצעס דראַמטיק מיט אַ שפּיץ און נאָך בוימלדיקער גערעדט מיט אַלעמען און געגעבן אָנצוהערן אַז אייגנטלעך איז ער גאָר אַ פּאָליאַק, נאָר ער האָט ליב וואָלין. דאָס ווייב זיינס אַן אמתע פּאָליאַטשקע, שטענדיק אַ בייזע, אַ גיפטיקע, האָט נישט געלאָזט קיינעם אויף דער שוועל און מיט קיינעם אין דאָרף און אויפן טשווארניק זיך נישט געחברט. עס האָבן דעריבער נישט געהאָלפן מאַרטינס זיסע ריידעלעך און שיינע ווערטעלעך וואָס ער האָט אַלעמאָל געהאַט גרייט ביי יעדער געלעגנהייט. ער איז געבליבן הענגען אין דער לופטן. אויפן טשווארניק וואו ער האָט געוואוינט, האָט מען אים באַטראַכט פאַר אַן אוקריינער, לאַנדלאָזן פּויער, אין דאָרף האָט מען אים געהאַלטן פאַר אַ פּאָליאַק. דאָס האָט געמיינט אַ שטיק פּריץ, אַ גרויסהאַלטער און אַ מחותן מיט די נייע באַלעבאַטים פון לאַנד. האָט זיך מאַרטין געחברט מיט די פּאָר פּוילישע פּאָליציאַנטן וואָס זיינען געשטאַנען אין דאָרף, און ביסלעכווייז האָט דאָס דאָרף גענומען קוקן אויף אים ווי אויף אַ מסור און ער אַליין האָט אויף זיך געקוקט ווי אויף דעם איינציקן פּאָליאַק אין אַ דאָרף פון אוקריינער, און דעריבער דאַרף ער זען אַז דער פּוילישער כבוד און זיכערקייט זאָל זיין געהיטן...

דער פּאָליציי קאָמענדאַנט פונעם נאָענטן שטעטל, האָט אים אַפילו אַ מאָל פאָרגעלייגט צו ווערן אַן אָנגעשטעלטער ביי דער זשאַנדאַרמעריע, אָבער ער האָט עס מיט אַ גרויסמוטיקן זשעסט צוריקגעוויזן: „דעם פאָטערלאַנד קען איך בעסער דינען אַזוי, פּאַניע קאָמענדאַנטשע.” אָבער פון דאַן אָן האָט מען אים פון הויף צוגעשטעלט אַלץ וואָס ער האָט געדאַרפט. פּאַן קאַמינסקי איז צו אים פון וואָך צו וואָך אַלץ צוגעלאָזענער געוואָרן: „וואָס דען, מאַרטין, אַן איינענער איז אַן אייגענער. די דירה איז נאָך גוט? אַז נישט קענסטו זיך אַריינציען אין אַ בעסערער.” מאַרטין האָט אָבער שכל געהאַט נישט אַרויסצו־ווייזן זיך אין גאַנצן אויף וויפל ער איז פאַרבונדן מיטן הויף. לפּנים וועגן האָט ער אַפילו געאַרבעט אין טאַרטאַק עטלעכע טעג אין וואָך. נאָר דאָס ווייב האָט אים סיי ווי אַלעמאָל אַפּערגעוואָרפן און מיט דער ווידלע אים געטריבן פון הויז:

„גיי, דו פּריצישער לעקער,” האָט זי געגוואַלדעוועט איבערן גאַנצן טשוואָרניק, „טראָג זיך פאַרקויפטע שקורע, דעם אייגענעם טאַטן וועט עס אויסגעבן.”

„קראַקעסט ווי אַ וואָראָנע,” האָט ער שיכורהייט אַפילו געדענקט צו ענט־פערן אין אוקריייניש, „פּאַמעלעך דאָרט מיט דער ווידלע. וועסט נאָך אַ האָרע־

פאַשנעם מענטש אויף יענער וועלט שיקן. דאָס איז אַ זינד, גאָר אַ גרויסע זינד,״ האָט ער זיך געווערטלט און געזוכט עפּעס אַ ווייכע זאַך אַרויפצעוואַרפן אויף דער ווילד געוואָרענער זאָשען וואָס האָט זיך גאַנץ אָפּט גענומען צו אים און נישט געלאָזט רוען. „ווילסט דינען דעם פּריץ,״ טענהט זי, „איז דאָס דיין זאַך. אויף דערויף איז מען אַ פּויער מ׳זאָל דינען דעם פּריץ. מ׳דאַרף דאָך דעם לײדיקן מאָגן אָנפילן, אָבער איבערגעבן אייגענע ברידער פּויערים אין פּריצישע הענט צום שמייסן, אַזוי טוט נאָר אַ היציל און מיט אַ היציל וויל איך נישט וואוינען צוזאַמען. איך בין אַ פּויערישע, בין איך,״ האָבן די אויגן געפינקלט ביי איר און פון מויל האָט איר געזעצט אַ פּינע, „ווערסט זיך אַ קבר אויסריכטן ביי מיר. כ׳וועל מיט די אייגענע הענט דיך לעכערן מיט דער ווידלע, ווי כ׳בין אַ פּאָליאַטשקע.״

„אַ פּאָליאַטשקע ביסטו,״ האָט ער זיך פאַרטיידיקט דורך פאַרשטעלן זיך מיט אַ שטול, „פאַר וואָס זשע העלפסטו נישט פאַרהיטן פּוילן, אויפשטעלן פּוילן?״

„מיט די פּריצים, האַ?״ האָט זי צוריקגעקוויטשעט, „די פּריצים זיינען נישט קיין פּאָליאַקן. ראַביזשניקעס, אָט וואָס זיי זיינען.״

„מ׳וועט אונדז דאָ געבן ערד,״ האָט ער געפּרואווט אַרויסגעבן די לעצטע קאָרט זיינע.

„וועמעס ערד? די פּריצישע וועט מען נישט טשעפּען דו הינטישער זון, אָבער דעם הינטן וועסטו אויסשטעלן, געדענק!״

ביי אַזאַ מחלוקת פלעגט מען אין טשווארניק אויפשטעלן מויל און אויערן און ציטערן צוצוגיין נאָענט, אָבער באַלד האָט דאָס גאַנצע דאָרף גע־וואוסט פון דעם.

„וואָס מ׳וויל פון אייך וואַסיל,״ האָט מאַרטין געענטפערט דעם פּויער, „אָט וואָס מ׳וויל, אַז איר זאָלט דינען פּוילן געטריי, וועט זי זיין צו אייך ווי אַ מאַמע אַן אמתע. מ׳וויל אַז איר זאָלט אַרויסגעבן די שפּיאָנען. די זשידעס קען מען אַליין כאַפּן, אייערע אָבער דאַרף מען זוכן . . . אָט וואָס מ׳וויל און גאָר. מ׳וויל אַז איר זאָלט אַרויסגעבן די היצלעס וואָס זיינען באַפאַלן דעם קאַנטאַר.״

„איז וואָס וועט זיין?״ האָט דער סטאַראָסטע זיך אַרויסגעכאַפּט.

„דאָס וועט אייך שוין דער קאָמענדאַנט זאָגן,״ האָט ער זיך מיליטעריש אַ שטעל געטאָן פאַרן זשאַנדאַר און אַוועקגעגאַנגען מיט חוצפּה. דער זשאַנ־דאַר האָט שוין פאַרענדיקט פאַר אים, „עס וועט זיין אַזוי,״ האָט ער אין אַ ספּעציעל גרייזיקן אוקריייניש געביכיקעט, „מ׳עט אָנדרייען די אויערן,

אריינפיצקען אין הינטן און אָנשפּייען אין די קאָריטעס. די זשידעס און שפּיאָנען וועט מען געבן פּלוימען מיט פלייש צו עסן . . .״ (סינאָנים פאַר שיסן).

אין דעם האָט דער קאָמענדאַנט אויפגעפּראַלט די טיר און זיך אוועק־געשטעלט אין דער עפענונג פאַכנדיק מיטן שפּיצרוט.

„די זשידקעס אַרויספירן אויפן הויף און געבן צו עסן . . . באַלעבאַטים, קומט אַריין!״ האָט ער אָפּגעשריגן דאָס זייניקע מיט אַ הייזעריקע שטימע און צוריק אַריין אין קאַנטאָר.

אין אַ מינוט אַרום זיינען שוין ביידע אַרעסטירטע געשטאַנען לעבן דעם מיטלסטן באַראַק צווישן אַ רעדל זשאַנדאַרן מיט אויפגעהויבענע שפּיצרוטן. איינער האָט אָנגעהויבן און אַלע האָבן מיטגעגעהאַלטן.

„וואָס מאַכסטו עפּעס, טראָצקי? געוויזן דעם וועג צו די באָלשעוויקעס? פּראָפעסאָר,״ האָבן רייד און געלעכטער און שפּיצרוטן זיך געהויבן און אָנ־געקלאַפּט אין זיי געלאַסן און מיט אַ סדר. איז ביי איינעם אַביסל מיד געוואָרן די האַנט, האָט ער גענומען צוהילף די עלנבויגנס, די פיס און די קני. אַז ביידע אַרעסטירטע זיינען שוין געלעגן אויף דער ערד צעקיילט און צעביילט, האָט מען זיי ערשט אויפגעשטעלט מיט אַ הירזשנדיקן געלעכטער, אויסגע־רייניקט זייערע קעשענעס פון אַלע פּאַפּירן און אַנדערע קלייניקייטן, און געהייסן אויפקלייבן איינציקווייז יעדן שטיקל פּאַפּיר. און ביי יעדן בויג און הויב פונעם קרבן זיינען געפאַלן קלעפּ פון אַלע זייטן. אַ פּאָר מינוט אַזוי, און דערנאָך זיי אויסגעטאָן די קליידער און געריסן די פּאָדעשוועס פון די שיך: „אָט די חברה האַלטן די וויכטיקסטע זאַכן אין די שיך,״ האָט דער עלטסטער ערנסט דערקלערט.

האַלב נאַקעט און צעמישט זיינען ביידע קוים איינגעשטאַנען אויף די פיס. אויף קלאָר האָבן זיי קיין זאַך נישט געזען מער. דורך די פאַרגאָסענע פאַרשוואָלענע אויגן האָבן זיי קוים געקענט דערזען אַ פּיצל שפּיציבדיקן טייל פון אַ באַראַק און פאַרפלאָמטע גלאַנציקע פּנימער פון זשאַנדאַרן, וואָס האָבן געכאָכאָטשעט און ווילד געווײַלט זיך.

„זע נאָר ווי באָלשעוויסטישע העלדן קוקן אויס!״

„גוט געגעסן, הינטישע לעבערס?״

„ווי אַ כאָריט דער יונגער.״

„ווי אַ צעקוועטשטע מויז דער אַלטער.״

„שיסן זיי,״ האָט איינער זיך געקייכט פאַר געלעכטער, „שיסן די קראָען.״

„לייז קנאַקט מען," האָט דער וואָס האָט זיי אַרעסטירט געגעבן אַ צוגאָב מיטן הענטל פֿון דער ביקס און דערמיט נאָך אַרויסגערופֿן די צעווילדעטע זשאַנדאַרסקע פֿרייד.

„חברה, אַ נאַקעטע פֿרוי אין לעצטן באַראַק," איז פֿלוצים איינער אָנגעקומען מיט אַ בשורה, „קומט שנעלער!"

„ברענגט זי אַהער, ווילן מיר אַלע הנאה האָבן."

עטלעכע זשאַנדאַרן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צום לעצטן באַראַק, אַרויסגעשלעפּט די משוגענע אַ האַלב נאַקעטע און אַ קוויטשנדיקע מיט אַ יאָמערלעך קול: „וואָס האָבן זיי געטאָן מיט מיין קינד? וואו ביסטו סטעפּטשו?" דערזען די צוויי געשלאָגענע יידן אין מיטן דער פֿריילעכער באַנדע זשאַנדאַרן, האָט זי אָנגעהויבן פֿייערן, וואַרפֿן מיט די הענט, דריגען מיט די פֿיס אַרויסלאָזנדיק דערביי אַזעלכע יאָמערלעכע מרוקס, אַז דאָס לייב האָט גענומען דרינזשען ביי אַלעמען. די זשאַנדאַרן אַפֿילו זיינען צעטומלט געוואָרן אויף אַ ווײַלע און געשטאַנען ערנסטע און שטייפֿע. „טפֿוי זאָלט איר ווערן, דראַניעס פּראַנצעוואַטע!" האָט מען לסוף אַרויסגעהערט אַ פּראַזע פֿון צווישן איר פֿייערן מיט שוים, „זע וואָס זיי האָבן געטאָן מיט מיין קינד," האָט זי זיך אַרונטערגעלאָזט אויף דער ערד, אַריינגעטאָן דעם קאָפּ צווישן די פֿיס און גענומען שטיל וואָיען ווי אַן עלנטע קאַץ אין האַרבסטיקע נעכט.

פֿונעם וועג איז מיטאַמאָל אָנגעריטן אַ זשאַנדאַר און געפּאָכעט מיט פּאַפּירלעך אין דער האַנט.

„געפֿונען לעבן די שטאַלן פֿאַרגראָבן. אַ היגער פּאָליאַק האָט אָנגעוויזן," האָט ער ראַפּאָרטירט צום עלטסטן.

„שנעל צום קאָמענדאַנט!" האָט אים יענער באַפֿוילן.

אַ מינוט שפּעטער האָט זיך דערהערט דעם קאָמענדאַנטס שטימע דורכן פֿענצטער:

„האָבן זיי גוט „געגעסן" איצט וועט מען „סערווירן"."

איידער די אַרעסטירטע האָבן נאָך ריכטיק באַנומען וואָס עס מיינט, זיינען זיי שוין געשטאַנען מיט די פּליצעס צום פּלויט און נישט בלויז מיט קוים אָפּענע אָנגעשוואָלענע אויגן, נאָר מיט אַלע אברים דערזען זעקס פּאָר ביקסן אָנגעשטעלט גלייך אויף זיי.

„אוי מאַמע" האָט חיים אַ שליוכץ געטאָן און אָנגעכאַפּט שטערנבערגן ביי דער האַנט, „מיינע עופּהלעך נעבעך, שמע ישראל . . ." האָבן זיך די פֿיס גענומען זעצן הינטער אים.

שטערנבערג האָט עפּעס געפּרואווט ענטפערן און מיט אַ כאָרכל אַראָפּ־געשלונגען עפּעס געזאָלצנס און ברענענדיקס.

שטייענדיק מיטן פּנים קעגן דער זון, זיינען די געשוואָלענע אויגן אין גאַנצן פאַרשלאָסן געוואָרן. אָבער ער האָט סיי ווי געזען די ערנסטע פּנימער פון די פעלד זשאַנדאַרן, די אָפענע פּיסקעס פון די ביקסן און די ווייסע ברענענדיקע זון, און דעם אויסגעפּוצטן קאָמענדאַנט אַרויסקומען פון קאַנטאָר מיטן רעוואָלווער אין דער האַנט. ס'איז מיטאַמאָל געוואָרן אַזוי שטיל אַרום זיי, אַז ער האָט אויף קלאָר געהערט דאָס רופן פונעם באַנק אין דער נאָענטער לאַנקע: בו הו, בו הו. דער רוף האָט מאַנאָטאָן געצויגן און גערופעט ביים האַרץ, און מיט אַ בליציקער שנעלקייט איז אַ טראַג געטאָן אַוועק פון דאַנען אין אַנדערע וועלטן אַריין. ס'איז געווען ווי ער וואָלט מיט אַמאָל צענומען געוואָרן גלידערווייז. יעדער גליד און אַפילו די האָר וואָרצלען פון קאָפּ זענען און הערן און געפינען זיך אין איין און דערזעלבער רגע אין די פאַר־שידנסטע ערטער. אָט ציטערט פאַרביי זיין היים, טוט זיך אַ נייג מיט די אָפענע פענצטער צו די גערטנער און פאַרשווינדט. ברידער און שוועסטער און די עלטערן פלאַטערן אַרום אים מיט צאַפּלענדיקע הערצער און גייען אויס מיט אַ פאַרשטיקטן יאָמער. שטיקלעך לאַנקעס און וועגן אויף וועלכע ער האָט געטראָטן, פּיצלעך שאָטנס פון די ווענט פון „שטיבל" וואו ער האָט יאָרן לאַנג געלערנט, געזעגנען זיך מיט טרויעריקע אויגן פון חברים. אן ערש־טע ליבע טרער האָט אַ פינקל געטאָן צוזאַמען מיטן גלי פון דעם ערשטן קוש; און אין דערזעלבער צייט האָבן די קני געציטערט. דאָס האַרץ — ווי אַן אומרו פון אַ זייגער, ביים האַלדז לעפּעלע ווערט אַלץ ענגער און אין מוח ווי פון אַ גליווער אַרויס האַמערט: „ש ו י ן ". ער האָט כמעט שוין געפילט דעם שטויס פון דער קויל אין לייב. ער איז שוין געווען נענטער צו די ביקסן ווי צו דעם וואָס האָט נאָך אַלץ שווינדלדיק געשוועבט פאַרביי אים אין אַזאַ דורכזיכטיק שפּינוועבס־אַרטיקן אופן. נאָר פּלוצים האָט אַ „טאָג" זיך אַ שטעל געטאָן פאַר אים און ער האָט גלייך דערזען דעם טאַטן צינדן אַ יאָרצייט ליכט נאָכן עלטערן ברודער . . . „וואָס אַ טאָג האָבן מיר היינט, ר' חיים?" האָט ער אַרויסגעפּלאַצט, ווי אין דעם דערוויסן זיך דעם טאָג וואָלט אַלץ געווענדט געווען. ער האָט נישט געהערט ווי דער קאָמענדאַנט לייענט עפּעס פאַפּירן וואָס מ'האָט געפונען הינטערן הויפישן שטאַל: אַ ליסט פון אַרבעטער און אַ פּלאַן ווי צום לייכטסטן צו פאַרנעמען דעם הויף און וואו עס ליגן פּראָדוקטן. צו דעם זיינען צוגעלייגט אויך לעגיטימאַציעס געשריבן אויף רוסיש. „אַלץ בולטע סימנים אַז זיי זיינען שפּיאָנען" פּירט אויס דער קאָמענדאַנט, „כ'האָב עס געמאָלדן דעם פּאַרוטשניק."

„וואָס פֿאַר אַ טאָג איז היינט אין חודש, ר' חיים?" האָט שטערנבערג אַ שלעפּ געטאָן דעם פּאַרטייעטן יידן וואָס האָט געהאַלטן אין חזרן די ווידוי און מיט פֿאַרמאַכטע אויגן געוויינט. ווען ער האָט זיך געכאַפּט וואָס שטערנבערג וויל פֿון אים, האָט ער מיט אַ שליוכץ אויפֿגעצאַפּלט און מיט חידוש גע־מורמלט: „וואָס איז דען דער חילוק?"

„איך האָב, דאַכט זיך, היינט יאָרצייט נאָך מיין עלטערן ברודער," האָט שטערנבערג מיט איין שלונג אַרויסגעבאַבלט, אַז ס'האָט אַזש חיימן דעם אָטעם פֿאַרשלאָגן.

„מיינע בידנע יתומימלעך נעבעך," איז ער געוואָרן איין שטיק יאָמער.

דער פֿאַקט, אַז עס איז דער זעלבער טאָג ווען דער ברודער איז מיט יאָרן צוריק דערהאַרגעט געוואָרן, האָט שטערנבערגן אַזוי צערודערט אַז מיט אַמאָל זיינען אַלע פֿריערדיקע בילדער פֿאַרשוואונדן געוואָרן. מיט גרויס מי האָט ער אויפֿגעריסן די צעשלאָגענע אויגן און ווי דורך אַ שפּאַרונע, אויף אַ סעקונדע דערזען די אויסגעצויגענע הענט פֿון די זשאַנדאַרן, דאָס קאַנטיקע היטל פֿונעם קאָמענדאַנט און דאָס גלאַנציקע זילבערן בענדל וואָס באָמבלט זיך נאָך זיין רעוואָלווער. ער האָט נאָך געזוכט זייערע אויגן צו דערזען, אָבער אַ שטיק זון האָט אים ווידער אַ שניט געטאָן אויף די צעווייטיקטע אויגן לעפּלעך און זיי צוגעמאַכט. האָט ער שוין גאָרנישט געזען, נאָר געפֿילט מיט אַלע חושים, די אָפֿענע מיילער פֿון די ביקסן און געוואַרט. ער האָט שוין גאָרנישט געטראַכט מער. גאָרנישט באַדויערט, אַפֿילו שוין מער נישט גע־ציטערט. ער איז געווען אין גאַנצן גרייט.

בלויז רגעס האָט עס געדויערט, אָבער אין דער קורצער ווײַלע, האָט לעבן אָפּגעזעגנט זיך מיט לעבן אין אַ שווינדלדיקן לויף און די אברים האָבן שנעל געגליווערט. בלויז ערגעץ ווייט אין אַ ווינקל פֿונעם ציטעריק וואַכיקן מוח האָט אַ דין ליכטל נאָך אַלץ געלויכטן און נישט צוגעלאָזט דעם לעצטן פֿינצטערן גליווער: „וועט שוין טאַקע מער גאָרנישט געשען? און אַלץ וואָס עס איז געווען, האָט בלויז צוגעפֿירט ביז אַהער?" ער האָט צום לעצטן מאָל געפּרוּווט אויפֿרייסן די פֿאַרקלעפּטע אויגן דעקלעך און דערבליקט אַ ניי פּנים צווישן אים און די ביקסן. אַ רויט פּנים מיט אַ הייזעריק בייז קול, אָבער וואָס מער עס האָט זיך געבייזערט, אַלץ מער איז דער גליווער אין אים אָפּגעגאַנגען און געמאַכט ציטערן מיט פֿרייד יעדן אבר: „עס וועט נאָך אַ סך געשען" האָט יעדער אָדער אין אים געטאַנצט.

„בינדט זיי צו צו דער פֿור און ברענגט זיי אין דער הויפּט קאָמאַנדע," האָט ער שוין אויף קלאָר געהערט דאָס בייזערדיקע קול איבערגיין אין אַ באַפֿעל. „אַ צווייט מאָל זאָלט איר וויסן בעסער ווי צו באַגיין זיך. אין אַזאַ

זאָך קען אמאָל געוועגדט זיין דאָס לעבן פון א גאַנצער אַרמיי," האָט ער פאַרענדיקט און א יאָג געטאָן זיין פערד וואָס איז קוים איינגעשטאַנען, „מאַרש!"

„צום באַפעל, פּאַניע פּאָרוטשניקו!" האָט דער קאָמענדאַנט גענומען אונטעראיילן די אַרעסטירטע, „נו, גערירט זיך!"

„געלויבט צו השם יתברך," האָט חיים אַזש אונטערגעטאַנצט און מיטגע־שלעפּט מיט זיך שטערנבערגן. ערשט איצט האָבן ביידע מיט אַמאָל דערפילט, אַז זיי האָבן זיך די גאַנצע צייט געהאַלטן אָנגענומען ביי די הענט.

„גערירט זיך!" האָט דער קאָמענדאַנט זיי אונטערגעיאָגט צו דער פור וואָס איז געשטאַנען אויפן וועג. קיין שמייסער איז אויף דער פור נישט געווען.

„אַנטלאָפן די קאַנאַליע," האָט א זשאַנדאַר געמאָלדן דעם קאָמענדאַנט, „דער כאַם האָט געלאָזן דאָס פערד און וואָגן און אָפּגעצויגן."

„זאָל אים דער טייוול נעמען," האָט דער קאָמענדאַנט געגוואַלדעוועט, „פּאָרט, א רוח אין אייערע מאַמעס אַריין!" האָט ער א נעם געטאָן די אַרעסטירטע און אַרויפגעוואָרפן אויף דער פור.

אין איין סעקונדע זיינען אַלע געווען אויף די פערד און מיט גאַלאָפּ זיך א ריס געטאָן פון אָרט אַרויס פון דאָרף. די פור מיט די אַרעסטירטע נאָך זיי.

דער וועג איז געווען גריבערדיק פון באָמבעס און האַרמאַטן קוילן. דאָ און דאָרט זיינען געלעגן צעבראָכענע וואָגנס, טיילן פון קוילן־וואַרפער, ביקסן און אַנדערע כלי מלחמה. ערטערווייז האָבן פון א גרוב ביים זייט פון וועג אַרויסגעשטאַרט זעלנערישע קאַסקעס, נאָר צוליב דער טונקלקייט פון וואַלד איז נישט מעגלעך געווען צו זען צי זיינען נאָך דאָרט פאַראַן לעבעדיקע אָדער עס ליגן בלויז טויטע סאָלדאַטן.

אַרויסאיילנדיק פון וואַלד, האָט זיי אקעגנגעפּלאַקערט די אונטערגייענ־דיקע זון. ווי א קיילעכדיק, מוראדיק לאַנגער גליענדיקער אויוון, האָט זי זיך געקייקלט איבער דיביימער און געצונדן זייערע שפּיצן צוזאַמען מיט שטיקער גרויע וואָלקנס. אַלץ איז געווען דורכזיכטיק ראָז און אימהדיק. מיט האַלב צוגעקלעפּטע אויגן האָט שטערנבערג אַריינגעבליקט אין דער פּלאַקערנדיקער דורכזיכטיקייט און דאָס ערשטע מאָל פון זינט ער איז אַרעס־טירט געוואָרן, האָבן זודיקע טרערן גענומען בייסן די פאַרטריקנטע אויגן דעקלעך און פאַרשטעלט פאַר אים די וועלט.

א רייטער איז זיי אָנגעקומען אַנטקעגן און איבערגעבנדיק עפּעס דעם

פּאַרוטשניק אַוועקגעפּאַטשט אין דער ראָזער דורכזיכטיקייט פון וואַלד. אויפן באַפעל פונעם פּאַרוטשניק האָט די קאָמפּאַניע זיך צעטיילט און אַוועק אין פאַרשידענע זייטן, נאָר די פור מיט די אַרעסטירטע באַגלייט פון צוויי זשאַנדאַרן האָט זיך מיט נאָך אַ פאַרגרעסערטן אימפּעט אַ לאָז געטאָן איבער דעם ברייטן טראַקט גלייך אין שטעטל אַריין.

עס איז זיי אַנטקעגנגעלאָפן אַ מיש מאַש פון קולות; פערד און מענטשן און בהמות האָבן זיך געשטויסן דורך די שמאָלע געסלעך. געשריגן און געליאַרעמט און געצויגן אַלץ אין איין ריכטונג צום וואַסערצו, אַריבער־צולויפן די בריק איידער דאָס אָפּטרעטנדיקע מיליטער רייסט זי אויף. די אַרעסטירטע האָבן בכיוון געדרייט די קעפּ אין פאַרשידענע זייטן מיט דער האָפענונג, אַז ווער פון די היימישע וועט זיי דערזען און לויפן עפּעס טאָן. עס איז אָבער קיינער פון דער יידישער באַפעלקערונג אין די גאַסן נישט געווען. נאָר סאָלדאַטן אומעטום און היימלאָזע, און פויערטעס פון די נאָענטע דערפער מיט גרויסע זעק אויף די אַקסלען האָבן זיך אַרומגעדרייט לעבן די יידישע קראָמען גרייט צו ראַבעווען אין דער בהלה.

## כג

אין דער הויפּט־קאָמאַנדע, אַ הויז מיט אַ סך טירן און טרעפּ וואָס פירן אין אַ צאָל טונקעלע צימערן און קעלערס, האָט זיי באַגעגנט אַ ברייטפּלייציקער קורצפּיסיקער פאַרשוין, וואָס קוקט מער ווי ער רעדט און האַלט אין איין גלעטן די קורצע ווענצעלעך מיט די שפּיציקע באַקן־בערד. ער איז געשטאַנען אין מיטן צימער, די פיס צעשפּרייט, דעם קאָפּ אויפגעהויבן פאַררים און געשוויגן. אַ האַלב פּנים איז אים געווען קופּערן באַשטראַלט מיט די לעצטע זונען שטראַלן און דאָס אַנדערע האַלבע שאָטנדיק פינצטער. די אַרעסטירטע האָבן אַזש צוריקגעציטערט פון דער שוועל ווען זיי האָבן פּלוצים דערזען די שטומע פיגור. אויך דער זשאַנדאַר וואָס האָט זיי געפירט איז בלאַס געוואָרן און זיך פאַרפּלאָנטערט אינעם אָפּגעבן דעם ראַפּאָרט. די פיגור האָט זיך קיין ריר נישט געטאָן, נישט געטאָן קיין מיג מיטן אויג אפילו און דאָס האָט יענעם נאָך מער צערודערט און איז אין גאַנצן געבליבן שטיין אַ צעטומלטער. אַ ווײַלע אַזוי האָט דער פאַרשוין נאָך אַלץ געשטומט און מיט די גרויע אויגן זיי געמאָסטן פון אויבן אַראָפּ און פון אונטן אַרויף און פּלוצים אַרויסגעפּלאַצט ווי נישט מיטן מויל נאָר מיט אַלע אברים.

„ווער האָט זיי געשלאָגן? אידיאָט! קענסט גיין, איך וועל זיי שוין אַליין אויספרעגן. גיב אַהער די פּאַפּירן,״ האָט עס פון אים אַ גאָס געטאָן מיט אַ

משונה קול, נישט רירנדיק זיך פון אָרט. ס'איז געווען גרעסער דער פּחד פון זען אים רעדן ווי פון הערן אים.

„צום באַפעל, פּאַניע קאָמענדאַנטשע!" האָט דער זשאַנדאַר געשטאַמלט און זיך געריקט הינטערוויילעכטס, „צור דינסט הער אָבערסט," האָט ער מיט אַמאָל פאַרענדיקט שוין אויף דער טיר שטייענדיק, כדי צו פאַרשאַפן אַ נחת רוח דעם קאָמענדאַנט וואָס אַלס געוועזענער עסטרייכישער אָפיצער האָט הנאה געהאַט צו הערן די אַלטע קאָמאַנדע ווען ער געפינט זיך אויג אויף אויג מיט זיינע סאָלדאַטן.

„טויפל" האָט ער שוין שטילער און כמעט מיט אַ שמייכל אויסגעדרייט האַסטיק דעם קאָפּ. דאָס זאָל האָבן געמיינט: „ביסט אַ כוואַט, בחורל, מיר פאַרשטייען זיך גוט."

„שטיי!" איז ער צוריק אַריבער אויף פּויליש, „וואו האָסטו די פּאַפּירן?"

דער זשאַנדאַר האָט אַ קלאַפּ געטאָן אַ פוס צו אַ פוס, אויסגעצויגן זיך אין דער פולער גרויס מיט דער ברוסט אַרויס, און אָנגעהויבן נאָך אַמאָל ראַפּאָרטירן. דער קאָמענדאַנט האָט אָנגעשטעלט אויף אים די גרויע אויגן, וואָס האָבן אינעם טונקל געוואָרענעם צימער געבליצט ווי שאַרפע קלינגלעך, און ווען דער זשאַנדאַר האָט געענדיקט האָט ער געענטפערט בלויז אויפן סאַלוט און מיטן זעלבן שטומען בליק אַרומגענומען די אַרעסטירטע.

חיים האָט עפּעס אָנגעהויבן שטאַמלען, נאָר נישט געקענט אַרויסברענגען קיין איין קלאָר וואָרט, מחמת די ציין האָבן אים געשטערט און געהאַלטן אין איין פאַרטשעפּען זיך דאָ אין דער צונג, דאָ אין די ליפּן. צום סוף האָט ער גאָר פּשוט אַ פאַל געגעבן פאַר די פיס פונעם קאָמענדאַנט און זיך צעיאָמערט ווי אַ געשלאָגענער הונט. דורכן פענצטער אַנטקעגנאַיבער האָט אַ שיין פון אַ לאָמפּ אַ בלישטש געטאָן און איבערגעשניטן די טונקלקייט אויף אַ סעקונדע. דער קאָמענדאַנט האָט זיך איינגעבויגן און אַ פּאָר סעקונדן געהאַלטן זיין האַנט אויף חיימס קאָפּ און גאָר שטיל אַ פרעג געטאָן:

„וואָס האָסטו געטאָן אין אַזאַ צייט אין וואַלד?"

„די בהמות," האָט חיים אָנגעהויבן די מעשה פון סאַמע אָנהייב, נאָר דער קאָמענדאַנט האָט זיך שוין געהאַט צוריק אויסגעגלייכט און פון זיך אַזוי, מיט ביינערדיקע פינגער אַ פּלעם געטאָן שטערנבערגן אין געשוואָלענעם פּנים אַריין און דערביי געשריגן מיט אַלע אברים:

„מיר וועלן דיך מאַכן רעדן, זשידאָווסקער לייבסערדאַק. מיר וועלן דיך אויסלערנען וויינען און שרייען, דו מוילוואורם! נעמט אים דעם טראָצקי!" האָט ער זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און אָנגעכאַפּט שטערנבערגן ביי אַן

אקסל און אים א ווארף געטאָן פון זיך מיט אזא עקל אז ער האָט זיך אזש צעשפּיגן מיטן פולן מויל, „זאַ איין שוויינען זון," האָט ער זיך אַלץ נישט געקענט באַרואיקן, און ווי אַלעמאָל ווען ער איז אין כעס איז ער אַריבער אויף דייטש, „דו, אַלטער, מאַך זיך ניכט צום נאַרן. שטיי מאַל אויף!" האָט ער מיטן פוס גענומען שטויסן דעם נאָך ליגנדיקן חיימען, „שפּיאָנען באַפרייען וויר ניכט. שאוען זי אַלטער," האָט ער אָנגעכאַפּט חיימען ביים קארק און אים אויפגעהויבן ווי מ'הייבט אויף אַ שרץ, „זאגן זי מאַל, טויפל אין מענטשנגעשטאַלט, ווער איזט דער לאַוזבוב?" איז זיין קול אַריבער אין אַ ברומען און אויפשטעלנדיק חיימען האָט ער ממש געבליצט אויף אים מיט זיינע גרויע קעצענע אויגן.

חיים האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז דער פּאַרשוין וויל אויסגעפינען עפּעס וועגן שטערנבערגן און מיטן זעלבן ניגון און יאָמער גענומען איבערדער־ציילן די זעלבע מעשה ווי אַזוי ער מיטן לערער שטערנבערג זיינען געגאַנגען היטן די בהמות.

„אבער ווער איזט ער, דער הונדען זון?" האָט ער אים געקוקט גלייך אין די אויגן אריין ווי וועלנדיק מיט זיין בליק אויפרייסן חיימס צוגעשלאָסענע אויגן דעקלעך, און שאַרף ציילנדיק יעדעס וואָרט געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אויב ער וועט נישט זאָגן דעם גאַנצן אמת וועט ער אין משך פון פיר און צוואַנציק שעה דערשאָסן ווערן. אויב ער וועט אָבער אויסזאָגן אַלץ, וועט מען מיט אים מטיב זיין.

„פריץ לעבן," האָט חיים אָנגעשטעלט דעם אויספאָרשערס האַנט צו קושן.

„מאָשעק," איז ער צוריק אַריבער אויף פּויליש, „וועסט הענגען אויף אַ שבתדיקן גאַרטל אויב וועסט נישט זאָגן דעם אמת, און דו ביסט דאָך אַ טאַטע פון קינדער . . ."

„אָבער פּריץ לעבן," האָט זיך חיים געבעטן.

„קיין אָבער זאָל מיר דאָ נישט זיין, מאָשעק, איך וויל דיך ראַטעווען," האָט ער אַ זעץ געטאָן מיט דער טיר און איבערגעלאָזט דעם צעשלאָגענעם און צעטראָטענעם חיימען אַליין אין דער פינצטער. בלויז דורך די נישט פאַרהאַנגענע פענצטער האָט אַריינגעקוקט אַ בלויער זומער אָוונט מיט אַ הימל בלישטשענדיקע שטערן.

אינעם דערנעבנדיקן צימער, איז שטערנבערג געלעגן אויפן דיל און זיך געבעטן: „דערשיסט מיך בעסער," אָבער אויף יעדן וואָרט וואָס ער האָט אַרויסגעבראַכט, האָבן צוויי פאַרשוינען, וועמעס פּנימער מ'האָט קוים געקענט זען, זיך משונהדיק צעלאַכט.

„ע, דו דאַרפסט נאָך פריער ווערן „אַ גענעראַל" און דערנאָך וועלן מיר דיר די טובה טאָן," האָבן זיי זיך געוויצלט און אים אַוועקגעשטעלט מיט דער פּלייצע צו דער וואַנט.

„ווי האַלט עס?" האָט עמעץ אַ פרעג געטאָן פון אַ ווינקל אַרויס, וואו עס האָט געצאַנקט אַ דין חלבן ליכטל, „מ׳קען שוין אַ פרעג טאָן? איך בין שוין פאַרטיק."

„פרעג," האָבן די צוויי אַ כיכיקע געטאָן און אָפּגעלאָזט דעם אַרעס־טירטנס הענט.

„נו, איצט וועסטו שוין אונטערשרייבן, פּאַניע שטערנבערג?" האָט זיך יענער באַמיט אַרייַנצוגעבן וואָס מער איראָניע אין יעדן וואָרט.

„שיסט מיך אָן דעם," האָט שטערנבערג קוים אַרויסגעשליוכצט.

„אַזאַ פויגל ביסטו?" האָט זיך יענער ווי אַ שאָטן אַ שלייך געטאָן גלייך צו דער וואַנט וואו שטערנבערג איז געשטאַנען, און מיטן גאַנצן אימפּעט אים אַ שטויס געטאָן מיטן פוס צווישן די ריפּן אַזוי אַז שטערנבערג איז געבליבן ליגן אַ טרעשטשענדיקע קוליע שטרוי.

„גלייכט אים אויס," האָט יענער אַ כריפּע געטאָן.

די צוויי זשאַנדאַרן האָבן אים אַ כאַפּ געטאָן און אַוועקגעשטעלט ביי דער וואַנט וואו ס׳איז געווען אַ הילצערנע פּלאַטפאָרמע מיט צוויי ברעטער אין דער זייט, וועלכע האָבן זיך צונויפגעשלאָסן דורך אַ ספּעציעלע שרויף. אַ געפּענטעטער, אָן איינגעשלאָסענער ביזן האַלבן גוף איז שטערנבערג גע־שטאַנען און גאָרנישט געפילט מער און קוים געהערט וואָס עס טוט זיך אַרום אים. ער האָט אויך נישט געפילט ווען מ׳האָט אַרויפגערוקט די ברעטער העכער ביז די אַקסל. ערשט ווען זיי האָבן גענומען אַרייַנשרויפן דעם קאָפּ אויך, האָט אַ יאָמער זיך אַ ריס געטאָן פון אים און דאָס שרייבערל האָט זיך אַ הייב געטאָן פון ווינקל און אים צוגעטראָגן דאָס ליכט גלייך צו די פאַרשוואָלענע אויגן. נישט קענענדיק זיך באַוועגן האָט ער אין דער שרויף גענומען איינשרומפּן און ציטערן אין קאַלטע אנגסטן.

„פרישט אים אָפּ!" האָט דאָס שרייבערל אַ געשריי געטאָן מורא האָבנדיק, אַז ער האָט שוין איבערגעכאַפּט די מאָס. נישט קענענדיק זיך דערוואַרטן אויף זייער שנעלן אָפּשרויפן אים, האָט ער אַליין אַ כאַפּ געטאָן דעם עמער וואַסער וואָס איז געשטאַנען גרייט פאַר אַזעלכע פאַלן און אַ כליאַפּ געטאָן אויף דעם ציטערנדיקן הויפן שמאַטעס וואָס איז אַרויסגעפאַלן פון דער שרויף. פונעם נאָס האָט דער הויפן זיך גענומען קנוילן מיט אַ קרעכץ.

„אַהאַ,” האָט מיט ניצחון דאָס שרייבערל זיך אַוועקגעזעצט און באַפוילן, „לייגט אים אויף דער באַנק,” אַ פּאָר מינוט איז ער אַזוי געלעגן אויף דער באַנק מיטן פּנים אַרויף ביז דאָס שרייבערל האָט זיך ווידער אַוועקגעשטעלט לעבן אים מיטן ליכט איבער די אויגן מכלומרשט כדי צו זען ווי ער פילט. אויף דעם קרבנס אָנמעכטיקן דרייען דעם קאָפּ כדי אַוועקצונעמען אים פון אונטער דער שטעכיקער שיין פון ליכט, האָט דאָס שרייבערל זיס און בוימלדיק געענטפערט: „זאָרגט נישט פאַניע שטערנבערג, איר מעגט זיך שוין אויפזעצן. עס וועט שוין לאַנג נישט נעמען. שרייבט נאָר דאָס אונטער, וועט שוין אַלץ גוט זיין . . .”

„נאָר ביז אין דער פרי,” האָט איינער פון די צוויי אַ גאָרגל געטאָן פון הינטער דעם אייוועלע וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקל פון צימער.

„זאָל איך צוגרייטן די גענעראַלסקע שליפעס?” האָט ער געכאָכאָטשעט מיטן פולן מויל און אַרויסגעשלעפּט אַ דינע דראָט וואָס מ'נוצט ביים מאַכן אַ גענעראַל. דאָס מיינט ברענען דאָס גראָבע פלייש פון די פיס מיט אָנגעגליטע דראָטן.

„הייבט אויף אַביסעלע דעם קאָפּ, פאַניע,” האָט דאָס זעלבע בוימלדיק זיסע קול אים געהאָלפן אפילו אונטערהייבן זיך און שטערנבערג האָט גלייך דערפילט, אַז עפּעס האָט זיך איינגעפלאָנטערט אין זיינע האָר וואָס קריכט אים אין קאָפּ אַריין, אָבער די האָר ווילן אַנטלויפן פון דעם און אַלע האָרוואָרצלען שטעכן פון אומגעדולד.

„שטעלט אים אויף,” האָט פּלוצים אַ קנאַל געטאָן אַ קול צוזאַמען מיט אַ פּראַל פון דער טיר. „האָט ער שוין אונטערגעשריבן?” האָס איז דער קאָמענדאַנט געקומען זיך נאָכפרעגן ווי עס האַלט. דערזעענדיק דעם קרבן ליגנדיק אויף דער באַנק מיט דעם האָר־פליקער אין קאָפּ, האָט ער שוין פאַרשטאַנען ווי עס האַלט און זיך געלאָזט צו דער טיר, „נו, לאָזט אים אָפּ דעם טייוול, סיי ווי וועט — — —”

די לעצטע ווערטער זיינען שוין פאַרשלונגען געוואָרן אין קאָרידאָר, וואו חיים איז געלעגן אַ צונויפגעקאָרטשעטער אין אַ בלודנעם פּיין. ער איז נישט געווען זיכער, נאָר עס האָט זיך אים געדאַכט אַז ווען מ'האָט אים געפליקט די באָרד האָרוויין און געפּאָדערט ער זאָל זאָגן ווער שטערנבערג איז, האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט, אַז אַזוי ווי ער איז געקומען אין דאָרף אַריין ערשט מיט אַ פּאָר חדשים צוריק, ווייסט ער גאָרנישט וועגן אים . . . מער געדענקט ער נישט וואָס ער האָט געזאָגט. ער דערמאָנט זיך בלויז אַז ס'איז אים נישט גוט געוואָרן, האָט מען אים דער־

לאַנגט וואַסער און ער איז געקומען צו זיך ערשט אַט אַ דאָ אינעם ווינקל פון קאָרידאָר. אַז ער בייגט אויס דעם קאָפּ אַביסל אויף רעכטס קען ער אַרויסקוקן אין דרויסן גלייך אויפן הויף וואו עס ברענט אַ פייער און סאָלדאַטן זיצן אַרום. ער קען אַפילו זען אַ פּיצל בלויען אויסגעשטערנטן הימל. ווי לאַנג ער האָט אַזוי געקוקט און פאַרקוקט זיך, ווייסט ער נישט. ער האָט, דאכט זיך, געהערט יאָמערן און וויינען, ווער ווייסט אָבער וואו דאָס איז. ס'איז געווען אַזוי נאָענט פון אים, אַז עס האָט זיך אים מינוטנווייז אויסגעוויזן אַז דאָס שרייט ער אַליין אַזוי און עמעץ אויבן צווישן די בלישטשענדיקע שטערנדלעך, שטשירעט אויף אים מיט ווייסע ציינדלעך. אַ קלאַפּ מיט אַ טיר צוזאַמען מיט אַ קול אַ ברייטס אַ באַפעלערישס, וואָס פאַלט אַראָפּ אויף דיר פון אַלע זייטן ווי אַ דונער אין פעלד, האָט אים אין גאַנצן אַרויסגעצויגן פונעם טראַנס. דאכט זיך ער האָט קלאָר געהערט „סיי ווי דערשיסן."

„מיר זיינען ביי גאָט אין די הענט, יצחק," האָט חיים מיט אַ שולדיקער נאָענטקייט געגלעט דעם שליוכצנדיקן שטערנבערג, ווען מ'האָט נאָר וואָס צוגעשלעפּט צום ווינקל.

„איצט קענט איר אַפילו פּרוּוון אַנטלויפן אויך, דראַניעם פּאַרשיווע. קוק אַרויס אין דרויסן, פּראָפעסאָר", האָט אים דער זשאַנדאַר אוועקגעלייגט מיטן פּנים צו דער וואַנט.

„פּאַר וואָס דערשיסט מען שוין נישט?" האָט דער שליוכצנדיקער שטערנבערג נישט געוואוסט וואָס עס טוט זיך מיט אים, „כ'האָב דאָך שוין אונטערגעשריבן, זאָל עס שוין נעמען אַן עק."

„ס'איז אַן אָפּקומעניש, מיין פריינט. און אַז אונטערגעשריבן איז וואָס? אין אַן עת צרה מעג מען אַפילו זאָגן ליגן אויך . . ." האָט חיים מיט ציטער, אָבער מיטן גאַנצן האַרץ געפּרוּווט באַרואיקן שטערנבערגן און אין דער זעלבער צייט געווען נייגעריק צו וויסן וואָס אַזעלעכס ער האָט אונטער־געשריבן.

„געוויזן די באָלשעוויקעס דעם וועג. אויפגעהעצט די פּויערים צום אָנפאַל אויף די פּריצים," האָט שטערנבערג קוים מיט מאַטערניש אַרויסגעבראַכט פון די פאַרשוואָלענע ליפּן.

„נו, מאַלע וואָס מ'שרייבט אונטער," האָט חיים געקרעכצט און שוין געוואָלט איבערגעבן וואָס מיט אים איז געווען, נאָר מ'האָט אים איבערגע־שלאָגן מיט געבייזער:

„היי, זשידזשי, באָלשעוויקי, איר זענט נאָך נישט אַנטלאָפן? קריכט אַרויס

פון דער קוטשע,‟ האָט מען זיי בײדע גענומען אונטער די אָרעמס און אַרויס־געפירט אין דרויסן אויפן הויף וואו ס׳איז געווען א געפילדער, א לויפעניש, א רייסן זיך איינער אויפן אַנדערן און איבערן אַנדערן. דאָס פייער אין מיטן הויף האָט נאָך געצאַנקט און די שפּרינגנדיקע ליאַרעמדיקע שאָטנס האָבן אָקעגן דעם אויסגעקוקט ווי מאָפּסישע באַשעפענישן וואָלטן אַרויסגע־שפּרונגען פון די לעבער ערגעץ און קענען צוריק זייער אָרט נישט געפינען. באַ־פעלן האָבן זיך געטראָגן איבער די קעפּ פון ליאַרעם, קלינגען פון שפּאָרן, היר־זשען פון פערד און טראַסקען פון וועגענער און דאָס אַלץ איז געווען אויסגע־מישט מיט א כסדרדיקן אָפּהילך פון קוילנוואַרפערס, א סימן אַז דער שונא גרייפט אָן ערגעץ גאַר נאָענט. דער סאָלדאַט וואָס האָט געפירט די צוויי אַרעסטאַנטן, האָט זיך קוים דורכגעשטופּט מיט זיי נאָענט צום פייער, וואו עס האָבן זיך געזאַמלט די זשאַנדאַרן זיצנדיק שוין גרייט אויף די פערד.

„די אַרעסטירטע אויפן וואָגן,‟ האָט ווער א קאָמאַנדעווע געטאָן און דער סאָלדאַט האָט זייביידן א שלעפּ געטאָן און אַרויס מיט זיי פון הויף, „איר וועט נאָך האָבן גענוג צייט צו קוקן אויפן הימל, א קורווע די מאַמע אייערע, שטעלט פּיס!‟

מע האָט זיי אַרויפגעפּאַקט אויף א וואָגן אָנגעלייגט מיט הויז כלים, שרייב מאַשינען און גרויסע דיקע קאָנצעלאַריע ביכער. נאָך א היפּש ביסל קללות איז דעם סאָלדאַט קוים געלונגען צו מאַכן אביסל אָרדנונג אין וואָגן און מאַכן געזעסן פאַר זיך און פאַר די אַרעסטירטע.

„יאַשו באַנדראָווסקי!‟ האָט א הילך געטאָן דעם קאָמענדאַנטס שטימע.

„צום באַפעל, פּאַניע קאָמענדאַנט!‟ האָט דער סאָלדאַט זיך א שטעל געטאָן און סאַלוטירט.

„דו ביסט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די אַרעסטירטע צו ברענגען זיי לעבע־דיקע קיין כעלם.‟

„איך הער!‟ האָט דער סאָלדאַט זיך נאָך מער אויסגעצויגן אין דער פינצטער, „אָבער טאָמער ווילן זיי אַנטלויפן?‟ האָט ער איראָניש געצויגן די ווערטער.

„קענסט די רעגולאַציעס!‟ איז דער קאָמענדאַנט פאַרבייגעריטן ווי א וויכער, און נאָך אים האָט זיך די גאַנצע מחנה זשאַנדאַרן א לאָז געטאָן אויף די פערד צו דער בריק איבערן בוג, וואו דאָס שטופּעניש איז געווען אומ־געהויער. פון אַלע גאַסן און געסלעך זיינען אָנגעלאָפן פערד, בהמות און מענטשן. מערסטנס מיליטער אין גרוים פּאַניק אָבער אויך א סך ציווילע. פּריצים וואָס האָבן פאַרלאָזט די הויפן מורא האָבנדיק פאַר נקמה און אָרעמע

פּוילישע קאָלאָניסטן וועלכע האָבן געגלויבט אַז גענעראַל בודיאָנים קאָזאַקן וועלן צערעכט מאַכן אַלע פּאָליאַקן אין וואָלין. אַלע האָבן זיך געשטופּט. ווילד הירזשענדיקע לעגיאָנערסקע פערדלעך צוזאַמען מיט גוט געכאָוועטע און פלינקע פּריצישע צוכטן, און אין מיטן די ברייט בייכיקע און שווער פּיסיקע פּויערישע קאָבילעס. אינעם שיין פון דער רויטער, סוף חודשדיקער לבנה, האָבן זיך פאַנטאַסטיש און סילועטנאַרטיק געצייכנט אָפּגעשניטענע געשפּאַנען פונעם אַנטלויפנדיקן מיליטער, אָפּענע לעכער פון שווערע האַרמאַטן צוזאַמען מיט פּריצישע בריטשקעס אויף רעסאָרן געפאַרבט אויף רויט און ווייס, און ציטערדיקע הויכע פאַווע פעדערן פון דערשראָקענע היסטערישע פאַניענקעס. ביי די זייטן וועג האָבן זיך געשטופּט פּויערישע וואָגנס אָנגעטורעמט הויך מיט היימישער באַלעבאַטישקייט, פון אַ טעפּל ביזן אקער און דער קאָסע וואָס האָט זיך שאָטנדיק געהוידעט אין דער רויטער ליכט; און אויף דעם גאַנצן הארמידער דאָס גאַנצע בני בית צוגעבונדן מיט שטריק צו די לייטערלעך פון וואָגן. אַלץ האָט זיך געשטויסן, געליאַרעמט און געשאָלטן אויף עטלעכע שפּראַכן אויף אַמאָל און דער עיקר אויף פּויליש. פון מינוט צו מינוט זיינען די קולות שטאַרקער געוואָרן און העכער דאָס שטעפּן פון די קוילנוואַרפערס. אַ סך האָבן זיך געלאָזט שווימען מיטן וואַסער, און מער ווי אַ יאָמערלעכן: „ראַטעוועט!” האָט מען שוין פון זיי נישט געהערט. הימל און ערד האָט זיך ממש געמישט אינעם שטויב און געוואַלד, און די סוף חודשדיקע לבנה אַ פעסלדיקע, אַ מעוברתע, מיט נאָך אַ פּאָר קליינע רויט בעזעמדיקע שטערן האָבן אַלץ באַגאָסן מיט אַ משונהדיק און גרוילעך ליכט. פּלוצים האָט אַ ראַקעטע זיך אַ צי געטאָן איבערן גאַנצן הימל און די געוואַלדן זיינען מיט איינמאָל אָפּגעהאַקט געוואָרן ווי איבערגעשניטן אין דער מיט. דער קנויל מענטשן, פערד, בהמות און וועגענער אויף דער יבשה, אויף דער בריק און אין וואַסער הוידנדיק זיך ווי שיכור אויף די כוואַליעס, איז מיט אַמאָל אָפּגעדעקט געוואָרן פון אַן אומזעבאַרער האַנט, און אַלע האָבן אינסטינקטיוו איינגעבויגן די קעפּ און דער אָטעם האָט זיך זיי פאַרהאַקט . . . אַ פּאָר סעקונדעס אַזוי, און אַזוי שנעל ווי דער ראַקעט האָט זיך אַ לעש געטאָן און אַראָפּגעזונקען אין שפּריצעלעך צו די שפּיצן ביימער פונעם נאָענטן וואַלד, איז דער געטומל און גערודער נאָך גרעסער געוואָרן. עס האָבן זיך שוין אויך געמישט יללות פון שטעטלשע איינוואוינער פון הינטער די פאַרהאַקטע לאָדנס אַפער. עס האָבן זיך געריסן אינעם האַרמידער אַריין יאָמערלעכע היסטערישע אויפגעשרייען:

„געוואַלד, מע קוילעט! סע ברענט! האָב רחמנות פּריץ לעבן!”

עס איז פאַרשוואונדן דער מינדסטער קאָנטראָל איבער דער אַנטלויפנדי־

קער מחנה. קאמאנדירן האבן געשריגן הייזעריקע און גארנישט געקענט אויפטאן. האט יעדער גענומען די איניציאטיווע אין די אייגענע הענט און נישט קוקנדיק ווער ס'איז פאר דיר, ביי דער זייט אדער פון הינטן, געריסן זיך פאראויס וואו מ'האט נאר געקענט. עס האבן אויפגעבליצט בלאנקע שווערדן, און רעוואלווער שאסן האבן דא און דארט געקנאלט און זיך דורכגעשניטן א וועג צו דער בריק און פארשוואונדן אין דער געשפענסטיקער נאכט אריין, וואס האט זיך געצויגן אוועק מיטן טראקט, מיטן וואלד און מיט די בערגלעך ארום. די זשאנדארן אפטיילונג האט אויך אזוי געפרואווט דורכשלאגן זיך א וועג. ווי די טייוואלים האבן זיי זיך געשניטן צווישן געקנויל מיט די געפלאכטענע בייטשלעך אין דער לופטן ווי צישנדיקע שלאנגען. ווער האט דען געהערט עמיצנס געקרעכץ אדער קללה? אפילו ווען פון דער זייט האט מען אויף זיי געהאגלט מיט בייטשן און מיט הענטלעך פון ביקסן, האט עס נאר געפילט דער וואס האט זיך א וואלגער געטאן פון פערד אראפ, דער איבעריקער איילנדיקער המון האט גארנישט געוואוסט מער ווי רעווען, שטויסן און רייסן זיך אין געקנויל און מיטן געקנויל.

אפגעפלויגן אזוי א פאר מייל נאך דער בריק, האט דער קאמענדאנט אפגעשטעלט דאס געלויף צו זען וואס ס'איז געבליבן פון די זייניקע.

„איבער א העלפט פעלט, צום טייוול!" האט ער א הויב געטאן דאס בייטשל אין דער זייט פון שטעטל ווי ער וואלט וועמען דארט געדראט, „א, איר זענט דא. גוט יאנוש," האט ער זיך א ווענד געטאן אין דער זייט פון דער פור וואו די ארעסטירטע זיינען געלעגן. „איצט קען מען שוין פארן פאמעלעך. מיר זיינען שוין אויף דער אייגענער ערד. דער שונא איז נאך אויף יענער זייט וואסער. מארש!" האט ער א צי געטאן דאס ציימל פון זיין דיבאם שטייענדיק פערד און זיך א ריס געטאן אין דער נאכט אריין, מיידנדיק בערגלעך, וועלדלעך, היימישע ריטשקעלעך און דרימלענדיקע סעדער פול מיט רייפע פרוכטן און גאנצע פאסן פעלד מיט שפיציקן קארן און קורץ בייכיקן פארטיקן ווייץ. די פערד האבן מיט די נאזלעכער דערשמעקט א נאענטן זשלויב און פלויט, האבן זיי געפארשקעט און געריסן זיך אין די זייטן אויף די זאמדיק געלע וועגעלעך, וואס שניידן זיך ווי קארבן אין טראקט און פארלירן זיך אט ביים ברעג פון א טייכל און אט ביים אריינגאנג אין א וועלדל. די רייטער האבן מיט די שפארן געקירעוועט די פערד אויפן שטויביקן טראקט ארויף און אליין אויך געווארפן האסטיקע בליקן צום וועגל צו וועלכן דאס פערד האט זיך געריסן. ווער ווייס צו וועמעס היים דאס וועגל פירט.

מיטן לויפן האט זיך די גרופע פארלוירן פון אויג, געריטן צו צוויי און

דריי אינאיינעם און די פורן גאָר באַזונדער. נישט אַלע זיינען געריטן מיטן טראַקט. אָט איז איינער ווי אַ שוואַרצער מכשף אַנגעפלויגן פון מיטן פעלד, און אַנדערער איז גאָר פאַרלאָפן אַלעמען דעם וועג פאָרויס. ער ווייסט אַ קירצערן וועג, שרייט ער, און טראָגט זיך אָפּ ווי אַ ווייבער מיט די לאַנקעס אויף וועלכע שוואַרצע שאָטנס טאַנצן אום ווי שדימלעך פון הינטער די הרי־חושך אפער. אַ מורא צו קוקן און אַן אימה צו פאַרמאַכן די אויגן.

פּלוצים, סטאָפּ!

„קריכט אַרויס פון וואָגן!" וועקט זיי דער סאָלדאַט פון האַלב פאַרחלשטן דרימל, „נו, רירט זיך לוויזיקע נפשות," איילט ער זיי אונטער מיט אַ פּאָר קללות און שטורכעס אין די זייטן, „קריכט אַרויס, וועלן מיר שפּאַנען. די פערד קענען אונדז מער נישט שלעפּן . . . אַזעלכע פויערישע ווײַדעלעך, שלעפּן קוים מיט די פיס. זאָל עס דער טייוול נעמען, מאַרש!" האָט ער אויסגעמאָסטן די פּלייצעס פון די אַרעסטירטע מיט דער גאַנצער לענג פון ביקס, „נאָר פּרוּאווט מיר דאָ אַנטלויפן, וועט מיר גלייך ווערן לייכטער. כ'וועל זיך באַשפּאָרן שלעפּן מיט אייך. איר'ט זיך גלייך ליגן מיטן טאָכעס אַרויף און איך וועל זיך פאָרן אויפן וואָגן," האָט ער שפּאַנענדיק הינטער זיי גערעדט מיט חוזק און וואָרנונג, „דערשאָסן ביים אַנטלויפן, הייסט עס. איר זעט פאַרשיווצעס, איך וועל אַלעמאָל זיין גערעכט," האָט ער מיט דער ביקס ווידער אַ שטורכע געטאָן אין די זייטן, „איר היט בעסער דאָס פּיצל פּעלכעלע באַטש ביז מאָרגן. אַז מ'דערשיסט נישט באַלד, שיסט מען שוין נישט אַזוי גיך. וואָס האָט איר אַזעלכס געטאָן וואָס מ'צאַצקעט זיך אַזוי מיט אייך? איך וואָלט אייך געגעבן אַ לעבער דורך איינס און צוויי," האָט דער סאָלדאַט געהאַלטן אין איין מאָלן גיך מיט ניין מאָס רייד אויסגעמישט מיט קללות און אַ שפּיציק געלעכטערל, אַזוי אַז די אַרעסטירטע האָט זיך אָנגעהויבן אויסווייזן, אַז זיי לעבן איבער אויף דער וואָר איינע פון יענע פּאָלקס מעשהלעך וועגן גייערס, וועמען יענע לייט האָבן אַריינגעקראָגן אין זייערע לאַפּעס און זיי מאַטערן זיי אַ גאַנצע נאַכט מיט בלאָנקעניש, ניבול פּה און יסורים, ביז גאָט העלפט און שיקט אַרויס דעם גוטן שליח, דעם בלאָסן מאָרגנשטערן, און מיט אַ זילבערנער בייטש צעטרייבט ער אַלע בייזע צינגער און שטעכיקע פינגער, וואָס האָבן זיי געשטאָכן און געלעקט און געביסן אַ גאַנצע נאַכט. עפּענען די גייערס די אויגן אויף מיט אויפגע־ריסענעם שרעק און דערזען זיך באַלד אין אַ היימיש פּלאַץ, אַ בלאָטיקעלע אָדער אַ לאָנקע, אָדער גאָר דאָרט וואו די וועגן צעשיידן זיך און אַ הייליקער אין אויסגייענדיקן צער, וויינט אַראָפּ פון אַ קלאָץ אויף זיין און אַלעמענס אומגליק.

„פאַר וואָס זאָל איך זיך דאַרפן שלעפּן אַ גאַנצע נאַכט צופּיס?" האָט ער זיך לסוף גענומען באַקלאָגן און אויפּרייצן זיך וואָס מער אויף דעם אומרעכט וואָס ווערט קעגן אים באַגאַנגען. ער האָט זיי גענומען טרייבן צו גיין ביים זייט פון וועג און נישט צווישן די פורן וואָס האָבן זיך געשלעפּט אין טיפן זאַמד ווי אַ מידער קאַראַוואַן.

„וואָס קריכט איר מיר אויף די פּיס?" האָט ער זיי געשטויסן מיט דער ביקס, „נישקשה, איך זע אייך, איר מעגט אַביסעלע לויפן. דער „שפּילער" איז אָנגעצויגן, אַ קורווע די מאַמע אייערע," איז ער זיי גאָר אויף אַ סעקונדע פאַרלאָפן דעם וועג און געשטופּט אויף צוריק, „וואָס איילט איר אַזוי? די נאַכט איז נאָך גרויס. איר'ט שוין סיי ווי מער נישט ווייזן די באָלשעוויקעס דעם וועג." האָט ער נישט פאַרמאַכט דאָס מויל קיין סעקונדע, און די אַרעסטירטע האָבן שוין אויפגעהערט כאַפּן דעם זין פון די ווערטער. בלויז דער זשום פון די קלאַנגען און דאָס שפּיציקע געלעכטערל האָט זיי געשטאָכן אין אַלע גלידער, און מיטן לעצטן ביסל האָפן און קלאַמערן זיך אין לעבן וואָס איז נאָך פאַרבליבן אין זיי, האָבן זיי אויסגעקוקט דעם בלאַס בלישטשנדיקן שליח פון הימל, ער זאָל זיך שוין, ווי אין דער פאַלקס מעשה, באַווייזן און ברענגען דעם שיין פון טאָג צו פאַרטרייבן דעם זשומענדיקן טייוול.

פּלוצים האָבן זיי דערהערט אַ מאָדנע באַפעל און דאָס קול וואָס באַפעלט איז נאָך מאָדנער, פאַרדומפּן ווי פון אַ פּאַס אַרויס: „לינקס, צו די קוסטעס! זעקס טריט פאָרויס!"

אינסטינקטיוו האָבן ביידע אַרעסטירטע גלייך דערפילט די סכנה און ווי איין מענטש האָבן ביי ביידן גלייך געאַרבעט די בלוטן, געגעבן אַ לויף דורך דעם גאַנצן קערפּער און געפּונען דאָס מיטל צו ראַטעווען זיך. זיי האָבן זיך גערוקט רעכטס אָנשטאָט לינקס און נישט געגאַנגען פאָרויס, נאָר גערוקט זיך אויף צוריק הארט לעבן דעם סאָלדאַט וואָס האָט געפרייכט און געסאָפּעט פון אויפרעגונג. פאַר כעס וואָס ער קען זיי נישט טרייבן וואוהין ער וויל, האָט ער גענומען האַמערן אויף זיי מיט דער פויסט און אַלץ געליאַרעמט: „לינקס, שטייט!"

האָבן זיי זיך געשטעלט, אָבער אַזוי שנעל ווי ער האָט זיך געוואָלט אָפּרוקן פון זיי, האָבן זיי קוועקזילבערדיק אַ צאַפּל געטאָן צו אים צו. דער כעס אינעם סאָלדאַט האָט געסאָפּעט געפרייכט, געשוימט מיט גאַווער.

„לינקס, פאַרשיווּוצעס!" האָט ער זיך שוין אַ כאַפּ געטאָן מיט אַ קוויטש און אויפגעהויבן די גראָבע זייט פון דער ביקס איבער זייערע קעפּ.

אַרום איז קיינער נישט געווען אויסער זיי. די פורן זיינען געווען ווייט

פּאָרוים. קיין רייטער האָט זיך נישט געוויזן, בלויז זיי מיטן סאָלדאַט מיט דער אויפגעהויבענער ביקס. אין דער לינקער זייט אַ טאָלעבל מיט קוסטעס, רעכטס אַ ריטשקעלע ביי וועלכן עס שאָטענען זיך הויכע טאָפּאָלעס ווי פאַר־שטומטע ריזן, און איבער זיי אַ פעסלדיקע לבנה וואָס בלאָסט זיך שוין און וואַרפט טויטע שטראַלן אויף אַלץ און אַלעמען. פון אַ נאָענטן דאָרף האָט זיך געטראָגן אַ קריי פון אַ האָן. די אַרעסטירטע האָבן זיך האַסטיק אויסגע־דרייט מיטן פּנים צום סאָלדאַט. דריי שאָטנס האָבן אין איין סעקונדע געצאַפּלט איינער קעגן צוויי ווי אַ באַוועגלעכער סגול, און די אויפגעהויבענע האַנט מיט דער ביקס האָט זיך לאַנגזאַם אַראָפּגעלאָזט צום טאַקט פונעם קלאַפּן פון די ציין.

„מאַרש!" האָט דער סאָלדאַט קוים אַרויסגעשטאַמלט און פעסט צוגע־האַלטן די ביקס מיטביידע הענט.

ערשט איצט האָבן די אַרעסטירטע דערפילט, אַז אין דער לעצטער מינוט האָט דער סאָלדאַט זיך דערשראָקן פאַר זיי אַז זיי זאָלן אים נישט אַנטלויפֿ־פענען, און אין האַרצן האָט אַזאַ נאָך געטאָן: „פאַר וואָס האָבן זיי עס טאָקע נישט געטאָן?"

עס האָבן זיך ווידער דערהערט דאָס קרעכצנדיקע שניידן פון פורן אין זאַמד. דער סאָלדאַט האָט זיך, ווייזט אויס, אויך באַרואיקט און געוואָרן זיכערער ביי זיך, און זענענדיק ווי די אַרעסטירטע שלעפּן זיך נאָך אַלץ נאָענט פון אים, האָט ער זיי מיטן פוס אַ שטויס געטאָן פון זיך און מיט דער גאַנצער לענג פון דער ביקס אַ ראָזמאַכעווע געטאָן איבער זייערע פּלייצעס.

„נישט געצלמטע הינט!" האָט ער געשאָלטן און געשפּיגן, און דער־יאָגנדיק אַ וואָגן איז ער אַליין אַרויפגעקראָכן און זיי געהייסן נאָכלויפן אָנהאַלטנדיק זיך מיט די הענט ביי די לייטערלעך פון דער פור, „ביי יעדן מינדסטן אָוועקדרייען זיך אין דער זייט פון וואָגן, שיס איך, זשידעס לייזיקע!"

„הער אויף פייניקן, יאַנוש!" האָט עמיץ פון דער טיף פונעם וואָגן שלעפעריק אים אָפּערגעהאַלטן. „הערסט ווי מ'שיסט, קען זיין ביי אונדז דאָרט, הערסט?"

„ווייך פלעצל מיינס, שלעפ זיך אַ גאַנצע נאַכט מיט זשידעס שפּיאָנען, גיב מיר דיין רעוואָלווער, וועלן כאָטש די הענט נישט אַזוי ווי טאָן פון האַלטן אין האַנט."

„דאַרפסט זיי ברענגען לעבעדיק קיין כעלעם, יאַנוש."

„לעבעדיק שמעבעדיק, הינטישע לעבערס אַזעלכע, דאָרט שיסן די זייעריקע און מיר צאַצקען זיך."

„זייערע, אונדזערע, פון וועלכן דאַרף זיינען זיי, יאַנוש?"

„טרייב כאָטש די פערד שטאַרקער, זאָל כאָטש די נשמה אַרויסטאַנצן פון זיי נאָכלויפנדיק," האָט דער סאָלדאַט אַ כיכיקע געטאָן מיט אַ שפּיי צוזאַמען.

„אָט אַ בידע," האָט דער שמייסער געטריבן די פערד און די צוויי האָבן געהאַצקעט ביי דער זייט מיט באָרוועסע פיס, ווייל די פּאָדעשווער האָט מען אָפּגעריסן נאָך ביי דער ערשטער אויספאָרשונג.

דער הימל איז אַלץ בלאַסער און בלאַסער געוואָרן. די פינצטערניש געדיכטער, כאָטש איינציקע שטערן האָבן נאָך נאָדלדיק געגלאַנצט מיט די לעצטע כוחות בייצוקומען די פינצטערניש. די שיסעריי וואָס האָט אַ גאַנצע נאַכט נישט אויפגעהערט איז שטאַרקער און אימפּעטיקער געוואָרן. געקומען פון עטלעכע זייטן אויף אַ מאָל און פון אַזוי נאָענט אַז מ'האָט דאַכט זיך קלאָר געהערט דאָס געמיש פון געשרייען אין מיטן שיסעריי.

„ס'איז דאָ גאָר נאָענט," איז ווי אַ וויכער פאַרביי געפלויגן אַ רייטער, „טרייבט שנעלער!"

„באָזשע מי מאָיע, קאָכאַניע (גאָט מיינער, ליבער)," האָט זיך דער אָנ־טרייבער אויפגעשטעלט מיט אַמאָל און געוואָלט דורכלעכערן די פינצטערניש מיט אַ קוק אויף צוריק, „וואָס וועט מיין אַלטער, נעבעך טאָן?"

„רויע (קלאָג) נישט ווי אַ קלויסטער הונט. מ'האַלט נאָך נישט ביי אונדזער דאַרף. זיי זיינען נאָך דעם „בוג" נישט אַריבער. טרייב שנעלער!"

„אָט אַן אומגליק, אַפּילו אויפן וויעכעטש ערד לאָזט מען נישט זיצן. ווען וועט שוין טאָגן, צום טייוול? אַ נאַכט אַביסעלע זיך צעצויגן."

„בייזער זיך נישט ברודערקע, אָט טאָגט שוין אויך. זעסט נישט? טרייב שנעלער!"

„די פערד סאַפּען קוים, און וואָס וועט זיין מיט זיי? זיי וועלן דאָך נישט קענען נאָכשפּרינגען."

„כאַפּט זיי דער טייוול!"

די פערד האָבן שטאַרקער אַ צי געטאָן, געשפּרונגען איבערן שטייניקן וועג, נישט געמיטן קיין גריבער, וואַסערלעך און בלאָטקעס. געריסן זיך פאָרויס מיט משוגענעם אימפּעט און די אַרעסטירטע אָנהאַלטנדיק זיך ביי דער זייט פון וואָגן, זיינען מיטגעשפּרונגען טאַמלענדיק מיט די לעצטע כוחות. די האַנט וואָס האָט זיך אָנגעהאַלטן אין וואָגן איז ווי געליימט נאָר האַלט זיך אָן אין דעם לייטערל מיט דער לעצטער שטייפקייט וואָס די פינגער פאַרמאָגן. דער אימפּעט האָט זיי אַריינגעכאַפּט, אַז זיי האָבן פּלוצים פאַרגעסן אין אַלץ

און נאָר געוואָלט נאָכיאָגן, נאָכהאַלטן דעם וואָגן. ערשט ווען דער וואָגן האָט זיך אָנגעהויבן קייקלען אַביסל פּאַמעלעכער, האָבן זיי דערפילט אַז זיי קענען דעם אָטעם נישט כאַפּן און די פיס הייבן זיך פּשוט נישט מער. רעדן האָבן זיי נישט געקענט, האָבן זיי בלויז זיך נאָכגעהאנגען מיט ביידע הענט ביים וואָגן און אַזוי זיך אַריינגעשלעפּט אין שטאָט אַריין.

ס'איז שוין געווען גאַנץ ליכטיק ווען זיי האָבן זיך קוים אַריינגעשטופּט אין שטאָט אַריין. די הויכע בריקלעך און שמאָלע געסלעך זיינען געווען באַ־לייגט מיט סאָלדאַטן, פערד, געווער און הויך געפּאַקטע פויערישע פורן. דאָס גרויע נעפּל האָט זיך שוין אָנגעהויבן צעקריכן און די רויטקייט פון די וואָלקנס פאַר זון־אויפגאַנג, האָט געטריבן דעם לעצטן גרעלן טונקל פון די ליקלעך און געוועלבטע דעכער איבער די בריקלעך, וואָס ציען זיך איבער דער גאַנצער שטאָט, אַן אַמאָליקע פוילישע פעסטונג וואו אפילו די הייזער זיינען צוגעפּאַסט פאַר אַ לעצטער פאַרטיידיקונג.

פאַר אַ גרויסער און אַלטער געביידע האָט זיך דער וואָגן אָפּגעשטעלט און גלייך זיינען די אַרעסטירטע געווען אַרומגערינגלט פון אַ גאַנצער גרופּע צערייצטע סאָלדאַטן.

„יידן, שפּיאָנען, טפוי!"

„שיסן דאַרף מען זיי!"

„מיט וועמען מ'פירט זיך אַרום, צום טייוול!"

„אַלע יידן זיינען שפּיאָנען, באָלשעוויקעס!"

„היי, טראָצקי, מיר'ן נאָך צונעמען מאָסקווע, אַ קורווע די מאַמע דיינע," האָט זיך איינער פאַרמאָסטן מיט דער פויסט אויף שטערנבערגן.

„דאָס נישט, חברל," האָט שוין דער שומר זייערער זיך אַריינגעמישט, „דער באַפעל איז ברענגען לעבעדיק און גאַנץ אין דער קאָמאַנדע."

„און דו האָסט זיך געשלעפּט מיט זיי אַ גאַנצע נאַכט? כאַ כאַ כאַ," האָט אַ קרום־אויגיקער לעגיאָנער מיט אַ באַנדאַזש אַרום קאָפּ זיך צעלאַכט אויף די העכסטע טענער, „מיך וואָלט עס באַדאַרפט טרעפן."

„פיר אַריין, יאַנוש," האָט דער אָנטרייבער אַראָפּשפּרינגנדיק פון וואָגן אַ געשריי געטאָן, „גיב זיי איבער דעם קאָמענדאַנט און ווער פּטור פון זיי. די קעסלען קאָכן שוין, האָט איר עפּעס צו טרינקען?" האָט ער זיך היימיש־לעך און וואויליונגעריש אַ שטעל געטאָן מיטן פּנים צו דער חברה און דער־מיט אָפּגעווענדט דעם כעס וואָס האָט זיך געהאַלטן אין צעשפּילן איבער די קעפּ פון די אַרעסטירטע.

„נו, מאַרש, ליידאַקעס!" האָט דער שומר אַ קאָמאַנדעווע געטאָן און זיי אַ שטויס געטאָן אין דער ריכטונג צו אַ גרויסן קאָרידאָר, וואָס האָט געפירט אין די אינעווייניקסטע חדרים פונעם גרויסן הויז. עס האָט אויסגעזען אַז דאָ איז אַמאָל געווען אַ פּאָסט אָפּיס אָדער אַ באַנק.

אינעם קאָרידאָר איז נאָך געווען פינצטערלעך, האָבן זיי זיך געהאַלטן אין איין אָנשלאָגן אין די שטיינערנע, פייכטע ווענט, ביז ענדלעך זיינען זיי אַריינ־געפאַלן אין אַן אָפענער טיר פון וואַנען עס האָט אַרויסגעשפּאַרט אַביסל גרעלע ליכטיקייט און די פיגור פון אַ סאָלדאַט אין פולער באַלאָדונג.

„זשאַנדאַרמען קאָרפּוס?"

דער טיר היטער האָט זיך אַפילו נישט קיין באַוועג געטאָן, נאָר אַלץ געשטאַנען גלייך ווי ער וואָלט איינגעשלונגען אַ שטעקן.

„פעלד אָפּטיילונג נומער 92."

„פאַרנעם זיך רעכטס צו דער קאַסע אָפּטיילונג. די טיר איז אָפן. בייגט איין די קעפּ, די סטעליע איז נידעריק," איז עס געווען דאָס ערשטע מענטש־לעכע וואָרט וואָס די אַרעסטירטע האָבן געהערט פון זינט זיי זיינען אַריינ־געפאַלן אין די זשאַנדאַרסקע הענט.

נאָך אַ פּאָר מינוט שטאָלפּערן אין דער פינצטער, האָט אַ שיין פון אַ לאָמפּ צוזאַמען מיט אַ פרייליך קול אַ שניט געטאָן דעם חושך אַרום זיי.

„איר קענט שוין אויפהויבן די קעפּ. דאָס זענט איר, זשידאָווסקי טיי־וואָלים? קומט נעענטער אַהער, קראָטן. ווי שמעקן אייך עפּעס אונדזערע קעסט? מיר האָבן דאָ אויסמעבלירט אַ צימער פאַר אייך," האָט דער קאָמענ־דאַנט מיט ביידע הענט אויף אַמאָל אַ פּליאַסק געטאָן די אַרעסטירטע אין־די פּנימער. חיים איז אַנידערגעפאַלן מיט אַ יאָמער.

„פריץ לעבן, אַ טאַטע פון ניין קינדער."

„אַזוי פיל יידישע דרויב האָסטו אָנגעפּליאָדעט, דו הולטיי דו, הורן זון," האָט ער זיך אָפּגערוקט פון חיימען און אויפגעשלאָסן די טיר אין דער אַנטקעגנאיבערדיקער וואַנט. די טיר איז אָפּגעשפּרונגען ווי עס וואָלט זי ווער אַ שלעפּ געטאָן פון אינעווייניק.

„נו, וואָס גלאָצטו, גלאָמפּ איינער," האָט דער שומר אַ זאָג געטאָן צו שטערנבערגן, „רוק זיך אַריין, און דאָרט וועסטו גלאָצן וויפל דו ווילסט, אַ קורווע די—" האָט ער זיך אַזש פאַרקייכט און מיט ביידע הענט אים אַ שטויס געטאָן גלייך אין דער אָפענער טיר אַריין. חיימען האָט דער קאָמענ־דאַנט נישט געלאָזט אויפהייבן זיך:

„קריך זשידעק, קריך, וועסט נאָך אפשר צום ווייב אויך דערקריכן.״ האָט ער זיך לוסטיק געמאַכט מיט אַ פֿול מויל.

„וואו זענט איר שטערנבערג?״ האָט חיים געשטאַמלט פֿון מיטן דעם געדיכטן חושך וואָס האָט זיי אַרומגעכאַפּט מיטן צושליסן די טיר.

„רעדט, וועל איך צוקומען צו אייך,״ האָט שטערנבערג געענטפֿערט.

„איר טאַפּט אָן אַ וואַנט?״

„כ׳שטיי לעבן אַ ווינקל.״

„גייט נישט גלייך. ס׳קען זיין אַ קעלער ערגעץ, קריכט בעסער.״

שטערנבערג האָט זיך אויסגעצויגן אויף אַלע פֿיר.

„וואו זענט איר, ר׳ חיים? זאָגט עפּעס, נאָר שטיל. עפּעס קלינגט דאָס קול דאָ פֿון עטלעכע זייטן אויף אַמאָל. רעדט צום דיל.״

„תפלה לעני כי יעטוף ולפני ה׳ ישפוך שיחו,״ האָט חיים אַרויסגעשלוכצט צום דיל די פּאָר פּסוקים פֿון תהילים, וואָס ער האָט זיי די גאַנצע נאַכט געזאָגט בלויז אין גדאַנק.

„למה ה׳ תעמוד מרחוק,״ האָט שטערנבערג געענטפֿערט מיטן זעלבן ניגון צוקריכנדיק אַלץ נעענטער.

„בבלע רשע צדיק ממנו,״ האָט חיים אויסגעשטרעקט די הענט און אַרומגענומען שטערנבערגן, „האַלט זיך אָן אין מיר און טאַפּט אַלץ אַרום. איך וועל זיך מיטסיוועון מיט אייך, נאָר פּאַמעלעך. „שיר המעלות, ממעמקים קראתיך אדוני,״ האָט ער אַ שעפּטש געטאָן אַ פּסוק און זיך אָפּגעשטעלט, „איך געדענק נישט קיין גאַנצע קאַפּיטלעך נאָר איינציקע פּסוקים. זאָג איך אַזוי. ס׳איז אַ סגולה. זאָגט מיר נאָך.״

„אַ מענטש, דאַכט זיך,״ האָט שטערנבערג מיט אַמאָל אַ ציטער געטאָן און צוריקגעפּאַלן אויף חיימען.

„וואָס זשע ציטערט איר? רעדט צו אים!״

איידער שטערנבערג האָט נאָך צייט געהאַט צוצורירן זיך צו יענעם, האָט שוין עפּעס אַ מאָדנע קול געענטפֿערט. ס׳איז געווען נישט בלויז הייזעריק און פֿאַרדומפּן, נאָר עפּעס ביידע צוזאַמען און נאָך עפּעס. די קלאַנגען זיינען אַרויסגעקומען געשפּאַלטן און צעבראָכן. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַזאַ קול קומט נישט פֿון מויל אַליין. עס קומט ווי אַ ריס פֿון גאַנצן לייב און לעבן. קוים וואָס זיי האָבן געקענט צונויפֿשטעלן דעם מיין פֿון דעם קול.

„יאָ, גלוכע (איך בין טויב).”

אויף אַ מינוט זיינען זיי ביידע געוואָרן איין שטיק גליווער.

„ווער ביסטו?” האָבן זיי ביידע אַרויסגעשטאַמלט אויף אַמאָל פאַר־נעסנדיק אַז ער איז טויב.

„פּאַפּיראָסאַ,” האָט יענער ווי פון אַ קעלער אַרויס אַרויסגעשפּאָלטן פון זיך „שוין דריי טעג נישט געגעסן און נישט געטרונקען, און אפשר מער. מ'האָט מיך זייער געשלאָגן, גאָט מיינער,” האָט ער זיך מיט אַמאָל אַ וואַלגער געטאָן מיט אַ שטאַרקן סאַפּע און אַנטשטומט געוואָרן.

וויפל זיי האָבן אים נישט געטאַרקעט און געטרייסלט, קיין וואָרט האָבן זיי פון אים מער נישט געקענט אַרויסקריגן. ער האָט בלויז שווער געסאָפּעט.

ביסלעכווייז האָבן זיך די אויגן צוגעוואוינט צו דער פינצטערניש. זען עפּעס האָט מען נאָך אַלץ נישט געקענט, אָבער די פינצטערניש איז שוין נישט געווען ווי אַ וואַנט, נאָר ווי אַ שלייער וואָס ווערט דורכזיכטיקער און דורכזיכטיקער. צום ערשטן קען מען בלויז באַמערקן די ווייסקייט פון די אייגענע הענט (און אפשר ווייזט זיך עס נאָר גאָר אויס) דערנאָך דאַכט זיך, אַז מ'זעט דאָס פּנים פונעם שכן. יאָ, דאַכט זיך אַז מ'זעט דעם שליסל לאָך פון דער טיר. אַ דין ווייס נאָדעלע בלאַנקט אַנטקעגנאיבער. זיכער, ס'איז דער שליסל לאָך. מ'דאַרף צוגיין. אויפשטעלן זיך אָבער האָט ער נאָך אַלץ מורא, איז ער צוגעקראָכן צום ווייסן שפּילקע קעפּעלע. אַרויפגעלייגט דערויף אַ פינגער. ס'איז פאַרשוואונדן. האָט ער אַראָפּגענומען דעם פינגער, האָט נענומען אַ פּאָר סעקונדן ביז דער חושך איז ווידער אויפגעשטאָכן געוואָרן פון אַ ווייס שפּילקע קעפּל. ניין, ס'איז נישט דער שליסל לאָך, אפשר גאָר אַ שפּעלטל אין דער טיר. ער פּרוּווט צולייגן אַן אויג, זעט ער גאָרנישט. ווייזט אויס, אַז בלויז צוליב דער געדיכטער פענצטערניש זעט זיך אַרויס דאָס פּינטעלע ווייסקייט אויף וועלכן עס הענגט דאַכט זיך אַ גאַנצע וועלט. אָבער אַז דו גייסט צו אַזוי נאָענט מיטן אויג, איז עס גאָרנישט. „זיינען דען דאָ מיראַזשען אין דער פינצטער?” ווייזט אויס אַז יאָ. ער דערמאָנט זיך ווי מיט יאָרן צוריק בשעת די דייטשן האָבן געכאַפּט אויף אַרבעט, זיינען זיי אַ גאַנצע כאַפּטע בחורים געלעגן אין פינצטערן קעלער אָן אַ פענצטערל, האָט זיך זיי אויך אַזוי אויסגעוויזן אַ ווייסער פלעק פון דער אַנטקעגנאיבערדיקער וואַנט. ערשט ווען זיי זיינען אַרויף אויבן, האָבן זיי געזען אַז די וואַנט אויף וועלכער זיי האָבן געזען דעם ווייסן פלעק, פירט גאָר אין אַן אַנדער פינצטערן קעלער. קען זיין, אַז דאָס איז גאָרנישט די טיר וואָס ער טאַפּט איצט? אויף אַ ווײַלע האָט ער אין גאַנצן פאַרגעסן אין וואָס פאַר אַ לאַגע ער געפינט זיך איצט. דאָס וויכטיקסטע איז איצט געווען אויסצוגעפינען

צי איז דאָס די טיר צי נישט. האָט ער גענומען נאָך אַמאָל אויסמאַרקירן ווי אַזוי ער איז אַריינגעקומען אַהער. ער האָט זיך געדאַרפט נאָך אַמאָל דער־מאָנען די גאַנצע סצענע, און ס'האָט אים גאָרנישט געאַרט, נישט די קלעפּ, נישט די באַליידיקונג. ער האָט בלויז געוואָלט געניי דערזען ווי אַזוי ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט נאָכן אַריינפאַלן אַהער. זיכער געדענקט ער עס. ער איז צוגעפאַלן צו אַ ווינקל און געקראָגן אַ שטאַרקן קלאַפּ אין קאָפּ פון עפּעס אַ הענגענדיקער זאַך. דאַרף מען עס אָפּזוכן, וועט ער שוין וויסן.

„האַלט זיך אָן, שטערנבערג," וואָרנט אים חיים, „אויף אַלע פיר, אויף אַלע פיר," קריכט ער אים נאָך און שעפּטשעט, „מן המיצר קראתי יה, ענני במרחב יה. האָסט עפּעס געפונען?"

„עפּעס קלעפּיקס, ס'שטינקט. גייט צוריק. כ'וועל פון דאָרט סיי ווי גאָרנישט וויסן. דאָס איז דאָס נישט."

„וואָס מיינט איר?" האָט חיים איבערגעריסן דאָס תהילים זאָגן.

„גאָרנישט, כ'וויל וויסן וואו די טיר איז . . ." האָט ער אַזוי פּשוט געענטפערט, אַז חיימען האָט עס אַזש אַ ברי געטאָן.

„אַ נייע זאָרג, מער פעלט אייך שוין נישט," האָט ער זיך אַ בייזער געטאָן, „אייך שטיקט אויך אַזוי? איך קען שוין נישט אָטעמען."

„ליגט זיך אַוועק. נידעריקער איז מער לופט."

„ס'איז דאָ נישטאָ קיין פענצטער. וואָס קען דאָס זיין?"

„די פייער קאַסע אוודאי."

„אַנטאָש, לעבסט נאָך?" האָט פון אַ ווינקל אַרויס עמיץ אַרויסגע־קרעכצט.

ס'איז געווען אוממעגלעך פעסטצושטעלן פון וועלכן ווינקל עס קומט. דאָס קול איז נישט ענלעך געווען צו דעם פריערדיקן. דאַכט זיך אָבער, אַז עס קומט פון דעם זעלבן ווינקל, און אפשר פון ערגעץ אַנדערש.

„זיי האָבן דיך דערהאַרגעט די היצלעס . . ." האָט דאָס קול אָנגענומען די ענלעכקייט צום פריערדיקן, „מיך אויך. רעד נישט צו מיר, כ'בין טויב. כ'הער גאָרנישט," האָט ער אַ זעץ געטאָן מיט די הענט אין דיל און זיך צעיאָמערט מיט אַ מאָדנעם כאָרכל, „ביסט נישטאָ שוין, אַנטאָש? צי כ'בין שוין בלינד אויך? אָ, גאָט, וואָס האָבן זיי געהאַט צו אונדז?" האָט ער גע־נומען שנאָרכן און שלוקערצן אויף אַ שווידערלעכן אופן.

שטערנבערג מיט חיימען האָבן זיך געהאַלטן אַרומגענומען און מיט פאַרמאַכטע אויגן געזען דעם שווידער אַרום זיך. האָט חיים מיטן בלויזן

האַרץ געקלאַפּט אין די טויערן פֿון תּפֿילה, נאָכדעם ווי די פּסוקים האָבן זיך אים אויסגעלאָזן: „אוי, טאַטע פֿאָטער, אל רחום וחנון,” האָט זיין גאַנץ לייב געתּפֿילהט אָן אַפֿילו אַ ליפּ צו באַוועגן, און שטערנבערג — פֿאַר אים איז געשטאַנען אָפֿן דער אימהדיקער גרויל. געבעטן האָט ער נישט, נאָר אַלע אבֿרים האָבן זיך געריסן פֿונעם גרויליקן חושך אַרויס. מיט גרויס ווייטיקדיקער בענקשאַפֿט האָט ער עס טאַקע באַוויזן אויך. ער האָט געזען פֿאַר זיך אַ ברעג טייך. אַרום שטייעןביימער. פֿון ווייטן שלענגלט זיך אַ נעפּל אויפֿן שפּיץ פֿונעם ליימיקן באַרג, און ער, אַ קליין ייִנגל נאָך זיצט אויפֿן ברעג מיט די פֿיס אין וואַסער און פּליעסקעט זיך. „כ'בין דאָך נאָך אַלץ אַ קינד,” האָט אין אים געוויינט יעדער אָדערל.

„פֿאַר וואָס האָבן זיי אונדז געבראַכט אין דער פֿינצטערניש אַהער?”

ווער האָט דאָס אַרויסגעשלוכצט? שטערנבערג? חיים? אָדער גאָר יענער דאָרט אין ווינקל? מעגלעך אַז אַלע דריי אויף אַמאָל, און מעגלעך אויך אַז קיין איינער נישט פֿון זיי, האָט זיך אַליין אָדער זיינע שכנים געהערט שליוכצן אויף אַן אמת, אָבער געפֿילט האָבן זיי דעם שליוכץ מיט אַלע גלידער, וואָס זיינען אַזוי צעממיתט אַז זיי צאַפּלען בלויז יעדערער פֿאַר זיך און פֿילן זאַכן מיט גאָר אַנדערע חושים.

אַליין נישט ווויסנדיק, זיינען זיי פּלוצים שטיין געבליבן פֿאַר זעאונגען וואָס נישט נאָר זיינען געווען דער היפּוך פֿון זייער איצטיקער רעאַליטעט, נאָר זיי האָבן זיך בכלל נישט געלייגט אויפֿן שכל. איין בילד האָט געטריבן דאָס צווייטע און איבערגעלעבט געוואָרן פֿון פֿאַרשידענע גלידער אין דער זעלבער צייט. אָנהאַלטנדיק זיך מיט איין האַנט אין חיימען, האָט שטערנבערג מיט דער צווייטער געטאַפּט אַרום זיך, געוואָלט אויסגעפֿינען וואו זיי זיינען אין דער וועלט. ענדלעך איז ער געווען זיכער, אַז ס'איז אַ צימער אָן פֿענצטער, מן הסתּם אַ פֿייער־קאַסע פֿון אַ באַנק, אָבער אין דער פֿאַנטאַזיע האָט ער געזען גאָר עפּעס אַנדערש פֿון דעם וואָס ער האָט נאָר וואָס אַרומגעטאַפּט און דאַכט זיך געטראַכט וועגן דעם. ס'איז פֿרילינג. ער ליגט לעבן דער קרעניצע און דומעט. הינטער דעם ווייסן באַרג אַקערט אַ פּויער איינער אַליין. מ'הערט בלויז דאָס בו־הון פֿונעם באָנק ערגעץ אין די בלאָטעס לעבן וואַלד און דאָס וויאָקען פֿונעם פּויער וואָס אַקערט. פּלוצים איז נאָך שטילער געוואָרן. דער פּויער האָט אויפֿגעהערט אַקערן און קוקט עפּעס דערשראָקן אין אַלע זייטן. אַ פּויערטע מיט אַ טאָפּ פֿאַרדעקט מיט אַ קאָלירטע פֿאַטשיילע קומט אָן פֿון דאָרף. זי קוקט זיך אויך עפּעס מאָדנע אַרום. בייגט שטערנבערג נידעריקער דעם קאָפּ אַראָפּ, נישט ווייל ער וויל זען וואָס עס וועט געשען, נאָר ער פֿילט אַז ער איז איבעריק דאָ. ליגט ער שוין מיטן פּנים

אראָפּ און בלויז דורכן גראָז קען ער זען ווי דער פויער גייט אַנטקעגן דער פויערטע מיט אָפענע אָרעמס און אַ צעפּלאַמט פּנים. אַ סעקונדע בלויז קוקן זיי זיך נאָך אַרום און טוען ביידע אַ פאַל אויפן אויפגעאַקערטן פעלד מיט אַ צופרידענעם קוויטש. פאַר איבעררעשונג איז ער דאָן אַריינגעפאַלן אין דער קרעניצע אַריין.

„זיצט רואיק,״ כאַפּט אים אָן חיים מיט אַ צאַפּל און זעט דערוויילע זיין שיינדלען אַ כלה מיידל נאָך, מיט אַ שוואַרץ לעקעלע פאַרלייגט אויפן שטערן וואָס גיט איר אַזוי פיל חן. זי איז געקומען צו זיי אין דאָרף אַריין אויף שבועות. העלפט זי אים מיטן היי צונויפליינען. ס׳איז אַ שפיל אַזאַ, אַ לעבעדיקע, אַ פריילעכע. דאָס האַרץ און אַלע גלידער שפּילן מיט און ציען זיך ווי דאָס גליטשיק־גלאַטיקע היי. אָבער פלוצים האָט שיינדל זיך אַ גליטש געטאָן פון סטערטע אַראָפּ, טוט ער אַ צאַפּל צו איר. נעמט זי אַרום מיט ביידע הענט און טוט אַ פאַל מיט איר אין היי. „היט זיך, קענסט זיך נאָך אַראָפּגליטשן,״ ווערן אים אַזש די ליפּן פייכט.

„וואו אַראָפּגליטשן?״ קען אים שטערנבערג נישט פאַרשטיין.

„אוי, רבונו של עולם,״ קרעכצט חיים און עס טראָגט אים שוין ווידער ערגעץ אַוועק, נאָר די הענט טאַפּן אַלץ אַרום זיך. אפשר וועט ער פאָרט אַנטאַפּן עפּעס לויט וועלכן מ׳זאָל וויסן וואו מ׳איז אין דער וועלט.

„כ׳האָב עס,״ האָט ער ענדלעך אַרויסגעשעפּטשעט, „די טיר איז אָט דאָ,״ האָט ער מיט שטערנבערגס האַנט אַרויפגעלייגט אויפן קאַלטן אייזן פון וואַנט, „איר פילט דעם שפּאַלט?״

„יאָ, יאָ,״ האָט שטערנבערג צוריקגעשעפּטשעט און מיט פאַרמאַכטע אויגן געבליבן שטיין אָנגעשפּאַרט אין דער טיר.

דאָס אויסגעפינען די טיר און דאָס קילן די צעהיצטע פּנימער אינעם קאַלטן אייזן, האָט זיי אויף אַזוי פיל גליידך באַרואיקט, אַז זיי האָבן ערשט אויף אַן אמת דערשפּירט דעם שווערן ריח אין צימער און טאַקע דערזען אַ גרוי פּאַסיקל ציטערן אויפן דיל לעבן דעם אָרט וואָס זיי נעמען אָן פאַר אַ טיר. האָבן זיי זיך ביידע אַראָפּגעלאָזט צוריק אויפן דיל, אַרויפגעלייגט די הענט אויפן פּאַסיקל גרוי. זיי זיינען שוין אין גאַנצן אַרויס פונעם פריערדיקן טראַנס פון צווייאיקייט און די גלידער זיינען שוין אַלע וואַך. זיי האָבן שוין אַפילו דערהערט קולות פון יענער זייט. די קולות האָבן געשראָקן, ווער ווייס וואָס זיי ווילן דאָ די קולות. אָבער פאָרט האָט זיי הנאה געטאָן צו הערן מענטשלעכע קלאַנגען.

„ווער איז דאָ?״ האָט יענער אין ווינקל אַרויסגעריסן זיך פונעם שלו־

קערץ, „וואָס דומעט איר ווי סטראַשידלעס? איך זע אייך, נאָר איך הער אייך נישט, געכאַפּט אָן אַ פּאַספּאָרט? פון פּאָדהייעץ בין איך. גיט מיר ברויט," האָט ער געקייעט די ווערטער מיט אַ געשפּאַלטן קול, „אָך, באָזשע טי מאָי, זיי ענטפערן נישט. כ'בין שוין מן הסתם אין גיהינום מיט די טייוואָלים," האָט ער זיך ווידער פאַרכליניעט פאַר שרעק און גענומען כאָרכלען און זעגן מיטן האַרץ און האַלדז.

זיי האָבן זיך ביידע גענומען ראַטשקען צום ווינקל וואו יענער איז געלעגן, אָבער זיי זיינען אין מיטן אָפּגעשטעלט געוואָרן פון גיכע טריט האַרט ביי דער וואַנט און אַ שנעלן דריי פון אַ שליסל. איידער זיי האָבן נאָך צייט געהאַט אויסצודרייען זיך צו דער טיר, האָט אַ שטיק גרויקייט זיך אַ לייג געטאָן ווי אַ לאַטע אויפן דיל און אויף דער וואַנט.

פאַר שרעק און ווייטיק אין די אויגן פונעם פּלוצימדיקן ליכטיק ווערן, האָבן זיי אויף שנעל זיך אַ וואָרף געטאָן מיטן פּנים אַראָפּ און געפילט ווי פון דער אָפענער טיר נעמט מען זיי דורך און מ'דעקט זיי אָפּ אָדם נאַקעט. ערשט ווען אַ יונג מיטפילנדיק און געלאַסן קול האָט זיי באַגריסט: „גוט מאָרגן, מיינע הערן!" האָבן זיי געוואַגט זייטיק אויסצודרייען די קעפּ און קוקן פון אונטן אַרויף ווער עס רעדט צו זיי. גלאַנציק אָפּגעפּוצטע שיך מיט גלאַט געפּרעסטע מיליטער־הויזן, האָבן געפירט צו אַ יונג ליב פּנים מיט מילדע מיטפילנדיקע אויגן וואָס האָבן גערעדט גלייך ווי דאָס רואיקע גע־מיטלעכע קול:

„איר ווילט אפשר עפּעס, פּאַנאָוויע? קומט אַרויס שעפּן אביסל לופט. נעמט אויך מיט יענעם אין ווינקל," האָט ער געשטעלט אַ טראָט נעענטער צו זיי, „אָ, יענער קען זיך שוין נישט רירן," האָט ער זיך פאַרקרימט מיט אמתן מיטלייד, „אַ שאָד, נו, הייבט זיך אויף. שרעקט זיך נישט, קיינער וועט אייך מער נישט טשעפּען. איר זענט איצט אין אַנדערע הענט. איר האָט אפשר קרובים דאָ אין שטאָט?" האָט ער זיך פּלוצים איינגעבויגן צו זיי און שטיל אַ שעפּטש געטאָן, „אין אַזאַ צייט אַז מ'פאַלט אַריין איז נישט גוט, נאָר איינענע קענען עפּעס אויפטאָן."

חיים האָט זיך דער ערשטער אַ שטעל געטאָן און געפּרואווט אָננעמען דעם סאָלדאַטס האַנט צום קושן, נאָר יענער האָט זי אויף שנעל צוגעכאַפּט און זיך אַ כאַפּ געטאָן ביים אויער וואו ס'איז וואויל יונגעריש געלעגן אַ בלייפעדער.

„מ'דאַרף נישט, מ'דאַרף נישט. ס'איז דער חוב פון יעדער מענטש. איר האָט אפשר באַקאַנטע דאָ אין שטאָט? מ'וועט דאַרפן עמיץ זאָל ערב זיין.

נו, רירט זיך," האָט ער פּלוצים הויך אַ קאָמאַנדעווע געטאָן, הערנדיק ווי עמיץ אויף יענער זייט וואַנט דערנענטערט זיך „מאַרש פאָרויס!"

די ערשטע פּאָר סעקונדן זיינען זיי געגאַנגען וואַקלענדיק און שיקלענ־דיק מיט די אויגן. די פרישע לופט האָט פאַרהאַקט דעם אָטעם און דאָס שאַרפע ליכט האָט געבלענדט די אויגן, אַז זיי האָבן גאָרנישט געזען פאַר זיך.

„דאָס בית הכסא איז אָט אָ דאָ." האָט ער זיי אַ וויז געטאָן מיטן פינגער צו אַ ווינקל אינעם הויף וואו ער האָט זיי אַרויסגעפירט.

דאָס אַלץ איז געשען אַזוי פּלוצים און נישט דערוואַרטעט, אַז זיי האָבן נישט געקענט קומען צו זיך פון צעטומלטקייט און אַלץ געטאָן ווי באַ־צוואונגענע. ערשט ווען זיי זיינען אַרויסגעקומען פון בית הכסא, האָבן זיי זיך באַזינט און באַנומען וואָס עס איז געשען. אויף אַ סעקונדע האָט אַ ברי געטאָן אַ געדאַנק: „ווער וייס, אפשר ווילן זיי מיט גוטע רייד אַרויסבאַ־קומען די אַדרעסן פון די היימישע זייערע, כדי אויך זיי אַריינצושלעפּן אין דער נעץ?" נאָר אַ קוק געבנדיק נאָך אַמאָל אויף דעם ליבן פּנים פון דעם סאָלדאַט מיט זיינע היימיש שמייכלענדיקע אויגן, איז יעדער צווייפל אָפּגע־טאָן געוואָרן, און חיים האָט אַ שעפּטש געטאָן דעם אַדרעס פון זיינע אייגענע דאָ אין שטאָט.

„גוט," האָט דער סאָלדאַט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אַ צופרידענער און זיי צוריקגעפירט אין דער פינצטערניש אַריין, „כ'וועל באַלד זיין ביי זיי. כ'וועל זען מ'זאָל אייך געבן עסן," האָט ער פאַרשליסנדיק די טיר אַ שעפּטש געטאָן.

## כד

אין אַ פּאָר שעה אַרום האָט מען אין גרויסן בית המדרש מעכב געווען די „קריאה". אַן עלטערער ייד, אַ פאַרצאָגטער, אַ צערודערטער, איז געשטאַ־נען לעבן „שלחן" און מער געציטערט ווי גערעדט:

„יידן, ס'איז מיין איידעם מיט נאָך אַ יונגערמאַן. אין גויאישע הענט. מ'עט זיי דערשיסן," האָט ער געבראָכן די הענט, און דאָס גראָע בערדל האָט זיך געטרייסלט און אָנגעוואָרפן אויף אַלעמען די אימה פון טויט. „אַ טאַטע פון ניין קינדער. היינט פאַרטאָג האָט מען זיי געבראַכט. דער אָדון אַליין ווייסט אַז זיי זיינען אומשולדיק. יידן אַליין אין אַ דאָרף, טשעפּעט מען זיך צו זיי. אַ בילבול יידן, ראַטעוועט!"

צום ערשטן האָט מען נישט פאַרשטאַנען וואָס דער ייד וויל, און די וואָס

זיינען געשטאַנען אַרום שלחן האָבן אים אַפּילו געוואָלט אָפּשטופּן (מ'האָט זיך געאײַלט אַהיימצוגיין. אין אַזאַ צײַט, איז גלײַכער אַז מ'איז אין דער היים וואָס פּריער.) נאָר זײַן ציטערן און פּלאָטערן האָט זיי צוריקגעהאַלטן. עס האָט גענומען אַ היפּשע ווײַלע ביז מ'האָט פֿון זײַנע טאָמלענדיקע ליפּן אַרויסבאַקומען די גאַנצע געשיכטע, ווי ס'איז צו אים געקומען אַ סאָלדאַט און דערציילט, אַז די פֿעלד־זשאַנדאַרמעריע האָט געבראַכט צוויי ייִדן און זיי וועלן דערשאָסן ווערן אויב מ'וועט זיי הײַנט נישט אַרויסקריגן. דער סאָלדאַט וויל זיי העלפֿן, ווײַל ער ווייסט אַז זיי זײַנען אומשולדיק. רעדן מיט די אַרעסטירטע האָט ער נישט געקענט, נאָר ער האָט זיי געזען פֿון דערווײַטנס. ס'איז זײַן אײַדעם און נאָך אַ ייִדישער יונגערמאַן. זיי זײַנען צעשלאָגן. דער סאָלדאַט האָט געזאָגט, אַז מ'זאָל זיך גלײַך ווענדן צום קאָמענדאַנט אײדער מ'גיט זיי איבער צום פֿעלד־געריכט. „עס קען טרעפֿן מיט יעדן איינעם," האָט ער פֿאַרענדיקט מיט אַ שלוכץ, „אַן עת צרה ייִדן!"

אַ פּאָר מינוט איז די עדה ייִדן געבליבן ווי געפּלעפּט און בלויז שרעק האָט געהויערט אויף אַלע פּנימער און בערד, נאָר באַלד האָבן אַלע גענומען רעדן אויף אַמאָל, זיך געאַמפּערט און געשפּאַרט. פֿאַרוואָרפֿן עצות און פֿאַרגעלייגט נייע, ביז לסוף איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ דעלעגאַציע צו גיין צום קאָמענדאַנט.

ווען די אויסגעקליבענע האָבן אויסגעטאָן די טליתים און שוין געווען גרייט צו גיין, האָט דער ציטערנדיקער ייִד, וואָס איז די גאַנצע צײַט געשטאַנען ווי ער וואָלט נישט געוואוסט אויף וועלכער וועלט ער איז, אַרויסגעשלעפּט פֿון קעשענע אַ פּאַפּיר און פּלאָטערנדיק דערמיט אין דער לופֿטן אַרויסגע־צאַפּלט מיט ווערטער, וואָס זײַנען אים ווײַזט אויס די גאַנצע צײַט געלעגן אויף דער צונג, נאָר ער האָט זיי נישט געקענט אַרויסשאַרן: „דער סאָלדאַט האָט געזאָגט, אַז חשובע באַלעבאַטים זאָלן אונטערשרײַבן דאָס פּאַפּיר, וועט עס העלפֿן."

עס איז אַנגעשטאַנען אַ פּײַנלעכע שטומקייט. מ'האָט געהערט ווי עס קלאַפּט בײַ וועמען אַ צאָן אָן אַ צאָן.

„שבת," האָט ווער שרעקעוודיק אַ שטאַמל געטאָן. עס האָט אָבער קיין רושם נישט געמאַכט.

„כל ישראל ערבים," האָט אַן אַנדערער ווי אַ ריס געטאָן פֿון זיך זײַן מיינונג.

„עת לעשות, ייִדן," האָט זיך פּלוצים דער דיין צוגערוקט צום שלחן און אַ נעם געטאָן דאָס פּאַפּיר אין האַנט, „פּיקוח נפש, ס'איז אַ מצווה מחלל

שבת צו זיין פאַר קיום הנפש," איז ער אַריבער אין גמרא טאָן און פונעם פנים איז אים אָפּגערונען יעדן טראָפּ בלוט. „ר' הערש!" האָט ער אַ רוף געטאָן דעם שמש, „ברענגט טינט און פעדער. אם אין אני לי, מי לי," האָט ער נישט אויפהויבנדיק די אויגן גערעדט צו זיך אַליין.

„פרעמדע מענטשן?" האָט ער פּלוצים אויפגעכאַפּט עמיצנס אַן אומצופרידענעם מורמל, „נישטאָ קיין פרעמדע יידן ביים רבונו של עולם. די עת צרה איז אַלעמענס. ביי פּדיון שבויים פרעגט מען נישט ווער עס איז, אַבי ס'איז אַ ייד איז מען מחויב אים אויסצולייזן. אַ קליינינקייט פּדיון שבויים, און ר' ברוך," האָט ער אַ וויין געטאָן אויף דעם עלטערן יידן וואָס איז געשטאַנען צווישן זיי אַ צאַפּלענדיקער, „קען דאָך זיי אויך, וואָס זשע איז דאָ איבערצוקלערן? יידן אין; אַ דאָרף אַליין, האָט מען זיי פאַרנומען," האָט ער פאַרענדיקט מיט אַ קרעכץ.

עמיצער האָט אומישנע צי אומגערן אַרויפגעלייגט אַ טלית אויפן אָפּענעם, ספר, אָבער אַזוי שנעל ווי דער שמש האָט געבראַכט די טינט און פעדער, האָט דער דיין צוריק אָפּגעדעקט דאָס ספר. דאָס פּנים איז אים נאָך בלאַסער געוואָרן און דאָס קול האָט זיך אים פאַרענדערט, פאַרשטיקטער געוואָרן:

„חלל עליו שבת אחת כדי שישמור שבתות הרבה," האָט זיך קוים געהערט דאָס פאַרשטיקטע קול צוזאַמען מיטן קריצן פון דער פּען אונטערשרייבנדיק זיין נאָמען אויפן פּאַפּיר, וואָס האָט געזאָגט אַז זיי גאַראַנטירן פאַר דער אָרנטלעכקייט און לאָיאַליטעט פון די אַרעסטירטע. אויף אים קוקנדיק האָבן די אַנדערע נכבדים, אָנגעטאָן אין די טליתים, גענומען די פּען מיט זיכערע הענט און אונטערגעשריבן.

די שטילקייט אין בית מדרש בשעת די באַלעבאַטים זיינען איינער נאָכן אַנדערן צוגעגאַנגען אונטערשרייבן זיך איז געווען ממש אַ דורכזיכטיקע, מ'האָט דורך איר ממש געזען דאָס פּלאַטערן פון אַלעמענס הערצער. ערשט ווען די טיר האָט זיך פאַרמאַכט הינטער דער דעלעגאַציע, האָט אַ שטילער געמורמל זיך אָנגעהויבן טראָגן איבערן בית־מדרש, נאָר דאָ האָט דער בעל קורא זיך געגעבן אַ בויג איבערן ספר און אָנגעהויבן לייענען די פּרשה פון דער וואָך מיט אַ זיכערן טאָן: „והיה, עקב אשר שמעת בקולי . . ."

אַ דערהויבנקייט האָט אַלעמען אַרומגענומען און מיט אַמאָל האָבן אַלע דערפילט אַז זיי קוקן זיך פריי אין די אויגן אַריין.

---

אין דער זעלבער צייט, זיינען חיים און שטערנבערג געלעגן אין דער פינצטערער קאמער ווי אין א הינער פלעט. די שטראל האפענונג וואס דער סאלדאט האט אין זיי אריינגעלויכטן, האט ווי א קליין פלעמל געצאפלט פאר די אויגן. זיי האבן צוריק געזען די היים, די אייגענע, ממש ווידער אנגעטאפט לעבעדיק לעבן. דאס ליכט פון דרויסן, וואס זיי האבן פריער נישט געקענט פארטראגן, איז איצט געווען ארום זיי ווי א העלער קרייז. מיט פארמאכטע אויגן זיינען זיי געלעגן אויפן דיל און געציטערט פון האפענונג. טרערן זיינען גערונען פון די אויגן פון זיך אליין, און פון אומגעדולד האבן זיי אזש דעם אטעם נישט געקענט כאפן. דער מינדסטער שארך האט זיי געשראקן און געהויבן פון ארט, אבער, מיט דער גאנצער וואכיקייט צו יעדער שארך פון יענער זייט וואנט, האבן זיי פארט נישט געהערט ווי מ׳שליסט אויף די טיר פון דער קאמער. ערשט ווען די טיר האט זיך אן עפן געטאן אויף זיי, האבן זיי זיך א שטעל געטאן אויף די פיס צאפלענדיק מיט אלע גלידער פון היץ און קעלט.

„דער יינגערער וועט זיך אויסטויגן,״ האט א לאבעדיק קול א שמוצער געטאן פון יענער זייט טיר.

„מ׳דארף זיי אויספארשן, פאניע פארוטשניקו!״ האט דאס ליבלעך ווייכע קול וואס זיי האבן געהערט אין פרימארגן עפעס ווי געבעטן זיך.

„פארש דערווייל דעם עלטערן. נישקשה, דעם יינגערן וועט נישט שאטן א ביסל ארבעט אויך,״ האט דער פארוטשניק מיט חוזק אפגעענטפערט, „קום טראצקי!״ האט שטערנבערג שוין דערפילט אויף זיך דעם הויך פון שלעכטן בראנפן, „קענסט וואשן דילן?״

„יא,״ האט שטערנבערג אליין נישט וויסנדיק געענטפערט און זיך געריבן די אויגן פון דער פלוצימדיקער ליכט.

„ענטפער ווי א מענטש און נישט ווי א ווילדער,״ האט אים דער פא־רוטשניק געלערנט תרבות מיט א שמיר מיטן שפיצרוט, „זאג: יא, פאניע פארוטשניקו.״

די גאסן זיינען געווען געפאקט מיט סאלדאטן, פערד און וואגנס. ארום געדעקטע וואגנס האבן היימלאזע זיך געוואלגערט מיט זייערע משפחות. אויף די טראטוארן און ביי די זייטן פון שאסיי, זיינען קופקעס אפגעריסענע און אויסגעמאטערטע מענטשן געזעסן, געלעגן צונויפגעדריקט, אז מ׳האט ממש נישט געקענט דורכשטופן זיך. די סאלדאטן וואס האבן געפירט שטערנבערגן צו דער ארבעט, האבן זיך אבער נישט אומגעקוקט אויף די קנוילן מענטשן. זיי זיינען געגאנגען גלייך און נאך צוגעטיילט קלעפ און קללות אויף רעכטס און

לינקס. עס האָט זיי פונדעסטוועגן גענומען אַ היפּשע ווײַלע ביז זיי זײַנען אָנגעקומען צו אַ געסל וואו ס'איז געשטאַנען אַן אָפּגעזונדערט הײַזקעלע.

אינעם הײַזקעלע איז קיינער נישט געווען. די אומאָרדענונג פונעם מעבל און די צעבראָכענע פלעשער און אָנגעוואָרפענע, נישט דערריכערטע פּאַפּיראָסן, האָבן דערציילט פון אַ שמחהלע וואָס איז אַריבער אין אַן אָרגיע.

„הינטיש בלוט," האָבן די סאָלדאַטן אַ שפּײַ געטאָן און גלײַך אַרויס אין קאָרידאָר נישט קענענדיק פאַרטראָגן דעם ריח פון שלעכטן בראָנפן און מייקעכץ וואָס האָט געשפּאַרט פון די אַנדערע צימערן.

„פאַררויכער," האָט איינער פון זיי דערלאַנגט שטערנבערגן אַ פּאַפּיראָס, „אַרײַנגעפאַלן, האַ?"

„דער באַפעל איז, נישט רעדן צום אַרעסטירטן," האָט דער צווייטער דערמאָנט זײַן חבר.

„באַפעלן מעג מען דאָך," האָט יענער כיטרע אַ ווּאונק געטאָן און דערלאַנגט שטערנבערגן אַ בעזעם. „נעם קער אויס, נאָר פרואוו נאָר נישט אַנטלויפן. איך וועל שטיין ביים פענצטער. נו מאַרש!" האָט ער מיט אַמאָל פאַרגעסן די פריערדיקע צוגעלאָזנקייט, „טראָג זיך!"

אַ גלײַכגילטיקער, האָט שטערנבערג געפאָלגט און וואַקלענדיק זיך גענומען קערן דעם שמוץ אין הויז. אַ ווײַלע האָבן די סאָלדאַטן זיך צוגעקוקט, געררויכערט און געשפּיגן, אָבער פּלוצים איז דער פּאָרוטשניק אַרײַן אין הויז ווי אַ וויכער און זיך צעיאַכמערט:

„אויסוואַשן דאַרף מען. איר הערט כאַמולעס, אויסוואַשן! ברענגט וואַסער," האָט ער זיך שיכורלעך אַ וואַקל געטאָן און אַראָפּגעלאָזט איינעם פון זיי אַ פּראַסק אין דער מאָרדע, „ביסט געקומען שפּילן זיך?"

„איך הער, פּאַניע פּאָרוטשניקו," האָבןביידע מיט אַמאָל אַרויסגעשטאַמלט, אַ קלאַפּ טוענדיק מיט די ביקסן אין דיל.

„איך הער, איך הער," האָט דער שיכורער פּאָרוטשניק געחוזקט אָנהאַלטנדיק זיך ביי דער טיר נישט אומצופאַלן.

באַלד זײַנען זיי שוין אַלע דריי געלעגן אויפן דיל און געוואַשן. געריבן מיט די בעזעמער און אָפּגעטריקנט מיט די צעריסענע ליאַכעס וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אין קאָרידאָר, און דער פּאָרוטשניק איז אַרומגעשפּרונגען אַרום זיי און קאָמאַנדעוועט.

„די שינעלן טוט אויס, לאַפּאַצאַנעס! דער רעפּובליקס שינעלן, הולטייעס!"

ווי אָפּגעשמיסענע האָבן די סאָלדאַטן געפאָלגט און זיך אויפגעשטעלט, אָבער מער צו דער אַרבעט זיך נישט אומגעקערט.

„ער׳ט עס שוין אַליין מאַכן, דער זשידאָווסקער באָלשעוויק,״ האָט ער אַרויסגענומען אַ פּעקל פּאַפּיראָסן און אַ וואָרף געטאָן צו די סאָלדאַטן, „רויכערט ייִנגלעך!״

ווען שטערנבערג האָט פאַרענדיקט אויסוואַשן די שפּיגלען און דאָס מעבל, האָט די זון זיך שוין געזעצט און באַגאָסן מיט רויט דאָס גאַנצע הויז. דער פּאָרוטשניק, איינגעוויקלט אין אַ זיידענעם שלאָפראָק און גלאַט פאַרקעמט די האָר מיט אַ שרינט אין סאַמע מיטן קאָפּ, האָט ליבלעך געשמייכלט שפּילנדיק זיך מיט אַ טראָלד פונעם גאַרטל. אינגאַנצן אַ ניכטערער שוין, האָט ער אויסגעזען ווי אַ באַלעבאַטישער יונגע־מאַנטשיק אויף קעסט וואָס איז צופרידן מיט זיך און מיט דער וועלט. די פריערדיקע בייזקייט איז שוין געווען פאַרשוואונדן פון פּנים, בלויז די גרויע אייגעלעך האָבן שעלמיש געבליצט.

„נו, זשידיק,״ האָט ער זיך פּלוצים אַ ווענד געטאָן צו שטערנבערגן ווי אַ האַר צו זיין הינטל, „גענוג שוין. ביסט אַ מייסטער און ווערט אַ מעדאַל. ווילסט אַ פּאַפּיראָס?״

שטערנבערג האָט אַפילו געוואָלט אָפּדאַנקען, ער האָט אָבער מעכאַניש אויסגעשטרעקט די האַנט צו נעמען דעם אויסגעשטרעקטן פּאַפּיראָס און איז אָפּגעשפּרונגען ווי אַן אָפּגעבריטער. אַ שטיק שפּייעכץ האָט אים אַ שמיץ געטאָן אין פּנים אַריין.

„רויכערן וויל ער, כאַ, כאַ!״ האָט דאָס מענטשל אין שלאָפראָק געטאַנצט און געשפּרונגען אַרום אים אַ צערייצטער, „ער וויל דאָך באַצאָלטס, דער זשידיק. טראָצקי וועט דיר שוין באַצאָלן,״ האָט ער פּלוצים אַ כאַפּ געטאָן דעם בעזעם און אָנגעהויבן דערלאַנגען מיט רציחה און ווילדקייט וואו ער האָט נאָר געטראָפן. פונעם אימפּעט איז אים דער גאַרטל פונעם שלאָפראָק אַראָפּגעפאַלן און אַ האַלב נאַקעטער, אַ האַריקער, האָט ער זיך געטראָגן איבערן צימער ווי אַ שד, רעוונדיק מיט אַ פינעדיקן מויל: „ווי די ווערעם דאַרף מען אייך צעטרעטן! פוילן גייט אונטער צוליב אייך.״

שטערנבערג איז געלעגן אַ פאַרחלשטער. ערשט ווען די סאָלדאַטן האָבן אים אַרויסגעשלעפּט און אויף אים אַרויפגעפליוכעט אַן עמער קאַלט וואַסער, איז ער געקומען צו זיך און מיט גליווער אין די אויגן געגלאָצט אַרום זיך און גאָרנישט געזען. בלויז אַ ראָז רויטער פאַס אויפן סאַמע האַריזאָנט האָט געפלאַקערט און זיך געדרוקט הינטערוויילעכטס אין די שאָטנס אַריין. אין די אויערן האָבן געקלונגען שטיקער רוי־געשריי ווי אָפּענע וואונדן: „אונדזער אומגליק,״ „ווי די ווערעם צעטרעטן.״

„הינטיש בלוט,״ האָבן די סאָלדאַטן שטיל געציִשעט, „אַ הינטישע מאָרדע אזא,״ און פֿאַמעלעך אונטערגעהויבן דעם פּאַרטייעטן אַרעסטאַנט און גע־שטעלט אויף די פֿיס, „עס וועט איבערגיין, ביסט נאָך יונג,״ האָט זיי דאָס רחמנות איבערגענומען און אים געפֿירט ביי דער האַנט ווי אַ קינד וואָס מ׳לערנט עס די ערשטע טריט.

דעם גאַנצן וועג צוריק האָט ער גאָרנישט נישט געזען און גאָרנישט נישט געפֿילט. אַלע אבֿרים זיינען אים געווען פֿאַרשטייפֿט און אַזוי אויך די חושים. ווען די קאַמער האָט זיך אָן עפּן געטאָן פֿאַר אים איז ער אַהין אריינגע־פֿאַלן ווי אַ שטיק ליים. פֿאַרגעסן גאָר אַז חיים דאַרף זיך אויך דאָרט געפֿינען און עס קען זיין אַז ער ווייסט עפּעס נייעס. ביי דער שוועל איז ער געבליבן ליגן אַ פֿאַרגליווערטער נישט רירנדיק מיט קיין אבֿר. ער האָט דעם דיל אונטער זיך נישט געפֿילט, ער איז אַליין געווען דיל. דעם חושך נישט באַמערקט, ער איז אַליין געווען חושך. אָבער אַלץ אין אים האָט געוויינט, געיאָמערט פֿון עלנט, הילפֿלאָזיקייט און צעטראָטנקייט, כאָטש ער האָט עס גאָרנישט אַרויסגעוויזן, ער איז בלויז געלעגן.

ערשט שפּעט ביינאַכט האָט ער גענומען פֿילן, אַז עמעצער האַלט אים ביי די הענט און שעפּטשעט אים שטיל אין אויער אריין. צום ערשטן האָט ער בלויז געפֿילט דעם הויך פֿון אַ וואַרעמען אָטעם און דערנאָך אויך דעם גלעט פֿון ווערטער: „מאָרגן, שטערנבערג, מאָרגן.״

וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען, האָט ער אויף קלאָר נישט באַנומען, נאָר דער הויך פֿונעם וואַרעמען אָטעם און דאָס גלעטן פֿון די ווערטער און פֿריינט־לעכע הענט האָבן אים באַרויִקט און געשטאַרקט. ער האָט זיך גענומען צוטוליען צו חיימען און קאָרטשען זיך ווי ער וואָלט וועלן ערגעץ אריינ־קריכן און זיך באַהאַלטן. ער האָט עפּעס געוואָלט זאָגן, נאָר דערפֿילט ווי אַלץ שווימט אוועק פֿון אים און ער גליטשט זיך ערגעץ אין אַ טיפֿן תהום אריין. ער גליטשט זיך און עס אַרט אים נישט, פֿאַרקערט ער האָט עפּעס גאָר הנאה וואָס ער גייט שוין אוועק פֿון אַלץ. „שוין איבערגעקומען,״ דאַכט זיך אים ווי עס זאָגט אים עפּעס אונטער. ער איז אריינגעפֿאַלן אין אַ שווערן קאָשמאַר, וואו פֿלאָנטער איז קלאָרע וואָר און די וואָר איז געדיכט און גרוי ווי די האַרבסטיקע נעפּלען אין זיין בלאָטיק שטעטל.

אַ גאַנצע נאַכט האָט חיים געוואַכט איבער אים און אים געוועקט יעדן מאָל ווען ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אין שלאָף מיט אַ קאָנוואולסיוון ציטער. עס האָט אָבער נישט געהאָלפֿן. ער איז געווען זייער ווייט, שטערנבערג. אָט איז דער ליים־באַרג מיילן הויך, קוים מיטן אויג צו דערזען, און ער קלעטערט אַהין און שוין קייקלט ער זיך אַראָפּ נאָענט צו דער קרעניצע. ער וויל

טרינקען פריש קוועלנדיק וואסער, ציט עס אים אהין מיט בענקשאפט. נאָר די קרעניצע איז פול מיט ווערעם, א גרינער שליים פאַרדעקט דעם סאמע קוואַל. קייקלט ער זיך ווייטער און צעקוועטשט די ווערעם, נאָר זיי קלעפּן זיך צו צו אים און קריכן אויף אים און פינען מיט ווייס גרינעם שליים. ווען ער זאָל קענען אָפּבּרעכן, וואָלט אים גרינגער געוואָרן. פייערט אים אנטקעגן א פּאַס רויט ליכט און שושקעט אין אויער אריין: „עס וועט איבערגיין, קינד מיינס." איז עס ווי דאָס קול פון זיין מאַמען וואָס גלעט אים ווען ער איז קראַנק, דאָס קול פונעם מאַטן בשעתן וועקן אים אין די פאַרטאָגן צו גיין לערנען. א תענוג צו הערן דאָס קול, נאָר ער קען זיך נישט אויפהייבן. וויינט ער, שלוכצט אין זיך מיט האַרץ און גאַנצן געביין, נאָר קיין קול הערט ער נישט. ער האָט מורא צו עפענען דאָס מויל, די ווערעם זיינען דאָך אַזוי נאָענט . . . און אַזוי פון איין פלאָנטער אינעם אנדערן, אָן אָן אָנהייב און אָן א סוף.

שוין גאָר פאַרטאָג, ווען די קאַמער־היטער האָבן זיך פּלוצים דערמאָנט ארויסצונעמען דעם טויטן אַרעסטאַנט, איז חיימען געראָטן איבערצוּוועקן שטערנבערגן און אים אָביסל אויסטשוכען איינרוימענדיק אים אין אויער: „דאָס פּאַפּיר איז שוין ביים קאָמענדאַנט. אויב זיי וועלן נישט אָפּציען, וועט מען אונדז נאָך היינט באַפרייען." ער האָט געהערט יעדן וואָרט און גאָרנישט נישט פאַרשטאַנען. ער איז געשטאַנען מיט אָפענע אויגן און נאָך אַלץ געווען אין א טראַנס. געזען ווי עס קומט אַריין דאָס זעלבע מענטשל וואָס האָט מיט זיי נעכטן אַזוי פיין גערעדט און געגעבן האָפענונג. געפילט ווי זיין ליבלעכער שמייכל נעמט אים דורך, נאָר נישט געקענט זיך רירן און עפּעס זאָגן. זיין פּנים און זיין שמייכל האָט אים געמונטערט, אפילו דאָס שרייבפּענדל הינטער יענעמס אויער האָט געשפּרייט לינדקייט אַרום זיך, בשורהדיק דערקוויקט, נאָר רירן זיך פון אָרט האָט ער נישט געקאָנט. ער האָט געהערט יענעמס פריילעך רופן און זיך געלאָזט פירן פון חיימען וואָס האָט אים עפּעס פריילעך אריינגעשושקעט אין אויער. נאָר אַלץ איז ער געלעגן ווייט פון אים. פון זיין באַוואוסטזיין.

ערשט ווען זיי זיינען אריינגעקומען אין קאַנצעלאַריע און ער האָט דערזען דעם קאָמענדאַנט שטייענדיק אין מיטן צימער מיט צעשפּרייטע פיס, א הויכער א מאַסיווער ווי א מויער, האָט ער א ציטער געטאָן. און ווי עמיץ וואָלט מיט דער האַנט אוועקגעשאַרט א געדיכטע נעץ פון פאַר זיינע אויגן, האָט ער צוריק דערזען זאַכן און גענומען באַגרייפן וואָס עס קומט פאָר. דאָס ערשטע מאָל נאָך לאַנגען שעהן, האָט ער אַן אָטעם געטאָן מיטן פולן מויל און זיך דערפילט אין גאַנצן וואַך.

„אַט זיינען אייערע זאַכן, שרייבט אונטער,” האָט זיי דער שרייבער אונ־טערגערוקט אַ פּעקל פּאַרוויקלט אין אַ צייטונג און דאָס בוך אונטערצושרייבן אַז זיי האָבן אַלץ באַקומען. „איר זענט גליקלעך וואָס איר קומט אַרויס גאַנצע,” האָט ער נישט גערעדט גלייך צו זיי, נאָר געשעפּטשעט אין טיש אַריין פאַרקענדיק זיך דערוויי אין דעם באַרג פּאַפּירן פאַר אים, „אין אַזאַ צייט קריכט מען נישט אַרום אין קיין וואַלד. טראָגט זיך אָפּ פון דאַנען!” האָט ער שוין הויך אַ זאָג געטאָן און זיך אויפגעשטעלט, „איר זענט פריי!”

פון דערשטוינונג, האָבן זיי נישט געקענט עפענען דאָס מויל און געשטאַ־נען ווי גולמס צוגעקלעפּט צום דיל.

„גיב זיי אַ באַפרייאונגס צעטל,” האָט דער קאָמענדאַנט באַפוילן נישט רירנדיק זיך פון אָרט. „מער זאָלט איר זיך פאַר די אויגן נישט ווייזן,” האָט ער זיך פּלוצים אויסגעדרייט און זיי געגעסן מיט די גרויע קאַלטע אויגן.

„נו גערירט זיך,” האָט דער שרייבער מיט אַ געמאַכטן געבייזער זיי אַרויסגעפירט פון קאַנצעלאַריע צימער אין לאַנגען קאָרידאָר אַריין און אַ שעפּטש געטאָן, „ווייזט זיך נישט צו פיל אין גאַס.”

ביידע האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן צו אים און אָנגעכאַפּט זיינע הענט צו קושן.

„גייט געזונט,” האָט ער אייליק אַ שעפּטש געטאָן און זיך אַ ריס געטאָן פון זיי און פאַרשוואונדן אין אַ טונקעלן ווינקל.

גלייך ביים איבערטרעטן די שוועל פונעם גרויען הויז, האָבן זיי זיך ביידע געכאַפּט אַז זיי געדענקען קוים דאָס פּנים פון דעם שרייבער וואָס איז געווען זייער ליכטיקער מלאך, און דעם נאָמען זיינעם איז זיי אַפילו נישט איינגעפאַלן צו פרעגן. דער ערשטער אימפּולס איז געווען צוריקצולויפן, אָבער דער סאָלדאַט ביי דער טיר, האָט זיי נישט געלאָזט לאַנג טראַכטן.

„געגאַנגען זאָל ווערן!”

האָבן זיי געפאָלגט און גענומען איילן זיך מיט די הינטער געסלעך צום הויז פון חיימס קרובים. עס איז געווען פּוסט אַרום, ווי אַלע וואָלטן אויסגע־שטאָרבן. בלויז פון דער הויפּט גאַס האָט זיך געטראָגן דאָס טראַסקען פון שנעל לויפנדיקע וואָגנס אויפן שטיינערנעם שאָסיי און אָפּגעהאַקטע קולות פון מענטשן און בהמות. דאָס האָט די פּוילישע אַרמיי זיך צוריקגעצויגן אין איילעניש.

מיט גרויסע טריט האָבן זיי געשפּרייזט אין די אויסגעליידיקטע געסלעך. נישט אומגעקוקט זיך אויף צוריק און נישט אין די זייטן, נאָר געשפּרייזט פאָרויס מיט גאָר נייע כוחות און אַלץ אין זיי האָט געקוואָלן פון פרייד און געטאַנצט צום אָפּקלאַנג פון זייערע אייגענע טריט.

אין דריי טעג אַרום, זיינען די סאָוועטישע רייטער אָנגעלאָפן אויף דער שטאָט. דורך די טיר שלעסער און בוידעם לעכער האָבן די איינוואוינער צוגעזען דאָס אַריינקומען אין שטאָט פון אַ מחנה רייטער אויף קליינע פערדלעך. זיי האָבן גיכער אויסגעזען ווי אַ פריילעכע צעהוליעטע כאַליאַסטרע איידער אַ רעגולערע אַרמיי. זיי זיינען געווען אָנגעטאָן אין די פאַרשיידנסטע מלבושים. רויטע רובאַשקעס און קורצע הייזלעך, פּריצישע קאַפּאָטעס און זיידענע שלאָפראָקן. טייל אויך אין ווייבערישע יאַקלעך און בלוזקעס, מיט ווייבערישע שטרוי היטלען און פוטערנע קוטשמעס, און אַנדערע גאָר אין זיידענע הויכע צילינדערס אָדער פאַרבונדן דעם קאָפּ מיט אַ קאָלירטע פאַטשיילע. דער גרעסטער טייל איז געווען באָרוועס אָדער אין שיך מיט די פינגער אין דרויסן.

אַריינגעריטן זיינען זיי מיט געזאַנג. ווען נישט די אויסגעשטרעקטע ביקסן אין די הענט, וואָלט מען זיי געקענט אָננעמען פאַר אַ גרופּע פאַר־שטעלטע הוליאַקעס וואָס זיינען געקומען אַ פריילעכן הוליע טאָן אין שטאָט.

די „באָרוועסע", האָט זיי ווער צוגעקלעפּט אַ נאָמען און אַזוי האָט מען זיי שוין גערופן אַפילו נאָכדעם ווי עס האָבן זיך באַוויזן אַנדערע אָפּטיילונגען אין גוטער מיליטערישער אָרדענונג און מיליטערישע בגדים.

„וואָס גרעסער דער לאָך, אַלץ גרעסער דער אמת," האָט מען זיך געוויצלט אויף די עלטסטע וועמעס בגדים עס האָבן זיך מיט גאָרנישט אונטערגע־שיידט פון אַלע אַנדערע.

„ווילסט דערקענען אַן אָפיצער, צייל וויפל לעכער ער האָט אין די הויזן."

אינעם צונאָמען איז נישט געווען קיין גרינגשאַצונג צו די נייע הערשער, נאָר גאָר אַן אויסדרוק פון צופרידענער היימישקייט. אָט זיינען געקומען היי־מישע יאָטן מיט וועלכע מען האָט נאָר וואָס געהאַנדלט אויפן יאַריד, איינגע־פּאַטשט דעם מסחר און פאַרטרונקען מיט „מאָהאָריטש". אַפילו די קאָמאַנ־דירן בלאָזן נישט פון זיך.

אין מיטן מאַרק האָט זיך די רייטער אָפּטיילונג אָפּגעשטעלט. פלינק ווי אַ קאַץ, האָט איינער אַ שפּרונג געטאָן פונעם פערדל גלייך אויפן סלופּ פונעם פייער גלאָק לעבן דער ברונעם, און קלעטערנדיק שנעל צוגעבונדען אַ רויט פענדל אויפן שפּיץ, און פונקט אַזוי פלינק צוריקגעשפרונגען אויפן זאָטל אַרויף.

באַלד האָט די באַפעלקערונג גענומען זיך אַרויסרוקן פון די באַהעלטע־

נישן. די שרעק פון דער לעצטער נאכט, ווען דאָס אָפּטרעטנדיקע פּוילישע מיליטער האָט אויפגעריסן די בריקן און די מיליטערישע באראקן, איז אָפּגע־גאנגען. דאָס פרייליכע זינגען פון די ניי אָנגעקומענע האָט פארטריבן די לעצטע אָפּקלאנגען פון די ווילד צעשראָקענע אויסגעשרייען, וואָס האָבן זיך אין די לעצטע טעג געטראָגן פון די פארשלאָסענע פינצטערע הייזער, וואו פּוילישע סאָלדאטן האָבן זיך געלאָזט וואוילגיין.

צום ערשטן גאנץ פּאַרזיכטיק און שפּעטער אַפילו שוין איילִיק, ווי מורא האָבנדיק עפּעס צו פארשפּעטיקן, האָט מען פון אַלע זייטן גענומען ציען אין מארק אריין. פון ערגעץ אַ הינטער געסל האָט זיך מיט אַמאָל באוויזן אַ גרופּע ציווילע מענער מיט אַ גרויסער רויטער פאָן זינגענדיק דעם אינטערנאציאָנאַל. די רייטער האָבן אונטערגעכאַפּט דאָס געזאנג, און אַ סך פון די וואָס האָבן זיך פריער געוואַקלט צי זיי זאָלן גיין צי נישט, האָבן שוין פעסט זיך אַ לאָז געטאָן אין מארק אריין ווי לויפנדיק צו אַ חתונה.

אַלץ האָט אויסגעקוקט מאָדנע אויפגערוימט. די פארמאַכטע געשעפטן האָבן נישט געשראָקן, נאָר צוגעגעבן אַ שבת יום טובדיקן אויסזען צו דעם מארק. דער מארק איז שנעל פול געוואָרן מיט אַן אויפגעלייגט פרייליכן עולם. מען האָט זיך אויסגעמישט מיט די סאָלדאטן, דורכגעשמועסט זיך ווי אַלטע באַקאַנטע פריינטלעך און מיט פריידיקן געלעכטער.

אויפן גאַניק פונעם איינציק געמויערטן הויז אין מארק, האָט זיך מיט אַמאָל באוויזן אַ יונגערמאַן אַ מאָגערער מיט דיקע וואָנצעס וואָס האָבן צו זיין מילד פּנים צוגעגעבן אַ ביסטרעקייט. אַן אַ רעקל, מיט איין פּוס פון די תחתונים אָפּגעפּליקט ביזן קנעכל, האָט ער אויסגעזען גיכער ווי אַ ליצנות טרייבער. זיין זיכערער טראָט אָבער, האָט געמאַכט אַן איינדרוק. ס'איז געוואָרן שטיל אַזוי שנעל ווי ער האָט אראָפּגעכאַפּט די פּאַפּאַכע פון וועלכער שטיקער וואַטע האָבן ארויסגעשפּאַרט און זי אַ וואָרף געטאָן מיט אימפּעט פון זיך. „אַלס קאָמענדאַנט פון אייער שטאָט," האָט ער אָנגעהויבן אין אַ גוטן פּויליש, „באגריס איך די רויטע ארמיי מיט איר גרויסן זיג קעגן די פּריי־צים און בורזשויען. מיר זיינען נישט געקומען צונעמען דאָס לאַנד פון פּויער און ארבעטער, נאָר מיר זיינען געקומען אייך באַפרייען, ווייל מיר האָבן געהערט ווי איר ווערט געפּייניקט. אַ פריי און פריילעך פּוילן וועלן מיר אייך העלפן אויפשטעלן."

„זאָל לעבן די פרייהייט!" האָבן קולות אין עטלעכע שפּראַכן אַ דונער געטאָן.

„זאָל לעבן אַ באַפרייט פּוילן!" האָבן העלדזער זיך געריסן ביז הייזעריקייט.

מער פּאַרזיכטיקערע אָבער, האָבן זיך אײנעם טומל אַרויסגערוקט פונעם געזעמל און געאײַלט אַהײם. װי אַ זאַך מאַכט זיך, זאָלן זײ נישט זײַן פאַרמישט צופיל.

אין די הינטערגעסלעך איז געלעגן אַ פּחדימדיקע שטילקײט, אָן אָנגע־צװיגנקײט פול מיט סוד װי עפּעס װאָלט זיך דאָ געטאָן אַזעלכעס װאָס האָט נישט קײן קלאַנג, אָבער איז פול אױגן. און טאַקע פאַר די אױגן האָט מען געציטערט און זיך װאָס שנעלער פאַררוקט אין אײגענעם װינקל. װער קאָן װיסן װאָס פון דעם װעט אַרויסקומען? אַנדערע האָבן גאָר געװאָרטשעט:

„טאַקע אַן אַנדער פּאַניע, אָבער װער קאָן זײ גלױבן?"

פאַרנאַכט צו אָבער, װען מע האָט פון שטוב צו שטוב איבערדערצײלט די לעצטע רײד פונעם קאָמענדאַנט, אַז מאָרגן װעט מען עפענען די קראָמען און מ'װעט פאַר אַלץ באַצאָלן, איז לײכטער געװאָרן אױפן האַרץ.

„פאַר ראַבעװען, װעט מען דערשיסן אױפן אָרט," האָט מען זיך אי געפרײט, אי געשראָקן פאַרן בלױזן דערמאָנען די װערטער. זיכערער בײ זיך איז מען אָבער פאָרט געװאָרן. מ'האָט אפילו געװאָגט פאַרנאַכט צו אַרױס־גײן פאַרן הױז און זיך נאָכדעם לאָזן אין מאַרק אַרײַן. און אפילו װען די װאַכן האָבן גאַנץ שטרענג געטריבן אַהײמצוגײן, האָט מען עס אָנגענומען פאַר אַ פאַרשטענדלעכע זאַך און געװען צופרידן װאָס עס איז דאָ אָרדנונג, און די האָפענונג אױף פרײערע און בעסערע טעג איז געװאַקסן צוזאַמען מיט דער שטילקײט פון דער נאַכט.

נאָך לאַנגע װאָכן פון שרעק און ציטער, האָבן זיך גאָר אַ סך שטאָטלײט געלײגט שלאָפן רואיקע און זיכערע אין די אײגענע בעטן און טאַקע אױסגע־טאָן זיך װי עס באַדאַרף צו זײַן.

שױן אױף צומאָרגנס גאַנץ פרי, זײַנען חיים און שטערנבערג אַרומגעלאָפן איבער דער שטאָט געװאָר צו װערן װאו עס געפינט זיך ערגעץ דער קאָמענ־דאַנט כדי אַרויסצוקריגן אַ דערלױבעניש צו קענען זיך דערשלאָגן אַהײם. די גאַסן זײַנען געװען געפּאַקט. עס איז געשטאַנען אַ טומל װי אױף אַ פרײַ־לעכן יאַריד. סאָלדאַטן מיט גרױסע פּעק סחורה אונטער די אָרעמס, האָבן זיך געשטופּט פון קראָם צו קראָם און געצאָלט מיט פּאַפּיר געלט װאָס מען האָט געשניטן פון בױגן מיט אַ שער. בײ די קראָמען װאָס זײַנען נאָך געװען פאַר־מאַכט, זײַנען געשטאַנען רעדלעך סאָלדאַטן און געליאַרעמט, ביז מ'האָט פון ערגעץ געבראַכט צופירן דעם באַלעבאָס פון דער קראָם און אין אײנע פאָר שעה איז די קראָם געװען אױסגעלײדיקט. דער קרעמער איז געשטאַנען װי אַ צעטומלטער עדות פאַר די לײדיקע פּאָליצעס און נישט געװאוסט װאָס

מ׳הייבט אָן צו טאָן מיט די גרינע און רויטע פּאַפּירלעך געדרוקט בלויז אויף איין זייט, מיט ציפערן וואָס לויפן אין די הונדערטער טויזנטער. טייל סאָלדאַטן האָבן ביים צעצאָלן זיך אַרויסגענומען גרויסע בויגנס פּאַפּיר צע־קעסטעלטע מיט דינע און פּינקטלעכע ליניעס און פּשוט אָפּגעריסן עטלעכע קעסטעלעך און דערלאַנגט דעם קרעמער. ס׳איז געוואָרן אַ סומאַטאָכע. מ׳האָט גענומען לויפן זוכן הילף, איינגעטענהט מיט דורכגייענדיקע עלטסטע, גע־שלעפּט אין קראָם יעדן איינעם וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן עלטסטער. עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן.

„מ׳קוילעט אָן אַ מעסער,״ האָבן די קרעמער געקרעכצט און געבעטן יעדן באַקאַנטן וואָס זיי האָבן דערזען, „נעם צו וואָס מער, לאָמיך כאָטש עפּעס ראַטעווען. וואָס וועל איך דען מאַכן מיט דעם אשר־יצר פּאַפּיר?״

מיטאָג צייט זיינען שוין די מערסטע קראָמען געווען אויסגעליידיקט, און די קרעמער זיינען געשטאַנען פאַר די טירן און נערוועז געצופּט און געקייעט די צעשויבערטע בערד. צומאַכן די קראָמען אָבער האָבן זיי נישט געקענט. אויף דעם האָבן שוין אַכטונג געגעבן די וואַכן וואָס זיינען געשטאַנען און געהיט אַז מ׳זאָל נישט ראַבעווען.

באַלד האָבן זיך באַוויזן פריש געדרוקטע פּלאַקאַטן אין עטלעכע שפּראַכן, אין וועלכע עס איז געווען געמאָלדן אַז עס האָט זיך געגרינדעט אַ רעוואָ־לוציאָנערער קאָמיטעט, וואָס האָט די אויפזיכט איבער דער שטאָט און ער לייגט פאַר אַלע איינוואוינער צו זיין געהאָרכזאַם און לאָיאַל צו דער נייער מאַכט. אין משך פון פיר און צוואַנציק שעה דאַרפן געמאָלדן ווערן אַלע סחורות וואָס איינער פאַרמאָגט, און געוועער — קאַלטס אָדער וואַרעמס, דאַרף גלייך איבערגעגעבן ווערן צום קאָמיטעט. די וואָס וועלן נישט פאָלגן וועלן באַשטראָפט ווערן מיטן רעוואָלוציאָנערן געזעץ. מיט אַ מאָל איז די ציווילע באַפעלקערונג אויסגערונען פון מאַרק. בלויז די צעטומלטע קרעמער האָבן ציטערנדיקע און פאַרחושכטע זיך געצאַפּלט אין די קראָמען. צוגע־לאָפן יעדע ווײַלע און אַרויסגעקוקט אין מאַרק אַריין, און נישט ווייסנדיק אַליין צוליב וואָס צוריק זיך אַרונטערגעשטעלט הינטערן טיש לעבן די ליידיקע פּאָליצעס. פון די זייטיקע גאַסן, האָבן מיליציאָנערן מיט רויטע בענדער אויף די אָרעמס געפירט אַלע ווײַלע צעשראָקענע באַלעבאַטישע יידן און פּאָליאַקן. פאַרביי געאײַלט דעם מאַרק און פאַרשוואונדן מיט זיי אינעם געמויערטן הויז פון מאַגיסטראַט, וואו עס האָבן זיך געפונען דער קאָמענ־דאַנט מיטן שטאַב און דער רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט. עס האָבן זיך געטראָגן די ווילדסטע קלאַנגען.

„מ׳נעמט ערובניקעס.״

„מ׳כאפּט אויף אַרבעט.״

„זיי פֿאַרלאַנגען קאָנטריבוציע.״

„מ׳וועט פֿאַרנעמען דאָס יונגוואַרג.״

„זיי וועלן קאָנפֿיסקירן אַלע פֿאַרמעגנס.״

„זיי אַנטלויפֿן שוין.״

„מ׳עט באַלד שיסן . . .״

„אויף יענער זייט בריק, האָבן זיך באַוויזן פּוילישע לעגיאָנערן.״

פֿון מינוט צו מינוט איז דער פּחד געוואַקסן, און די פֿאַרצאָגטע קרעמער האָבן שוין אָפּגעהיט די מינוט, ווען די וואַכן האָבן זיך פֿאַרקוקט אָן א זייט, און זיך אַרויסגעגאַנוועט פֿון קראָם און פֿאַרשוואונדן אין די הינטער גאַסן, וואו טיר און לאָדן האָבן זיך ווידער פֿאַרהאַקט. מ׳איז געקראָכן מ׳ט ווייב און קינד אין די קעלערס, אויף די בוידעמער אָדער סתם זיך געלייגט אויפֿן דיל אין טויט שרעק.

די פּאַניק האָט אויך אַרומגעכאַפּט די וואַכן, און איינגעבויגענע ווי גרייט צום אָנפֿאַל האָבן זיי זיך גענומען שאַרן האַרט ביי די ווענט מיט אויסגע־שטרעקטע באַיאָנעטן זוכנדיק אַ לויערנדיקן שונא.

אינמיטן דער פּאַניק האָבן חיים און שטערנבערג זיך קוים אַרויסגע־קראָגן פֿונעם געדרענג אינעם געמויערטן הויז, וואו זיי האָבן אומזיסט זיך געשטופּט פֿון איין צימער אין אַנדערן זוכנדיק דעם קאָמענדאַנט. קיינער האָט נישט געוואוסט ווער עס איז דער קאָמענדאַנט און וואו ער איז. ערשט אַריבערטרעטנדיק די שוועל אויף אַרויסצוגיין, האָט זיי די וואַך פֿאַרהאַלטן און צוגעפֿירט צום קאָמענדאַנט.

אין אַ ווינקל פֿונעם גרויסן קאָרידאָר, האָט אַ יונגערמאַן אין האַלב מיליטערישע קליידונג און קייענדיק געשמאַק אַן עפּל, זיי האַסטיק אויסגע־פֿרעגט און געשמייכלט.

„איצט איז אַלץ פֿריי. איר קענט גיין וואו איר ווילט,״ האָט ער מיט אַ פֿול מויל מיט עפּל זיי צוגעוואָרפֿן און גענומען שפּאַנען מיט לאַנגע פֿיס צו דער טיר. חיים האָט אים אָבער נישט אָפּגעלאָזט און מיט הכנעה און פּויערישער תמימות זיך געבעטן:

„כ׳בין אַן אָרעמער פּויער, טאַוואַריש, די פּאָליאַקן האָבן אונדז אַהער פֿאַרשלעפּט, מיך מיט דעם לערער פֿון די קינדער. ניין יאַטלעך קיין עין־הרע נישט, איך האָב מורא מ׳זאָל אונדז נישט ווידער פֿאַרהאַלטן. ס׳איז אַ דרייסיק וויאָרסט פֿון דאַנען, אויף יענער זייט בוג. גיב מיר אַ פּאַפּיר מ׳זאָל

מיך דורכלאָזן,״ איז ער אים נאָכגעגאַנגען און גערעדט ווי אין דער פּלייצע אַריין.

„אַ יידישער פּויער?״ האָט דער קאָמענדאַנט זיך פּלוצים אָפּגעשטעלט און אויסגעשטרעקט די האַנט צו חיימען, „שלום עליכם, ר׳ קרוב, און וואו זיינען די פּערדלעך?״ האָט ער אויף אַ וואָליניש יידישן אַקצענט פּאַרענדיקט. „וואָס האָט איר באַלד נישט געזאָגט, אַז איר זענט נישט קיין היגער?״

„צוגענומען,״ האָט חיים אַ הויב געטאָן מיט די פּלייצעס. „גיט אַ פּאַפּירל,״ איז ער אויך אַריבער אויף יידיש און דאָס גאַנצע שוואַרצע פּנים מיט דער האַלב אויסגעפּליקטער באָרד האָבן זיך צעשמייכלט מיט צו־פרידנקייט.

„זיך צוגעטשעפּעט,״ האָט דער קאָמענדאַנט אַ וואָרטשע געטאָן, „מ׳זאָגט דאָך אייך אַז מען דאַרף ניט.״

„מיר האָבן מורא,״ האָט חיים נישט נאָכגעלאָזט.

„אָ, איר האָט מורא, לייענט קריאת שמע אויב עס וועט אייך העלפן,״ האָט ער זיי ביידן אָפּגעמאָסטן פון אויבן ביז אַראָפּ מיט אַ שמייכל, „זיי האָבן אייך ליטיש צעטרייבערט די פּאַנעס, אַ רוח אין זייערע גדערעם אַריין, נו, גיב אַ פּלייצע חברל, וועסטו האָבן אַ פּאַפּירל וואָס וועט דערפירן ביז אַהיים.״

„זיי מיינען דאָרט, אַז מיר זיינען שוין אויף יענער וועלט,״ האָט חיים זיך שוין היימיש געפּילט.

„אוודאי,״ האָט דער קאָמענדאַנט אַרויסגעשלעפּט אַ געל שטיק פּאַק פּאַפּיר פון קעשענע און אויף שטערנבערגס פּלייצע גענומען זיך שרייבן אַ פּאָר ווערטער.

„נאַט, עס וועט זיין גוט אָן אַ שטעמפּל אויך. זאָגט נאָר, אַז אוורונין האָט דערלויבט. אַזעלכע ווי איר וועט מען סיי ווי נישט פרעגן, נאָר טאָמער יאָ, זאָגט וואָס איך היים אייך,״ האָט ער האַסטיק זיך אויסגעדרייט און נישטאָ אים.

ווען זיי זיינען אַרויס אין דרויסן אָביסל צעמישטע און צעטומלטע פון איבעראַשונג, איז די פּאַניק שוין געהאַט אַריבער. מיליציאָנערן און סאָלדאַטן זיינען אַרומגעגאַנגען פון הויז צו הויז און באַרואיקט דעם עולם.

„אַלץ איז אין אָרדענונג, בירגער חברים. בלויז שונאים טראַכטן אויס ווילדע קלאַנגען. קומט פּאַרנאַכט אין שול אַריין אָדער אין קלויסטער, וועט איר זיך שוין אַלץ דערוויסן. דאָס פּשוטע פאָלק דאַרף זיך גאָר נישט שרעקן, בלויז די בורזשואַזיע און די פּריצים זאָלן ציטערן.״

ווען שטערנבערג איז פאַרנאַכט צוגעקומען צו דער גרויסער שול, זיינען די טירן געווען אָפן צעפּראַלט נאָר אַריינקומען אינעווייניק איז נישט מעג־לעך געווען. די שול איז געווען געפּאַקט. עטלעכע גראָשנדיקע ליכטלעך האָבן זיך געפלעמלט אין די צוויי איבערגעבליבענע הענגלייכטער, וואָס האָבן זיך געוויגט אויף לאַנגע דראָטן פונעם קיילעכדיקן הימלאַרטיקן סופיט אַראָפּ. דער נר־תמיד אַנטקעגנאַיבער באַלעמער, האָט אין אַרומיקן חושך געצאַפּלט ווי אַן אָפן אויג פון אַ צום טויט דערשראָקענעם. אין דער טונקלקייט, האָט מען נישט געקענט זען קיין מענטשן נאָר איין שטיק געדיכט צונויפגעפּרעסטן קנויל. ערשט ווען מען האָט זיך צוגעוואוינט צו דער טונקלקייט, האָבן זיך גענומען אויסשיילן קעפּ, פּליצעס און הענט וואָס קלאַמערן זיך אין די זיילן אַרום, אויגן וואָס גליען דורך די גראַטעס פון דער ווייבערישער שול און נאָכ־הענגנדיקע פיס אויפן באַלקאָן אין דער מערב זייט, פון וואַנען עס האָט זיך געטראָגן אַן אויפגערעגט הייזעריקע שטימע וואָס אָט האָט זי זיך געביי־זערט און אָט האָט זי גענומען גלעטן און לאַשטשען, ווי אַן אייגענער דער־ווייטערטער קרוב וואָס איז צוריקגעקומען פון אַ ווייטען וועג אַהיים.

דער עולם האָט געאָטעמט שווער אונטער דער בייטש פון די האַרבע רייד, געביטן די פיס און פעסטער זיך גענורעט אין געדיכטן קנויל, ווי וועלנדיק זיך אויסבאַהאַלטן פון דער בייטש וואָס כוואַשטשעט איבער די קעפּ און טשע־פּעט זיך אָן אין די אַראָפּהענגנדיקע דראָטן ווי וואַרטנדיקע תליות. אָבער אָט ווערט דאָס קול מילדער, טרייסטנדיק און רואיק, און דער קנויל מענטשן לאָזט זיך אַביסל נאָך. מ׳קען שוין אויפהייבן דעם קאָפּ און דערזען די צימבלען און טאַצן מיט וועלכע די סטעליע איז באַמאָלן. די גאָלדענע כלים פון בית־המקדש בליאַסקען אַראָפּ פון די ווענט און דער לויתן מיטן עק אין מויל קוקט אַזוי מילד מיט איין גרויס פאַרחידושט אויג: „אָט, דערלעבט משיחס צייט . . . האַ?"

„צוויי טויזנט יאָר, אַז מיר זיינען אין גלות," פּאַרציט דער רעדנער אין אַ טאָן פון אַמאָל איז געווען, „און ערשט איצט האָבן מיר דערלעבט אויפגעריכט צו ווערן ווי אַ פאָלק צווישן פעלקער. לאָמיר זשע ווייזן אַז מיר זיינען עס ווערט. אַלע פאַר דער מאַכט פון די סאָוויעטן! די בורזשויען און פּאַנעס און פאַררעטער, וועלן מיר פאַרניכטן!" ווערט ער ווידער שאַרף און שניידיק, „כדי דאָס אָרעמע פאָלק זאָל קענען לעבן אויף דער וועלט."

דער קנויל מענטשן האָט אַ צאַפּל געטאָן. פון דאָ און דאָרט האָבן זיך גענומען רייסן שטימען אויפגערעגט און הייס. דער קנויל האָט אויפגע־פּלאַצט. ווי פון אַ דורכגעלעכערטע דאַמבע האָט עס אַ פּליץ געטאָן מיט קולות צעיאָכמערט און בריענדיק:

„זאָל לעבן!"

„הורא פאַר דער פרייהייט!"

„טויט די פאַררעטער!"

„פאַרפירער!"

„מאַסקאַלעס!" האָט זיך געדרייט אַן אויסגעשריי ווי אַ גיפטיקע שלאַנג און פאַרשלונגען געוואָרן אינעם געברום פון אַ ים קולות.

„זאָל לעבן די מאַכט פון די סאָוויעטן!"

„זאָל לעבן אַ פריי פוילן!"

מער האָט מען שוין נישט געקענט הערן. פון אַלע קולות איז געוואָרן איין געברום, איין גרויסע כוואַליע וואָס הייבט זיך איבער אַלעמענס קעפּ און מאַכט ציטערן יעדן גליד אין לייב. דעם עולם האָט זיך אַ ריר געטאָן. אַלע שטויסן און ווערן געשטויסן אַרויס, אַרויס צום דרויסן וואו אָפּגע־שטאָרבענע גאַסן זיינען געלעגן בלינד, און שטום אויפגענומען דאָס כישוף־דיקע בלינצלען פון מיליע מיליאָנען דימענטן אינעם בלויען הימל.

„יונגעלייט, פאַרשרייבט זיך אין דער רויטער אַרמיי!" האָט פון אַ גרויסער, אויף גיך אויפגעשטעלטער פּלאַטפאָרמע אַראָפּגעשריגן אַ הילכנדיקע שטימע. די שטימע איז אָבער פאַרקלונגען געוואָרן פונעם ים באַגייסטערטע קולות, וואָס איז איבערגעגאַנגען פון יובלענדיקן שאַלן צו אַ פריי און קלאָר קלינגענדיקן זינגען: „דאָס וועט זיין שוין דער לעצטער און אַנטשיידנדער שטרייט!"

עס האָט געדויערט אַ היפּשע ווײַלע ביז עס איז די וואַכן געלונגען איינצושטילן דעם עולם און צוזאַמען אים אהיימצוגיין.

„ביי נאַכט זיינען קיין דעמאָנסטראַציעס נישט דערלויבט," האָבן זיי שטרענג געוואָרנט „מיר זיינען נישט ווייט פון פראָנט. נישט אָנצינדן קיין פייערן, מאַרש!"

פון ערגעץ אַ הינטער גאַס האָט זיך געטראָגן אַ מאָנאָטאָן אָריענטאַלישער ניגון פון אַ באַשקירן אָפּטיילונג, „אַי איי,איי איי, איי איי אַ." האָט דער ניגון געצויגן און שטאַרק דערמאָנט אין אַ חסידישן שלש סעודות ניגון, אָבער אין מיטן האָט ער זיך איבערגעריסן און מיט אים איז די פריערדיקע דערהויבנקייט איבערגעריסן געוואָרן און אַ שטילער פּחד האָט זיך גענומען רוקן פון אַלע זייטן. האָט מען זיך געגאַנווועט אין די ליקלעך אַריין אין איין אָטעם. דאַנקען גאָט וואָס די אייגענע פיר ווענט זיינען שוין פאַר דער האַנט.

אַ טיף צערודערטער איז שטערנבערג אַריינגעפאַלן אין שטוב אַריין.

אינעם אַנטאָן זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן געלעגער אין אַ ווינקל און כמעט נישט געהערט דאָס פּאַטערלעכע מוסרן פון חיימען: „מיר האָבן נאָך אַ שווערן וועג ביז אַהיים, איר טאָרט זיך נישט אַרומשלעפּן מיט די „באָרוועסע". קוקט זיך נאָר אָן ווי איר זעט אויס. איר האָט דען כּוח צו פּלאָנטערן מיט די פיס? רוט זיך בעסער אויס," האָט ער געקרעכצט פון אייגענעם ווייטיק אין יעדןביינדל. שטערנבערג האָט אים אָנגעקוקט און ווי נישט דערקענענדיק אים אַרויסגעוואָרטשעט:

„וואָס?"

דאָס האַרץ איז אים געווען פול, שטערנבערגן, ער האָט זיך אַליין נישט געקענט קלאָר מאַכן וואָס עס קומט מיט אים פאָר. עס האָט זיך אַזוי געוואָלט גלויבן אין דעם וואָס ער האָט געהערט. דער גאַנצער ווייטיק אין די צעשלאָגענע ביינער האָט געבענקט צו גלויבן אין דעם. אַוודאי האָט ער מיטגעיובלט מיטן עולם, אָבער פאָרט האָט אים עפּעס געעגבערט אין מוח: „איז עס טאַקע דאָס? טראָגן זיי טאַקע מיט זיך די גאולה? אָט אַזוי פּשוט און פּראָסט איז עס? ווי אַריבערגיין פון איין הויז אינעם אַנדערן, גייט מען עס אַריין אין אַ נייער וועלט אַריין?" ווי אַ וואַנט, האָט זיך דאָס גאַנצע פריערדיקע לעבן און האָפן זיינס אַ שטעל געטאָן, און ער האָט עס נישט געקענט דורכבליקן און נישט אַריבערשפּרייזן. עס איז אַלץ מטושטש געוואָרן, און ווי אַ בלינדער האָט ער גענומען טאַפּן אַרום זיך און זיך איינגעגראָבן אינעם שטרוי זאַק און אַריינגעפאַלן אין אַ שווערן שלאָף מיט שווידערלעכע חלומות און שרעק. אין די אויערן האָט אים די גאַנצע צייט געקלונגען דער מאָנאָטאָנער ניגון פון די באַשקירצעס באַגלייט מיט די איילנדיקע טריט פון דערשראָקענע מענטשן, וואָס שווינדן אין די פינצטערע ליקלעך אַריין ווי אַריינגעפאַלן אין אָפענעם שלונג פון אַ מאָנסטערהאַפטע חיה.

# כו

ווען חיים מיט שטערנבערגן, האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין צוריק אַהיים, האָט אַ סוף זומערדיקער פרימאָרגן־נעפּל געהאַלטן אין צערינען און געלאָזן ראָזע שטיקער דורכגעליכטיקטע לאַטעס אויף דעכער און בריקלעך. אויף דער בריק ביים אַרויסגיין פון שטאָט האָבן די וואַכסאָלדאַטן זיי אָפּגעשטעלט, באַקוקט דאָס צונויפגעקנייטשטע פּאַפּירל וואָס דער קאָמענדאַנט האָט זיי געגעבן, געדרייט עס אַהין און אַהער און ענדלעך אַרויסגעוואָרטשעט:

„ווייסט איך דער טייוול וואָס ער שרייבט, טראָגט זיך פון דאַנען!"

אַ היפּשע ווײַלע זיינען זיי געגאַנגען שווייגנדיקע. אויף דעם זעלבן וועג

זיינען זיי דאָך מיט אַ וואָך צוריק נאָכגעלאָפן אַ וואָגן מיט פּוילישע לעגיאָנערן. קוסט איצט אויס יעדן זעמדל און יעדן ביימל באַקאַנט און אייגן. זיינען די אויגן איבערגעלאָפן און דאָס האַרץ פול, אָבער די ליפּן זיינען צונויפגעפּרעסט. פון צייט צו צייט בלויז האָט איינער אויפן אַנדערן געגעבן אַ פּאַרטייעטן בליק, אַז ס'איז אַזש קאַלט און וואַרעם געוואָרן אין אַלע גלידער. מיט אַמאָל האָט חיים אַרויסגעפּלאַצט: „איר זעט שטערנבערג?" אָבער נישט געקענט מער אַרויסברענגען קיין וואָרט און אַ שפּיי געטאָן אין טיפן זאַמד אַריין.

„איר ווייסט," האָט שטערנבערג נאָך אַ פּאָר שעה שווייגן גענומען רעדן ווי ער וואָלט פאַרענדיקט עפּעס אַ מחשבה, „אין אָט די וועלדער, האָט זיך מיט יאָרן צוריק אָנגעהויבן די פּאָווסטאַניע (פּוילישער אויפשטאַנד)."

„גבורות הבורא טאַקע, ווי דאָס רעדעלע דרייט זיך."

„און אָט זיינען ווידער דאָ די מאָסקאַלעס און זיי זיינען גאָר גאַנצע משיחים."

„עפּעס זענט איר נישט אַזוי צופרידן מיט זיי," האָט זיך חיים אַ שאַרפן ווענד געטאָן צו שטערנבערגן, „איר וואָלט געדאַרפט זיין אַזוי נאָענט צום „הויף" ווי איך, וואָלט איר געזען אַז זיי זיינען געדעכט."

„ווי בלינד מיר זיינען," האָט שטערנבערג ווי פאַרהערט חיימס ווערטער און זיך גאָר געצויגן זיינע מחשבות, „אָט דאָ ערגעץ האָבן מיר מיט עטלעכע טעג צוריק געקענט אַוועקגעלייגט ווערן ווי די קעלבער — — —"

„שאַט נאָר," האָט אים חיים פּלוצים אַ כאַפּ געטאָן ביי דער האַנט און אָפּגעשטעלט, „דאַכט זיך עמיץ טשאַטעוועט דאָרט צווישן די ביימער."

„אָט האָסטו דיר," האָט שטערנבערג אַ טאָמל געטאָן און דערפילט ווי דאָס גאַנצע בלוט רינט אָפּ אין אים.

און איידער זיי האָבן נאָך צייט געהאַט איינצוקוקן זיך אינעם רייטער וואָס איז געזעסן אויף אַ שוואַרץ ראַסאָווע פערד האָט יענער זיך אַ ריס געטאָן צו זיי און זיך אַ שטעל געגעבן אין דער ברייט פון וועג מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט.

„די הענט אַרויף!" האָט דער רייטער האַסטיק באַפוילן.

„וויפל געלט האָט איר, זשידקעס?" איז פון צווישן די ביימער אַרויסגע־שפּרונגען אַ צווייטער רייטער און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, איז ער גלייך אַראָפּגעשפּרונגען פון פערד און גענומען אַרויסשלעפּן פון חיימס קעשענע אַביסל פּאַפּיר געלט און אַ חלהלע.

„אָט אַ בורזשוי,“ האָט דער ערשטער געחוזקט, „און דער אָפּגעריסענער האָט אוודאי גאָרנישט, זעט אויס פֿאַרהונגערט אין גאַנצן,“ האָט ער אַ פּאָך געטאָן מיטן בייטשל אין דער לופֿטן, „נעם דאָס חלהלע און עס,“ האָט ער באַפֿוילן שטערנבערגן, „נאָר טראָג זיך גלייך אָפּ, שטיק טינופֿת.“

„טאָוואַרישטש,“ האָט חיים אין הוילע שרעק אַרויסגעשטאַמלט.

„טראָג זיך אויך, דו דוראַק (נאַר), אַ שאָד אַ קויל קאַליע צו מאַכן אויף אַזאַ ווי דו. נו, געשפּאַנט זאָל ווערן און דערצייל עס דער באָבען דיינער. נאַדיר אויך אַ פּאָר שמאַטקעלעך!“ האָט דער פֿאַרשוין לאַכנדיק אויפֿן קול אים צוגעוואָרפֿן אַ פּאַפּירל און זיך אַ לאָז געטאָן אין גאַלאָפּ צוזאַמען מיט זיין שותף.

„מיר זעמיר, ווייזט אויס, זייער מזלדיק צוזאַמען,“ האָט אין אַ ווײַלע אַרום חיים גערעדט ווי צו זיך אַליין. „עס גייט אונדז דורך טיר און טויער. איר רעכנט טאַקע אַז דאָס זיינען געווען אמתע קאָזאַקן?“

„צו מאַכן פּאָניען פֿאַר אויס גנב, וועט נאָך נעמען אַ שטיקל צייט, ס'איז גענוג דערווייל אַז ער מוז זיך שוין היטן.“

„לאָמיר בעסער גיין מיט די גערטנער. אָט איז נישט ווייט אַ דאָרף.“

צוויי טעג זיינען זיי געווען אין וועג. געשלעפּט זיך פֿון דאָרף צו דאָרף, גענעכטיקט אין ליידיקע סטאָדאָלעס און געלעבט מיט דעם וואָס מ'האָט געקענט אויסבעטלען ביי די פּויערן. סאָלדאַטן האָט מען געזען זייער ווייניק, ווייל זיי האָבן אויסגעמיטן צו גיין מיטן טראַקט. דערפֿאַר אָבער האָבן זיי אָפּט אָנגעטראָפֿן גרופּעס היימלאָזע וואָס האָבן געזוכט דעם וועג צוריק אַהיים. מיט זיי טאַקע זיינען זיי צוביסלעך געפֿאָרן און אַריבערגעשוואומען דעם טייך. וואָס נעענטער צו דער היים האָבן זיי אָנגעהויבן באַגעגענען באַקאַנטע מענטשן וואָס האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אויף די פֿעלדער זוכן שפּייז. קיינער האָט זיי אָבער נישט דערקענט, און ווען זיי האָבן וועמען אָפּגעשטעלט און זיך פֿאָרגעשטעלט, האָט יענער אַזש אַ ציטער געטאָן און אָפּגעשפּרונגען ווי ער וואָלט דערזען אַ טויטן פֿון יענער וועלט. ערשט איצט האָט חיים דערזען אַז ער איז אין גאַנצן גראָ געוואָרן און ביי שטערנבערגן ציטערט דאָס גאַנצע פּנים אָן אויפֿהער.

ערשט איצט האָבן זיי אָנגעהויבן דערפֿילן דעם נאָגנדיקן ווייטיק אין די צעשלאָגענע אברים. וואָס נעענטער זיי זיינען געקומען צום אייגענעם דאָרף, אַלץ שאַרפֿער האָבן זיי דערפֿילט אַז זיי גייען ממש מיט די לעצטע כוחות, אַז יעדער גליד אין זיי איז ווי אָפּגעשרויפֿט און שלעפּט זיך בלויז נאָך. זיי האָבן נישט גערעדט צווישן זיך נאָר זיי האָבן ביידע געוואוסט אַז קוים

וועלן זיי זיך אוועקלייגן אָפּרוען, וועלן זיי שוין נישט בכוח זיין אויפצוהייבן זיך. האָבן זיי שווייגנדיק געשפּאַנט מיט די זייטיקע זאַמדיקע שטעגלעך און געוועזן פאַרטאָן אין זיך. פון זיך אַליין האָט געגומען אויפגיין אין זיי די שרעק פון די לעצטע טעג און אַ קאַלטער שווייס האָט זיי דורכגענומען דורך און דורך. אָפּט זיינען זיי געבליבן שטיין געפּלעפּט פאַר אַ פאַרברענט דאָרף, און מיט שוידער אין אַלע אברים געגלאָצט אויף די פאַררויכערטע קוימענעס און סלופּעס וואָס האָבן מיט שוואַרצער אימה געהויערט אין אַ ים פון שמעקנדיקן גרינס. די אַרומיקע שטילקייט האָט גערעדט צו זיי פון הויכן גראָז אַרוים מיט טרעומותדיקן קלאָגן זיך: „אָט דאָ איז ערשט נישט לאַנג געווען אַ היים מיט שווערער מי און זאַטער רו, ס׳איז נישטאָ מער, און אָט דאָ איז געשטאַנען גאָטס הויז מיטן איינציקן בלעכענעם דאַך אין גאַנצן דאָרף און האָט געבליאַסקעט קעגן דער זון מיט ליוב און דאַנק צום האַר פון דער אייביקער און נישט באַגרעניצטער גוטסקייט. איצט איז בלויז איין סטאַטוע געבליבן שטיין אויפן נאַקעטן דרויסן. די הייליקע מאַמע אויף אַ שטיינערנעם פּיעדעסטאַל האַלט נאָך אַלץ דאָס געטלעכע קינד אין אירע געבענטשטע הענט, אָבער געלעכערט איז דאָס האַרץ פונעם קינד פון אַ קויל, און דעם מלאָכס פליגל איבער דער מאַמעס הענט זיינען שוואַרץ פאַרקוילט פון סאַזשע.״

„וואָס האָט איר זיך אָפּגעשטעלט?״ האָט חיים נישט געלאָזט שטיין צו לאַנג, „קוקט נישט צו פיל. עס איז אַ ווייטיק און אַ שאַנד. וויפל פראַצע דאָ איז אַריינגעלייגט געוואָרן. איך האָב דאָ געקענט געגנט גוט.״

„זעט נאָר ווי מ׳זעט נישט קיין לעבעדיקן נפש דאָ.״ האָט שטערנבערג ווי גערעדט צו זיך אַליין.

„וואָס זאָגט איר, ביים חורבן בית המקדש איז אויך אַזוי געווען? איך וואָלט שוין געוואָלט דערלעבן צו זען וואָס ביי אונדז דאָרט טוט זיך.״

„וואָס דאַרפט איר עפּעס אויסלייגן אויף שלעכטס חלילה,״ האָט שטערנבערג נעטרייסט חיימען און מיט אים אָוועקגעאיילט ווייטער.

„מיט גאָטס הילף,״ האָט חיים פרום איינגעשטימט און זיך געלאָזט פירן פון שטערנבערגן, „ס׳איז מיר איינגעפאַלן, אַז ווען מיר זאָלן חלילה געווען אויסלייגן צו שלעכטן, וואָלטן מיר שוין חס ושלום געווען ווער וויים וואו איצט. איר ווייסט וואָס איך ווער אייך זאָגן,״ האָט ער זיך פּלוצים אַ שטעל געטאָן, „פאָר גאָט און דערנאָך דאָס נישט אונטערגעבן זיך האָט אונדז געראַטעוועט.״

„איך וויים?״ האָט שטערנבערג נישט געוואוסט וואָס צו זאָגן.

„איך וויים?״ האָט חיים אים איבערגעקרימט, „איצט מעג איך אייך שוין

זאָגן, מיר איז די גאַנצע צייט נישט געפעלן אייער שווייגן און אייערע פאַרביסענע ליפּן. אין אַ סכנה דאַרף אַ מענטש שרייען, וויינען, בעטן, און אין דער זעלבער צייט זאָגן צו זיך אַליין: וועסט עס איבערקומען, וועסט עס מיטן אייבערשטנס הילף גובר זיין. מיט פאַרמאַכטע ליפּן איז מען בלויז פאַרשטיינערט, און אַ שטיין קען מען בלויז שפּאַלטן. איר הערט וואָס איך זאָג אייך," האָט ער מיטן גאַנצן לייב און לעבן זיך געריסן אויפן קול, „מ'טאָר נישט שווייגן! פאָר גאָט און דערנאָך מיין שרייען און בעטן, —"

„האָט אונדז געראַטעוועט," האָט אים שטערנבערג צוליב געטאָן און נאָכגעזאָגט.

די זון איז געווען גאַנץ הויך און הייס, אָבער מיט זיי ביידן האָט געוואָרפן אַ ציטערניש און בלויז די שרעק פון בלייבן אין מיטן וועג האָט זיי געטריבן צו שלעפּן זיך ווייטער.

אין דאָרף אריין זיינען זיי כמעט אריינגעקראָכן אויף אַלע פיר און ממש אַוועקגעפאַלן פאַרן ערשטן פּויערישן הויז. דערזעענדיק זיי אָנקומען מיטן וואַלד, איז די פּויערטע אַרויס אַנטקעגן זיי מיט אַ גאַנצן פּזמון אין מויל: „אַ לויב צו דיר, האַרעלע מיינער, זע נאָר ווער עס גייט," האָט זי זיך געצלמט און געפּזמונט אין דער גיך, „וואָס מאַכט איר געפּייניקטע? מ'האָט דאָך שוין ליכטלעך געצונדן נאָך אייך. רוט זיך אָפּ אַ ווײַלע. כ'וועל שיקן וועמען אָנצוזאָגן די בשורה. אזא בשורה," האָט זי זיך געדרייט אויף איין אָרט און נישט געוואוסט פון וואָס פריער אָנצוהייבן, „אָט לויף איך שוין!" האָט זי זיך געוואָלט אַרויסדרייען פון דער אייגענער איבעראַשונג און גאָר צוגעגאַנגען צו זיי און אָנגעטאַפּט די צעריסענע מלבושים, ווי זי וואָלט געוואָלט מאַכן זיכער אַז דאָס זיינען טאַקע זיי, „איר ווייסט, מאַרטינען האָבן דאָך די באָלשעוויקעס ערגעץ אַוועקגעפירט. ס'זאָגט אַז זיי האָבן אים דערשאָסן. אַ מצווה אויף אים. אזא שטשור, אייגענע מענטשן איבערגעגעבן אין רוצחימס הענט. איר ווילט אוודאי אַ טרונק און איך האָב זיך גאָר צערעדט. איך וויים דען וואָס ס'טוט זיך מיט מיר?" האָט זי זיך ענדלעך געכאַפּט און אריינגעלאָפן אין דער כאַטע אַרויסצוברענגען אַ טרונק.

פאַרשמאַכטע, אין האַלבן חלשות, זיינען זיי ביידע געלעגן אין גראָז און זיך נישט געקענט רירן. זיי האָבן קוים געהערט דאָס שנעלע מאַלן פון דער פּויערטע, ווי מען איז אויפן צווייטן טאָג נאָכן אַנטלויפן פון די פּאָליאַקן אַרויס אויפן וועג זוכן זייער געביין, און ווי די היימעכע האָט ממש געריסן פּאַסן פון זיך, און דו־דאָרפס־באָבע האָט געוואַכט איבער איר אַ גאַנצע נאַכט, טאָמער פאַרלירט זי חלילה דאָס קינד, די אומגליקלעכע. און אַז ביילקע זיצט שוין עטלעכע טעג אין שטאָט צוליב דעם, אפשר וועט זי זיך דערוויסן עפּעס

נייעס. און דאָ גאָר — זיך אַליין דערשלאָגן אַהיים. „מזלדיקע מענטשן,״ האָט זי זיך נאָך אַמאָל איבערגעצלמט און זיך געלאָזט לויפן אנטקעגן חיימס קינדער, וואָס זיינען אָן אַן אָטעם אָנגעלאָפן מיטן וועג.

„די מאַמע קומט אויך,״ האָבן זיי דערקענט אין חיימס הייבן זיך פון אָרט וואָס ער וויל וויסן און מער קיין וואָרט נישט געקענט אַרויסברענגען. עס איז ביי אַלעמען אָפּגענומען געוואָרן דאָס לשון, בלויז די פּויערטע האָט אַרומגעשמייעט אַרום אַלעמען און געפּזמנט און געמאָלן אויף שנעל, ווי אַזוי זי איז אַרויס פון דער כאַטע און ווי זי האָט דערזען צוויי מאָדנע לייט קריכן. „געמיינט ס׳זיינען שלעפּער, גנבים, און צום סוף גאָר זיי. כ׳וועל אָנצינדן אַ ליכטל אין קלויסטער,״ האָט זי זיך אַלץ נישט געקענט בארואיקן און צוגעהאָלפן זיי אויפשטעלן זיך כדי אנטקעגן צו גיין די אַנדערע פון דער משפחה.

„גייט, גייט, דאָס גאַנצע דאָרף וועט זיין אויף מיט אייך.״

און דאָס גאַנצע דאָרף איז טאַקע געווען אויף מיט זיי. מען איז געלאָפן פון אַלע זייטן און געקוקט אויף זיי ווי אויף אַ בייז וואונדער וואָס באַוויזט זיך איינמאָל אין אַ יובל. באַבעס האָבן מיט פרומקייט געגלייבט דעם האר יעזוס פאַר זיינע ניסים, וואָס ער באַווייזט פאַר יעדערנס אויגן, און פאַרהאַרטעוועטע פּויערישע פּנימער האָבן אויסגעדריקט דערשטוינונג און באַהאַלטענע שרעק.

„נאָט אַליין נעמט זיך אָן פאַר זיי,״ האָט דער אַלטער אָסיפּ אַרומגעטאַנצט צווישן עולם אַ פאַרשמייעטער, „פונעם סאַמע טייוולס מויל אַרויס, האָט ער זיי אַרויסגעריסן. מעגסט געבן בראָנפן פאַרן גאַנצן דאָרף, חיימקע.״ האָט ער מיט פרייד געהאַלטן חיימען ביי די הענט, „אָט אַ נס ברידערלעך. פון יענער וועלט צוריקגעקומען.״

„גוט געמאַכט, פּראָפעסאָר, גוט געמאַכט,״ האָט וואַווערניוק געשלונגען די ווערטער אַרומנעמענדיק שטערנבערגן.

„פּאַמעלעך הריציו,״ האָט זיך שטערנבערג געפּרואווט באַפרייען פון זיינע פעסטע אָרעמס.

„ווייזט אויס, ריכטיק צעהאַרגעט אייך,״ האָט זיך וואַווערניוק געכאַפּט, אַז זיי שטייען קוים אויף די פיס און גענומען אָפּטרייבן דעם עולם, „איר וועט נאָך צייט האָבן נאָכצופרעגן זיך וואָס עס הערט זיך אויף יענער וועלט. דערוויל לאָזט זיי זיך אָפּרוען אויף דער וועלט,״ האָט ער וויצלענדיק זיך אָפּגעשטופּט דעם עולם און זיי באַפרייט פונעם געדראַנג.

„ערשט איצט וועט מען קענען אָנהייבן עפּעס טאָן, פּראָפעסאָר,״ האָט ער זיך נישט געקענט איינהאַלטן און גלייך אָנגעהויבן איבערגעבן שטערנ־

בערגן ווי עס האַלט איצט מיט די קורסן און דער ביבליאָטעק. די נייע מאַכט וויל העלפֿן. אַבי נאָר דער פּראָגנאָז פֿון זיך דערווייטערן וועט מען קענען אָנהייבן אַרבעטן ווי סע באַדאַרף צו זיין.״ עס וועט זיך דאָ אַ טו טאָן. מ׳וועט צעטיילן די ערד, בויען שולן און אַפֿילו אַ טעאַטער,״ האָט ער פֿון גרויס באַגייסטערונג געריבן די הענט, „די ביכער זיינען איצט אַלע אויף איין אָרט שוין, און אין טשוואַרניק וואו עס וואוינט איצט דער מיליטערישער דאָקטאָר און קאָמיסאַר פֿון דאָרף, קומט מען זיך צונויף אַלע נאַכט און מ׳שמועסט. דער פּראָפֿעסאָר וועט דאָך אוודאי אויך וועלן העלפֿן.״

„זעסט נישט, אַז דער פּראָפֿעסאָר דאַרף אַליין אַביסל הילף,״ האָט דער אַלטער אָסיפּ, וואָס האָט נאָכגעהונקען נאָך זיי די גאַנצע צייט. אַ ווייז געטאָן וואַוורעניוקן אויפֿן רויטן שטיק שפּייעכץ וואָס שטערנבערג האָט אויסגע־שפּיגן נאָכן אָפּהוסטן שווער און טרוקן.

„לאָמיר זשע טאַקע גלייך גיין צום דאָקטאָר,״ האָט וואַוורעניוק נישט אָפּגעלאָזט, „ס׳איז טאַקע ביי אייך אין שטוב. ביילקע איז אין שטאָט און די קינדער זיינען ביי אונדז.״

אויף דער שוועל האָט זיי באַגעגנט אַ מיטל יאָריקער מיליטערמאַן מיט אַ פּאָר לעבעדיק שוואַרצע אויגן און אַ שאַרפֿע נאָז, וואָס האָט צוגעגעבן עפּעס אויסטערלישס צום אינטעליגענט אויסגעכאַליעטן פּנים.

„אָט זיינען זיי דאָ,״ האָט וואַוורעניוק אַרויסגעפּלאַצט.

„ווי זשע? אַנטלאָפֿן?״ האָט יענער אַ בליץ געטאָן מיט די אויגן ווי אַן אויספֿאָרשער, און שטערנבערגן איז אויסגעקומען אַז ס׳איז גלייכער נישט צו ענטפֿערן דירעקט, „זיך געראַטעוועט קוים מיט די ביינער,״ האָט ער אויס־געפּרעסט אַ שמייכל אויפֿן פֿאַרמאַטערטן פּנים.

„מ׳האָט אים ריכטיק צעהאַרגעט,״ האָט וואַוורעניוק געגעבן אָנצוהערן דעם דאָקטאָר נאָך וואָס ער איז געקומען, אָבער יענער האָט זיך ווייזט אויס נישט געכאַפּט און אויסגעשטרעקט די האַנט צו שטערנבערגן.

„גוט אַזוי, חבֿרל, גאָר גוט, מיר דאַרפֿן יעדן געזונטן און פֿלינקן חבֿרהמאַן פֿאַר דער רויטער אַרמיי. צום באַפֿרייען די וועלט דאַרף מען זייער פֿיל כּוחות, און די וואָס האָבן אַליין געליטן פֿון דער פּריצישער הערשאַפֿט ווייסן דאָס צום בעסטן. נישט אַזוי?״

„דאַרף מען דאָך אים פֿריער געזונט מאַכן, חבֿרל,״ איז אָסיפּ אַרויס מיט לשון, „ער שפּייט מיט בלוט, חבֿר דאָקטאָר.״

„אַזוי גאָר?! וועלן מיר טאַקע דאַרפֿן אַ קוק טאָן. קיין מעדיצין קען איך

אים סיי ווי נישט געבן. מיר האָבן נישט גענוג פּאַר דער אַרמיי אַפילו, נאָר אַ קוק טאָן שאַדט נישט. איר וועט אָבער מוזן מוחל זיין און אַרויסטראָגן זיך אויף אַ ווײַלע, און מירן זען וואָס די פּאַנעס האָבן אָפּגעטאָן צו אַן אונדזעריקן," האָט ער גוט ברודעריש גערעדט מער צו זיך ווי צו די אַרומיקע, און זיך גענומען פּאָרען אַרום דעם פּאַציענט.

אַ היפּשע ווײַלע האָט ער זיך אַזוי געפּאָרעט און וואויל יונגעריש זיך געוויצלט: „דאָקטאָריי האָט נישט ליב קיין סך אויגן. ס'איז פּונקט ווי ליבע, מיין פריינד," האָט ער אויסגעהערט די לונגען און דאָס האַרץ, באַטאַפּט און אויסגעקלונגען די פּלייצעס און די זייטן און געציילט דעם פּולס און מיט גאָרנישט נישט אַרויסגעוויזן וואָס פּאַר אַן איינדרוק עס מאַכט אויף אים, נאָר פּלוצים איז ער שטיל געוואָרן. אָפּגעהאַקט אין מיטן אַ וויץ און בלויז געמורמלט עפּעס אונטער דער נאָז. דערנאָך האָט ער אַ זייער געטאָן אַ קללה צווישן די ציין און זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ ווײַלע מיטן אויער אויף איין פּלאַץ. פּאַרטיק געוואָרן מיט דעם האָט ער אים לאַנג אָנגעקוקט און זיך גענומען איבער אַ נייס אים באַטראַכטן פון אָנהייב אָן. די שוואַרצע אויגן האָבן אומהיימלעך געבלישטשעט און די שאַרפע נאָז האָט אים געגלאַנצט פון שוויים און נאָך בולטער געמאַכט דאָס אויסגעאײדלטע אינטעליגענטע פּנים. ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן, האָט ער אַ ווײַלע געקוקט אויפן פּאַציענט ווי ער וואָלט אים דורכגענומען אין גאַנצן און מיט אַן אַנדערן טאָן **אָנגע**-הויבן אויף יידיש:

„איך מוז אייך זאָגן, יונגערמאַן, אַז זיי האָבן אייך צערעכט געמאַכט. ס'איז מיר נאָר אַ חידוש ווי אַזוי איר האָט זיך געקענט דערשלעפּן ביז אַהער אין אַזאַ צושטאַנד."

„וואָס מיינט איר דערמיט דאָקטאָר?" האָט שטערנבערג אַ שטאַמל געטאָן.

„וואָס איך מיין? איך מיין," האָט דער דאָקטאָר גענומען ציילן די ווערטער זעענדיק דעם איינדרוק וואָס ער האָט געמאַכט אויף שטערנבערגן, „אַז איר דאַרפט אַ סך רוען, גוטע מעדיצין, פעטע שפּייז און דאָך—" זיינען די לעצטע ווערטער אים געבליבן שטעקן אין האַלדז.

„וועט עס ערשט נישט העלפן?!" האָט שטערנבערג ווי אַרויסגעריסן ביי אים דעם אורטייל און געוועזן מאָדנע רואיק, גלייך עס וואָלט זיך נישט גע-האַנדלט וועגן אים אַליין.

„נישט דאָס מיין איך," האָט דער דאָקטאָר צוריקגעקראָגן זיין זיכערקייט, „וואָס איך מיין, חבר, איז בלויז דאָס, אַז אָנגערירט אויף די לונגען וועט איר שוין אַלעמאָל זיין. דאָס זעלבע איז אויך מיטן האַרץ. בפרט, אַז קיין

מעדיצין קען איך אייך נישט געבן, און רוען וועט מען אייך אויך נישט לאָזן. מיר האָבן דאָך אַ גאַנצע וועלט איבערצובויען . . .״ איז ער צוריק אַריין אינעם פריערדיקן נוסח, „און אַלע מוזן צוליגן אַ האַנט, אפילו די שוואַכע האַנט איז נויטיק.״

„איז—,״ האָט שטערנבערג עפּעס געוואָלט זאָגן און זיך פאַרהאַקט.

„איז אַזוי,״ האָט דער דאָקטאָר זיך אויסגעגלייכט און אַריבער צוריק אויף רוסיש, „אַלס דאָקטאָר בין איך אייך מחויב צו העלפן מיט וואָס איך קען. קען איך אָבער גאָרנישט טאָן פאַר אייך. קיין מעדיצין האָב איך נישט. עס האָט נישט קיין זינען צו פאַרשרייבן, ווייל איר וועט עס אין שטאָט אויך נישט קריגן. דעם רעזולטאַט פאַרשטייט איר אַליין. אַלס קאָמוניסטן־באָלשעוויקעס האָבן מיר זיך אויסגעלערנט צו קוקן דעם אמת גלייך אין די אויגן אַריין. איז דער אמת, אַז איר וועט זיך מוטשען אַ ווײַלע און אויסשפּייען די לונגען. זעט איר, אַן עצה קען איך אייך יאָ געבן,״ האָט ער אים געקוקט גלייך אין די אויגן אַריין, „פאָלגט מיך, און טרעט אַריין אין דער רויטער אַרמיי און גייט גלייך אויפן פראָנט, וועט איר כאָטש וויסן אַז איר שטאַרבט פאַר דער מענטש־הייט . . .״

עס איז געווען הייס און שטיקנד אין צימער און גרויסע שוואַרצע פליגן האָבן אַרומגעזשומעט פראַנק און פריי. איז שטערנבערג געזעסן אַ פאַרטייעטער און ווי דורך אַ נעפּל געזען ווי דער דאָקטאָר ווישט זיך דעם שווייס און רעדט עפּעס אַזוי אויסטערליש, אַז ער קען אים בשום אופן נישט פאַרשטיין. ער הערט דאַכט זיך קלאָרע ווערטער, נאָר ער קען זיי נישט באַנעמען. משמעות, אַז דער דאָקטאָר אַליין טוט זיך אויך אָן אַ כוח און עפנט דאָס מויל מער ווי ער דאַרף, און דאָס גאַנצע פּנים זיינס וואָס איז אַזוי אויסגעאיידלט און ווייך ווען ער האַלט דאָס מויל פאַרמאַכט, איז איצט גאָר האַרט און מאָדנע פאַרקרימט אַביסל אויף אַ זייט ווי די שאַרף ביינערדיקע נאָז זיינע. זיין אָפן מויל קומט אים אויס ווי אַן אָפענער תהום מיט אַ ווייסן פּלויט אַרומ־געצוימט. האָט ער אָפּגעקערט די אויגן און פאַרגליווערט געגלאַנצט דורכן אָפענעם פענצטער צום גאָרטן צו, וואו דער הויך צעוואַקסענער באָב האָט זיך געוויקלט אויף די גלייכע רייען שטעקנס און זיך געטונקען אין זון. אַ טיפער צער האָט אים גענאָגט, און געהערט האָט ער בלויז דאָס זשומען פון די פליגן וואָס איז זיך פאַרגאַנגען אין אַן אימהדיקן יאָמער.

„נאָר נישט פאַרצווייפלט, חבר,״ האָט ער זיך ענדלעך דערכאַפּט ווען דער דאָקטאָר האָט אים אָנגענומען ביי דער האַנט און צוגעפירט צו דער טיר, „די מענטשהייט וועט געדענקען אירע קרבנות. פאָלגט מיך און גייט גלייך

אריין צום קאָמיסאַר און פאַרשרייבט זיך. איר זענט דאָך אַ באָלשעוויק? נישט אַזוי?!"

„אַ דאַנק!" האָט שטערנבערג קוים אַרויסגעשעפּטשעט מיט די פאַר־טריקנטע ליפּן און געפילט ווי דאָס גאַנצע לייב און לעבן צאַפּלט אין אים.

„זיך קוים דערוואָרט אויף דיר," האָבן אָסיפּ און וואָוורעניוק זיך אַ ריס געטאָן צו אים און געבליבן שטיין מיט אָפענע מיילער דערזעענדיק ווי ער שטאָלפּערט עפּעס מאָדנע מיט די פיס, ווי ער וואָלט נישט געפילט די ערד אונטער זיך.

„נעם אים צו זיך," האָט אָסיפּ זיך דער ערשטער געכאַפּט, „ער דאַרף זיך אָפּרוען, גיב אים וואָס מער מילך צו טרינקען און האָניק אויך. נאָר האָניק, וועט עס פאַרגיסן די לעבער און דערנאָך וועט ער אַרויסשטעקן דעם דאָקטאָר אַ צונג . . ." האָט ער גלייך גענומען הינקען אויף פאָרויס און פּלאַפּלען אָן אַן אָפּשטעל, „אַ סך ווייסן זיי די ווייסע פאַרטעכער, די יאָקטוירים. אַנומלטן, ווען מיין בראַטאָק האָט אַריינגעכאַפּט די ריכטיקע קלעפּ פונעם „גאַיאָווע". דעם הינטישן זון, האָט דער דאָקטאָר אים אַרומגעטאַפּט און געקנאַקט מיט די פינגער און געהייסן רופן דעם גלח. האָב איך זיך אָבער צו אים אַ נעם געטאָן און געזאָגט: „ברעשעסט ברודערל, ברעשעסט, (בילסט ווי אַ הונט, האַקסט אַ טשייניק). די בעסטע זאַך איז האָניק. נישט דער גלח קען העלפן און נישט דו, נאָר האָניק איז די זאַך. עס פאַרגיסט אַלע לעבער."

„זאָל זיין האָניק," האָט וואָוורעניוק איבערגעשלאָגן אָסיפּס מבול רייד און גענומען שטערנבערגן אונטערן אָרעם, „אין הויז ביי מיר, וועט דער אַלטער מיינער נישט לאָזן, אָבער אין סטאַדאָלע איז דאָ פריש היי און גענוג פּלאַץ. אין טשוואָרניק איז דאָך סיי ווי נישטאָ וואו און ביילקע איז דאָך נישטאָ. ס'וועט שוין רעכט זיין פּראָפּעסאָר. קיין מילך און האָניק פעלט אונדז נישט, דו לאָז זיך נאָר נישט אָפּ, עס וועט שוין רעכט זיין."

אַ פאַרטייעטער איז שטערנבערג געלעגן אין טונקעלען שייער און נישט געוווּסט אויף וועלכער וועלט ער איז. עמיץ האָט זיך געפּאָרעט אַרום אים, איבערגעטאָן און געוואַשן, געהאַלטן אין איין אונטעריאָגן ער זאָל טרינקען, עסן. האָט ער געגעסן און געטרונקען און נישט געפילט קיין שום טעם. עמיץ האָט גערעדט צו אים, אָבער ער האָט אויף קלאָר נישט געוווּסט וואָס מ'רעדט. דאַכט זיך, אַז ביילקע רעדט צו אים אַ פאַרטרויערטע, אַ צערודערטע. רעדט ער איר אויס, אַז ס'איז גאָרנישט. זי דאַרף זיך נישט נעמען צום האַרצן. נאָר איידער ער ווערט פאַרטיק מיט די רייד וואָס קומען אים אָן אַזוי שווער, איז עס גאָר די מאַמע זיינע, אַ נידעריקע, אַן איינגעשרומפּענע מיטן שבתדיקן

שייטל אויפֿן קאָפּ, און זי טרייסט אים מיט פּשוטע רייד: „וואָס ביסטו אַזוי דערשראָקן, מיין קינד? ביסט דאָך ערגערס איבערגעקומען. ביסט דאָך געווען אין מויל פֿונעם לייב און אַרויסגעקומען אַ לעבעדיקער. עס קען דאָך נישט זיין, אַז ער האָט דיך געראַטעוועט, כדי דיך צו לאָזן אויסגיין דאָ אין דעם פֿינצטערן לאָך." ווייל ער זיך אויפֿזועצן און עפּעס זאָגן, טוט זיך אָבער פּלוצים אַ הון צעגאָגער אויף אַ קוליע שטרוי און וועקט אים איבער פֿון דרימל. דערזעט ער אַז דאָס טירל פֿון שייער עפֿנט זיך אויף און עס קומען אַריין דער טאַטע מיטן עלטערן ברודער. דער ברודער האַלט אַ גמרא אונטערן אָרעם און שמייכלט: זע נאָר ווי דו שלאָפֿסט נאָך אַזוי שפּעט. מיר האָבן שוין לאַנג געדאַרפֿט זיין אין בית־המדרש. עס וועט שוין באַלד אָנהייבן טאָגן."

ווייסט ער אויף געוויס, אַז דער ברודער לעבט שוין נישט, און פֿון דעסטוועגן וואונדערט עס אים נישט פֿאַר וואָס ער גייט מיטן טאַטן אין בית־המדרש אַריין. „אַט באַלד וועל איך זיך אויפֿהייבן. מ'דאַרף דאָך לערנען. וואָס דען?" הייבט ער זיך אויף און פֿאַרענטפֿערט זיך, „כ'האָב זיך פֿאַרשלאָפֿן."

„כ'האָב געמיינט, אַז דו האָסט פֿאַרגעסן," הערט ער דעם טאַטנס קול מיט ציטער, „האָסט דאָך זיך משנה שם געווען, האָב איך געמיינט, אַז האָסט חלילה פֿאַרגעסן דאָס לערנען אויך. אָבער געלויבט צו גאָט, ביסט געבליבן דער זעלבער. מ'האָט דיך אַביסל געשלאָגן," העלפֿט אים דער טאַטע אויפֿהייבן זיך, „ס'איז אָבער מיט חסד. אים האָבן זיי ערגערס געטאָן," ווייזט ער אים מיט אַלע גלידער אויפֿן ברודערס שטערן, „און זעסט, עס האָט זיך ברוך השם פֿאַרהיילט. זאָרג נישט. אוודאי בלייבט אַ צייכן, וואָס זשע האָסטו געוואָלט, אַז אַ מענטש זאָל קוקן דעם טויט אין די אויגן אַריין און עס זאָל נישט בלייבן קיין צייכן? מילא, וועסטו זיך טראָגן מיטן צייכן. דאַרפֿסט אָבער גאָרנישט דערציילן, הערסט — גאָרנישט טאַקע. בלויז פֿלוידערזעק רעדן הויכע רייד און טראָגן זיך אַרום מיט גאַנצע פּעק מעשׂות צו דערציילן."

פֿונעם טאַטנס רייד, ווערט אים עפּעס לייכטער און לינדער אויפֿן האַרץ. ער קען דאָך זיך שוין אין גאַנצן אויפֿשטעלן. ער זעט דאָך אַפֿילו קלאָר: דעם טאַטנס באָרד איז שוין אין גאַנצן גראָ. ער איז עפּעס מאָגערער און העכער געוואָרן, נאָר דאָס קול איז נאָך אַלץ דאָס זעלבע. ער וואָלט זיך ווען צוטוליען צו אים ווי אַמאָל אין אַ ווינטערנדיקן פֿאַרטאָג גייענדיק אין בית המדרש אַריין, נאָר ער שעמט זיך עפּעס. ער מוז זיך אָבער אויסרעדן דאָס האַרץ פֿאַר אים. ער מוז אים דערציילן וואָס דער דאָקטאָר האָט אים געזאָגט, אָבער איידער ער עפֿנט דאָס מויל, צעשמייכלט זיך דער טאַטע מיט דער

גאַנצער גראָער באָרד: „געהערט שוין, מיין קינד, געהערט, די מענטשהייט וועט געדענקען אירע קרבנות.‟

„אוודאי וועט זי געדענקען,‟ הערט ער דעם ברודער נאָכזאָגן דעם טאַטנס רייד, „נאָר וויפל קרבנות דאַרף דאָס איין משפחה געבן אויף צו געדענקען?‟ ביטערט זיין קול און צעטראָגט זיך אַרום און אַרום און פאַרשווינדט צוזאַמען מיטן טאַטנס שמייכלענדיקע גראָע באָרד. איבער אים שטייט נאָר דער דאָקטאָר און ווינקט מיט דער אויסגעבויגענער נאָז: „נו, מאַכט זיך נישט נאַריש, חבר, איר שטאַרבט נאָך נישט אַזוי גיך. אַפילו די שוואַכסטע האַנט קאָן עפּעס אויפטאָן . . .‟

אַריבער אַ וואָך איז ער אַזוי געלעגן ווי אין אַ הינערפלעט, און ווען ער איז געקומען צו זיך אין מיטן נאַכט און זיך גענומען אויפשטעלן, האָט ער איבערגעשראָקן די הינער וואָס זיינען געווען אויסגעזעצט אויף די קוליעס שטרוי איבער זיין קאָפּ. זיי האָבן זיך אַ לאָז געטאָן מיט אַ גאַגעריי און אַ פלאַטער איבערן שייער און פאַרטריבן די גאַנצע פאַרטייעטקייט פון אים. האָט ער זיך האַסטיק אַ ריס געטאָן פון געלעגער און אַרויס אין דרויסן. עס איז געווען שטיל אַרום און אימהדיק. אַ טיפע מרה־שחורה האָט גרויליק געהויערט איבער די שטרויענע דעכער. אַ רגע בלויז איז ער געווען ווי צעטומלט און נישט געוואוסט וואָס צו טאָן ווייטער, באַלד אָבער האָט ער אָנגעהויבן שפּאַנען מיטן וועג וואָס פירט צום הויף. עס איז קיינער נישט געווען אַרום און דאָך האָט זיך אים געדאַכט אַז איבער אים הויערט אויך ווער און קוקט אים נאָך און היט זיינע טריט. אַ קעלט האָט אים דורכגענומען, האָט ער אויפגעשטעלט דעם קאָלנער פונעם רעקל און זיך נאָך מער גענומען איילן. עפּעס האָט אים געטריבן, געיאָגט צו שפּאַנען אַלעמאָל האַסטיקער און האַסטיקער ווי ער וואָלט זיך ערגעצוואו געאיילט און האָט מורא נישט צו פאַרשפּעטיקן. עס האָט אים אָנגעהויבן פאַרפעלן אָטעם. ער האָט אָבער אַלץ געשפּרייזט. אָט איז ער שוין נאָכן דאָרפישן בית־עולם, דורכגעשניטן די אויסגעליידיקטע באַראַקן און הויפּישע שטאַלן, און ממש צוגעפאַלן צום פּלויט פאַר דער קאַנטאָר וואו ער איז מיט אַ וואָך צוריק געשטאַנען און מיט פאַרמאַכטע אויגן געזען די שוואַרצע לעכער פון די אָנגעשטעלטע ביקסן ווי אָפענע תהומען. ווי קלאָר ער זעט עס איצט נאָך אַמאָל, נאָר איצט זיינען זיינע אויגן אָפן און ער קלאַמערט זיך צום פּלויט ווי ער וואָלט מיט די אייגענע הענט געוואָלט אָנטאַפּן דעם ווייטיקדיקן גליוועך וואָס ער האָט דאָ געלאָזן. אָט אָ דאָ איז ער געשטאַנען. לעבן אים חיים, זיין כליפּען ציטערט נאָך, דאַכט זיך דאָ אַרום. און אַנטקעגן זיי, מיט די פּלייצעס צו דער אונטער־גייענדיקער זון — די אויסגעשטרעקטע הענט פון די סאָלדאַטן. „פאַר וואָס

זשע האָבן זיי טאַקע נישט געשאָסן? ווער האָט זיי אָפּגעהאַלטן און צוליב וואָס?" האָט ער מיט גרויסע אויגן פון וואונדער געגלאָצט צו דער רויטער לבנה. גלייך ווי ער וואָלט דערוואַרט, אַז פון דאָרט זאָל קומען דער ענטפער, וואָס זאָל אים באַשיידן דער זינען פון דעם אַלעם וואָס ער האָט איבער־געלעבט און האָט אים צוריקגעפירט ביז אַהער.

„וואָס טו איך דאָ?" האָט עס אין אים שטום געברוגזט „און וואָס הייבט מען דאָ אָן צו טאָן?" האָבן זיך אַלץ מער אויסגעקלאָרט די געדאַנקען ביי אים, און דאָס פלאַטערנדיקע האַרץ האָט זיך געהויבן מיט אומרו. אָט טוט אים שוין גאָרנישט וויי, נאָר אין די אויגן און יעדן אָדערל פון זיין לייב פילט ער דעם דאָקטאָרס אורטייל. „צו וואָס זשע האָט ער געדאַרפט ניצול ווערן? טאַקע, פאַר וואָס?" האָט עס זיך אַרויסגעריסן פון אים נישט פילנדיק אַפילו, אַז ער זאָגט עס אַרויס. נאָר דערהערנדיק זיין אייגן קול, איז ווי אַ הייטל אים אַראָפּגעפאַלן פון די אויגן און ער האָט מיט אַמאָל דערזען אַ שטערן אויפ־בלישטשען פון מיטן דער מרה־שחורדיקער גרעלקייט אַרויס. „דער מאָרגנ־שטערן" האָט ער אַ פאַרגאַפּטער אַ שעפּטש געטאָן און דורכגענומען געוואָרן מיט אַ מאָדנעם ציטער אין גאַנצן לייב. עס איז געווען ווי דער מאָרגנשטערן בלישטשעט נאָר פאַר אים אַליין און פלאַטערט נאָר ווי זיין אייגן האַרץ. און ער פאַרשטייט יעדן וואונק פון זיין פינקלען און באַנעמט דורך און דורך דעם ציטער פון דעם איינזאַמען בלישטשנדיקן שטערן לעבן דער רויטער סוף חודשדיקער לבנה. עס איז געשען אַזוי פּלוצים, אַז ער האָט זיך נישט געקענט אָפּגעבן קיין חשבון וואָס עס קומט פאָר מיט אים. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן גראָז, און אין אים האָבן גענומען זינגען די ווערטער און דער ניגון פון דער פרימאָרגן תפילה, וואָס ער האָט נאָך גאָר אַמאָל אַמאָל געהערט פונעם זיידן דעם חזן: „אודה לאל שוכן מרומים" — „ברן יחד כוכבי בוקר" — האָט ער ווי אין אַ טראַנס געהערט דאָס האַרציקע קול פון דעם הויכן אויסגעמאָגערטן זיידן. „הערסט, יצחקל, ברן יחד כוכבי בוקר. זינג מיט, לאָז זיך נישט אָפּ, אודה לאל שוכן מרומים . . ." האָט ער גע־זונגען און זיך איינגעהערט צום זיידנס קול, און זיין שווער געמיט האָט זיך אָפּגעטאָן פון אים. דער ניגון מיטן זיידנס ציטערדיק קול האָבן אים געליי־טערט און וואַרעמע טרערן האָבן גענומען וואַשן זיין פּנים צוזאַמען מיטן טוי וואָס האָט גענידערט אויף אַלץ אַנטקעגן די ערשטע ראָזע פאַסן ליכט פון דער אויפגייענדיקער זון.

אויפגעשטאַנען פון אָרט איז ער אַ באַרואיקטער, מיט געזאַנג אין אַלע אברים.

---

„וואו ביסטו דאָס אהינגעקומען, פּראָפעסאָר?" האָט אים וואָורעניוק באַגעגנט נישט ווייט פונעם טשוואַרניק, „איך האָב זיך שטאַרק דערשראָקן."

„אַ דאַנק, הריציו, אַ שיינעם דאַנק," האָט שטערנבערג געדריקט וואָורעניוקס האַנט, „איך וועל זיך לאָזן אין שטאָט אַריין."

„גערעכט, אוודאי גערעכט, איך האָב שוין אויך אַזוי געטראַכט. אין שטאָט זיינען דאָ דאָקטוירים. עס איז דיר אוודאי גאָרנישט, נאָר אַ דאָקטאָר דאַרף מען פרעגן," האָט ער אים געטרייסט און געשטאַרקט, „וועסט אָבער דאַרפן צוריקקומען אהער. מיר דאַרפן דאָ אַ סך אַזעלכע ווי דו. ווייסט דאָך," האָט ער געשלונגען די ווערטער ווי זיין שטייגער איז ווען ער איז מיט עפּעס זייער שטאַרק צופרידן, „מיר וועלן ערשט איצט אַ לעב טאָן. אויפשטעלן אַ ביב־ליאָטעק, אַ שולע, עס וועט זיך ערשט אָנהייבן אַ לעבן. די יינגלעך וועלן צוריקקומען, די ערד וועט מען צעטיילן. מ'וועט אַרבעטן פאַר זיך און נישט פאַר פרעמדע אָנשיקענישן דאָרט. וועסטו זיין מיט אונדז ווי אַן אייגענער. ביסט מיר איינגעבאַקן אין האַרצן," איז ער זיך אַזש צעגאַנגען פון נאָענט־קייט, „אַזוי דו, אַזוי ביילקע און די קינדער. אַפילו חיים מיט די אַנדערע אויך. ביי מיר זענט איר אַלע אייגענע. געבידעוועט ווי מיר, דאַרפט איר אויך קריגן דאָס וואָס מיר. וועסט זען, פּראָפעסאָר, וואָס פאַר אַ לעבן עס וועט ביי אונדז זיין. די פּעטלורישע הינט, וועלן מיר אויסרוימען ווי די שטשורעס. אַ ניי לעבן, זאָג איך דיר, וועט זיך אָנהייבן, אַ ניי לעבן," האָט ער זיך אַזש פאַרכלינועט אין די רייד און אים ברודערלעך אַרומגענומען, „האָסט געדאַרפט זיין לעצטן זונטיק ביי דער פאַרזאַמלונג און הערן וואָס דער קאָמיסאַר האָט געזאָגט. דער עולם האָט זיך אַזש געקושט פאַר פרייד. פאַר וואָס זשע שווייגסטו אַזוי?" האָט ער זיך פּלוצים געכאַפּט, אַז שטערנבערג האָט נאָך קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט, „בין איך נישט גערעכט? אַז דער פּויער איז געווען אָרעם, האָט אים יעדער פּעטלורישער הונט געקענט אָנרייצן. איצט אָבער איז דאָך אַלץ אונדזערס. און די שטאָטישע זאָגט מען, וועט מען אויך אַנדערש אוועקשטעלן. אונדזערע וועלן שוין דאָרט אויך עפּעס גוטס צו־טראַכטן. נישט געזאָרגט, פּראָפעסאָר, דו ווער נאָר געזונט, וועט שוין אַלץ זיין רעכט. קום!" האָט ער אים אַ שלעפּ געטאָן צום טשוואַרניק.

„זיי ווייסן אַ קרענק, זייערע דאָקטוירים," האָט ביילקע זיי באַגעגנט מיט אַ פול מויל מיט פרייד, „ער זעט דאָך אויס בעסער, איך זאָל אַזוי לעבן. דאָס האָט אים דיין סטאָדאָלע געהאָלפן, הריציו."

„אַז די קויל האָט אים שוין נישט גענומען, וועט ער דאָס אויך איבער־קומען," האָט וואָורעניוק מיט דער זעלבער פרייד זיך צוריקגעוויצלט, „עס איז

נאָר נישט גוט וואָס ער שווייגט אַזוי פיל. אַן אַנדערער אויף זיין אָרט וואָלט אַזוי פיל געהאַט צו דערציילן. ער איז דאָך צוריקגעקומען פון יענער וועלט.״

„טאַקע דערפאַר, הריציו,״ האָט שטערנבערג האַלב אין ערנסט און האַלב אין שפּאַס אים געענטפערט, „פון יענער זייט קומט מען צוריק מיט צעבראָ־כענע ביינער און פאַרשלאָסענע ליפּן.״

„פון היץ האָסטו געהאַלטן אין איין זינגען, פּראָפעסאָר, און גערעדט פאַר פייער און פאַר וואַסער.״

„נו, דו זאָג נאָר נישט אויס פון חדר,״ האָט זיך ביילקע אַריינגעמישט, „און צי אים נישט ביי דער צונג. ווען מען וועט דאַרפן, וועט ער שוין אַליין רעדן. דו זאָג מיר בעסער פאַר וואָס זענט איר עפּעס אויפגעשטאַנען אַזוי פרי?״

„אַזוי פרי?״ האָט וואָורעניוק מכלומרשט זיך געבייזערט, „איך זוך אים שוין אַרום פון פאַרטאָג אָן. איך גיי אַרויסלאָזן די בהמות, זע איך אַז די סטאָדאָלע איז ליידיק. עס איז מיר אַזש קאַלט געוואָרן. ערשט נעכטן אָוונט האָט ער נאָך געגליט ווי אַן אויוון און געריטשעט פון שלאָף ווי אַ געקוילעטער אָקס, און דאָ נישטאָ אים. לויף איך אין איין אָטעם אים זוכן. אפשר וועט ער דיר זאָגן וואו ער איז געווען? כ׳מיין אַז מ׳דאַרף אים גאָר אָוועקפירן אין שטאָט אַריין.״

„און ווען קומט איר צוריק?״ האָט ביילקע גלייך פאַרשטאַנען, אַז עס איז שוין אַן אָפּגערעדטע זאַך ביי זיי ביידן.

„איך ווייס? ס׳איז געווענדט,״ האָט שטערנבערג געשטאַמלט און נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן.

„וואָס איז דאָ צו וויסן?״ האָט ביילקע נישט אָפּגעלאָזט, „מיר ווילן אייך דאָ האָבן און איר דאַרפט צוריקקומען אַהער וואָס שנעלער. סיידן איר ווילט זיך דערשלאָגן אַהיים.״

„וואָס פאַר אַ היים?״ האָט וואָורעניוק אַ שלונג געטאָן די ווערטער, „מיר דאַרפן אים דאָ האָבן, איז דאָ זיין היים. ער דאַרף דאָך אָבער אַביסל געלט, ביילקע,״ האָט ער היימישלעך אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט און זיך זייטיק צוגע־קוקט וואָס פאַר אַן אייגדרוק דאָס וועט מאַכן.

„געלט? אוודאי, עס קומט דאָך אים פאַרן גאַנצן זמן. אָבער איר קריגט ביי מיר נאָר אַ טייל,״ האָט זי לאַכנדיק צוגעטראָגן שטערנבערגן אַ גלאָז וואַרעמע מילך, „וועל איך זיין זיכער, אַז איר וועט צוריקקומען.״

„איז גוט,״ האָט זיך וואָורעניוק געריבן די הענט פון צופרידנקייט, „און

איך וועל אַ לויף טאָן ברענגען אַביסל פּרוכט מיטצונעמען. אין שטאָט קריגט מען עס דאָך נישט, נאָר צי נאָר נישט אָפּ אָן אַ זיי געזונט," איז ער שנעל אַרויס פון הויז און איבערגעלאָזט נאָך זיך דעם געשמאַקן ריח פון גוט־ברודערישער פריינדשאַפט.

## כז

אין שטאָט אַריין איז אָבער שטערנבערג נישט געגאַנגען, ווייל ווען זיי זיינען צוגעקומען צום בריקל ביים עק פון דאָרף, איז חיים זיי אַנטקעגנגעקומען מיט אַ ליידיקן זאַק אונטערן אָרעם און מיט אימה איבערגעגעבן, אַז אין שטעטל טוט זיך חושך. מ'שמועסט, אַז די רויטע טרעטן אָפּ און אַז אין די אַרומיקע וועלדער האָבן זיך שוין באַוויזן פּעטליורישע באַנדעס. זיי פאַלן אָן אויף איינציקע דערפער און שטעטלעך און מאַכן אַ חורבן.

„און מ'טוט גאָרנישט צו דעם?" האָט וואַוורעניוק אָן אויפגעקאָכטער זיך אַ שטעל געטאָן קעגן חיימען.

„וואָס זאָל מען טאָן?" האָט חיים פאַרבראָכן די הענט, „ווער עס קען, אַנטלויפט טיפער קיין רוסלאַנד און ווער עס קען נישט, — האַלט די נשמה אין דער האַנט. איך האָב נאָר געציטערט צי כ'וועל כאַטש אָנציען אַהיים אין צייט."

„אַזוי שלעכט האַלט עס שוין?" האָבן ביידע מיט אַמאָל אַרויסגעפּלאַצט.

„נעכטן פאַרנאַכט האָט מען שוין קיינעם נישט געלאָזט אַריבערן „בוג". מ'שמועסט אַז די בריק איז שוין געמינעוועט."

„און ביי אונדז ווייסט מען דאָך נאָך גאָרנישט."

„וועט מען זיך דערוויסן," האָט חיים סתם אַזוי זיך אַ שטאַמל געטאָן און אין האַרצן ביי אַלע דריי, האָט זיך עפּעס פּלוצים אָפּגעריסן, ווייל אין דער רגע האָט אָן אָפּהילך פון אַ ווייטן דונערן זיך קלאָר דערהערט. אינסטינקטיוו האָבן זיי אַ הייב געטאָן זייערע אויגן צום הימל און געזען אים אַ לויטערן, אַ קלאָרן מיט אַ פלאַקערנדיקער פרישער זון.

„צום טייוול מיט אַלץ מיט אַנאַנדער," האָט וואַוורעניוק אַ קריץ געטאָן מיט די ציין, „אַזעלכע קאַנאַליעס!"

שווייגנדיק האָבן זיי זיך צוריקגעקערט אין דאָרף אַריין. און מאָדנע, ערשט איצט האָבן זיי באַמערקט אַז דער אָפּטייל סאָלדאַטן, וואָס האָט זיך לעצטנס אויפגעהאַלטן אין די פּריצישע שטאַלן, איז מער נישטאָ און דער גאַנצער

הויף מיט די פּאָר סאָלדאַטן וואָס דרייען זיך דאָרט אַרום איז אָנגעלאָדן מיט אַ מוראַדיקער שטילקייט.

פֿאַרנאַכט צו האָט דער שטורעם אויסגעבראָכן. ווי אַ וויכער האָבן רייטער אָפּטיילן זיך געיאָגט איינער אַריבער דעם אַנדערן מיטן טראַקט און געלאָזן נאָך זיך בלויז גערדיכטע וואָלקנס שטויב. אינעם שטויב זיינען אויך פֿאַר־שוואונדן די לעצטע וואַכן אויפֿן הויף און דער הימל האָט רויט געגליט פֿון אַלע זייטן. די ווענט פֿון טשוואָרניק האָבן געציטערט ווי עמיץ וואָלט געטרייסלט די גאַנצע ערד אַרום.

דער אוקרייאינישער שכן פֿון יענער זייט טשוואָרניק, איז פֿון ערגעצוואו געקומען צולויפֿן אַן אָנגעכמורעטער, אַ צעיאַכמערטער, זיך שטיל געשושקעט מיטן ווייב און באַלד אַרויסגעהאַנגען איבער זיין טיר דאָס בילד פֿון דער הייליקער מאַמע. אָפּגעטאָן, האָט ער פֿאַרמאַכט די טיר מיט אַ טראַסק נישט קוקנדיק אַפֿילו אין דער זייט פֿון די יידישע שכנים, וועלכע זיינען געשטאַנען פֿאַרן הויז צונויפֿגעדריקט ווי אַ סטאַדע שעפּסן אין אַ בייזן געוויטער.

„מיר האָמיר אַ גרויסן גאָט אין הימל,‟ האָט די חיימעכע זיך פּלוצים צעיאָמערט און זיך אַ וואַקל געטאָן מיט אַ משונהדיקן קוויטש, „רופֿט די מאַרטאָכעו! איך וועל זי דאַרפֿן האָבן . . .‟

אַ גאַנצע נאַכט, האָט דער דרויסן געדונערט און אויפֿגעריסן די פֿינצטער־ניש מיט בליציקן פֿייער און אין שטוב וואו אַלע זיינען געלעגן צונויפֿגעקנוילט, האָט געהויערט אַ שטומע שטילקייט וואָס האָט געגליווערט דאָס בלוט אין די אָדערן. פֿון דער אַנדערער זייט וואַנט, האָט צייטנווייז זיך אַ ריס געטאָן אַן אָפּגעהאַקטער קוויטש פֿון דער געווינערין, וואָס האָט געשטאָכן און געקילט אַלע גלידער מיט שוידער און גרויל. פֿאַרטאָג צו, איז מיט אַמאָל שטיל געוואָרן. הענער האָבן זיך צעקרייט אין די שטאַלן, און פֿון יענער זייט וואַנט — האָט אַ לעצטער געשריי זיך אַ טראָג געטאָן און פֿאַרשטילט געוואָרן מיט אַמאָל פֿון אַ צאַפּלדיקן רייסן זיך אויף אַלע כלים פֿון אַ נפֿשל, וואָס איז נאָר וואָס געפֿאַלן אויף דער וועלט.

אין אַ ווײַלע אַרום, האָט די טיר פֿון שטוב זיך אויפֿגעפּראַלט. אַ פּאַס גרויע ליכט האָט זיך געגעבן אַ צעלייג איבערן שטוביקן גליווער מיט פֿרישער לופֿט פֿון קילן דרויסן און צופֿרידענעם באַבישן קול פֿון דער הייב־אַם, „ווען גאָט גיט, איז די ריכטיקע צייט. אַ מזלדיקער בחורעץ. צוזאַמען מיטן מאָרגנ־שטערן האָט ער אַ זונג געטאָן.‟ האָט זי זיך געווישט די הענט אינעם פֿאַר־בלוטיקטן פֿאַרטעך. „איך חלש אַ טרונק‟ איז זי ממש צוגעפֿאַלן צום עמער און גענומען זשליאָקען פּאַסמאָקעווענדיק זיך מיט גרויס הנאה, „גאָטס גאָב,‟

האָט זי געבאַבלט פֿון עמער אַרויס און דאָס וואַסער איז איר צוריקגערונען פֿון ביידע ווינקלען מויל אין גלייכע רינעלעך, „גאָטס גאָב איז די ברכה אַליין. קומט אין צייט ווי דער אָקס צום זשלויב."

זי האָט זיך נאָך עפּעס געקליבן צו זאָגן ווי איר שטייגער איז מיט אַ משל און אַ מאָראַל, זי האָט זיך שוין אַפֿילו געהאַט אָפּגעווישט די ליפּן און דאָס פּנים מיטן פֿאַרטעך און אויסגעגלייכט די רויטע פּאַטשיילע אויפֿן קאָפּ, האָט זיך מיט אַמאָל דאָס גאַנצע הויז אַ וויג געטאָן, און דאָ גאָר נישט ווייט, דאַכט זיך, טאַקע אין גאָרטן פֿאַרן הויז, האָט עפּעס שווערס אַ פֿאַל געטאָן מיט אַ גרילץ און געגומען שיטן פֿון זיך מיט פּריסיק און הייסן אָטעם. דער צאַפּל־דיקער אויפֿגעשריי פֿון גאַנצן הויז האָט פֿאַרשלונגען דעם אויפֿרייס, דעם בראַזג פֿון די צעפּלאַצטע שויבן וואָס האָט פֿאַרהילכט און פֿאַרדעקט דעם אויפֿגע־שריי, און מאַרטאַכע, די באָבע, איז אַ פֿאַל געטאָן אויף דער ערד מיטן פּנים אַראָפּ ווי אַן אונטערגעהאַקטע און שלוקערץ געטאָן מיט בהלה: „אַ טראַשטשאַ איך מאַטערי" (אַ בראָך צו זייער מאַמען), און געבליבן ליגן ווי אַ קוליע שטרוי.

ווען מען האָט זי אויפֿגעהויבן איז זי שוין געווען טויט, און פֿון מויל און פֿון דער צעקוועטשטער נאָז זיינען גערונען שטראָמלעך וואַרעם בלוט.

„אָט האָסטו דיר, גאָטס גאָב," האָט מאַרי ליבע זיך געשיילט דאָס פּנים מיט די נעגל ריטשענדיק אויפֿן קול הייזעריק און גרוי, און די שטומע יתומימ־לעך האָבן זיך אַ לאָז געטאָן נאָך איר מיט אַ בלעקעכצן פֿון געבונדענע שעפּסן פֿאַר דער שחיטה.

„דאָס דאָרף ברענט!" האָט עמיץ אַריינגעשריגן פֿון דרויסן און דער קנויל מענטשן האָט זיך אַ וואַלגער געטאָן אַרויס פֿון שטוב. דער דרויסן איז געווען פֿול מיט רויך, און פֿלאַמען רויטע צונגען האָבן זיך געצויגן און געשטרעקט צום הימל און צו דער אויפֿגייענדיקער זון. פֿון דאָרף איז אויפֿגעגאַנגען אַן אימהדיק געשריי און יללה.

מיטן וועג לעבן וואַלד און מיט די לאַנקעס האָבן זיך אין איילעניש צוריק־געצויגן די לעצטע רעשטלעך פֿון דער צעקלאַפּטער אַרמיי. צום ערשטן האָט מען נאָך געזען די גערדיכטע קאָלאָנעס רוקן זיך צוריק ווי אַ באַוועגלעכע וואַנט, וואָס ווייטער אָבער זיינען די שורות געוואָרן שיטערער, און ווען די קוילן זיינען געפֿלויגן אַריבער זיי האָבן זיי זיך געבויגן און געפֿאַלן ווי זאַנגען אין ווינט. דערנאָך איז שטיל געוואָרן און פּוסט אַרום, בלויז ליגנדיק אויסגע־צויגן אויף דער ערד האָט מען געקענט דערשפּירן אַז ערגעץ וואו טופּען פֿערדישע קאָפּיטעס, קלאַפּן רעדער אין געאיילעניש, און קוים מיטן אויער צו

דערכאַפּן איז פון ווייט אויפגעגאַנגען אַ הילפלאָז קרעכצן פון שווער פאַר־וואונדעטע.

פאַרנאַכט צו האָבן זיך באַוויזן די ערשטע אָפּטיילן פון דער פוילישער אַרמיי. צום ערשטן זיינען אָנגעלאָפן רייטער מיט אָנגעשטעלטע מאַשין־געווער אויף די פערדס רוקנס און פאַרשוואונדן מיטן וועג צום וואַלד. דערנאָך האָבן זיך פון אַלע זייטן אַ שאָט געטאָן פוסגייער צוזאַמען מיט אַלערליי געשפּאַנען און וואָגנס. עס איז געשטאַנען אַ כסדרדיקער טומל און געמיש פון געשרייען און אָפּגעהאַקטע באַפעלן. די שרפה אין דאָרף איז שוין געווען פאַרלאָשן, נאָר דער רויך האָט אַ גאַנצע נאַכט געשטיקט און געקרעלט אין האַלדז.

אויפן טשוואָרניק זיינען אַלע געווען צונויפגעדריקט אין ביילקעם שטוב. אין דער פינצטער איז מען געלעגן און געגליווערט פון פּחד פון יעדן זיך דער־נעענטערנדיקן טראָט צו דער דרויסנדיקער טיר. שטערנבערג איז געזעסן צווישן אַלעמען און געפיבערט. עס איז אַלץ געשען אַזוי פּלוצים, אַז ער האָט נישט געקענט באַנעמען וואָס עס טוט זיך אַרום אים. עס איז אים אויסגע־קומען אַז ער געפינט זיך נאָך ערגעץ אין דער פינצטערער קאַמער אַן אַרעס־טירטער. אָט אָט וועט זיך די אייזערנע טיר עפענען און מען וועט אים ווידער נעמען אויפן פאַרהער. ערשט פאַרטאָג צו, האָט ווער אויפגעריסן די טיר מיט אימפּעט און אַריינגעשריגן מיט אַ הייזעריקער שטימע: „אַלע מענער זאָלן גלייך אַרויסגיין!"

כאָטש די שטימע האָט נישט אָנגעזאָגט קיין גוטס, האָבן דאָך אַלע זיך דערפילט דערלייכטערט וואָס מען האָט ענדלעך זיך דערמאָנט אין זיי. מען האָט זיך אַ הייב געטאָן פון די ערטער נישט אַרויסרעדנדיק קיין וואָרט. בלויז די קינדער האָבן זיך געקלאַמערט אין די דערוואַקסענע און אַרויסגע־פּלאַצט אין אַ געוויין.

אויפן טראַקט פאַרן טשוואָרניק איז געשטאַנען צונויפגעדריקט אַ בינטל פּויערים אַרומגערינגלט פון אַ רייטער אָפּטיילונג.

„יידן!" האָט עמיץ אַ קריץ געטאָן מיט די ציין, ווען די פּאָר מאַנסבילן פון טשוואָרניק זיינען צוגעקומען צום בינטל.

„און אַז יידן, איז וואָס?" האָט אַן אַנדערער רייטער אַ קוויטש געטאָן, „דאַכט זיך, אַז איך בין אין דער אַרמיי גלייך ווי דו."

„אין דער רויטער אַרמיי זיינען דאָ נאָך מער," האָט יענער זיך אַ לאָז געטאָן צו די יידן און אַ פאַרוואָרף געטאָן דאָס רייט־בייטשל איבער זייערע קעפּ, „אַלע יידן זיינען באָלשעוויקעס!"

„אָבער נישט אַלע לעגיאָנערן שלאָגן נישט־באַוואָפנטע און אומשולדיקע מענטשן,” האָט דער עלטסטער זייערער אַ כאַפּ געטאָן דאָס בייטשל פון דעם שלעגערס האַנט, „מיר האָבן איצט וויכטיקערע זאַכן צו טאָן. דער באַפעל איז נישט צו טשעפּען קיינעם פון דער פויערישער באַפעלקערונג,” האָט ער ספּעציעל אויפגעהויבן די שטימע און אַריבערגעגאַנגען אויף אוקראַיניש, „סיידן אַזעלכע וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיטן שונא . . . מיט זיי וועט זיך שוין די פּאָליציי פאַרנעמען. דאָס געהער נישט צו דער אַרמיי.” האָט ער זיך אַ יאָג געטאָן מיטן פערדל אַרום דעם בינטל צעשראָקענע פויערים און אַ געשריי געטאָן: „מאַרש צום וואַלד!”

אַ גאַנצן טאָג האָבן זיי געגראָבן טיפע גריבער איבערשניידנדיק די וועגן וואָס פירן אין וואַלד אַריין און פאַרנאַכט צו האָבן זיך די וואַכן געביטן און געהייסן פאַרשיטן די גריבער. די פויערים האָבן שטילערהייט געוואָרטשעט, נאָר געטאָן וואָס מען האָט געהייסן.

„די „באָרוועסע” וועלן שוין דאָ אַרום נישט קומען,” האָבן די וואַכן געחוזקט, „מ'האָט זיי גוט צעקראַצט די פּאָדעשוועס, קריכן זיי אויף די קני איצט, הי, הי!”

„איי האָט מען זיי אַ שמיים געטאָן, אַז זיי וועלן שוין פאַרזאָגן זייערע אור אייניקלעך צו פאַרטשעפּען זיך מיט אונדז!” האָבן די סאָלדאַטן אַרומגע־שמייעט צווישן די פויערים און זיי געקוקט אין די אויגן אַריין.

מיט אַמאָל איז עס אײנעם פון זיי נמאס געוואָרן און ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן צום אָרט וואו די יידן האָבן שטום געהויבן די לאָפּעטעס און געוואָרפן די ערד אין גרוב אַריין.

„איר'ט שוין האָבן גענוג געשפּילט זיך זשידיקלעך. דאָס געברעכעניש וועט דאָך נאָך אייך אַרוסקריכן, ווי ביי די פאַרשיווצעס דאָרט אין שטעטל,” האָט ער גלעטנדיק די שפּיציקע וואָנצעס געחוזקט מיט אַ פול מויל מיט ציין, ווי ער וואָלט זיך געגרייט אין עפּעס איינצובייסן זיך, „דאָס יונגוואַרג איז מיטן רויטן טייוול אַוועק און דאָס אַלטוואַרג קוים וואָס עס רירט זיך, דאָס געברע־כעניש קריכט זיי אַרויס. האָבן מיר דאָס געהאַט אַ העצע מיט זיי: „אוי וויי מאַמעלע”!” האָט ער צעוואָרעמענדיק זיך אַ כאַפּ געטאָן דעם לאַנגען משה ביי דער באָרד און אַלע אַרום האָבן אַרויסגעשאָסן מיט אַ פריילעך געלעכטער.

„זאָל ער טאַנצען די זשאַבע!” איז וועמען איינגעפאַלן אַ שפּיל טאָן זיך.

„מען דאַרף דאָך מיט עפּעס באַצאָלן די פיינע באַלעבאַטים פאַר אַ גוטן טאָג אַרבעט,” איז אַן אַנדערער אַריינגעפאַלן אין מיטן געלעכטער.

דער לאַנגער משה האָט זיך אַ רוק געטאָן אויף הינטערוויילעכטס און מיט שרעק אַ צאַפּל געטאָן: „וואָס ווילט איר מענטשן?"

„מענטשן!" האָט עס גרויליק אָפּגעציטערט אַרום ווי דאָס געשריי וואָלט געקומען פון אַלע זייטן, און ראַפּטום אָפּגעהאַקט געוואָרן מיט אַ מוראַדיקן שטילשווייגן. די פּויערים האָבן מיט אַמאָל אַ הייב געטאָן די געבויגענע רוקנס אין מיטן אַרבעטן און זיך אָנגעקוקט איינס דאָס אַנדערע מיט דער־שראָקענער שטומקייט. דאָס סאָלדאַטישע געלעכטער איז ווי אָפּגעשניטן גע־וואָרן און די יידן זיינען געבליבן פאַרגליווערט אויף די ערטער מיט די לאָפּעטעס אין די הענט.

אַ סעקונדע בלויז האָט עס געדויערט און עס האָט אויסגעזען ווי אַן אייביקייט. אין איין אויגנבליק און מיטן גאַנצן לייב און לעבן, האָבן זיי געפילט די פּחדימדיקע שטיל־שווייגעניש וואָס האָט געהויערט אויף אַלץ און אַלעמען און די לאַנגע שאָטנס וואָס האָבן זיך פלוצים אַ צעלייג געטאָן איבערן גאַנצן וועג.

„שוין צייט צו פאַרענדיקן די אַרבעט!" האָט דער עלטסטער זיך דער־ערשטער דערכאַפּט, „נו, גערירט זיך!" האָט ער זיך צעשריגן אויף די העכסטע טענער, „איר וועט ביי מיר אַלע טאַנצן ווי זשאַבעס!"

„ווי זשאַבעס!" איז ווידער אויפגעגאַנגען דאָס געלעכטער פון די סאָל־דאַטן, „די זשידעס קענען עס שוין פון לאַנג."

„אויף אַלע פיר זשידקעס!" האָט דער עלטסטער אַ קאָמאַנדעווע געטאָן.

די סאָלדאַטן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו די יידן און זיי אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערד מיט אַ געשריי: „טאַנצט די זשאַבע!" אַ ווייַלע האָבן זיך די יידן געוועלט. דער לאַנגער משה האָט געשאַרט פון זיך די אָנפאַלער ווי זלידנע פליגן, אָבער אַ פּאָר קלעפּ מיט די הענטלעך פון די ביקסן האָבן געווירקט אַז אין עטלעכע סעקונדן אַרום זיינען אַלע דריי געלעגן אויסגע־צויגן מיטן פּנים אַראָפּ און זיך נישט גערירט פון אָרט. די סאָלדאַטן אַרום זיי האָבן געקייכט פון געלעכטער און אונטערגעטריבן מיט די פיס: „זשאַב־קעלע ריר זיך!"

„נו, הייב אויף דאָס קעפּל קרויט!"האָבן עטלעכע זיך געפּאָרעט אַרום דעם לאַנגען משהן און אים אָנגעטאָן אַ שטיק גראָז אויפן קאָפּ.

„היט זיך, עס וועט אַראָפּפאַלן!" האָבן זיי געכיכיקעט און זיך מיטגע־וואַקלט מיט אים אין זיין שלאַבעריקן קריכן.

„גיב זיי אַביסל מוזיק, יאַשעק!" האָט דער עלטסטער זיך געחכמהט און

אַרויסגעכאַפּט דעם רעוואָלווער כדי צו זיין גרייט אויף יעדן פאַל, „קענסט שפּילן דאָס זעלבע וואָס דו האָסט געשפּילט אין שטעטל ווען מיר האָבן צערעכט געמאַכט דאָס יידל מיטן קאָלטן."

דער סאָלדאַט צו וועמען דער עלטסטער האָט זיך געווענדט, האָט אַרויסגעכאַפּט אַ האַרמאָשקע און גענומען דרימפּלען אַ פאַרשייט לידל וואָס האָט געגרילצט און געריסן די אַרומיקע שטילקייט פּאַסנווייז.

„נו, רירט זיך זשידקעס, דאָס פּויערים פאָלק וויל זיך ווייזן, הנאה האָבן נאָך אַ טאָג אַרבעט . . ."

„פּאַנסקע הינט!" האָט פּלוצים אַ פּויער זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און גענומען לויפן צום וואַלד צו.

„עס וועט נישט געשענקט ווערן!" האָט אַן אַנדערער זיך אַ לאָז געטאָן אין אַן אַנדערער זייט. עס איז געוואָרן אַ געלאַף.

די סאָלדאַטן זיינען ווי צעמישט געוואָרן און זיך געלאָזט נאָך זיי שיסנדיק בלינד פאַר זיך. זיי האָבן אָבער מורא געהאַט צו לויפן צו ווייט און זיך באַלד צוריק צונויפגענומען און אַוועקגעאיילט אין דאָרף אַריין, מיטשלעפּנדיק מיט זיך צעשלאָגענע יידן.

„ווי בונטאָווטשיקעס וועלן מיר אייך משפּטן. דאָס גאַנצע דאָרף פאַרברענען. איר וועט נאָך אַלע הענגען ביי אונדז," האָט דער עלטסטער אויסגעלאָזט דעם גאַנצן כעס אויף זייערע פּלייצעס, „דער קאָמענדאַנט וועט פון אייך די הויט שינדן, בונטעווען גאָר!"

אָבער וואָס נעענטער זיי זיינען צוגעקומען צום דאָרף איז ער אַלץ רואיקער געוואָרן און געלאַסענער. אויפגעהערט צו סטראַשען און זידלען און געהאַלטן אין איין אַרומקוקן זיך אין די זייטן. פון דאָרף האָט זיך געטראָגן אַ מוראדיקע שטילקייט. ווייזט אויס, אַז די אַרמיי האָט שוין אָפּגעצויגן פון דאָרט. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אין יעדן גרוב און הינטער יעדן פּלויט לויערט עמיץ. די סאָלדאַטן זיינען צונויפגעדריקטע געגאַנגען אין מיטן וועג און געהאַלטן די ביקסן אָנגעשטעלט און גרייט.

די נאַכט איז שנעל צוגעפאַלן און די פּאַסן ראָז און רויט אויפן האָריזאָנט זיינען שנעל פאַרשוואונדן, ווי איינגעזונקען געוואָרן אין תהום פון פינצטערער אימה.

„ס'איז דאָ אומהיימלעך." האָט ווער פּלוצים אויסגעגעבן אַלעמענס מחשבות און אויסגעשאָסן אין דער לופטן.

„ס'איז פאַרבאָטן!" האָט דער עלטסטער אַ געשריי געטאָן.

„זיי זיינען אפשר שוין גאָר אַוועק פון דאַנען!"

„און פאררויכערן מעג מען?"

„לאָמיר זיי גאָר לאָזן גיין צו אַלדע שוואַרצע יאָר," האָט דער עלטסטער לסוף אַ זאָג געטאָן הויך אויפן קול, ווי ער וואָלט געזוכט אַ באַשטעטיגונג ביי זיינע חברים, „צו וואָס פאַרדרייען דעם קאָמענדאַנט דעם קאָפּ מיט די לייזיקע זשידעס."

„אוודאי," האָט וועגער אונטערגעכאַפּט מיט אַ געלעכטערל, „זיי קענען דאָך אַפילו קיין זשאַבע נישט טאַנצן!"

„האַלט דאָס מויל יאַשעק!"

„נעמט זיי די כאָליערע!"

„קומט חברה מיטן פעלד!" האָט דער עלטסטער אַ שפּיי געטאָן און אוועקגעאיילט אין דער נאַכט אריין, איבערלאָזנדיק די דריי יידן שטאָלפּערן אַליין אויפן וועג.

## כח

אַ שטומע הילפלאָזיקייט און שרעק האָט געהויערט אויפן דאָרף. כאָטש די אַרמיי האָט שנעל אָפּגעצויגן און בלויז אַ וואַך איז געבליבן אויפן הויף, האָט פאָרט קיינער נישט געוואָגט פריי אַרומצוגיין אויפן וועג. מ'איז געווען זיכער אַז עס קומען שווערע טעג.

„מ'וועט נישט שאַנעווען די הינטס," האָט מען זיך כלומרשט געוויצלט און זיך דאָך בעסער געהאַלטן נאָענט פון דער אייגענער כאַטע, און גע־ציטערט פאַר יעדן שאָרך וואָס האָט זיך געטראָגן פון הויף. אַ שולד־געפיל האָט אַלעמען גענאָגט. איינער האָט געהאַט זאַכן פון הויף און וואָלט געוואָלט פון זיי פּטור ווערן און נישט געוואוסט ווי אַזוי. אַן אַנדערער איז געווען צווישן דער גרופּע וואָס איז אַנטלאָפן פון דער אַרבעט, און ביי אַ דריטן איז אַ זון אַוועק מיט די רויטע.

דער טשוואַרניק איז אין גאַנצן געווען אָפּגעריסן פון דאָרף. אַ שטומקייט איז געלעגן אין די שטיבער און מע האָט נישט געוואָגט אויפצוהויבן דאָס קול. ווי מייז אין די לעכער איז מען געלעגן אַ גאַנצן טאָג פאַרשטעקט יעדער אין זיין שטוב. פון צייט צו צייט בלויז האָט מען זיך איבערגעקלאַפּט אַריבער די ווענט צו וויסן אַז מע לעבט. אין דרויסן אַרויס האָט מען געוואָגט צו גיין נאָר ווען מ'האָט געדאַרפט באַזאָרגן די בהמות אָדער פאַר מענטש־לעכע באַדערפענישן צווישן די לאָזעס נישט ווייט פון טשוואַרניק.

נאָר דער פּאַראָבקישער שכן איז פראַנק און פריי אַרומגעגאַנגען און זיך אַלעמאָל געלאָזט הערן מיט אַ הויך געדעדעריי צום ווייב. דאָס הייליקע בילד וואָס ער האָט געהאַט אַרויסגעהאַנגען, האָט ער צוריק אַריינגענומען אין שטוב און אויסגעפּאַרבט אויף דער דרויסנדיקער טיר אַ גרויסן ווייסן צלם, וואָס האָט זיך קלאָר געצייכנט אפילו אין ביינאַכטיקן חושך. אַהיימ־קומענדיק האָט ער ספּעציעל אַ זעץ געטאָן מיט דער טיר, כדי דער גאַנצער טשוואַרניק זאָל וויסן, אַז ער איז דאָ און זיך איינהערן צו דעם וואָס ער האָט צו דערציילן. און געהאַט האָט ער אַ סך צו דערציילן: „אויפן דאָרף איז שטיל ווי אויף אַ בית עולם. די פּויערים ציטערן אין די מייטקעס," האָט ער געציילט יעדן וואָרט מיט גרוים הנאה. „אין מיקיטיטש האָט מען אויפגע־האַנגען דעם סטאַראָסטע צוזאַמען מיט מאַשעקן דעם מילכיקער און אַ ליאַדע מינוט וועלן די באַלאַכאָווצעס* אָנקומען אַהער מאַכן אָרדענונג. אין שטעטל האָבן זיי געמאַכט כיק כיק צו אַלע זשידקעס. און מיר זיינען נאָך דאָ אויך נישט פאַרטיק." האָט ער ווידער אַ זעץ געטאָן מיט דער טיר ווי ער וואָלט געגעבן צו וויסן אַז ער איילט זיך אויסצוגעפינען נאָך נייעס.

אַז דער הילך פון דער טיר האָט זיך איינגעשטילט ,איז דער טשוואַרניק ווידער פאַרנומען געוואָרן אין שטומקייט און אַ גליוועך האָט געהויערט אויף אַלץ און אַלעמען. ס'איז געווען ווי דער גאַנצער אַרום וואָלט זיך אַפּגעשטעלט און געוואַרט אויף עפּעס וואָס מוז געשען און וועט געשען. אַפילו ווען דאָס עופהלע אויף יענער זייט וואַנט האָט זיך צעוויינט, איז עס אויך אויסגעקומען ווי אַ טייל פון דער ביטערער דערוואַרטונג וואָס שרייט אַרויס פון דעם גליוועך אַרוים.

צוויי פולע טעג האָט עס אַזוי געדויערט ביז דער לאַנגער משה האָט עס שוין מער נישט געקענט אַריבערטראָגן און זיך פּלוצים צעיאָכמערט אויפן קול, פונקט דאַן ווען דער שכן האָט אַ זעץ געטאָן מיט דער טיר צוריקקומענדיק פון דאָרף.

„עך גיי אויפן דאָרף, שרה, עך קען עס שוין נישט אַריבערטראָגן!" און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער האָט ער אויפגעפּראַלט די טיר און אַרויס אין דרויסן, „קום אויך, חיים, מ'קען זיך נישט לעבעדיק באַ־גראָבן," האָט ער אַריינגעשריגן צו חיימען אין שטוב אַריין, „נעם מיט דעם לערער אויך, איז ער כאָטש געזונט?" האָט ער זיך דערמאָנט, אַז זינט יענעם טאָג איז שטערנבערג געלעגן אין בעט און נישט געקענט קומען צו זיך.

---

*אַן אוקריינישע באַנדע, וואָס האָט געהאָלפן די פּאָליאַקן קעגן די באָלשעוויקעס.

„מאַך נישט אַזאַ האַרמידער," האָט חיים אַרויסגעשטעקט דעם שוואַרצן קאָפּ דורך אַ צעבראָכענער שויב, „וועסט דאָך אויפשטעלן דאָס גאַנצע דאָרף."

„עך האָב עס אין ד'רערד," האָט ער פאַרקאַטשעט די פּאָלעס און זיך אַ לאָז געטאָן מיטן וועג צום דאָרף.

„אַ בראָך איז צו מיר, משה, וואו שלעפּסטו זיך אין אַזאַ פּליעטש?" איז שרה נאָכגעלאָפן אַ צעשראָקענע, „פאַרהאַיע זיך נאָר נישט דאָרט," איז איר קול אַ פאַרלעגנס און טרוקנס פאַרפאַלן געוואָרן אינעם ערשטן האַרבסטיקן ווינט און קרומען רעגנדל וואָס האָט מרה־שחורהדיק גענעצט דעם גרויען דרויסן.

פאַרנאַכט צו איז ער צוריקגעקומען אַן איינגעדרייטער און פאַרצאָנגטער. מיט אַ מאָדנעם אימפּעט האָט ער זיך אַריינגעשטעלט צו ביילקען אין שטוב אַריין און נאָכגעלאָזט די פאַרקאַטשעטע נאַסע פּאָלעס מיט אַ פּליעשטש, ווי ער וואָלט עפּעס פון זיך אַ וואָרף געטאָן. ער איז אין גאַנצן געווען דורכגע־ווייקט און עס האָט געראנען פונעם קאַשקעט און פון דער צעקאָלטנטער באָרד. די שטוביקע זיינען געוואָרן אויסער זיך, נישט אַזוי פון זיין הולך נאָר פון דעם וואָס עס האָט זיך זיי געדאַכט, אַז דעם לאַנגען משהס מויל איז אָפן ווי ער וואָלט געהאַלטן אינמיטן דערציילן עפּעס, נאָר מ'הערט נישט קיין וואָרט.

„וואָס שטשירעט* איר אַזוי אויף מיר?" האָט ער ענדלעך באַוויזן אַ שלוקערץ צו טאָן און אויפגעציטערט מיט אַלע אברים, „ס'איז מיר שטאַרק קאַלט, ביילקע, כ'האָב געטראָפן דעם סטעלמאַך פון זאַריטשע."

„וועמען?" איז ביילקע צו אים צוגעשטאַנען אַ דערשטוינטע.

„דער וואָס האָט געאַרבעט אין 42טן קוואַרטאַל."

„דער ייד מיט די פליגן?" האָט עמיץ פון די קינדער זיך דערמאָנט, אַז דער סטעלמאַך פלעגט ליב האָבן צו כאַפּן פליגן אין דער לופטן. „ער איז דאָך דאָ געווען איידער די פּריצים זיינען אַוועק."

„איז וואָס?" האָט שטערנבערג זיך באַוויזן אַראָפּצוראַטשקען פון געלעגער.

„געהאַנגען!" האָט דער לאַנגער משה ווידער אַ שלוקערץ געטאָן, און אין דעם טונקעלן צימער האָט זיך דאָס וואָרט אַ צי געטאָן פאַר אַלעמענס אויגן ווי אַ פּעטליע.

---

*קוקן מיט גרויס פאַרוואונדערונג, מיט מויל און אויגן.

מ׳האָט אים שוין מער נישט געפרעגט. ער האָט שוין אַליין מיט אַלע פּרטים איבערגעגעבן ווי ער האָט באַגעגנט דעם סטעלמאכס זון פירנדיק דעם געהאַנגענעם פאָטער אין שטעטל אַריין צו קבר ישראל. אין טלית און תפילין האָט מען אים אַרויסגעפירט און געהאָנגען.

„השם ישמרנו,״ האָט דער שוואַרצער חיים זיך באַוויזן אויף דער שוועל און פרום צוגעגעבן, „מיר מעגן טאַקע גומל בענטשן. אויף שבת בלי נדר גיי איך אין שטאָט אַריין.״

„ביסט שוין פאַרטיק, חיים?״ האָט דער לאַנגער משה זיך אַ שטעל געטאָן ווי אַ נאַסע סטראַשידלע אין מיטן שטוב.

„ביי יידן פירט זיך אַזוי, משה,״ האָט זיך חיים ווי פאַרלאָרן, „נישט אַזוי, לערער שטערנבערג?״

„און ר׳איז געפאָרן אַליין? ביינאַכט?״ האָט שטערנבערג כמעט נישט געהערט זייער אויסטענהן זיך.

„אַ זעלנער איז מיטגעפאָרן.״

„אַ זעלנער?״ איז די פראַגע געבליבן שטיין אין שטוב ווי דאָס גרעסטע רעטעניש.

„געהאָנגען האָבן די באַלאַכאָווצעס און דער פּוילישער קאָמענדאַנט האָט גענומען אין יד אַריין, האָט ער דערלויבט אים ברענגען צו קבר ישראל,״ האָט דער לאַנגער משה זיך ווידער איינגעשרומפּן און אַ צאָן אָן אַ צאָן האָט אים געקלאַפּט.

„איינגעטיילט זיך,״ איז ביי אַלעמען אויף דער צונג געלעגן דאָס וואָרט, נאָר קיינער האָט עס נישט דערמאָנט און זיך בלויז אָנגעקוקט.

„מאָרגן קומען שוין די פּריצים!״ האָט דער פאַראָבקישער שכן אַ זעץ געטאָן מיט דער טיר צו לאָזן הערן, אַז ער איז דאָ, „מ׳רייניקט שוין דעם הויף, באָבע. מאָרגן פרי וועסטו אויך צוגיין צוהעלפן. הערסט? כ׳האָב עס צוגעזאָגט דעם קאָמענדאַנט.״

„וועט מען אפשר שוין נישט זיין אַזוי הפקר,״ האָט חיים זיך אָנגע־כאַפּט אין זיינע רייד און זיך געלאָזט צו זיך אין שטוב אַריין.

„איר מעגט שוין אָנהייבן צו בענטשן גומל,״ האָט ביילקע אָן אַ פאַר־וואָס אויסגעלאָזט צו אים איר ביטער געמיט.

„כ׳האָב נאָך היינט אין מויל נישט געהאַט,״ האָט דער לאַנגער משה זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און איז אַרויס פון שטוב.

„און איר האַלט אין איין שווייגן," האָט ביילקע זיך געפּאָרעט ביים קאַניצל און געוואָלט צו עמיצן אויסלאָזן איר שרעק.

„וואָס איז דען דאָ פאַראַן צו זאָגן?" האָט שטערנבערג זיך פאַרענטפערט, „ווען איר פאָלגט מיך וואָלט איר זיך גאָר אַריינגעקליבן אין שטאָט אַריין."

„איר מיינט, אַז דאָרט איז בעסער?"

„כ'ווייס, אָבער מ'איז כאָטש אין איינעם מיט נאָך יידן."

„שרייט מען אין איינעם געוואַלד," האָט זי ביטער אַ כליפּ געטאָן, „אוודאי ווען מיינע ברידער זאָלן וועלן, וואָלט איך אין גאַנצן אַ שפּיי געטאָן אויף דעם און אַוועק קיין אַמעריקע," איז זי אין אַ פּאָר מינוט אַרום גע־קומען צו זיך.

„איר דאַרפט זיי שרייבן וועגן דעם."

„כ'האָב אָבער קיינמאָל גאָר נישט געבעטן פון זיי."

„ווען איר האָט נישט געדאַרפט, האָט איר נישט געבעטן. איצט אָבער איז דאָך סכנות נפש. איר זעט דאָך אַליין."

„דער לערער איז גערעכט, מאַמע," זיינען די קינדער צוגעשטאַנען צו איר, שרייב זיי."

„ווען כ'וועל זיין אין שטאָט ביים פעטער, וועל איך הערן וואָס ער וועט זאָגן וועגן דעם," האָט זי זיך געלאָזט איבעררעדן, „איך קען אפילו אַליין צונויפשלאָגן אויף הוצאות ווען איך זאָל אַלץ פאַרקויפן," האָט זי שוין גענומען פּלאַנעווען די נסיעה, און אַרום דעם קאַניצל וואָס האָט קוים געצאַנקט און געציטערט מיט אַ שוואַך ליכט אַרום זיך, האָבן זיך גענומען וועבן דינע שטראַלן פון האָפענונג אויסגעלייזט צו ווערן פון דעם חושך מצרים, וואָס האָט גענעסטיקט אין אַלע ווינקעלעך פון שטוב.

## כט

אויף צו מאָרגנס זיינען די פּריצים צוריקגעקומען מיט געפּילדער און רעש, באַגלייט פון אַ גאַנצער מחנה רייטער וואָס האָבן חוצפּהדיק און האָפערדיק דורכגעגאַלאָפּירט דורכן איבערגעשראָקענעם דאָרף. פאַרנאַכט צו האָט אַ דראָבנע רעגנדל גענומען טריפן און האַרבסטיק פאַרטרויערט אַלץ און אַלעמען. די פויערישע כאַטעס אָפּגעהובלטע און עלנטע האָבן אויסגעקוקט ווי איבערגעלאָזט אויף הפקר אינמיטן הויל גרויע און נאַקעטע פעלדער. פון טייל קוימענעס האָבן זיך רויכן געקישניעט און געקראָכן אויף די שוואַרצע

שטרויענע דעכער. קיין לעבעדיק נפש האָט מען נישט געזען אויפֿן דאָרף. פון די שטאַלן האָט זיך נאָר פון צייט צו צייט דערטראָגן אַ מאַטומדיק מעקען פון בהמות, אָדער אַן עלנט האַווקען פון אַ הונט.

אין הויף וואו עס האָבן שוין געברענט אַלע עלעקטרישע לאָמפּן, איז פֿאַן קאַמינסקי אַן אויסגעפּוצטער און שיינענדיקער, געזעסן און שטיל און געמיטלעך איינגעטענהט מיטן קאָמענדאַנט פון דער פעלד זשאַנדאַרמעריע פון נאָענטן שטעטל.

„עס איז נישט אונדזער שטייגער, פֿאַניע קאָמענדאַנטשע," האָט ער איידל און געצאַצקעט געגעבן צו פֿאַרשטיין דעם יונגעטשקען קאָמענדאַנט מיט די קוים אויפגעשפּראָצטע וואָנסלעך, „אויסצוגעבן שכנים, בפרט אַז מיר זיינען דאָ נישט געווען, ווען די האַלאַטע האָט זיך צעטיילט מיט אונדזער פֿאַרמעגן."

דאָס קאָמענדאַנטל האָט זיך רואיק געגלעט די וואָנסעלעך, אָפּגערייניקט אַ שטרויעלע פונעם פיין געפּרעסטן רעקל און צושטימענדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ.

„דאָס לאָזט שוין צו אונדז, פֿאַניע וויעלמאָזשנע, אונדזערע מענטשן וועלן עס שוין אויסגעפינען. וואָס אַן אמת, פֿאַניע קאַמינסקי, זיי געפינען עס שוין אויס," האָט ער נישט געקענט איינהאַלטן אַ שטיל געלעכטערל.

„מיר האָבן געלעבט ווי שכנים," האָט זיך פֿאַן קאַמינסקי געמאַכט נישט הערנדיק, „אַזאַ איינפיר ביי אונדז נאָך פון אַלטע צייטן, די טראַדיציע פונעם הויז אונדזערן. די יונגע אָבער בונטעווען היינטיקע צייטן און שלעפּן אויך די אַלטע אַריין. כ'האָב אָבער אַלעמאָל געטענהט צו וואַווריעניוקן: „ווערסט אַן אומגליק אָנרייסן אויפֿן דאָרף, און ער גאָרנישט, געטאָן זיך דאָס זייניקע. געלעבט אַזוי לאַנג ווי שכנים, פֿאַניע, ווי קען איך אויסגעבן? טרינקט, די טיי ווערט קאַלט."

„מיר דאַרפֿן אָנלערנען די כאַמעס, אַז ניט וועלן זיי נאָרען ווי די חזירים, זייט מוחל פֿאַרן אויסדרוק. מיר האָבן זיי שוין גענוג געזען ביים אונטער־צינדן און ראַבעווען, און דעם אָנפֿאַל אויף דער קאַנטאָר געדענק איך נאָך אויך גוט. איז עמיץ נאָך געבליבן אין די באַראַקן?"

„פון זיי קען מען דאָך סיי ווי גאָרנישט אַרויסקריגן. צעלאָפֿן זיך אין אַלע פיר עקן. ביי די היגע ליגט מן הסתם באַהאַלטן דאָס גאַנצע גוטס אין די סטאָדאָלעס, אונטער די סטערטעס. מ'וואָלט אפשר גאָר געדאַרפֿט רופן דעם סטאַראָסטע און — נאָר ס'איז אָבער נישט כדאי," דערכאַפּט ער

זיך צוריק, „מ׳דאַרף בלייבן שכנים ווי געווען. די מלוכה קען טאָן וואָס זי וויל אָבער מיר ווילן בלייבן שכנים . . .״

„זייער שיין פון אייער זייט,״ האָט דאָס קאָמענדאַנטל געקוקט דעם פּריץ גלייך אין די אויגן אריין, „איך באַוואונדער אייער גוטהאַרציקייט. עס איז זייער שיין פון אייך, גאָר שיין. נאָר, מיר ווייסן אַז די גאַנצע יוגנט איז אַנטלאָפן מיט די רויטע און מיר קענען אַזעלכע נישט שענקען.״

„מיר קענען זיך אין דעם נישט מישן, איר פאַרשטייט דאָך אַליין,״ האָט פּאַן קאַמינסקי זיך אויפגעשטעלט און בנעימותדיק געגלעט די באַקן בערד, „די מלוכה איז עפּעס אַנדערש, זי דאַרף טאָן וואָס זי פאַרשטייט און האַלט פאַר נויטיק, מיר אָבער קענען זיך נישט מישן,״ האָט ער ווי כאַפּנדיק אַ ישוב זיך צוריק אַוועקגעזעצט און גענומען זופּן די שוין קאַלט געוואָרענע טיי.

„אַ גוטע נאַכט, פּאַניע קאַמינסקי,״ האָט דער קאָמענדאַנט פּלוצים זיך אַ הייב געטאָן פון אָרט, „מיר האָבן נאָך אַ סך אַרבעט צו טאָן היינט. כ׳וועל גיין אַ קוק טאָן צי די ייִנגלעך זיינען שוין דאָ מיט די מכשירים. די מלוכה וועט זיך באַנוצן מיט די נויטיקע מיטלען,״ האָט ער שעלמיש זיך אַ שטעל געטאָן ווי צום ראַפּאָרט און אַרויס פון צימער.

פּאַן קאַמינסקי איז געבליבן זיצן אויפן אָרט און גענומען לאַנגזאַם קלינגען מיטן לעפעלע אינעם ליידיקן גלאָז און אין דער זעלבער צייט אויפגעכאַפּט יעדן קלאַנג וואָס איז געקומען פון דרויסן, וואו די שטראָף עקספּעדיציע פון זשאַנדאַרן איז געשטאַנען און געוואַרט אויפן באַפעל פון קאָמענדאַנט צו מאַרשירן אין דאָרף אריין. פּלוצים איז אים דאָס לעפעלע אַרויסגעפאַלן פון האַנט, און מיט שנעלע טריט האָט ער זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און צוגעלאָפן צום פענצטער, עס אויפגעפּראַלט און אַרויסגעשריגן:

„פּאַניע קאָמענדאַנטשע, אויף איין סעקונדע בלויז!״

„זאָרגט זיך נישט פּאַניע קאָכאַנע, אַלץ איז שוין פאַרטיק!״ איז דער קאָמענדאַנט אַריינגעקומען אַ שמייכלענדיקער און געריבן אַ האַנט אָן אַ האַנט, „זיי וועלן שוין פאַרזאָגן אַ צענטן צו באַלעבאַטעווען אויף פּוילישן גוטס. אַ גוטע נאַכט!״

„מוז מען עס טאַקע מאַכן אָט אַ דאָ?״ האָט דער פּריץ כמעט ווי געשעפּטשעט.

„איר זענט שוין ווייזט אויס לאַנג פון דער שול באַנק, פּאַניע קאָכאַנע,״ האָט דער קאָמענדאַנט שוין חוצפּהדיק אַ לאַך געטאָן, „איך אָבער בין נאָר

וואָס פונעם אוניווערזיטעט און עס געדענקט זיך מיר, אַז שטראָף דאַרף אויסגעפירט ווערן נאָר אויפֿן אָרט פֿון פֿאַרברעכן."

„און—," האָט זיך דער פּאַן נאָך אַלץ געקווענקלט.

„דערפֿאַר האָבן מיר קיין מורא נישט. מיר האָבן גענוג מענטשן צו באַהערשן אַפּילו אַ גרעסערן עולם ווי דאָ איז פֿאַראַן. דאָס כּאַמסטווע ציטערט סיי ווי פֿאַרן איינענעם שאָטן. טוט נאָר גוט אַ קוק וועט איר זען: ווי אויסגעשטאָרבן דאָס גאַנצע דאָרף. עס איז אַ שפּילעכל זאָג איך אייך. די יינגלעך קענען זיך שוין קוים דערוואַרטן. אַ גוטע נאַכט!" האָט ער דערלאַנגט דעם פּריץ די האַנט ווי וועלנדיק אים דערמיט פֿאַרזיכערן אַז אַלץ וועט אַראָפּ גלאַטיק און ער האָט זיך נישט פֿאַר וואָס צו באַאומרואיקן. „עס וועט שוין זיין רעכט," איז ער צוריק אַרוים אין דרויסן.

פֿון טאַרטאַק האָט זיך מיט אַמאָל דערטראָגן אַ געזשום פֿון טורבינעס, וואָס מ'האָט אָנגעהויבן ברענגען צוריק אין אָרדנונג נאָך גאַנץ פֿרי. פּאַן קאַמינסקי איז אַ ווײַלע געשטאַנען אין מיטן צימער ווי איינהערנדיק זיך, איז פּלוצים צוגעלאָפֿן צום פֿענצטער, אָפּגעווישט דעם זילבערנעם הויך פֿון דער שויב און זיך איינגעגעסן אין דער פֿינצטערניש און דיקן נעפּל וואָס האָט זיך געררוקט פֿון אַלע זייטן אויפֿן דאָרף ווי אַ מאָנסטער.

„ניעך בענדזשע פּאָכוואַליאַני!" (זאָל זיין געלויבט) האָט ער זיך געצלמט אין אַ פּלוצימדיקע שרעק וואָס איז אים באַפֿאַלן.

„מאַ אַ רושאַ מאָיאַ, מאַ, מאַרושאַ פּאָידזשעש זעמנאָן ספּאַטש" (מאַרושאַ דו מיינע, וועסט גיין מיט מיר שלאָפֿן), האָט זיך פֿון וועג וואָס פֿירט אין דאָרף אַריין אַ טראָג געטאָן דאָס לעגיאָנערסקע ליד מיט חוצפּה, פֿאַרשייטקייט און חוזק אויף אַלץ און אַלעמען.

„אַזאַ כאַמסטווע!" האָט זיך ענדלעך דער פּריץ אַ ריר געטאָן פֿון אָרט און אָפּגעטראָטן פֿון פֿענצטער.

---

די לאָמפּן אין הויף האָבן זיך יענעם אָוונט פּלוצים פֿאַרלאָשן נאָך פֿאַר האַלבער נאַכט. בלויז אין לעצטן באַראַק האָט אַ קאַגאַניק זיך געררייכערט אויפֿן האַלב איינגעפֿאַלענעם אויוון. ביי דער טיר פֿונעם באַראַק זיינען געשטאַנען צוויי לעגיאָנערן מיט פֿאַרקאַשערטע אַרבל און מיט כּבוד אויפֿגענומען יעדן אַריינגעוואָרפֿענעם פֿויער:

„פֿאַמעלעך ווי דו קריכסט דאָרט, הינטישער זון, דו,‟ האָבן זיי לאַכנדיק אונטערגעשטעלט אַ פּוס דעם ציטערנדיקן פּויער, „טרעט נישט אויף קיין מענטשן!‟ האָבן שוין די פּייכטע ריטער געכוואָשטשעט איבער דעם געפֿאַלענעם.

אַנדערע צוויי וואָס זיינען געשטאַנען אין מיטן באַראַק האָבן אונטערגעכאַפּט דעם קרבן און אים ראַפּטום צוגעקוועטשט צום קלאָץ אויף וועלכן דער באַראַק האַלט זיך. דאָרט האָבן שוין אַנדערע צוגעקלאַמערט די הענט און פּיס צום קלאָץ מיט אַ רימען. פֿלינק אַרונטערגעריסן די הויזן און אויפֿן הוילן לייב גענומען קאַטעווען מיט געקנופּטע דינע בייטשן. „פֿאַרמאַך דעם פּיסק, כאַמסקע הינטערע חלק!‟ האָט דער קאָמענדאַנט אַ צעיושעטער געסטראַשעט מיטן רעוואָלווער, „וועסט אויפֿוועקן דאָס גאַנצע דאָרף.‟

אָפּגעשמיסן, האָט מען דעם פֿאַרחלשטן קרבן פּשוט אַרויסגעוואָרפֿן אין דרויסן וואו אַ צווייטע גרופּע איז געשטאַנען גרייט און אונטערגעאײַלט די אַרויסגעוואָרפֿענע וואָס שנעלער אַוועקצוקריכן מיט די גערטנער צוריק אין דאָרף אַריין.

„שנעלער ראַביזשניקעס, די נאַכט שטייט נישט!‟ האָבן זיי מיט די פּיס געשטויסן די צעשלאָגענע, „איר וועט שוין שלאָפֿן אויפֿן פּנים אַ שטיקל צייט, דראַניעס לייזיקע!‟

פֿון שרעק, ווייטיק און שטעכיק פּייכטע קעלט האָבן די קרבנות געציטערט און געקראָכן אויף אַלע פֿיר. אייניקע האָבן זיך געפּרוּווט אויפֿשטעלן און קרעכצנדיק צוריקגעפֿאַלן אין דער בלאָטע בעטנדיק הילף.

„מעגסט זיין צופֿרידן פּויערישער ווײַדל, וואָס מיר נעמען דיך נישט מיט זיך,‟ האָט אַ שטוים אין הינטן אַוועקגעאײַלט דעם קרבן.

„יעזוס דערבאַרעמדיקער,‟ האָבן געהעשעט און געקרעכצט צעקנוידערטע שאָטנס פֿון מענטשן קריכנדיק אויף אַלע פֿיר.

אַ גאַנצע נאַכט האָבן זיך אַזוי געטראָגן די פֿאַרשטיקטע יללות אַרום דעם הויפּישן באַראַק, און פֿון דאָרט אויפֿן גאַנצן וועג אין דאָרף אַריין, האָט זיך געצויגן אַ געטאַמעוועט קרעכצן פֿון שוואַרצע קנוילן וואָס האָבן זיך געראַטשקעט מיט די פֿלויטן, דורך די גערטנער און ראָוועס צום דאָרף צו. פֿונעם פֿינצטערן דאָרף איז זיי אָפּט אַקעגנגעלאָפֿן אַ פֿלאַטערנדיקע שאַל אין ווינט צוזאַמען מיט אַ פֿאַרשטיקט כליפּען, „האָט איר נישט געזען, מיינעם?‟ קיין ענטפֿער איז נישט געקומען. דער שאָטן האָט זיך גערוקט ווייטער און אַ פֿאַרשעמט געשריי האָט אים נאָכגעיאָגט:

„אָ, יעזוס דערבאַרעמדיקער.‟

מיטן וועג, האָבן זיך אין איילעניש און מיט גרויס שטיל־שווייגן געטראָגן די זשאַנדאַרן מיט די קרבנות צום הויף צו. מיט אַמאָל אָבער האָט אין דער פינצטערניש זיך אַ בלייך געטאָן אַ ווייס העמד פון אַ פּויער, וואָס איז אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון בעט אַ האַלב נאַקעטער. אַן אויפגעשריי, רויע קללות און אַ שווידערנדיק יאָמערן און בעטן זיך, האָט זיך אַ טראָג געטאָן און פאַרזונקען געוואָרן אין געדיכטן נעפּל, וואָס האָט זיך גערוקט פון טייך און פון וואַלד און אַלץ פאַרדעקט.

זייער ווייניק איז געלונגען צו ראַטעווען זיך דורך אַנטלויפן אין וואַלד אַריין, ווייל אומעטום האָט זיי באַגעגנט דאָס הייזעריקע געלעכטער פון אַ זשאַנדאַר.

פאַר טאָג צו האָט אַ גרופּע זשאַנדאַרן זיך אַריינגעריסן אין גלאָקן טורעם פון קלויסטער וואו דער אַלטער אָסיפּ איז געלעגן אַן איינגעקאָר־טשעטער. אים אַנגעטאָן אַ פּייקל און געהייסן אַרומגיין איבערן דאָרף פּייקלען צו אַ פאַרזאַמלונג. באַלד האָבן זיך צום קלויסטער הויף גענומען שלעפּן ציטערנדיקע ווייבער איינגעהילט אין שאַלן און אין זעק. נאָך זיי האָבן זיך נאָכגעשלעפּט ווייענדיקע קינדער און צעהאַרגעטע מענער מיט אויסגעפּליקטע בערד און צעקנאָדערטע סערמינגעס. אַ קרום האַרבסטיק רעגנדל האָט געוואַשן די לעצטע פאַרוויאַנעטע בלעטער אויף אָפּגעבוימלטע ביימער, און שאַרעס קראָען האָבן משונה־ווילד געקראַקעט אין דער לופטן. צונויפגעדריקטע און שוואַרצע ווי די ערד זיינען די דאָרפסלייט געשטאַנען און אַ צאָן אָן צאָן האָט זיי געקלאַפּט. בלויז די אויגן האָבן ביי אייניקע געבלישטשעט מיט אומהיימלעכקייט און שנאה. אַנדערע האָבן אומזיסט געפּרואווט אויסווישן די פּייכטקייט פון די אונטערגעהאַקטע אויגן. פון זיך אַליין איז גערונען אַ געזאַלצענע פליסיקייט וואָס האָט געגעסן די נאָז און דאָס צעוואָונדיקטע פּנים. פון ווייטיק האָבן זיי זיך אַזוי פאַרקרימט, אַז עס איז שווער געווען צו דערקענען ווער איז ווער. זיי האָבן גיכער אויסגעזען ווי בינטלעך שמאַטעס אָוועקגעשטעלט אויפן רעגן איידער ווי לעבעדיקע באַשעפענישן.

דער לעצטער, האָט זיך צוגעשלעפּט אָסיפּ און אַ פּאַל געטאָן צווישן עולם אַ פאַרחלשטער. עס איז געוואָרן אַ שטיקל גערודער. אייניקע האָבן זיך געלאָזט אים אויפהייבן, רייבן די שלייפן, אָבער מיטן וועג האָט זיך אָנגע־יאָגט דער קאָמענדאַנט מיט אַ גרופּע זשאַנדאַרן רייטנדיק אין פולן גאַלאָפּ. זיי זיינען אַריינגעריטן גלייך אינעם קנויל מענטשן האַלטנדיק די ביקסן אָנגעשטעלט.

אַ מוראַדיקער געוואָי האָט אַ פּראַל געטאָן אין דער לופטן און זיך

צעטראָגן אין אַלע זייטן מיט אַ טויט שרעקנדן יאָמער פון פאַרוואונדעטע קעץ. דער קנויל איז צעריסן געוואָרן, זיך צעפּיצלט און אַ פּאַל געטאָן אין די זייטן איינער אויפן אַנדערן און איבערן אַנדערן. די זשאַנדאַרן האָבן זיי אָבער אַרומגערינגלט און נישט געלאָזט ווייט לויפן.

מיט אַ זייטיק וועגל דורך די גערטנער האָבן פיר זשאַנדאַרן געטראָגן אויף אַ פעלד בעטל וואָוורעניוקן און דעם סטאַראָסטע. אַ צעשלאָגענער און צעבלוטיקטער, האָט וואָוורעניוק פון דעסטוועגן געהאַלטן אין איין שרייען מיט זיין הייזעריק צוגעלעגערט קול וואָס איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ כריפּ:

„נו, וואָס זאָגסטו איצט טימאָף?"

„שווייג!" האָט אים אַ פויסט פון אַ זשאַנדאַר געפּרואווט איינשטילן. וואָוורעניוק האָט זיך אָבער נישט איינגעשטילט און מיט די לעצטע כוחות אַ רעווע געטאָן:

„ס'איז דיין פּיצלם אַרבעט, טימאָף!"

ביים קלויסטער הויף האָבן די זשאַנדאַרן אַוועקגעשטעלט דאָס בעטל און ראַפּאָרטירט צום קאָמענדאַנט. דער קאָמענדאַנט האָט זיי אויסגעהערט מיט אַ שמייכעלע און זיך אַ שטעל געטאָן אויף די שפּרייז־אייזנדלעך פונעם זאָטל און אַ הילך געטאָן מיט אַ באַסאָווע שטימע:

„דאָס איז ערשט אַן אָנהייב ווי אַזוי פּוילן וועט באַצאָלן פאַר ראַבעווען! נאָך היינט זאָלט איר אַלע אָפּטראָגן אין הויף אַלע אַנגעראַבעוועטע זאַכן, אַז ניט וועלן מיר דאָס דאָרף פאַרברענען פון אַלע פיר זייטן, און אייערע ממזרים וואָס זיינען אַוועק מיט די באָלשעוויקעם וועלן אייך אויך נישט העלפן."

„סטעפּטשו, סטעפּטשו ליבינקער," האָט אַ יאָמער זיך אַ ריס געטאָן פון קלויסטער אַרוים און די משוגענע מאַנקע, אַ פאַרשמירטע אין בלאָטע מיט אַ פּעקל שמאַטעס צוגעדריקט צום האַרצן, איז ממש אַרויסגעפאַלן פון דאָרט מיט אַ געיאָמער: „וואו ביסטו סטעפּטשו? זיי זיינען דאָך שוין ווידער דאָ!"

אַ מינוט איז דער קאָמענדאַנט געבליבן אָפּהענטיק און באַלד הויך אַ קאָמאַנדעווע געטאָן: „דעם סטאַראָסטע מיט דעם יונג וועלן מיר מיטנעמען מיט זיך און די וואָס זיינען אַנטלאָפן וועלן מיר נאָך אויך כאַפּן."

„נישט דערלעבן וועט איר!" האָט פונעם עולם ווער אַ זאָג געטאָן צווישן די ציין און גלייך האָט אַ שטיין אַ פלי געטאָן איבערן קאָמענדאַנטס קאָפּ.

„מערדער, פּריצישע הינט!" האָבן זיך גענומען טראָגן קולות פון אַלע זייטן באַגלייט מיט שטיינער און שטיקער בלאָטע.

די זשאַנדאַרן זיינען ווילד געוואָרן און זיך אַריינגעריסן מיט די פערד אינעם עולם אַריין. געשניטן רעכטס און לינקס מיט די בייטשלעך, מיט די ביקסן און אַנדערע אַפילו מיט די בלאַנקע שווערדן. דער עולם האָט זיך נאָכגעגעבן און זיך צעלאָפן מיט געשריי און קללה אין אַלע זייטן. דער צאָרן פון די זשאַנדאַרן האָט זיך אָבער נישט געשטילט אַפילו ווען דאָס פּלאַץ איז שוין געווען אָפּגערייניקט און בלויז דאָס פעלד בעטל מיט אַ צאָל פריש פאַר־וואונדעטע האָבן זיך געוואַלגערט אין דער בלאָטע. מיט אימפּעט האָבן זיי זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערשטער ריי הייזער לעבן קלויסטער, אַרויס־געשלעפּט פון דאָרט וואָס עס איז זיי געקומען אונטער דער האַנט, געבראָכן און געוואָרפן אין ברונעם און אויפן וועג אַרויס, אָבער אויך דאָס איז נאָך נישט גענוג געווען. דער כעס האָט זיי אַרויסגעפּלאַמט פון די פאַר־ביסענע פּנימער און פאַרשווימטע ליפּן. האָט איינער געכאַפּט אַ האַק און גענומען האַקן אין דער פוילער וואַנט פון אַ הייזקע, האָט עס זיי אַלעמען אַרומגעכאַפּט ווי אַ משוגעת און האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו די הייזקעס און געריסן דאָס שטרוי פון דאַך, געגראָבן מיט לאָפּעטעס אונטערן פונדאַמענט און צעיושעט גערעוועט און געשאָלטן. אין עטלעכע מינוט בלויז, זיינען שוין די ערשטע דריי הייזער לעבן קלויסטער געווען חרוב. אין איין הויז האָט די פּאָדערשטע וואַנט זיך איינגעבויגן און דער שטרויענער דאַך האָט זיך אַראָפּגעגליטשט אויף אַ זייט מיט אַ קרעכץ און געבליבן אַזוי הענגען ווי אַן אויסגעקרימטע סטראַשידלע. די אַנדערע צוויי הייזער זיינען געבליבן צע־פּאַלפּערט און געגלאָצט אין דאָרף אַריין מיט מוראדיקע לעכער פון אָפענע וואונדן.

ערשט דאַן איז דער כעס אָפּגעגאַנגען ביי די זשאַנדאַרן און אָפּוווישנדיק דעם שווייס האָט דער קאָמענדאַנט אַרויסגענומען אַ יעגער פייפל און אַ טריל געטאָן אין דער לופט. האָט עס געמיינט: „גענוג שוין חברה, דער טאָג שטייט נישט." די זשאַנדאַרן האָבן עס ווייזט אוים שוין געוואוסט נאָך פון פריער און ווי זיי האָבן דערהערט דאָס פייפל, האָבן זיי זיך געגעבן אַ שטעל אוים אין אַ קאַמף פּאָזיציע לעבן די הייזער און אַריינגעשאָסן אַהין דריי זאַלפּן און אָפּגעמאַרשירט פון פּלאַץ.

אויפן קלויסטער הויף איז געווען שוידערלעך שטיל, דער אַלטער אָסיפּ איז געלעגן אַ צעטראָטענער אין אַ קאַליוזשע פון בלאָטע און בלוט, און נישט ווייט פון אים איז די משוגענע מאַנקע געשטאַנען אויף די קני, געדריקט אַ בינטל שמאַטעס צום האַרץ און מיט גלעזערנע אויגן געגלאָצט פאַר זיך אין הוילן רעגנדיקן דרויסן אַריין. פון וועג וואָס פירט צום הויף האָט זיך געטראָגן דאָס פרעכע געזאַנג פון די זשאַנדאַרן, און דורך די אָפענע

טירלעך פונעם קלויסטער טורעם, האָט דער ווינט זיך געשפּילט מיט די גלעקער אַרויסציענדיק פון זיי אַ יאָמערלעכן טאָן וואָס האָט זיך פאַרשעמט געטראָגן איבער אַלץ און אויסגעמישט מיט די קרעכצן פון די פאַרוואונדעטע.

---

נאָכמיטאָג האָט פּאַן קאַמינסקי אין דער באַגלייטונג פון קאָמענדאַנט באַזוכט דעם טשוואַרניק. אַריינגעקוקט אין יעדן צימער און זיך געשושקעט. צום לעצט האָט דער קאָמענדאַנט אַרויסגעפּלאַצט צו די צעשראָקענע איינוואוינער:

„אייער גליק, וואָס דער פּאַן קאַמינסקי איז אַ גוטער מענטש."

„מיר דאַנקען אים טאַקע," האָט דער לאַנגער משה זיך אַ נייג געטאָן פאַרן פּריץ, „מיר האָבן נאָך דעם אַלטן וויעלמאַזשנע געדינט."

„וואָס דען, שכנים," האָט דער פּאַן אַ וואָרטשע געטאָן אין די וואָנצעס אַריין און נישט קוקנדיק אין משהס זייט צוגעגעבן, „איר וועט זיך אָבער מוזן אַרויסקלייבן פון דאַנען. איך דאַרף דעם טשוואַרניק פאַר זיך, און ס'איז טאַקע בעסער פאַר אייך אויך. איר פאַרשטייט דאָך אַליין אויך, אַז איצט וועט זיין גאָר אַנדערש ווי פריער."

„דאָס דאַרף איז געווען פּאַרפּאַסקודיעט אָן אייך אויך," האָט דער קאָמענדאַנט שוין בייז זיך צעשריגן.

„די פעלדער וועל איך דאַרפן פאַר זיך, און קיין ברויט באַקן דאַרף מען שוין אויך נישט איצט, ביילקע " האָט דער פּריץ זיך געגרייט אַרויסצוגיין, „אַלץ וועט איצט זיין אַנדערש, גאָר אַנדערש."

„פּוילן וועט אייך אַלעמען ווייזן ווי צו לעבן!" האָט דער קאָמענדאַנט אַ כוואָטשט געטאָן מיטן בייטשל אין דער לופטן מיט אַ קנאַק.

„טרייבסט אונדז ווי די הינט, פּאַניע קאַמינסקי," האָט זיך ביילקע אַ שטעל געטאָן פאַרן פּריץ.

„שווייג בעסער!" האָט דער קאָמענדאַנט זיך אַ לאָז געטאָן צו ביילקען, „מיר האָבן אייך נאָך גענוג געשאַנעוועט!"

דער פּריץ האָט אים צוריקגעהאַלטן און געפּרוווט איינגעמען ביילקען:

„וועסט קומען אַמאָל, וועט מען זען, אפשר וועט מען עפּעס קענען טאָן פאַר דיר. אַלטע באַקאַנטשאַפט," האָט ער זיך ווי פאַרענטפערט.

„אַ דאַנק, אַ דאַנק פֿריץ לעבן, גאָטס גאָב איז באַטעמטער,״ האָט ביילקע נישט געקאָנט איינהאַלטן די טרערן.

„איר האָט בלויז צוועלף שעה!״ האָט דער קאָמענדאַנט הויך אַ זאָג געטאָן און אַרויס אין דרויסן.

„וואו זשע זאָלן מיר גיין?״ האָט מארי ליבע אַרויסגעקרעכצט און דאָס צערעפּעטע קול אירס האָט אָנגעפּילט דאָס גאַנצע צימער „וואו וועלן מיר זיך אַהינטאָן?״

„מירן זיך שוין אַן עצה געבן,״ האָט חיים, אַ שוואַרצער ווי קויל, הייזעריק אַריינגערעדט אין זיך אַליין, „מירן נישט פֿאַרפֿאַלן ווערן.״

„גאָט איז אַ פֿאָטער,״ האָט די חיימעבע זיך אַריינגעראַטשקעט מיטן קינד אויף דער האַנט.

„לאָמיר זיך שוין פּאַקן. מיר דאַרפֿן נישט זיינע צוועלף שעה. אויף מיין וואָגן וועט אַלץ אַרויף,״ האָט ביילקע זיך אַ כאַפּ געטאָן צו דער אַרבעט.

„לאָז ער דערוואָרגן ווערן מיט די פּאָר שעה!״ האָט מארי ליבע געשאָלטן און געוויינט, „וואָס ׳על עך טאָן אין שטאָט?״ איז זי מיט אַ יאָמער אַרויס פֿון שטוב מיטשלעפּנדיק מיט זיך די שטומע קינדער וואָס האָבן זיך איינגע־קלאַמערט אין איר קלייד און געציטערט, „איכל גיין אין דאָרף אריין.״

„איך בין דאָך דאָ געבאָרן געוואָרן,״ האָט דער לאַנגער משה אַ שליובע געטאָן, „איך בלייב אויך דאָ.״

אין צוויי שעה אַרום איז דאָס גאַנצע ביסל אָרעמקייט געלעגן אויף די וואָגנס. די טירן פֿון טשוואַרניק זיינען געשטאַנען אָפֿן און זשאַנדאַרן האָבן שוין אַריינגעטראָגן אייזערנע בעטלעך און אויסגעשטעלט ביי די ווענט. שטום, בלויז מיט די אויגן האָט מען זיך געזעגנט מיטן לאַנגען משהן און מיט מארי ליבען. מען האָט זיך ממש נישט געקענט אָפּרייסן איינער פֿונעם אַנדערן. ברעמען האָבן געצוקט. ליפּן האָבן נערוועז געציטערט. מיט אַמאָל האָט דער לאַנגער משה אַ כאַפּ געטאָן צוויי שעניקעס אויפֿן אַקסל, אַ זאַק מיט שמאַטעס אונטערן אָרעם און גענומען שפּאַנען אין דאָרף אַריין מיט אַ גרילץ:

„קום שרה, וואָס שטייסטו?״

„אַ וויסטער פֿינצטערער לך לך אויפֿן פריצס קאָפּ!״ האָט שרה קוים אונטערגעהויבן דאָס קיישל געפּעס און נאָכגעשטאָלפּערט נאָך אים און גע־האַלטן אין איין קוקן אויף צוריק און שאָקלען מיטן קאָפּ.

ווען זיי זיינען שוין געהאַט אָפּגעגאַנגען אַ שטיק וועגס, האָט אויך מארי

ליבע א כאפּ געטאָן איר זאַק מיט ליאכעס, א טרייב געטאָן די שטומע קינדערלעך וואָס האָבן געהאַלטן אין איין ברומען, און מיט א געיאָמער פון א פאַרלאָזענער צויג גענומען שליאַפּען אין דער בלאָטע מיט אירע גרויסע פיס. דער ווינט האָט צוריקגעבלאָזן די נאָכהענגענדיקע שמאַטעס פונעם זאַק צוזאַמען מיט אָפּגעריסענע שטיקער יאָמער:

„וואו וועלן מיר זיך אהינטאָן, גאָטעניו?!"

„נו דאַנקען גאָט, וואָס מיר האַלטן שוין אַזוי ווייט," האָט חיים א לעצטן קוק געטאָן אויפן טשוואַרניק און א זאָג געטאָן ווי אַרויסגעריסן א שטיק צעיאַטרעטן ווייטיק: „איר ווייסט, שטערנבערג, מיין זיידע איז נאָך אין דעם דאָרף געבאָרן געוואָרן."

„אין א גוטער שעה!" האָט די חיימעכע פרום אַרויסגעכליפּעט, „וועלן מיר כאָטש זיין צווישן יידן."

„וויאָ!" האָט חיים א שמיץ געטאָן זיינע פערד אַרויפכאַפּנדיק זיך אויפן וואָגן.

„וויאָ!" האָט ביילקע אונטערגעכאַפּט און אַרויסגענומען די לייצעס פון שטערנבערגס הענט, „אַריינגעפאָרן אהער בין איך אויך אַליין, וויאָ!" האָט זיך דאָס קול ביי איר א בראָך געטאָן און א הילכיק געוויין האָט אַרומגע־כאַפּטביידע וואָגנס.

עס איז צוגעפאַלן די נאַכט. א לעצט ביסל רויטקייט פון זון פאַרגאַנג האָט זיך דורכגעשלאָגן דורך די וואָלקנס און געפאַרבט די שפּיצןביימער מיט א פאַנטאַסטישן גרוי און ראָז. דאָס גאַנצע דאָרף איז געלעגן א פינצטערס, בלויז אין הויף האָט געלויכטן די עלעקטרע. האָבן זיי אויסגעמיטן דעם הויפּישן וועג און זיך געלאָזן מיטן טראַקט צום נאָענטן שטעטל.

„זאָל זיין שטיל, ווייבער!" איז חיים אויפגעשפּרונגען פון אָרט ווען זיי זיינען אַרויס פון דאָרף. „מיר זיינען נישט די ערשטע וואָס מ'טרייבט אַרויס און נישט די לעצטע, נישט אַזוי לערער שטערנבערג?"

עס איז געוועזן שטיל אַרום און זיין קול האָט אָפּגעקלונגען אַרום אַזוי אויסטערליש, אַז שטערנבערגן האָט זיך געדאַכט אַז דאָס קול פון דעם פּשוטן יידן איז געקומען פון ערגעץ דאָ א פאַרהווילעניש, און נישט טראַכטנדיק האָט ער אויך אין זעלבן טאָן געענטפערט:

„אַוודאַי אַזוי, פון אייביק אָן!"

---

פון זעלבן מחבר:

## געזוועז איז אַ מענטש

(פינף מעשות פונעם לעבן פון בעש"ט)

מאָנטרעאל, 1940

---

גרייט צום דרוק:

**פ ו ן י ע נ ע ט ע ג**

„מגפה" און אנדערע דערציילונגען

**א ב ר ה ם א י ן ל אַ נ ד כ נ ע ן**

(פון די חומש מעשות, ערשטער טייל)